# אלע שריפטען

— פון —

# יעקב גארדין

פיערטער באַנד

היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני
83־85 קאנאל סטריט, ניו יאָרק.
1910.

# אינהאלט־פערצייכניס

## די גרויסע וועלט־דראמא


די גרויסע וועלט־דראמא .......................... 3


## דראמא און דראמאטורגען


דראמא ........................................ 53
טהעאטער ביי די אלטע גריכען ........................ 63
טהעאטער ביי די רוימער ............................ 67
קורצע ביאגראפיען ................................ 71
מאליער ........................................ 84
גאטהאלד אפרים לעססינג ............................ 98
נאך וואס דארף מען טהעאטער? ........................ 107
אילוזיאן און דראמא ............................... 114
דראמא און ראמאן ................................. 120
קאמיסארזשעווסקאיא'ס קונסט אין אמעריקאנער גלות......... 123
זודערמאן'ס ליכט און שאטען בעוויזען אין שמעטערלינג־שלאכט.... 128
אסטראווסקי'ס און קאמיסארזשעווסקאיא'ס נאציאנאלע דראמא...... 134
גארקי'ס „די קינדער פון דער זונן" .................... 139
טשעכאוו'ס „אנקעל וואניא" ........................... 144
„נארא" און ווי אזוי קאמיסארזשעווסקאיא שפיעלט זי.......... 149
קאמיסארזשעווסקאיא און בראוויטש אין איבסען'ס „בוימייסטער".... 155
„דאס לעבען פון א מענשען" ........................... 161
„גאט פון נקמה" .................................. 167
געדאנקען וועגען א סופליער........................... 172
רעאליזמוס און ראמאנטיזמוס........................... 176
אונזערע קריטיקער.................................. 185

## פערשיעדענעס.

סנפּיר וקשקשת .......................... 197
סנפּיר וקשקשת (קריטישע עטיודען)........ 203
וואס איז אַ סטיל?........................ 211
ווער זיינען אונזערע וועג־ווייזער?.......... 215
וואָלטער .................................. 227
די געשיכטע פון כריסטענטהום................ 254
איניגע בעמערקונגען וועגען יודישין דעבס.... 258
ציוניזמוס און רעוואָלוציאָן................ 262
נאַציאָנאַליזמוס און אַסימילאַציאָן........ 267
הענרי וואַדסוואָרטה לאָנגפעלאָו.......... 285
וואו ליעגט די שולד?....................... 295
אַלט און נייַ גריכענלאַנד.................. 300



# די גרויסע וועלט־דראמא.

## איינלייטונג.

די וועלט־געשיכטע איז א דראמא. די ענטוויקלונג פונ'ם מענשענ'ס גייסט, זיינע מאַטעריעלע ערווערבונגען, זיינע אידעאַליסטישע שטרעבונגען, זיין שווערער קאמפף און זיינע ליידען, זיין פּראָגרעס און שווערע ארבייט, זיינע בלוטיגע מלחמות און צוזאַמענשטויסונגען, — דאָס אַלעס איז א גרויסע שוישפּיעל, א וועלט־דראַמא.

ווי אזוי געהט די ענטוויקלונג פון שוישפּיעל? פריהער קומט די טראַגעדי, (גריכענלאַנד), נאכהער קאָמעדי (רוים) און דראמא (די מאָדערנע וועלט). טראגעדי — דאָס איז דער בלינדער גלויבען, דער פאַטאַליזם: דער שיקזאַל פון מענשען איז אין די הענד פון די געטער. קאָמעדי — דאָס איז די ערוואַכונג פון דעם קריטישען געדאנק: דער מענש הויבט אָן צו לאַכען פון דעם, וואָס איז פערגעטערט, און שפּאָטעט פון דעם, וואָס האָט איהם געשראָקען. דראמא — דאָס איז טהעטיגקייט און זעלבסט־בעוואוסטהייט: דער מענש נעהמט זיין שיקזאַל אין זיינע אייגענע הענד.

אין אָנפאנג איז דאָס לעבען פון דער מענשהייט א טראַגעדי. דער מענש איז הילפלאָז, אונטערוואָרפען, אונטערדריקט פון די געהיימע קרעפטע פון דער נאַטור, וועלכע ער פערגעטערט. ער איז אָבהענגיג פון א מאַכט, וועלכע איז אויסער איהם. ער איז אזוי שוואַך און דערשראָקען, דאָס ער האָט מורא צו שפּיעלען א ראָלע אין זיין אייגענעם שוישפּיעל. איהם שרעקט דאָס, וואָס ער קען ניט בעגרייפען, אַלעס וואָס עס איז אונלאָגיש אין זיין לעבען, ערקלערט ער און פערענטפערט מיט'ן וואָרט שיקזאַל, מזל. ער איז פּאַססיוו, אין דעם ליגט די טראַגעדי.

ענדע פון די געשילדערטע עראייגניסע העגגען ניט אָב פון די פּערזאָ־
נען און ניט פון די אומשטענדען, וועלכע דער מענש בעשאפט. א
מאכט וועלכע מען קען ניט בעגרייפען; ערשיינונגען, וועלכע קומען,
דוכט זיך, גאָר אָהן אורזאכען; א צופעליגער אונגליק, א שלים־שלי־
מזל ברענגט די טראגישע אויפלעזונג. דער שוואכער מענש דענקט ניט;
ער פיהלט נור זיין שוואכקייט און הילפלאָזיגקייט. ער איז צודריקט און
צושמעטערט פון א דעספּאָטישער קראפט, וועלכע ער קען ניט קאָנט־
ראָלירען און מיט זיין ווילען פערענדערן... אין א טראגעדי בענוצט
זיך דער דיכטער מיט די פאטאלע עלעמנטען פון אונזער לעבען;
דאָס הייסט, אזעלכע ערשיינונגען, וועלכע דער מענש קען ניט ער־
קלערען און גלויבט, אז זיי קומען פון מזל, אָדער פון א קאפּריזנעם
מעכטיגען גאָט. דער מענש, וואָס פיהלט נור און דיינקט ניט, רע־
כענט דאָס לעבען פאַר א טראגעדי.

דאָס לעבען פון מענשען איז, פּונקט ווי א „געטטאָ" אידישע
היסטאָרישע אָפּערא, פול מיט אונלאָגישע איבערראשונגען, לעכער־
ליכע ווידערשפּריכע, אונערקלערליכע צוזאמענשטויסונגען, „אָהן פאר־
וואָס'דיגע" קאָמישע ערגעבניסע, נאררישע מנהגים און זיטען, וועל־
כע מאכען דעם מענשען פאר א לעכערליכען און שוואכען שקלאף.
דער געניאלער מענש אָדער טויגעניכטס, דער דענקער אָדער דער גראָ־
בער נארר, — אלע שפּיעלען אין לעבען, מעהר אָדער ווענינגער, א
קאָמישע ראָלע און זיינען, ווילענדיג אָדער ניט ווילענדיג, פּערסאָנא־
זשען אין דיעזער אונגעשיקליכער און אונגעלומפּערטער וועלט־קאָמע־
די.

אויב א דיכטער קען זיך, אויף די פליגלען פון זיינע געדאנקען,
אויפהויבען העכער פון דיעזער קאָמישער זייט פון אונזער מארק־
לעבען, אויב ער קען מיט זיין קאלטען ,קריטישען געדאנק, אָהן די
מיטווירקונג פון זיינע געפיהלען, אויפפּאסען און ריכטיג אָבשאצען
די קליינליכקייט און ביליגקייט פון דיעזע קאָמישע ערשיינונגען, —
איז פאר איהם דאָס לעבען פון א מענשען א לעכערליכע קאָמעדי,
א קאָמעדי פון טעות'ן און אונלאָגישע צופעלע. ער זעהט דעם גרויסען
חכם, וואָס רופט זיך מ ע נ ש אין מאנטעל פון א פּאיאץ; ער
זעהט דעם קעניג פון אלע בעשעפעניסע אין א מיצעל פון א נארר,
און פיהרט איהם אין אזא צושטאנד ארויס פאר'ן פּובליקום.

אָבער דער מענש וואקסט, זיין בליק ווערט קלאָרער. ער הויבט אָן צו פערשטעהן זיינע אייגענע שוואכקייטען און די שוואכקייטען פון זיינע אָטאָריטעטען. אלעס וואָס איז אונלאָגיש און קאריקאטוריש, צווינגט איהם צו לאכען, געגען דעם בלינדען מזל טרעט ער ארויס מיט איראָני און געגען דאָס קאָמישע פון מענשענס לעבען מיט שפּאָט. דער קאָמיזמוס שוואכט אָב דאָס טראגישע, די קאָמעדי פיהרט צום סקעפּטיציזמוס.

דאן קומט די העכסטע שטופּע פון מענשענ'ס ענטוויקלונג, — די דראמא. דער מענש שאפט אליין זיין היסטאָרישען לעבען, קאָנטראָלירט די אומשטענדע, פאָרשט און בעהערשט די אויסערע וועלט, די נאטור. האנדעלט, טוט, שפּיעלט אליין זיין ראָלע אין זיין שוי־שפּיעל און ליידעט אליין פון די דראמאטישע קאָליזיאָנען, צוזאמענ־שטויסונגען. ער ווערט אקטיוו. אקטיוויטעט און זעלבסט־בעוואוסט־הייט — דאָס איז דראמא.

דאָס אלגעמיינע היסטאָרישע לעבען פון דער גאנצער מענשהייט איז טראגעדי, קאָמעדי, דראמא!

---

.1

א קלוגער מענש האָט אמאָל געזאָגט: „די וועלט איז א קאָמעדי פאר דעם וואָס דענקט און א טראגעדי פאר דעם וואָס פיהלט". עס קען זיין, עס איז אזוי; אָבער מען מוז דערצו נאָך צוגעבען דיעזע בעמער־קונג: פאר דעם מענשען אָבער, וואָס פיהלט און דענקט צוזאמען, איז די וועלט א דראמא. אום איהר זאָלט קענען בעסער פערשטעהן אונזער געדאנק, מוזען מיר געבען אם וויינינגסטען א קורצע ערקלערונג וועגען דיעזע דריי פאָרמען פון דער דראמאטורגיע. עס איז נויט־ווענדיג צו וויסען, וואָס איז דער אונטערשיעד צווישען קאָמעדי, טרא־געדי און דראמא?

אין א טראגעדי שפּיעלט די פּערזענליכע איניציאטיווע פון א מענשען און זיין אייגענער ווילען זעהר א קליינע ראָלע. די טרויעריגע

ליסט און פאר דעם מגושם'דיגען מאטעריאליסט, פאר דעם העלד און פאר דעם מארטירער. עס איז, ווי מען שרייבט אין די אפישען, א ריע־זען־פערזאנאל... דיעזע גרויסע דראמא האט זעהר פיעל סצענען, ערשיינונגען, עפעקטען און זי גיט געניג מאטעריאל פאר יעדען. עס איז דא וועגען וואס צו דענקען און וואס מיט'ן הארץ צו פיהלען; עס איז דא פון וואס צו לאכען און וועגען וואס צו וויינען.

ביי די אלטע גריכען זיינען געווען צוויי בעריהמטע פילאזאפען. איינער האט זיך גערופען דעמאקריט דער לאכעדי־גער, ווייל ער האט געלאכט פון דער וועלט; דער אנדערער האט זיך גערופען היראקילט דער וויינענדיגער, ווייל ער האט די וועלט בעוויינט. מען זאגט, אז דער ערשטער האט געלאכט פון נאראנים, דער צווייטער האט בעוויינט שופטען!... אבער דאס לעבען בעשטעהט ניט נור פון בעוויינען (טראגעדי) און אויסלאכען (קאמעדי) — דאס לעבען בעשטעהט הויפטזעכליך פון טאן, פון טהעטיגקייט (דראמא). די מענשען־וועלט בעשטעהט ניט נור פון נאר־ראנים און שופטען. קלוגהייט און דומהייט, גוטעס און שלעכטעס, ניעדריגעס און ערהאבענעס זיינען צוזאמענגעפלאכטען אין דער מא־טעריע, וואס דאס לעבען וועבט, און דאס אלעס צוזאמען בעשאפט די וואונדערבארע דראמא פון לעבען.

„גראה, ליעבער פריינד, איזט אללע טהעארי,
און גרין — דעם לעבענס גאלדענער בוים...."

דער קאלטער דענקער און בעאבאכטער קלעטערט ארויף אויף די הויכע שטופען פון אנאליז און קריטיק און קוקט פון דארט אראפ אויף דער וועלט און דעם מענשענ'ס לעבען, ווי אויף א קאמעדי. ער פעראכטעט אביסעל דעם מענשענ'ס קליינליכקייט און צווייפעלט, אויב דערפון, וואס עס עקזיסטירט אין זיין לעבען, קען עטוואס בעסערעס ארויס. דאס איז סקעפטיציזם.

דער פליהענדער מענש שרעקט זיך פאר די ערשיינונגען, וועלכע פיהרען צו טראגישע ענדע... ער קען זיך ניט ערקלערען, ווארום דארף מען ליידען און קעמפפען, ווארום ענדיגט זיך דער ספעטאקעל פון לעבען מיט טויט און פערניכטונג, און ער ווערט פערצווייפעלט, דאס איז פעסימיזם.

דער וואס דענקט און פיהלט, קען ניט צווייפלען, פעראכטען

אין א קאָמעדי ווערען אילוסטרירט די קליינליכע שטרעבונגען פון דעם מענשען, זיין שוואכקייט, זיין קורצזיכטיגקייט און זיינע וועלט־אנשויאונגען, די אייטעלקייט פון זיינע פערלאנגען, די אָבגע־שמאַקטקייט פון זיינע טראדיציאָנען. אין א קאָמעדי ווערען געשילדערט די ליידענשאפטען פונ׳ם מענשען, דער קאמפף פון זיינע אינטערעסען נור פון זייער קאָמישען כאראקטער־אויסדרוק. דער סאטירישער דיכ־טער זאָגט אונז מיט זיין קאָמעדי: זעהסט, דאָס אלעס וואָלט געקענט זיין זעהר טרויעריג, ווען עס זאָל ניט זיין אזוי לעכערליך. דער גרויסער פראנצויזישער דיכטער מאָליער, וועלכער האָט געשריבען נור קאָמע־דיען, רופט זיך ניט אומזיסט דער גאָט פון לאכען. דער גרויסער דענ־קער און אמת׳ער קינסטלער, וואָס בעאָבאכטעט דאָס לעבען נור מיט זיין קאלטען זינן, בעטראכט די וועלט אלס א קאָמעדי פאר וועלכע דער מענש פערדיענט צו ווערען אָבגעשפּאָטעט און אָבגעלאכט.

אין א דראמא, פערקעהרט, זיינען ניטאָ קיינע צופעליגע און פא־טאלע ערשיינונגען. יעדע ערגעבנים האָט איהרע געזעצליכע, נאטיר־ליכע אורזאכען, יעדע עראייגנים קומט נור ארויס פון געוויסע אומ־שטענדע, וועלכע מוזען עקזיסטירען. אין א דראמא שטארבט מען ניט און מען ווערט ניט אונגליקליך אָהן א פאר וואָס, אָדער דורך א נאררישען צופאל; די דראמאטישע אויפלעזונג וואקסט נאטירלי־כערווייזע ביז זי ווערט רייף און יעדע ערשיינונג קען מען גרינדליך ערקלעהרען. די סיטואציאָן און די אומשטענדען זיינען פּראָדוקטען פון דער האנדלונג, פון דער אַקטיוויטעט פון די, וואָס נעהמען אנ־טהייל אין דער דראמא. קיין זאך קומט ניט אָהן א פאר וואָס.... דער דיכטער, וואָס שרייבט דראמען, זאָגט אונז: מען דארף ניט נור דענקען, אָדער נור פיהלען — ווילסט דו פערשטעהן דעם מענשען׳ס לעבען־וועלט? פיהל און דענק צוזאמען.

אונזער מענשליכעם לעבען איז א גרויסע דראמאטישע ווערק, וואָס ווערט פאר אונז יעדען טאָג געשפּיעלט אויף דער גרויסער וועלט־ביהנע. אין דיעזער סאָציאָלאָגישער דראמא זיינען דאָ ראָלען פאר א פּאָטער־ראָליסט און א „ווילעין”, פאר א ליעבהאָבער און אן אינ־טריגאנט, פאר א כאראקטער קאָמיקער און פאר א סוברעטין, פאר א קייזערליכען הויף־נארר און פאר א גאסען־רעזאָנער, פאר דעם קליגס־טען חכם און פאר דעם גרעסטען שוטה, פאר דעם עדעלסטען אידעא־

פירכטליכע אַגאָניע געהט מען אַוועק פון דער וועלט. און דיעזע שרעק־ליכע אויפלעזונג פון דער לעבענס־דראַמאַ האָט איהם געשראָקען, גע־מאַכט אונצופריעדען און אונרוהיג.

דער רעליגיעזער געזעצגעבער בודדא האָט געלעבט גליקליך אויף דער וועלט. ער האָט געהאַט פיעל פערגניגען און האָט זיך אַמוזירט, ער האָט זיך ניט געפּלאַגט מיט קיין וועלט־שמערץ און האָט זיך ניט נעגריבעלט. ער האָט שוין געהאַט 84 טויזענד ווייבער און האָט פיע־לייכט געקליבען זיך נאָך אַ פּאָאַר טויזענד מאָל חתונה צו האָבען... איין מאָל אָבער האָט ער אונערוואַרטעט בעגעגענט דיעזע פיער פי־גורען: ע ל ט ע ר, ק ר אַ נ ק ה י י ט, אָ ר י מ ק י י ט און ט ו י ט. ער האָט באַלד פערלאָרען זיין רוהיגקייט און צופריעדענהייט. ווארום דאַרף מען דיעזע צרות און יסורים? שווינדעלט דער מענש אליין זיך ניט אָב מיט זיינע פערגניגענס? נאָך וואָס זאָל מען ווייבער נעהמען, אום צו פערמעהרען די, וועלכע וועלען געבוירען צו שטאַרבען? דאָס לעבען איז אַ טראַגעדי און דאָס שטאַרבען איז אַ שרעקליכע אונ־געדעכטע ערשיינונג... דיעזע בעטראַכטונגען האָבען איהם געפיהרט צו דער איבערצייגונג, אַז „דאָס זיין און דאָס ניט־זיין איז דאָסזעל־בע...." בודדא האָט אויסגעפונען אַ מיטעל צו פערזיסען די ביטע־רע טראַגעדי פון לעבען. ער האָט אויסגעטראַכט אַזאַ לײדיגע עוויגקייט, וועלכע ער האָט אָנגערופען „נירוואַנע", וואָהין אַלעס קעהרט זיך אום נאָכ'ן טויט, וואָו קיין „זיין" קען ניט שטאַרבען, ווייל עס ווערט ניט געבוירען, וואו קיין זאַך ווערט ניט פערניכטעט, ווייל עס ע ק ז י ס ט י ר ט נ י ט. און וואו אַלעס עקזיסטירט אייביג, ווייל דאָרט איז ניטאָ קיין טויט און פערניכטונג... נאָך דיעזע אידעע איז דאָס לעבען גאָר ניט, און דאָס וואָס קומט נאָכ'ן טויט — אַלעס... דער מענש, וועלכער האָט זיך געשראָקען פאַר'ן לעבען ווי פאַר אַ שרעקליכע טראַגעדי, האָט געוואָלט אָבנאַרען דעם טויט מיט דעם וואָס ער האָט פערניינט דאָס לעבען... דאָס לעבען אָבער איז אונאָב־הענגיג פונ'ם מענשען'ס פּעסימיסטישען נ י י ן, עס איז אַ דראַמאַ פול מיט טהעטיגקייט און האַנדלונג.

„דער טויט איז די קיהלע נאַכט,
דאָס לעבען איז דער שווילער טאָג...
עס דונקעלט שוין, מיך שלעפערט —

און פערצווייפעלט זיין. איהם שרעקען ניט די ערשיינונגען, ער זוכט צו קעמפפען געגען די אורזאכען, וועלכע בעשאפען זיי, און שטרעבט צו פערענדערען די אומשטענדען, וועלכע רופען זיי ארויס. ער ווייס, דאס אין דיעזער וועלט־דראמא קומט קיין זאך ניט דורך א צופאל, און דאס דער צופאל אליין קומט דורך געוויסע געזעצליכע אורזאכען. א דראמא איז דאס! דער קאסמאס, די אלל־וועלט גיט איהר זיינע דעקאראציאנען און אויסשטעלונג, די אלגעמיינע געשיכטע גיט איהר סיוזשעטען, סאציאלאגיע גיט איהר טיפען און כאראקטערע!...

מערקווירדיג, די פרוי, וועלכע שפיעלט אזא אונבעדייטענדע ראלע אין אונזערע עקאנאמישע און פאליטישע פערהעלטניסע, פערנעהמט אין דעם דראמאטישען עלעמענט פון אונזער היסטארישען לעבען אן אויסער־ארדענטליכען פלאץ. אין דער טהעאטער־קאמפאני, וואס שפיעלט די וועלט־דראמא, איז זי די „לידינג ליידי". ווען דער מענש ווערנט און בעקלאגט זיין לעבען, בעשולדיגט ער אין א גלייכער מאס די מוטער ערד־ און די מוטער־פרוי.ביידע זיינען שטענדיג געווען די פארשטעהערינס פון דעם שרעקליכען טראגישען עלעמענט פון לעבען — אונבעשטענדליכקייט און שטערבליכקייט.

די ערד איז געווען דער מקור פון אלע קראנקהייטען און ליידען. איהר פריהלינג האט נאר געוויזען איהר אונבעשטענדליכקייט. די שעהנע בליהענדע טעג פלעגען זיך באלד פערבייטען אין די טרויעריגע קאלטע טעג פון ווינטער. איהר לעבען און פרוכטבארקייט פלעגען באלד פערשוואונדען ווערען און אנשטאט זיי פלעגט קומען דער קאלטער טויט און פערניכטונג... די פרוי האט דער מענש באלד צוגעגליכען צו דער ערד. זי האט ביי דער ערד גענומען די פונקציאנען פון לעבען און טויט, פון פראדוקציאן און פערניכטונג. אלע מאראליסטען און רעליגיאנס־לעהרער פון די אלטע צייטען האבען גערעכענט די ערד פאר א טהאל פון געוויין און טרויער, פאר א בית־עולם פון פערניכטונג און טויט. דער פרוי האט מען אויך געגעבען דעם זעלבען כיבוד. מען האט זי גערעכענט פאר אן אונווירדיגע כלי, וועלכע איז פול מיט אונשטערבליכקייט... אלע שלעכטע מעלות האט מען איהר געגעבען, זי איז געווען גיפטיג ווי א שלאנג און זינדיג ווי א טייוועל. ווען מען איז ניט געבוירען געווארען איז ניט געווען קיין טויט!... דער מענש האט געזעהן, דאס מיט וועהטאגען ווערט מען געבוירען און מיט א

נויט. די גרויסע מעכטע פון דער נאַטור פלעגען אונערוואַרטעט קומען און אונגליקליך מאַכען אונשולדיגע מענשען מיט פערצווייפלונג, מיט שרפות, מיט וואולקאַנישע אויסברוכען, מיט שטורם־ווינדען א. ז. וו. ארום זיך האָט ער געזעהן, ווי אַ ברודער שטעהט געגען אַ ברודער: קין פערגיסט דאָס בלוט פון הבל'ן.

דאָס בלינדע „מזל" גיט גליק און צופריעדענהייט דעם שלעכטען און אונגערעכטען, און פערקעהרט, דעם גוטען מענשען קומט דוקא אָן צרות און יסורים. ווען מען וויל און מען דארף לעבען, קומט פלוצ־לינג דער טויט, ציהען זיך אָהן אַ סוף די ביטערע, פינסטערע טעג. פאַר וואָס איז דאָס אַזוי? ווער האָט עס אַזוי איינגעריכטעט? ו ו ע ר בעשאַפט דיעזע דראַמאַטישע אויסבריכע און צוזאַמענשטויסונגען אין מענשענ'ס לעבען? איז דאָס לעבען אַ דראַמאַ, וואו יעדע ערשיינונג קומט דורך געזעצליכע אורזאַכען? אָדער איז עס אַ שרעק־ליכע טראַגעדי, וואו יעדעס אונגליק קומט אָהן אַ פאַר וואָס, דורך פאַטאַלע, אונאויפקלעהרבאַרע, דעספאָטישע מעכטע, וועלכער דער מענש קען ניט פערענדערען און אונטער וועלכע דער מענש דארף זיך גאָר אָהן שאלות אונטערוואַרפען?...

ניט נור דאַמאָלס אין די אַלטע צייטען, זאָגאַר יעצט זיינען דאָ זעהר ווייניג מענשען, וועלכע קענען זיך בערוהיגען מיט'ן ראַטה פון אַ פּאָעט־פילאָזאָף, וועלכער זאָגט:

„בליק אומהער, אָה פריינד, און זעה
זאָרגזאַם, ווי דער חכם זעהט:
וואָס פערגעהען מוז, פערגעהט,
וואָס בעשטעהען קען, בעשטעהט,
וואָס געשעהען וויל, געשעהט..."

אין דער לעבענס־דראַמאַ, ווי מיר האָבען פריהער געזאָגט, האָט דעם מענשען זעהר געשראָקען דער טויט. אָבער די שטערבליכקייט האָט איהם געגעבען דעם ערשטען אימפּולס, דעם ערשטען שטויס צו דענקען פון אונשטערבליכקייט, געראַדע ווי די ענדליכקייט פון אַלע זאַכען, וואָס ער האָט געקענט אויפפאַסען מיט זיין אויג, האָט איהם געפיהרט צו דעם פון אונענדליכקייט, די קורצע צייט פון זיין לעבען — צום בעגריף פון עוויגקייט, די אונבעשטענדליכקייט פון דעם מענ־שענס מיינונגען — צום בעגריף פון אַזעלכע וואַרהייטען, וועלכע

דער טאָג האָט מיך מיער געמאַכט.
איבער מיין בעט ערהויבט זיך איין בוים,
דרין זינגט די יונגע נאַכטיגאַל;
זי זינגט פון לויטער ליעבע,
איך הער עס זאָגאַר אין טרוים..."

2.

## פראָמעטעאוס דער ליכט ברענגער.

זאָגט פראָמעטעאוס צו יופיטער דעם גאָט:
איך זאָל דיר עהרען? פאַר וואָס?
האָסטו דען די שמערצען געהיילט
א מאָל פון דער ליידענדען?
האָסטו דען די טרערען געשטילט
א מאָל פון דעם געפאַלענעם?
וואָס האָט מיך צום מאַן געבילדעט, אויב ניט
די אַלמעכטיגע צייט
און דער עוויגער שיקזאַל,
וועלכע זיינען מיינע הערען און דיינע"?
(פון געטהע'ס פראָמעטעאוס).

ווען דער מענש האָט נאָך געלעבט אין דער צייט פון זיין קינד־הייט, האָט שוין זיין פאָרשענדער געדאַנק געזוכט די אויפקלערונג פון די גרויסע פראגען פון דער וועלט דראמא, די געהיימניספאָלע און אונפערשטענדליכע פראבלעמען (אויפגאַבען) פון דעם לעבען, דעם מענ־שענס גייסט איז געווען בעאונרוהיגט מיט די ערשיינונג פון דעם קאָס־מאָס (אַלל־וועלט) און פון זיין סאָציאַלען לעבען, וועלכע האָבען ניט געקענט איינשטימען מיט זיינע פאָרשטעלונגען פון גערעכטיגקייט. דאָס גאַנצע מענשען־געשלעכטע האָט געליטען פון אונוויסענהייט און

בערליכען אויסדרוק פון די עקזיסטירענדע וועלט־אנשויאונגען און שטרעבונגען און די גאַנצע וועלט בעטראַכט ער אַלס אַ גראַנדיעזע קאָמעדי, דאָס איז ס ק ע פּ ט י צ י ז מ ו ס.

סקעפּטיציזמוס הייסט: דער מענש איז אין ספקות. ער צווייפעלט, ער גלויבט ניט מעהר אין דעם, וואָס מען האָט פריהער געגלויבט. ער פערשטעהט די אונגרינדליכקייט פון די הערשענדע מיינונגען און פאַנגט אָן צו זוכען ווארהייטען, אבסאָלוטע ווארהייטען. ווען די אַלטע מיינונגען זיינען צושטערט, ווען די אַנערקענטע אויטאָריטעטען זיינען אראָפּגעשמיסען פון זייערע טראָנען, און קיינע אבסאָלוטע ווארהייטען זיינען נאָך ניט געפונען: ווען אַלע זיינען נאָך ניט געפונען: ווען אַלע טעמפּלען פון גייסט בלייבען שטעהן לעער און אויף די גרויסע פראַגען פון דער וועלט־דראמא געפינען זיך ניט קיינע ענטפערען; ווען אַלעס, וואָס איז געוועזען הייליג, איז פערשפּאָטעט און צו חוזק געמאַכט און קיין נייעס הייליגטהום איז נאָך ניט ערפונדען — דאַן פאַנגען אָן די געפיהלען צו רעדען שטאַרקער פונ'ם פערשטאַנד, און דער מענש בעטראַכט דאָס לעבען אַלס אַ טרויעריגע פאַטאַלע, שרעקליכע טראַגעדי — דאָס איז פּ ע ס י מ י ז מ ו ס... צום ביישפּיעל: נאָך דער גריכישער טראַגעדי איז געקומען די רוימישע קאָמעדי און נאָך איהר די פּאַסיוויטעט פון קריסטענטהום. טויזענדער יאָהרען האָבען געדאַרפט אַוועק ביז דאָס סאָציאַלע לעבען האָט זיך ענטוויקעלט ביז דער ד ר א מ א.

יעדע היסטאָרישע עפּאָכע פון דעם מענשען'ס גייסטיגע ענטוויקלונג פאַנגט זיך אָן און ענדיגט זיך מיט סקעפּטיציזמוס. פון אָנפאַנג קומט דער סקעפּטיציזמוס פון אונוויסענהייט, וועלכער איז מעהר טראַגיש, ווי קאָמיש. די מאַסען אין יעדע געזעלשאַפט זיינען קאָנסערוואַטיוו און אונענטוויקעלט. די פּאָרטגעשריטענע עלעמענטען פון דער געזעלשאַפט האָבען שוין לאַנג אָנגענומען און אַנערקענט אַ גאַנצע רייהע פון נייע מיינונגען, בעשליסע און איינפיהרונגען, און די מאַסען צווייפלען נאָך. לאַנגזאַם ווערען די בעשליסע פאַר אַלע אונצווייפעלהאַפט. עס אַרבייט זיך אויס אַ גאַנצער באַרג פון גייסטיגע געזעצע און סיסטעמען: און אַזוי ווי דער אידישער גאָט האָט אויפגעהויבען דעם באַרג סיני איבער די קעפּ פון אידישען פאָלק און האָט זיי געצוואונגען צו זאָגען: „נעשה ונשמע (מיר וועלען פאָלגען און הערען)", אַזוי

זאָלען זיין אבסאָלוט; דאָס הייסט אזעלכע ווארהייטען, וועלכע זאָלען קענען בלייבען אייביג אונפערענדערט און ניט אָבהענגיג פון מענשען'ס ענטוויקלונג און פראָגרעס, אזעלכע ווארהייטען, וועלכע זאָלען בלייבען זעלבסשטענדיג אָהן דעם מענשען'ס סוביעקטיווען „איך"...

די פאַנטאַזיע און פאַרשטעלונגס־קראַפט פון מענשען זיינען איהם געקומען צו הילפע און האָבען איהם בעשאַפען אזעלכע העכערע וועזענס, וועלכע זיינען אונשטערבליך, אזעלכע העכערע „עטוואָס'ען", וועלכע רעגיערען איבער די קרעפטע פון דער אלל־וועלט און האָבען די השגחה אויף דעם מענשען'ס שיקזאַל און אויף די עראייגניסע פון זיין לעבען. געוויס, דיעזע העכערע „עטוואָס'ען" האָבען ניט בעלאַנגט צו דעם ריעזען־פערזאָנאַל פון דעם וועלט־טהעאַטער און האָבען זיך ניט געקענט ערנידעריגען צו שפּיעלען ראָלען אין דיעזער גרויסער דראַמאַ. זיי זיינען געוועזען די דירעקטאָרען און מענעדזשערס פון דיעזען קאָלאָסאַלען „שפּיל־הויז" וועמען זיי האָבען געהאַלטען פאַר א „סטאַר", האָבען זיי געגעבען גרויסען „מאַרקען", און די „פּורציעס", די באַ־העלפערס, וופיעל זיי האָבען זיך ניט אָנגעשטרענגט צו שפּיעלען, האָבען דאָך געקראָגען א מכה!

דער וואָס פערפאַסט יעצט א דראַמאַ, רופט זיך אווטאָר, און אויב זיין „פּלעי" געפעלט ניט, הייסט מען איהם באַלד נעהמען דעם וועג. די וואָס האָבען פערפאַסט די גרויסע וועלט־דראַמאַ, זיינען גערעכענט געוועזען פאַר די העכסטע אויטאָריטעטען, און צו אנערקענען זייער אונ־פעהיגקייט און הייסען זיי נעהמען דעם וועג, האָט זיך געפאָדערט פיעל צייט און פיעל קאַמפף...

פעסטשטעלען די עקזיסטענץ פון אויטאָריטעטען קען מען נאָר מיט דאָגמען. דאָגמאָ איז א מיינונג, וועלכע ווערט מיט דער צייט פערשטיינערט. עס איז א מין אוקאַז מיט דער אונטערשריפט פון אן אָטאָקראַט: „ביט פּאָסעמו"... דאָגמען פערשמידען דעם מענשען'ס גייסט, ערלויבען איהם צו דענקען נאָר אויף א געוויסען אופן און לאָ־זען ניט צו קיין שאלות און פאָרשונגען... אָבער ווי באַלד דאָגמען פאַנגען זיך אָן צו קריסטאַליזירען, פאַנגט אָן דעם מענשען'ס געדאַנק צו אונטערזוכען און צו קריטיזירען. דער געדאַנק שטרעבט זיך צו בעפרייען, און דער מענש טרעט ארויס מיט אן אָפענעם פּראָטעסט. דער פאָרשטעהער פון פרייען געדאַנק זעהט נאָר דעם קאָמישען און לע־

לעבען און פון וועלכע זיי ווערען געניידט מעהר צו פאטאלע אנשויאונ־גען — ביי די אזיאטען האָט דער סקעפּטיציזמוס געפיהרט, ווי מיר האָבען פריהער דערצעהלט ווענען דעם לעהרער ב ו ד ד א, צור זעלבסט־פערניינונג צו דער נ י ר וו א נ ע. ביי די געזונדע און מונטע־רע גריכען איז בעשאפען געוואָרען א מונטערער און געזונטער סקעפּ־טיציזמוס, א מעכטיגער און בעדייטענדער פּראָטעסט געגען דעם, וואָס האָט געשיינט אונגערעכט צו זיין, געגען דעם, וואָס מאכט דאָס לעבען פאר א טראגעדי, די רייכע און פּאָעטישע פאנטאזיע פון די גריכען האָט פּראָדוצירט א מיטהאָלאָגישען קעמפּפער פּראמעטעאוס. דיעזע וואונדערבאר שעהנע און אינהאלטס־רייכע פאָלקס־לעגענדע וועגען דעם גרויסען גערעכטיגקייטס־קעמפּפער, אין וועלכער עס ווערט אויסגע־דריקט די וועלט־אנשויאונג פון די גריכען און א געוויסע ריכטונג פון זייער געדאנק, — דיעזע שעהנע לעגענדע איז דראמאטיזירט געוואָרען פון דעם גרויסען גריכישען דיכטער און פילאָזאָף ע ס ח י ל אָ ס.

די מערקווירדיגע דראמא פון עסחילאָס מיט'ן נאָמען „פּראָ־מעטעאוס" איז א וועלט־דראמא, ניט נור דערפאר, ווייל עס איז א קלאַ־סישעס זשעניאלעס ווערק, עס איז א וועלט־דראמא, ווייל עס רעפּרע־זענטירט א גרויסע היסטאָרישע עפּאָכע פון מענשענ'ס לעבען, ווייל אין איהר ווערט מיט העלע פילאָזאָפישע און פּאָעטישע פארבען גע־שילדערט די אייביגע שטרעבונג פון דעם מענשען'ס געדאנק צור פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט.

פּראָמעטעאוס, דיעזער מעכטיגער טיפּ פון קאמפּף און פּראָטעסט, האָט בעגייסטערט די גרעסטע דענקער און פּאָעטען פון דער וועלט. פון איהם האָבען גערעדט אלע די גרויסע מענשען, וועלכע האָבען זיך אינטערעסירט מיט די פּראָבלעמען פון אונזער לעבענס־דראמא.

וועגען איהם האָבען פילאָזאָפירט און געזונגען, אויסער ע ס־ח י ל אָ 'ן, ס אָ ק ר א ט ע ס און פּ ל א ט אָ, ז ש י א אָ ר ד א נ א ב ר ו נ אָ און ק א מ פּ א נ ע ל ל א, ה ע ר ד ע ר און פּ י כ־ט ע, ש ע ל ל י און ב א י ר אָ ן, ג ע ט ה ע און ה יי נ ע.

אין דער מיטהאָלאָגי, אין דער געטער־געשיכטע פון אלע פעלקער, אין דער סקאָנדינאַווישער „עדדא", אין דער אידישער ביבעל, אין די אלטע לעגענדען פון גריכענלאנד, אין דער „זענדאָוועסטא", אין די „וועדא" און „ריגוועדען" פון די אָריענטאלישע פעלקער, — איבעראל

הויבען אויף אַלע אויטאָריטעטען זייער בארג פון דאָגמען און בע־שליסע איבער די קעפּ פון די מאסען. אָבער די מאסע שרייט נאָך „נעשה ונשמע״, און דער פרייער געדאנק פון מענשען פאנגט שוין אָן צו רעוואָלטירען. די מאסע דענקט נאָך, אז דאָס לעבען איז א טראַגעדיע, און די קריטישע אויג קוקט שוין אויפ׳ן לעבען, ווי אויף א קאָמעדיע. עס געשעהט, וואָס מיר האָבען פריהער בעמערקט, — דער סקעפּטיציזמוס צושטערט דאָס אנערקענטע, די אַלטע אויטאָריטעטען. דאַן קומט אַ פּעריאָדע פון פּעסימיזמוס. יעדע היסטאָרישע עפּאָכע איז אַן אַקט פון דיעזער גרויסער וועלט־דראמא אין די אנטראַקטען הערשט אונאָרדנונג, און א צוזאמענשטויס פון געדאנקען, אידעען און פאָר־שטעלונגען.

אַלע פעלקער האָבען פּאָעטישע לעגענדען און ערצעהלונגען וועגען טיטאנען, גרויסע און טאפּפערע העלדען, וועלכע האָבען גענומען אויף זיך דעם קאמפּף געגען די דעספּאָטישע אויטאָריטעטען. דער גייסט פון אנטאַגאָניזם, פון ווידערשפּרוך און פּראָטעסט, איז פערקערפּערט געוואָרען אין געוויסע מעכטיגע פּערזאָנען, פון וועלכע עס דערצעהלען אונז וואונדערבארע און שעהנע פאָלקס־דיכטונגען...

*

* *

ביי די גריכען האָט דער שטרייט פון די שוואכע שטערבליכע מיט די מעכטיגע אונשטערבליכע געפיהרט דער געטליכע פּראָ־מעטעאוס. ער איז אליין געווען א גאָט און דערפאר זיינען די אויסדריקע פון זיין פּראָטעסט און פון זיין סקעפּטיציזמוס געווען מעכ־טיגער. ער האָט ערקלערט די געטער אַן אָפענעם קאמפּף און איז ארויס־געטראָטען אַלס פערטהיידיגער און בעשיצער פון די שוואכע, אָרעמע מענשען וועלכע האָבען געליטען פון דער אונגערעכטיגקייט און דעם־פּאָטישען ווילען פון די געטער. ער איז געווען דער פאָרשטעהער פון פרייען געדאנק און האָט געוואגט צו פערניינען דאָס, וואָס אַלע האָבען געהאלטען הייליג און העכער פון קריטיק.

ביי די אזיאטען, וועלכע זיינען פויל און אָבגעשוואכט פון די קלימאטישע און אנדערע פיזישע אומשטענדען, אין וועלכע זיי

פּראָמעטעאוס האָט געאָפּפערט זיין אייגענעם גליק, אום גרינגער צו מאַכען דעם שיקזאַל פון מענשענ'ס לעבען. ער האָט געקעמפּפט פאַר די שוואַכע, ליידענדע מענשען און פאַר די פערוואָרפענע גערעכטיג־קייט.

דער אידישער אַלמעכטיגער גאָט י ה ו ה האָט אויך ניט פערגונען דעם מענשען די פריכטע פון ע ץ ־ ה ד ע ת און ע ץ ה ח י י ם, וועלכע האָבען געוואַקסען אין זיין אייגענעם פּאַרק, אין גן־עדן. דער אידישער פּראָטעסטאַנט איז אַ מין נחש, אַ שלאַנג, אַ שטן, אַן איבעררייִדער און פערפיהרער, גאָטס פערזענליכער שונא. יהוה אויף צו להכעיס האָט דיעזער שטן איינגערעדט חוה'ן, דער ערשטער פ ר ו י, דער מוטער פון מענשען־געשלעכט, ארויסצוטרעטען געגען דעם ווילען פונ'ם אַלמעכטיגען און ניט פאָלגען זיינע אונגערעכטע פאַ־דערונגען. ח ו ה האָט געגעסען פון די פערבאָטענע פּירות און האָט נאָך איהר מאַן א ד ם ' ן, אויך געגעבען צו עסען. דערפון איז גע־קומען דער גרויסער „זינדען־פאַל" פון מענשליכען געשלעכט און זיי־נע שרעקליכע רעזולטאַטען — דער טויט... די פרוי איז געווען די מוטער פון מענשען. זי איז געווען די מוטער און אורזאַכע פון טויט. אין דער גרויסער וועלט־דראַמאַ האָט די פרוי געשפּיעלט די הויפּט־ראָלע, און זי האָט פעראורזאַכט די שרעקליכע אויפלעזונג און ביטערע ענדע. די ערשטע דראַמאַטיסטין פון דער וועלט, ווי איהר זעהט, איז געווען מאַדאַם חוה אדם'ס... וועגען דיעזער לעגענדע פון זינדען־פאַל, דעם טויט, דעם קאַמפּף פון די געפאַלענע מלאכים מיט יהוה און וועגען דער אויפגאַבע פונ'ם שפּעטערן פּראָטעסטאַנט געגען אַלטע דאָג־מען, י ש ו ע ה נ וצ ר י, און די אַלע קריסטליכע גרויסע וועלט־דראַמען, וועלכע זיינען אויף דיעזער טהעמאַ געשאַפען געוואָרען, ווע־לען מיר רעדען שפּעטער. יעצט קעהרען מיר זיך אום צוריק צו דער גריכישער לעגענדע וועגען פּראָמעטעאוס.

די גריכישע וועלט־דראַמאַ ווערט אויך ניט געשפּיעלט אָהן אַ דראַמאַטיסטין. די „פרוי" האָט דאָ אויך צו שפּיעלען אַ גרויסע און פעראַנטוואָרטליכע ראָלע. ניט פּראָמעטעאוס אליין איז געווען אַ רע־וואָלוציאָנער געגען דעם גרויסען צעאוס. זיינע סקעפּטישע אנשויאונ־גען זיינען אויך איבערגעגעגאַנגען צו זיינע צוויי ברידער ע פּ י מ ע־ט ע אָ ס און א ט ל א ס. זיי ווערען אויך אויפגעבראַכט אויף דער

האָט דער לעבהאַפטער געדאַנק פון מענשען געשאַפען אַ סקעפּטישען עלעמענט, אַ מאַכט פון אַנאַליז, אַלס אַ געגענזאַץ צו די זעלבסטהער־שענדע אויטאָריטעטען, צו דאָגמען און טראַדיציאָנען. דער פרייער גייסט פון דעם אַמאָליגען מענשען האָט זיך ניט אימער אָהן פּראָטעסט אונטערוואָרפען אונטער דעם יאָך פון שקלאַפעריי, און ער האָט געמור־מעלט געגען די „אויבערשטע"... איהם האָט געקרענקט, פאַרוואָס זיי־נע קרעפטען זיינען בעשרענקט, זיינע שטרעבונגען צום גליק געהינ־דערט, זיינע ווינשע ניט ערפילט. און דיעזע גייסטיגע ריכטונג זיינע האָט אימער אויסגעדריקט אַ פאַנטאַסטישער קעמפּפער, אַ גאָט־רעוואָ־לוציאָנער, אַ העלד, אַ פערניינער און פּראָטעסטאַנט! מיט זייערע לי־פען האָט די מענשהייט אויסגעשפּראָכען איהר אונצופריעדענהייט. פּראָמעטעאוס איז דער ערשטער סקעפּטיקער פונ'ם אַלטען גריכישען פאָלק. דאָס איז די ערוואַכונג פון דעם ערשטען געדאַנק צו רופען דעם מענשען פון זיין פּאַסיווען צושטאַנד צו אַקטיוויטעט.

אָט איז אין קורצען דער אינהאַלט פון דער לעגענדע וועגען פּראָ־מעטעאוס: דער שטאַלצער און אַלמעכטיגער גריכישער גאָט צ ע ־ א ו ס, דער אויבער קאָמאַנדיר פון אַלע געטער, האָט מיט פעראַכ־טונג און גרויזאַמקייט בעהאַנדעלט דאָס מענשען־געשלעכט. די שמער־צען פונ'ם מענשען, זיין נויט און אָרמוטה האָבען איהם, אַלס העכע־רען וועזען, ניט אינטערעסירט. זיין הערשענדע מאַכט האָט ניט גע־וואוסט פון קיין בעשרענקונגען און זיין לוסט האָט ניט געדולדעט קיין הינדערניסע. ער האָט געוואָרפען דונערען און בליצען אויף די קעפּ פון אַלע אונגעהאָרכזאַמע. דאָס מענשען־געשלעכט איז געזעסען אין דער פינסטערניס, אָהן פ י י ע ר און אָהן ל י כ ט, און דארום האָבען זיי ניט געוואוסט פון קיין אידוסטריע און קיין קונסט. דאָס ליכט איז געווען אין די הימלען ביי צעאוס'ן. פּראָמעטעאוס האָט ניט געקענט פערטראָגען אַזאַ אָרדנונג. ער איז אָפען אויפגעשטאַנען געגען זיין „אויבער גאָט" און די גאַנצע פמליא של מעלה. ער האָט אַוועקגע־נומען ביי די הימלען דאָס פייער און האָט איבערגעגעבען צו די ליי־דענדע מענשען. דאָס הימלישע פייער האָט זיי געגעבען דאָס ליכט פון וויסענשאַפט און קונסט, האָט געפיהרט צור ענטוויקלונג פון פערשיע־דענע נוצליכע האַנד־ווערקע און אינדוסטריעלע אונטערנעהמונגען — אַ שריט פון פּאַסיוויטעט צו אַקטיוויטעט, פון טראַגעדי צו דראַמאַ.

אלע קראנקהייטען... אלעס וואס איז געוועזן אין דיעזער וואונדער־ליכער שקאטולקע, איז ארויסגעפלויגען, אויפ'ן דעק איז נאר געבלי־בען איין זאך, דאס איז: די האפנונג...

אין דער גרויסער דראמא פון עסחילאס'עס „פראמעטעאוס" זיי־נען אין א פאעטישער און פילאזאפישער פארם אויסגעדריקט די שטרע־בונגען, די אויפגאבע און דער קאמפף פון דיעזען געטליכען קעמפפער, דיעזען פארשטעהער פון מענשליכען גייסט, וועלכער שטרעבט צו פריי־הייט און ווארהייט.

פראמעטעאוס איז צוגעשמידט צו איינע פון די פעלזען פון די קאווקאזער בערג. אדלערס צועסען יעדען טאג זיין לעבער, זיינע אינע־ווענינקייטען, גראדע אזוי ווי די אינערע וועלט פון יעדען אידעען־קעמפפער ווערט צוגעסען פון צווייפעל און זעלבסט־אנאליז. אבער דער אינערער קאמפף פון יעדען טיטאן און גרויסען קעמפפער איז פער־בארגען פון די ארומיגע, און די קייטען, מיט וועלכע די גאטהייט שמידט איהם צו די פעלזען פון אלטע טראדיציאנען, קענען ניט פער־שמידען זיין געניאלען געדאנק און זיין פרייען גייסט. דער וואהרער קעמפפער איז און בלייבט דער זשעני פון פראטעסט! די געטליכע איי־גענשאפטען פון צעאוס זיינען: געוואלד, קייטען, גרויזאמקייט. די געוועהר פון פראמעטעאוס זיינען דער קריטישער געדאנק און די שטרע־בונג צו דער פרייהייט. צעאוס זיעגט, אבער פראמעטעאוס טריאומ־פירט...

בעדייטענד און אינהאלטסרייך איז די סצענע אין עסחילאס דרא־מא, וואו עס ווערט געשילדערט, ווי צום איינגעשמידעטען טיטאן קומט דער רודף שלום'ניק, דער גאט ק ר א ט א ס, וועלכען צעאוס האט געשיקט צו מאכען אן ענדע פון קריעג. מיט קראטאס'ן ערשיינט דער כאר, וועלכער שטעלט פאר די עלעמענטען פון דער בעגרענעצטער מיטעלמעסיגקייט און אונווירדיגע פראקטישע האלטונג... זיין מעסיג און פראקטיש — ניט שטרעבען צו קיינע פערענדערונגען און ניט קריגען זיך מיט די אויטאריטעטען — דאס פראפאגאנדירט שטענדיג דער אונדענקענדער, צופריעדענער רודף שלום'ניק דעם אונרוהיגען קעמפפער...

אין עסחילאס דראמאס שפיעלען די ראלע פון דיעזע פראקטישע ראטהגעבער קראטאס און דער כאר; אין דעם אידישען בוך „איוב"

אונגערעכטער אויפפיהרונג, פון דעם מלך מלכי המלכים און זיי ווע־רען אויך רעוואָלוציאָנערען. צעאוס בעשטראָפט דיעזע הימלישע ני־היליסטען גרויזאם, ווי א וואהרער הימעל־צאר... פראָמעטעאוס ווערט דורך דער געטליכער אדמיניסטראציאָן פערשיקט אויף די וויסטע בערג פון ק א ו ו ק א ז, וואו ער ווערט צוגעשמידט צו א פעלז מיט אייזערנע קייטען און וואו אן אָדלער קומט טאָג־טעגליך און עסט זיין לע־בער, וועלכער וואקסט יעדען טאָג אָב צוריק... דער אונגעהאָרכזאמער אטלאס ווערט בעשטראָפט דערמיט, וואָס מען וואַרפט ארויף אויף זיינע פלייצעס די הימלען, און ער מוז אייביג האלטען אויף זיך דעם גאנצען רקיע השמים. אטלאס האָט געוואגט צו שיקען זיין מורמעל געגען דעם הימעל און זיינע איינוואוינער, און דערפאר מוז ער נעבעך אייביג שטעהן מיט דיעזער שווערער לאסט אויף די שולטערן... און ווען ער וועט פאלען אונטער זיין שווערער משא וועט צוזאמען מיט איהם איינשטירצען די גאנצע הימלישע געטער־סיסטעמע... וואָס פאר א גרויזאמע שטראָף!... דעם רעוואָלוציאָנער צווינגען אונטערצו־האלטען דעם טהראָן פונ׳ם מאָנארך!...

פאר דעם דריטען ברודער עפּימעטעאס האָבען די געטער אויס־געפונען די ערגסטע שטראָף: זיי האָבען בעשאפען פון זיינעטוועגען א ווייב... דיעזע פרוי, מיט׳ן נאָמען פ א נ ד א ר א, איז בעשאַ־פען געוואָרען פון אלע עלעמענטען פון דער מוטער ערד. און ווייל די דריי ברידער זיינען ארויסגעטרעטען אלס פריינדע און פערטהיידיגער פון דעם מענשען׳ס געשלעכט, האָט „די פרוי" פאנדארא זיי געבראכט אלע קראנקהייטען, אלע חולאת׳ן און שמערצען, פון וועלכע מענשען ליידען יעצט. פאנדארא׳ן האָבען מיר צו פערדאנקען, וואָס מיר האָבען אזוי פיעל דאָקטוירים, דענטיסטען און אפטייקערס...

פראָמעטעאוס׳ן האָט זעהר געקרענקט, פאר וואָס די געטער אליין זיינען אונשטערבליך און דעם מענשען׳ס לעבען איז אזוי קורץ. יעדענ־פאלס, אום גרינגער צו מאכען און צו פערבעסערען דעם מענשען׳ס לעבען, האָט ער צוזאמענגעקליבען אלע קראנקהייטען און וועהטאָגען און האָט זיי פערשפארט אין א שקאטולקע, וועלכע ער האָט פערזי־געלט מיט זיין חתימה. די פרוי פאנדארא, וועלכע איז בעשאפען פון אלע עלעמענטען דער ערד, האָט זיין זיעגעל אויפגעבראָכען און האָט צוזעעט און צושפרייט צווישען דעם מענשען־געשלעכט אלע חולאת׳ן,

טראַדיציאָנען, אויף וועלכע ער שטיצט זיך. פּראָמעטעאוס וויל בע־פרייען דעם פערמידטען געדאַנק און אויפמונטערן דעם דערשראָקענעם מענשליכען גייסט. פון זיין מעכטיגען ספּעקטיציזמוס ציטערט דער טהראָן פון צעאוס, און פאר די געטער בלייבט ווייניג פּלאַץ אין די הימלען. מיט אַ געוואגטע האַנד האָט ער צו די מענשען דאָס ליכט פון די הימלען ארונטערגעטראָגען און צו די געטער האָט ער זיך גע־ווענדעט, ווי די פאַנטאַזיע פון גרויסען דיכטער שטעלט עס פאָר מיט דיעזע ווערטער:

„נעטער! איך בין קיין גאָט!
אונד בילדע מיר זאָ פיעל איין אלס איינער.
אונענדליך? אַלמעכטיג? —
וואָס קענט איהר?
קענט איהר דען וייטען רוים
מיר באַללען אין מיינע פויסט?
פערמעגט איהר צו שיידען
מיך פון מיר זעלבסט?..."

---

.3

## איוב דער „פּיעל־צרה׳דיגער".

אין דעם גייסטיגען לעבען פון דעם אַלטען אידישען פאָלק האָט זיך אויך אויסגעדריקט אַ ריכטונג פון סקעפּטיציזמוס און אַ פּראָטעסט געגען דעם אַלמעכטיגען וועלט־הערשער און אויטאָריטעט יהוה, וועל־כער מאַכט פונ׳ם לעבען אַ טראַגעדי. דער אידישער פּראָטעסטאַנט איז ניט דער מעכטיגער קעמפּפער, דער שטאַרקער טיטאַן פּראָ־מעטעאוס; נאָר דער דענקענדער און וועלט־שמערץ־ליידענדער, „פּיעל־צרה׳דיגער" איוב.

וואָס איז דער אונטערשיעד צווישען איוב און פּראָמעטעאוס? דערזעלבער אונטערשיעד, וואָס צווישען דעם גרויסען דיכטער געט־

שפּיעלען דיעזע ראָלע זיינע דריי פריינדע; אין „האמלעט" שפּיעלט דיעזע ראָלע פּאָלאָניוס; אין „פאוסט" — דער פּיליסטער וואגנער. קראָטאָס גיט צו פערשטעהן פּראָמעטעאוס'ן, ווי נאַרריש עס איז צו שטרייטען מיט דעם, ווער עס איז מעכטיגער פון אונז, און ראַטהעט איהם זיך צו ענטזאגען פון זיינע איבערצייגונגען און מאַכען פריעדען מיט צעאוס'ן. דער כאָר און קראָטאָס ווידערהאָלען איהם די בעקאַנטע פּרינציפּען פון פּאָליציי־מאָראל: „מיט א שטאַרקערען פון דיר פאַנג זיך ניט אָן און מיט א רייכערען פערקריעג זיך ניט"...

ניט דער אַלמעכטיגער צעאוס אליין און ניט זיין שליח מיוחד קענען פערשטעהן, וואָס איז עס פאַר א שכל זיך אָנצונעהמען פאַר קליינע אונווירדיגע מענשעלעך און וואָס קען דערפון געווינען דער אונשטערבליכער פּראָמעטעאוס. נאָך וואָס דאַרפען דיעזע שוואַכע ברואים דאָס ליכט פון וויסען און אויפקלערונג? זייער גאַנצעס לעבען איז איין אויגענבליק און אַלע זייערע שטרעבונגען זיינען אנשטרענגונגען פון מילבען!... און ווען זאָגאַר פּראָמעטעאוס'ן זאָל געלינגען צו פערבעסערען דאָס לעבען פון דיעזע פעראַכטעטע ברואים, וואָס וועט איהם ארויסקומען, וואָס פאַר אַן אינטערעס האָט ער דערביי?... איז כדאי צו ליידען דערפאַר, וואָס דיעזע מילבען, וועלכע רופען זיך מענשען, וועלען האָבען ליכט און פייער?

פּראָמעטעאוס דענקט אָבער ניט פון פּראָפיט און פערזענליכע אינטערעסען. ער זעהט אונטערדריקטע און וויל זיי בעפרייען. זיי זיינען פרעמדע, זיי זיינען ווייט פון דעם געטליכען קעמפּפער, אָבער ער טוט עס ניט צוליעב פריינדשאַפט, ער טוט עס אין נאָמען פון גערעכטיגקייט און פרייהייט. ער זעהט שוואַכע און קומט צו זיי הילפע מיט זיין מאַכט. ער זעהט פאַסיווע מענשען און וויל זיי מאַכען אַקטיוו. ער אַנערקענט ניט די אויטאָריטעטען, וויל ניט בלינד זיי פאָלגען, צווייפעלט, אויב דאָס, וואָס עקזיסטירט, מוז בלייבען אין אַזא מיזעראַבלען צושטאַנד. ער איז בעאונרוהיגט פון די אַלע צרות, וועלכע פאַלען אויף די ליידענדע, הילפלאָזע און אונשולדיגע, ער שטימט ניט איין מיט דער מיינונג פון די „אויבערשטע", אַז פייער און ליכט דאַרפען בלייבען אין די הימלען, ווען דער אָרימער מענש זיצט אין דער קעלט און אין דער פינסטער, און ער רופט צום קאַמפּף און פּראָטעסט! זיין סקעפּטיציזמוס שוינט ניט דעם אַלמעכטיגען צעאוס'ן און אַלע

אינסטיטוטען, וועלכע זאָלען פערבעסערען די אומשטענדען פון מענ־שענ'ס מאַטעריאַלען לעבען. זי האָט געזאָרגט פאַר דעם מענשען'ס וועלט. די אידישע ציוויליזאַציאָן האָט זיך הויפּטזעכליך אינטערעסירט נאָר מיט דער גייסטיגער, אינערליכער וועלט פון מענשען. די דאַ־מאָלסדיגע ווילדע אייראָפּעער האָבען פון רוים ערהאַלטען בירושה אַלעס וואָס דיעזע ביידע ציוויליזאַציאָנען האָבען בעשאַפען... עס איז גע־ווען אַ מיש־מאַש פון אידישע מאָראַל מיט גריכישע פילאָזאָפיע, פון קריסטליכע ענטזאַגונג און זעלבסט־אויפאָפּפערונג מיט דער קלאַסישער שטרעבונג צו שעהנקייט און גענוס... פיעל יאָהרען זיינען שוין פער־ביינעגאַנגען, פיעל היסטאָרישע אַקטען פון דער וועלט־דראַמאַ זיי־נען שוין אָפּגעשפּיעלט געוואָרען, און דיעזע צוויי ריכטונגען זיינען נאָך אַלץ ניט צונויפגעשמאָלצען געוואָרען גענצליך. איז גובר אַ ד ו ם, דאַן פאַלט י ר ו ש ל י ם... דאָס הייסט, איז ביי די אייראָפּעער פעלקער שטאַרקער די שטרעבונג צום אויסבעסערען די אויסערליכע וועלט פון מענשען, דאַן שטאַרקט זיך די גריכישע ריכטונג. ראַציאָנאַלע מיינונגען הערשען, וויסענשאַפטען ענטוויקלען זיך, די קונסט מאַכט פאָרטשריטע, נייע פּאָליטישע איינריכטונגען בליהען אויף — דאַן זינגט געטהע! פערקעהרט אָבער, שטעהט אויף ירושלים, דאַן פאַלט אדום... די אידישע ריכטונג שפּיעלט דאַן די ערשטע פידעל אין אָרקעסטער. איהר סאָלאָ איז זעהר מינאָר. מען פאַנגט אָן נאָכצודענ־קען, גריבלען, ליידען פון וועלט־שמערץ... דער מענש קוקט זיך ארום און זעהט, אַז די אַלע חכמות העלפען ניט צו ערקלערען די געהיימנים־פאָלע פּראָבלעמען פון לעבען, די אַלע וויסענשאַפטען און קינסטע מאַ־כען ניט דעם מענשען ריינער, בעסער און נאָבלער, די אַלע איינריכ־טונגען און אינסטיטוטען מאַכען ניט דעם מענשען גליקליכער און פער־גרינגערען ניט זיינע צרות און זיינע ליידען — דאַן פאַנגט אָן צו פי־לאָזאָפירען לעוו טאָלסטאָי...

דער גריכישער סקעפּטיקער און גאָט'ס געגנער פּראָמעטעאוס איז אַ מעכטיגער העלד, געשמידט אין קייטען און דאָך פריי, פער־מאַטערט פון וועהטאָגען און שמערצען און דאָך שטאַרק, פערזאונ־גליקליכט און דאָך שטאָלץ. איהם האָט בעשאַפען די פאַנטאַזיע פון פאָלק, ביי וועלכע פיזישע ענטוויקלונג און פיזישע שעהנקייט האָבען זיך געשעצט פונקט אזוי וויכטיג ווי וויסענשאַפט און פּאָעזיע. חכמה

הע און דעם רוסישען מאָראַליסט ל ע ו ו ט אָ ל ס ט אָ י. געטהע איז אַ נאָכפאָלגער פון פראָמעטעאוס, ער איז אַ קלאַסישער גריך. לעוו טאָלסטאָי איז אַ תלמיד פון דעם פיעל־צרה׳דיגען איוב, ער איז אַ כשר׳ער איד. געטהע זאָגט צום גריכישען גאָט צ ע א ו ס מיט פראָמעטעאוס׳עם מויל:

האָסטו נאָר געוואָלט
איך זאָל דאָס לעבען האַסען,
אין די מדבריות לויפען
ווייל נאָך ניט אַלע
בלומען־טרוימען זיינען צייטיג?
אָט דאָ בלייב איך און בילד מענשען
נאָך מיין געשטאַלט,
דורות, וואָס זאָלען פעהיג זיין
צו ליידען, צו וויינען,
צו געניסען, צו פרעהען זיך
און דיר ניט צו אַכטען,
אַזוי ווי איך.

טאָלסטאָי זאָגט צו דער וועלט מיט איוב׳ס ווערטער: „והחכמה מאין תבוא? ואיזה מקום בינה? ונעלמה מעין כל חי ומעוף השמים נסתרה...״ (פון וואַנען נעהמט זיך די חכמה וואו געפינט זיך די וויזהייט? זי איז פערבאָרגען פון יעדען לעבענדען אויג, זאָגאַר די פויגלען אין די הימלען האָבען זי קיין מאָל ניט געזעהן.) לעבען, פרייד, גענוס? דאָס איז אַלעס אונווירדיג. „למה יתן למעל אור וחיים למרי נפש?״ — וואָס דאַרפען ליכט די פערמאַטערטע זעעלען? „השמחים אלי גיל ישישו כי ימצאו קבר״ — די וואָס פרעהען זיך שוין יא מיט א שמחה, זיינען נאָך פרעהליכער, ווען זיי געפינען פאַר זיך אַ קבר...

די גרויסע לעבענס־דראַמאַ, וועלכע ווערט יעצט געשפּיעלט פון אַלע ציוויליזירטע פעלקער איז אַ צוזאַמענגעמישטער פּראָדוקט, וועל־כער איז געשאַפען געוואָרען פון די גריכישע און אידישע ציווילי־זאַציאָנען...ביידע ציוויליזאַציאָנען, די אידישע און די גריכישע, זיי־נען שטענדיג געווען פיינדליך איינע צו דער אַנדערער. זייערע אויפגאַ־בען זיינען געווען געגענגעזעצט. די גריכישע ציוויליזאַציאָן האָט אַם מייסטען געשטרעבט נאָר צו ערפינדען אַזעלכע איינריכטונגען און

וויכטיגע פראַגען. און איוב, ער וועט זיך האַלטען אין דער דעבאַטע רוהיג און וועט זיך ניט בייזערן. פּראָמעטעאוס געהט אַוועק פון מענ־שען'ס אינערליכען לעבען צו ערשיינונגען פון קאָסמאָס; ער איז אַ שטאַרק ענטוויקעלטע אינדיווידואַליטעט און געהט פונ'ם איינציגען צום אוניווערזום, פונ'ם „איך" צו דער אַללוועלט. איוב, פערקעהרט, געהט פון דער אויסערער וועלט צום אינערן „איך", פונ'ם אוניווערזום צו די פּראָבלעמען פונ'ם מענשענ'ס לעבען. פּראָמעטעאוס, גראַדע ווי שפּעטער דער געלעהרטער דאָקטאָר פ א ו ס ט, איז בעשעפטיגט מיט דער פראַגע: וואָהין פיהרט דאָס שטרעבען? און איז ניט מעגליך צו פערניכטען די אורזאַכען, וועלכע הינדערן דעם מענשען, אויב ניט צו זיין אַן אונשטערבליכער גאָט, לכל הפחות צו זיין אַן „אַלל־מענש"... איוב, פערקעהרט, אַזוי ווי אויך שפּעטער ה א מ ל ע ט, דער בלאַ־סער פרינץ פון דענעמאַרק, ליידעט פון דער קראַנקהייט, וועלכע רופט זיך וועלט־שמערץ און דענקט נור פון די אורזאַכען, וועלכע געפינען זיך אין דעם מענשען גופא, און זיינע פּסיכישע, גייסטיגע אייגענשאַפ־טען, וועלכע הינדערן איהם זיין אייגענעם „איך" צו בעפריעדיגען, זיין אייגענע זעעלע צו ענטוויקלען, זיין גייסט צו שטעלען העכער פון די נאַרישע שטרעבונגען און ווערטהלאָזע ווינשע. אויב עס איז מעגליך צו עררייכען אַזאַ בעפרידיגענדען גייסטיגען צושטאַנד, פאַר וואָס זאָל דער מענש ניט געפינען מיטלען דערצו? און אויב עס איז אונמעגליך, וואָס־זשע פאַר אַ זינן האָט דאָס לעבען, וואָס פאַר אַ צוועק געבוירען צו ווערען, וואָס פאַר אַ ציעל צו שטאַרבען? וואו איז די קלוגהייט פון דיעזע ערשיינונגען און וואו איז די וואַרהייט? וואָס קען העלפען די שטרעבונג צו וויסען און וואָס קען נוצען דער פערשטאַנד? ווי זאָגט ב א י ר אָ נ 'ס איוב, וועלכער רופט זיך מ א נ פ ר ע ד:

> "Sorrow is knowledge : they who know the most
> Must mourn the deepest o'er the fatal truth,
> The Tree of knowledge is not that of life.
> Philosophy and science, and the springs
> Of wonder, and the wisdom of the world,
> I have essay'd, and in my mind there is
> A power to make these subject to itself
> But they avail not...

און גבורה זיינען געוועזן ביי זיי גלייך פערגעטערט.

די פאנטאזיע פון אידישען פאלק האט בעשאפען א סקעפטיקער, א מענשען, וועלכער איז בעדעקט מיט קרעץ און וואונדען, א פאטער, ביי וועלכען מען האט גערויבט די קינדער, א גרויסען גביר, וועלכען מען האט געמאכט פאר א בעטלער, א געעהרטען מענש, וועלכען מען האט ערניעדריגט און געמאכט צו שאנדע און שפאט...

פאר וואס קומט עס איהם? האט ער עס פערדיענט? ניין! אין הימעל זיצט א מעכטיגער הערשער, וועלכער וויל זיין טרייען קנעכט פרובירען. עס איז א נסיון. איוב האט בעשאטען זיין קאפ מיט אש, האט זיך געזעצט אויף דער ערד און האט מיט געדולד זיינע צרות געטראגען... די פרישע קראפט פון פראמעטעאוס לאזט איהם ניט רוהען; ער שרייט פון די הויכע קאווקאזער בערג, רייסט די קייטען און רופט צום קאמפף. איוב זיצט אויף דער ערד מיט אש אויפ'ן קאפ, דולדעט און שווייגט. די שעהנקייט און גרויסקייט פון פראמעטעאוס'עס קראפט בעצויבערט אייך. די געדולדיגקייט פון איוב'ן צו ליידען און צו ערטראגען צווינגט אייך צו שטוינען... לאכט ניט פון דעם פיעל־צרה'דיגען איוב, ער איז ניט שוואכער פון דעם טיטאן פראמעטעאוס! דער סקעפטיציזמוס פון דעם גריכישען פרייהייטס־קעמפפער לעבט ביי די ציוויליזירטע פעלקער, אבער אין איין רייהע מיט איהם לעבט אויך דער זעלבסט־אנאליז און דאס רעפלעקטירען פון איוב'ן. די גריכישע ציווילזאציאן פראדוצירט א פ א ו ס ט, די אידישע ציווילזאציאן פראדוצירט א ה א מ ל ע ט. איהר וועט קע־נען בעגרייפען די מאכט פון איוב'ן, אויב איהר וועט דענקען א ביסעל וועגען דעם שיקזאל פון אידישען פאלק, זיין לאנגע געשיכטע פון דול־דען און פערטראגען. דאס אויסערוועהלטע פאלק טראגט אין זיך די קערנער פון איוב'ס צרות, און זיין מארטיראלאג איז די בעשרייבונג פון אידישען לעבען...

איוב זעהט די אונארדנונג, וועלכע הערשט אין מענשענס לע־בען פיהלט די אונגערעכטיגקייט און צוועקלאזיגקייט פון פיעלע ער־שיינונגען און פאנגט אן צו צווייפלען. פראמעטעאוס איז א גריכישער ריעז, ער רופט ארויס צעאוס'ען אויף א „פייט", איוב איז ניט שטארק צו טהאטען, ער דענקט און פיהלט. ער איז בערייט צו אנערקענען יהוה'ס אויטאריטעט, אויב יהוה וויל אפען מיט איהם דיסקוטירען איינינע

פון די „בני האלהים״; ווי אזוי דער שטן האָט אָנגעהויבען צו אינטרי־גירען געגען איוב'ן וועלכער איז פרום און גוט נאָר דערפאר, ווייל איהם איז גוט אויפ'ן הארצען, און ווי אזוי גאָט, אום אויסצופּרואווען איוב'ס געדולד, האָט ערלויבט דעם שטן אָנצושיקען אויף איהם איין צרה נאָך דער אנדערער. דאָס איז געווען דער פּראָלאָג. דאַן פלעגט ארויסגעהן איוב, פלעגט זיך אנידערזעצען אויף דער ערד און בעשיטען דעם קאָפּ מיט אש... שפּעטער פלעגען ערשיינען זיינע דריי פריינדע און צווישען זיי האָט זיך געפיהרט א דיסקוסיאָן אין דער אָרדנונג ווי עס איז געשריבען אין בוך. ביי דער שלוס־סצענע פלעגט ערשיינען י ה ו ה אליין אין שטורם און דונערן, און ער פלעגט דעקלאמירען זיין שטארקען, עפעקטפאָלען פערטהיידיגונגס־מאָנאָלאָג.

מיר ווערען בעגייסטערט, ווען מיר שטעלען זיך פאָר דאָס גראַנ־דיאָזע בילד, ווי דער פרייהייטס־קעמפּפער פּ ר אָ מ אָ ט ע ו ס, א צוגעשמידטער צו א פעלז, שרייט דאָך צו צעאוס'ן: „איך זאָל דיך עהרען? פאר וואָס?״ עס איז אָבער מעהר צו בעוואונדערען, ווי א איד, א געפּלאַגטער מיט קרעץ, א שוואַכער, א קראַנקער, א ניעדערגעשלאָ־גענער, טרעט אָפען ארויס אליין געגען דעם אל קנא ונוקם.

צעאוס איז געווען דער אויבערשטער גאָט, אָבער ניט אין זיינע הענד איז געווען קאָנצענטרירט די וועלט־רעגיערונג. ער איז נאָר גע־ווען דער ערשטער צווישען ג ל י י כ ע. יעדער ים, יעדעס לאַנד, יעדער בארג, יעדער וואַלד, יעדע שטאָט האָט זיך געהאַט אן אייגענעם גאָט, אן אייגענעם הערשער. ער איז ניט געווען אזוי געפעהרליך; מען האָט געקענט שטענדיג רעכענען אויף הילפע פון אנדערע אונצופרידענע געטאלעך. צעאוס אליין איז ניט געווען אזוי שטרענג און אונצוגענגליך. מען האָט איהם געקענט אונטערקויפען מיט חניפה, מיט א גוטע פאלש געטער־געטראנק — „נעקטאָר״, מיט א זיסען געטער־קוכען — „אמבראָזי״. ער האָט געפיהלט און געהאַט לוסט, ווי א בשר ודם, און ער פלעגט זיך זעהר אָפט בענארישען, ווען ער פלעגט דערזעהן א שעהן ווייבעל... און אויסער דעם, פּראָמעטעאוס אליין איז אויך געווען א גאָט און האָט בעלאַנגט צו „דער משפחה...״

י ה ו ה אָבער איז געווען אן איין־איינציגער, „סאמאָדערזשאַווי־נער״ גאָט, א שטרענגער, א שטאַרקער, אָהן געפיהלען, אָהן ליידענשאַפ־טען, מיט קיין זאַך האָט מען איהם ניט געקענט אונטערקויפען און מיט

אין אידישער פּראָזא וועט עס הייסען:

„טרויער־שמערץ איז דאָס וויסען. די וואָס ווייסען מעהר, מוזען טיעפער טרויערען איבער דיעזע פאטאלע ווארהייט (ווי דער אידישער פילאָזאָף זאָגט. „יוסיף דעת יוסיף מכאוב"). דער ע ץ הדעת איז ניט דאָס וואָס דער ע ץ החיים איז! פילאָזאָפיע און וויסענשאפט, די קוועלען פון וואונדער און די חכמה פון דער וועלט, — איך האָב אלעס ערפאָרשט, און אין מיין שכל געפינט זיך די קראפט צו מאכען די אלע זאכען אונטערטהעניג צו מיר, אָבער... דאָס נוצט ניט!"

אין דער ביבלישער ליטעראטור פון אונזער אידישען פאָלק געפינען זיך צוויי ביכער, וועלכע טראָגען אין זעהר א שוואכען גראד די פאָרמען פון דראמאטישע ווערק. דאָס איז שיר השירים און דאָס בוך פון איוב. די ערשטע קען אנערקענט ווערען אלס א פאסטאָראלע פיעסע (א פּאָעזי פון הירטען־לעבען) און איז אָנגעשריבען מיט זעהר א ליידענשאפטליכע, ברענענדע און העלפארביגע שפּראך. אין דער „דראמא איוב", ווי די אידעע פונ'ם שטיק פאָרדערט, איז ניטאָ קיין ליידענשאפטליכקייט און קיינע העלע קאָלירען, אָבער עס וועט ניט זיין קיין גוזמא צו זאָגען, אז אין דער גאנצער וועלט־ליטעראטור וועט זיך געפינען ניט זעהר פיעל ווערקע, וועלכע זיינען געשריבען אין אזא ערהאבענעם סטיל, מיט אזא שילדערונגס קראפט און אזוי אויסדרוקספאָל. אין א שעהנע פּאָעטישע פאָרמע ווערען בעהאנדעלט וויכטיגע פילאָזאָפישע אידעען. איהר קענט אָהן צווייפעל איוב'ס בוך אנידערשטעלען אין איין רייהע מיט דאנטע'ס „געטליכע קאָמעדי" און מיט דעם „פערלאָרענעם גן־עדן" פון מילטאָן. און אויב איך פערדריסט אמאָל, וואָס איהר האָט פארלאָרען צייט צו לערנען די טויטע העברעאישע שפּראך, בעדענקט איך, אז איהר קענט אין אָריגינאל איבערלעזען איוב'ס בוך און איהר וועט אייך פיהלען בעלאָהנט.

אויב די פּיעסע „איוב" איז ווען עס איז געשפּיעלט געוואָרען פאר'ן פאָלק, פלעגט געווים פריהער ערשיינען א העראָלד, אָדער א כאָר, און פלעגט דערצעהלען, ווי איוב, דער גאָטס־פאָרכטיגער און עהרליכער מענש, האָט געלעבט, ווי גליקליך ער איז געוועזען, ווי גאָט האָט זיך מיט איהם בעריהמט אין הימעל אויף דער פערזאמלונג

שוואַנגער פון איהר מאַן, „מודע קדמוני ברכים ומה שדים כי אינק?"
וואָרום האָבען מיך העפאָרגעבראַכט דער מוטער'ס לענדען און וואָרום
זיינען געווען די בריסט, פון וועלכע איך האָב געזויגען? אַ מענש לעבט,
פּלאָגט זיך, שטרעבט, טרוימט און וואָס בלייבט פון איהם? ער
שטאַרבט, און אַזוי ווי אַ וואָלקען גיסט זיך אויס און פערשווינדעט,
אַזוי וועט ניט אויפשטעהן מעהר דער, וואָס געהט אין גרוב, ער וועט
זיך קיין מאָל ניט אומקעהרען אַהיים... די וואַסערען פון די מעערען
און טייכען וועלען שטירצען און דער מענש וועט ניט ערוואַכט ווערען
פון טויט און וועט צוריק ניט קומען. קען איך ניט לעבען אייביג —
דאַן איז מיר אַלעס פער'מיאוס'ט. „לאָז מיר צורוה, יהוה„ וואָרום מיינע
טעג זיינען אייטעלקייט און גאָר ניט!" (מאסתי לא לעולם אחיה חדל
ממני כי הבל ימי). אונאָרדנונג און פינסטערנים הערשען אין דער
וועלט; עס איז ניטאָ קיין קלוגער צוועקמעסיגער געדאַנק אין דעם,
וואָס עס קומט פאָר, ניטאָ קיין גערעכטיגקייט אויף דער וועלט. דער
שטאַרקער בערויבט דעם שוואַכען; דער וואָס אַקערט און זעעט, עסט
ניט קיין ברויט. די רשעים הערשען און אונטערדריקען, די גערעכטע
און גוטע מענשען ליידען און פּלאָגען זיך זייער לעבען לאַנג. ניטאָ קיין
גלייכהייט און קיין פרייהייט אין לעבען. די שקלאַפען און די אונטער־
דריקטע ווערען נאָר פריי דאַן, ווען זיי ליגען אין דער ערד; מעכטיגע
הערשער און אונטערדריקטע קנעכט זיינען ג ל י י ך נור דאָרט
אין קבר.

מעיר מתים ינאקו ונפש חללים תשוע
ואלוה לא ישים תפלה. —

עס קרעכצען און זיפצען די מענשען פון שטאָדט, די זעלע פון די
ערמאָרדעטע שרייט צו די הימלען, און וואָס טוט גאָט? ער שענדעט
ניט דערפאַר. מיט אַ געפיהל פון איראָניע און ביטערנים ווענדעט זיך
איוב צום רבש"ע און זאָגט: — גאָט, דו וועכטער פון מענשען! אויב
איך האָב געזינדיגט, וואָס האָסט דו דען דערביי פערלאָרען? און אויב
איך בין גוט, וואָס קומט דיר ארויס דערפון? איך וויים, מען קען מיט
דיר רעדען. פון טויזענד פראַגען ענטפערסט דו ניט אויף איינע. ווער
וואגט איהם צו זאָגען: „וואָס טוסט דו?" אומזיסט פערמעהרט ער
מיינע וואונדען. איך וויל צו איהם רעדען און ער שרעקט מיך מיט
שטורם און דונער. און פאַנגט אייך גאָט נאָר אָן צו פערפאָלגען, דאַן

קיין שוחד ניט גוט מאכען; ער האָט גענומען ראַכע פון יעדען אָהן אַן אויסנאַהמע און האָט רעגיערט איבער דער גאַנצער וועלט אָהן אַ בע־גרענצונג. איהם האָט עס געוואַגט איוב צו קריטיקירען און אין דער קלוגהייט פון זיינע איינריכטונגען צו צווייפלען! מען דאַרף ניט קיין בעסערע בעווייזע, ווי שטאַרק עס איז געווען אין דעם מענשען דער גייסט פון סקעפּטיציזמוס.

יהוה שטאָלצירט מיט זיין פיינעם קנעכט איוב, און דער שטן, וועלכער האַלט זעהר ווייניג פון די שוואַכע מענשעלאַך, וואָס שטרע־בען צו הויך און טרוימען צו ווערען אונשטערבליך, — דער שטן זאָגט, אַז די פרומקייט און גוטסקייט פון אַ מענשען זיינען ניט שטאַנד־האַפט; זיי דויערען נאָר אַזוי לאַנג ביז די אונצופריעדענהייט קומט. מען רויבט ביי איוב'ן זיין רייכטהום, זיינע קינדער, זיינע פריינד — איוב דולדעט. יהוה טריאומפירט, דער שטן אָבער זאָגט: דער מענש איז אַן עגאָאיסט, ער איז בערייט אַלעס צו פערלירען, נאָר ער אליין זאָל בלייבען גאַנץ. „הנו בידך", ער איז אין דיינע הענד, האָט גע־ענטפער יהוה. דער שטן האָט בעדעקט איוב'ס קערפּער מיט שרעקליכע קרעץ. דער אונגליקליכער איוב האָט זיך געזעצט אויף דער ערד, האָט מיט אַ שערבעל געקראַצט די שרעקליכע וואונדען און האָט דאָך ניט געמורמעלט, זיינע דריי פריינד זיינען געקומען איהם טרייסטען. זיי האָבען אַלע ביטער געוויינט, ווען זיי האָבען זיינע צרות און וועהטאָגען דערזעהן. זיי האָבען צוריסען זייערע קליידער, בעשאָטען זייערע קעפּ מיט אַש און געזעצט זיך לעבען זייער פריינד אויף דער ערד... זיעבען טעג זיינען זיי אַלע געזעסען שטיל, קיינער האָט ניט געוואַגט אויסצורעדען אַ וואָרט: „כי ראו כי גדול הכאב מאוד", ווייל זיי האָבען געזעהן, אַז דער וועהטאָג איז זעהר גרויס. דאַן ערשט האָט איוב אָנ־געהויבען צו רעדען.

צו וואָס ווערט דער מענש געבוירען? ער ווערט געבוירען צו ליי־דען, פּלאַגען זיך און שטאַרבען, ווען דער מענש זאָל ניט געבוירען ווערען, וואָלט ער ניט געשטאָרבען, די פרוי, די מוטער איז שולדיג. און איוב הויבט אָן צו פלוכען די, וועלכע האָבען פעראורזאכט זיין לעבען: „יאבד יום אולד בו והלילה אמר הרה גבר" — פערלאָרען האָט געזאָלט ווערען דער טאָג, ווען איך האָב בעדאַרפט געבוירען ווערען, פערלאָרען די נאַכט, ווען עס איז אָנגעזאָגט געוואָרען: ז י איז

פערביטערטע זעעלען ? אויף זיין גרויסער סקעפּטישער פראַגע „וואַרום" ענטפערען זיי מיט דעם געוועהנליכען „דארום" אָבער ווארום דער דארום ? —ניטאָ קיין ענטפער. ניין, איוב וויל פאָרשען, ער וויל זוכען די צוועקמעסיגקייט פון אַלע ערשיינונגען, ער וויל געפינען די גרינדליכקייט פון דעם גרויסען אונטאַלעראַנטען מייסטער'ס איינריכטונגען... ער וויל זיין ראַציאָנאַל, ער וויל זיך פערלאָזען נאָר אויף זיין פערשטאַנד... דאָ אָבער קומט די גרעסטע פערצווייפלונג. ער איבערציינגט זיך, דאָס עס זיינען דאָ געגענשטענדע, פון וועלכע דעם מענשען'ס געדאַנק שפּרינגט אָב, אַזוי ווי אַ גומענער באַל שפּרינגט אָב פון וואַנד. דעם מענשענ'ס חכמה איז אויך בעגרענעצט, דער שאַרפסטער געדאַנק קען ניט דורכדרינגען די געהיימניספאָלע פּראָבלעמען פון דער גרויסער וועלט־דראַמע, דער גרעסטער זשעני קען ניט אומענדערן די קלענסטע בעוועגונג, פונ'ם לעבען. און איוב פאַנגט אָן צו איראָניזירען איבער דעם מענשענ'ס חכמה און פערשטאַנד:

„והחכמה מאין תמצא ואי זה מקום בינה?
לא ידע אנוש ערכה, לא תמצא בארץ החיים!
תהום אמר לא בי היא, וים אמר אין עמדי",

פון גאָרנישט, ווי קען ערפונדען ווערען די חכמה און וואו איז דער פּלאַץ פונ'ם פערשטאַנד? דער מענש קען ניט בעגרייפען דעם ווערטה פון פערנונפט. עה! זי געפינט זיך גאָר ניט דאָ אין דעם לאַנד פונ'ם לעבען. דער אָבגרונד זאָגט: די פערנונפט איז ניט אין מיר; דער ים זאָגט: זי איז ביי מיר אויך ניטאָ.

„והחכמה מאין באה ואי זה מקום בינה?
ונעלמה מעיני כל חי ומעוף השמים נסתרה,
אבדון ומות באזנינו שמענו שמעה,
אלהים הבין דרכה והוא ידע מקומה
כי הוא לקצות הארץ יביט, תחת כל השמים יראה;
אז ראה ויספרה הכינה וגם חקרה
וסור מרע בינה!" —
ויאמר לאדם הן יראת ד'היא חכמה.

פון וואַנען קומט די זאָ פיעל געריהמטע חכמה און וואו איז איהר וואָהנונג? ניט אין ים, ניט אין אָבגרונד, ניט אין דער גאַנצער וועלט געפינט מען זי. זאָגאַר אין די הימלען האָבען זי די פויגלען ניט געקענט

פערפאַלגען איך שוין אַלע... דוכט זיך, אויב איהר זייט מיר פריינד, האָט זשע מיטלייד מיט מיר, ווען גאָט שטראָפט מיך!... ניין! מען האַלט מיט איהם, מיט'ן שטאַרקען און מעכטיגען. אָה, ווען איך זאָל קענען רעדען צו איהם, ווי איך רעד צו איינעם פון אייך, און ער זאָל מיר ענטפערן אויף אַלע מיינע פראַגען! אָה, ווען איך זאָל וויסען וואו ער געפינט זיך, ווען איך זאָל איהם נאָר קענען געפינען! צום געריכט וואָלט איך איהם געפאָדערט, צו דיסקוסיאָן וואָלט איך איהם גערופען. א י י נ ע ר איז ער, און וואָס ער וויל, דאָס טוט ער... זאָל ער אָבער ניט מיט זיין שטאַרקען כח מיר ענטפערן, זאָל ער זיך פיהרען מיט יושר — ניין! „לא אאמין כי יאזין קולי" — איך גלויב ניט, דאָס ער וועט פערנעהמען מיין שטימע און וועט מיר אַלעס פערענטפערן און ערקלערען...

זיינע פריינד, דיעזע אַלטמאָדישע פיליסטער, וועלכע ציטערען, ווען זיי הערען פרייע רייד און וועלכע פערטראָגען ניט קיין פראָטעסט און קיין פאָרשונג, דיעזע פערשראָקענע „גוטשטעהענדע בירגער" פער־ענטפערן איוב'ן זיינע גרויסע וועלט־פראַגען מיט קליינע פראַזען וועגען פראַקטישע פאָרזיכטיגקייט און געלאַסענהייט. דעם מענשען איז שלעכט? ווער איז שולדיג? דער מענש אליין! אזוי זאָגען איוב'ס פריינד, „כי לא יצא מעפר און ומאדמה לא תצמח עמל". מאַטערנעס און פערברעכען קומט ניט פון זיך אליין; עס וואַקסט ניט פון דער ערד. גאָט האָט אַלעס איינגעריכטעט גרויסאַרטיג, און דער זינדיגער מענש פערדאַרבט עס אליין. נאָכדענקען און נאָכפאָרשען, גריבלען און זוכען די גרינדליכקייט פון גאָט'ס איינריכטונגען דאַרף דער מענש ניט. „החקר אלוה תמצא אם תכלית שדי תמצא?" — גלויבסט דו מיט פאָרשונג גאָט צו געפינען? קענסט דו געפינען די ענדליכקייט פונ'ם אַלמעכטיגען? ווייסט דו וואָס עס טוט זיך העכער פון די הימ־לען? פערשטעהסט דו וואָס עס קומט פאָר אין טיעפען אָבגרונד? ניין! דער מענש, דער זוהן פון דער ערד, איז געבוירען געוואָרען צו אַרבייטען און דולדען „ובני רשף יגביהו עוף", און נאָר די הימעלס־קינדער קע־נען זיך אויפהויבען און פליהען הויך...

איוב פרעגט אָבער: „למה יתן לעמל אור וחיים למרי נפש?" — וואָס איז דער ציעל פונ'ם לעבען? נאָך וואָס גיט ער ליכט צו דעם וואָס מוז זיך מאַטערען? נאָך וואָס גיט ער לעבען צו די, וואָס האָבען

ווי אַ קלוגער איד דאַרף ענטפערן: „אחת דברתי ולא אענה ושתים ולא אוסיף”. איוב זאָגט ניט, אַז ער נעהמט צוריק זיינע ווערטער און אַז ער האָט חרטה. צוויי מאָל איבער'חזר'ן די זעלבע זאַך, זאָגט ער, קען מען גאָר ניט דערמיט צובריינגען. איך האָב איין מאָל גערעדט און מעהר וויל איך ניט ענטפערן...

*

* *

מיר האָבען געזעהן, אַז די דראַמאַ „איוב” איז גראַדע אַזאַ וועלט־דראַמאַ ווי „פּראָמעטעאוס”. אין דיעזעביידע ווערקע ווערט דראַמאַ־טיזירט די סקעפּטישע ריכטונג פון מענשע'ס גייסט און געדאַנק. אין דער גריכישער דראַמאַ ווערט אויסגעשפּראָכען אַן אַקטיווער סקעפּ־טיציזמוס, וועלכער רופט צום קאַמפּף און צו טהעטיגקייט, ווארום אָהן ליידען, אָהן צרות, אָהן אָפּפער קען מען קיין זיעג ניט געווינען. אין דער אידישער דראַמאַ איז אויסגעדריקט דער פּאַסיווער סקעפּטיציזם. עס ווערט געשילדערט די אָפּאָזיציאָן, וועלכע עקזסטירט צווישען גייסט און שטאָף, דער צוזאַמענשטויס צווישען פאַקטען און אידעען, דער אַנטאַגאָניזם, וועלכער קומט פאָר צווישען דעם מענשענ'ס פרייען געדאַנק און די אונערקלעהרבאַרע ערשיינונגען פונ'ם קאָסמאָס. די גרי־כישע ריכטונג רופט דעם מענשען צו פּראַקטישע טהעטיגקייט; זי וויל פערניכטען די הינדערניסע פון דער אויסערער וועלט, וועלכע שטערען דעם מענש צו געניסען פונ'ם גליק. די אידישע ריכטונג צווינגט איהם צו דענקען: איז דאָס לעבען אַן אילוזיאָן, אַ חלום? אַלע שטרעבונגען פון מענשען אַ רעזולטאַטלאָזע אַרבייט, זיין קענען און וויסען נאָר אַן איינגערעדטע זאַך; זיין האָפנונג צו געפינען גליק אין דער אויסערער וועלט ניט מעהר ווי אַ טרוים? און דאַרף דער מענש ניט זוכען זיין טרייסט אין זיך אליין, אין זיין אינערער, גייס־טיגער וועלט?

פיעל פראַגען גיט די וועלט־דראַמאַ, דעם צושויער, וועלכער זיצט אין דעם לעבענס־טהעאַטער. אָבער מיט פראַגען קען מען די האַנדלונג ניט אָבשטעלען, די ענטוויקלונג פון דער דראַמאַ געהט פאָרווערטס; דאָס לעבען שטעלט זיך ניט אָפּ, דאָס פּובליקום מעג אַפּלאָדירען און

אבזוכען — וואו־זשע איז זי פארט? די העלע און דער טויט זיי־נען די איינציגע, וואס געבען דעם מענשען אן ענטפער דארויף. זיי זאגען, זיי האבען די חכמה אויך ניט געזעהן, זיי האבען אבער געהערט פון איהר: גאט אליין פערשטעהט איהר וועג און נאר ער וויים איהר פלאץ. זי איז, דוכט זיך, ניטא אין ערגיץ? ער אבער קוקט ווייט און זעהט זי דאך ווייט אין עק וועלט, אונטער די הימלען. ער, אלהים, האט זי געזעהן; ער האט זי איבערגעצעהלט, אבגעמאסטען, איינגעריכ־טעט און דורכגעפארשט... מענש, ווילסט וויסען, וואס חכמה איז? דארויף ענטפערט יהוה: מורא האבען פאר גאט — דאס איז חכמה; זיין פרום — דאס איז פערנונפט.

וואס פאר אביטערע, שמערצפאלע איראניע! נאך דעם ווי דער דענקענדער און פיהלענדער מענש האט פיעל געזוכט, געפארשט, גע־גריבעלט, געפרעגט, צו קומען ענדליך צו אזא לעכערליכען און קאמי־שען רעזולטאט!... די וועלט איז געבויט געווארען מיט חכמה, און די חכמה קען מען ערגיץ ניט געפינען. די חכמה אין ניטא, גאט אבער איז מיט איהר פערזענליך בעקאנט, און אויב דו ווילסט וויסען וואס חכמה איז, זאגט דיר דער הערשער פון דער וועלט: חכמה איז — האב מורא פאר מיר און טו וואס איך הייס!...

א טראגעדיע איז דאס, וועלכע מוז פאראליזירען דעם מענשליכען ווילען, אדער מוז פיהרען צו א קאמעדיע, צו קריטיק און סקעפטיציז־מוס.

דער גרויסער אידישער גאט, ווי שטארק, מעכטיג און בייז ער איז ניט, איז ער דאך א דעמאקראטישער גאט. איז ניט אזא אריסטא־קראט ווי יופיטער. אן איינפאכעס דעמאקראטישעס פאלק פון לאנד־ארבייטער שאפט זיך א גאט, וועלכער איז דעספאטיש, מעכ־טיג און קאפריזנע, ווי די נאטור, פון וועלכע דער לאנד־ארבייטער איז אבהענגיג, וועלכער איז אבער דעמאקראטיש און איינפאך. יהוה קומט שמועסען מיט יעדען פאסטוך, מיט יעדען פישער און בויער, אויב זיי זיינען נאר ערענטליכע לייט, און ער קומט אויך פערזענליך צו איוב'ן פערענטפערען זיך... געוויס, ער דונערט און שטורעמט אביסעל, ווען ער אליין ערשיינט, נאר עס ווערט שטיל און יהוה דעקלאמירט א גרויסען מאנאלאג, געשריבען אין א זעהר ערהאבענעם סטיל, פול מיט געדאנקען און פאעזיע. איוב הערט איהם אויס געדולדיג און ענטפערט

ווערען און מיט זיין לעבען, האָט פערניינט די פערשטיינערטע דאָגמען מיט זיין לערנען, האָט פערשפּאָטעט די מאַכט פון די הערשענדע מיט זיין דערנער־קרוין און האָט געוויזען אַ נייעם ציעל אין לעבען — אַלטרואיזמוס, ליעבע צום אַנדערען.

אין דעם אַקט פון דער וועלט־דראַמאַ איז די קריסטליכע, דאָס הייסט, די אידישע ריכטונג, געווען שטאַרקער פון דער גריכישער, און די פראַגען וועגען מענשענס לעבען און טויט האָבען אַם שטאַרקסטען אינטערעסירט דעם נאָכפאָרשענדען מענשען. מען האָט ווידער אָנגעפאַנגען צו דענקען וועגען דער אַלטער אורזאַכע פון דעם מענשענ׳ס זינדענפאַל: חוה, די מוטער מיט די פריכטע פון עץ הדעת האָט פערורזאַכט דעם טויט — ענטזאַגונג פון זיך זעלבסט, ענטזאַגונג פון דער, וועלכע איז פרוי און די אורזאַכע פון געבוירען ווערען, לעבען נאָר צוליעב דעם צווייטען און פערניינען דאָס אייגענע לעבען — דאָס איז געווען די נאַאיווע קינדישע לעזונג פון דער פּראָבלעמע פון טויט. צוזאַמען מיט דעם גרויסען אונגליק פון דעם מענשענ׳ס געשלעכט — דעם זינדענפאַל, האָט אָבער דאָס קריסטענטהום אימער גערענקט פון דעם ערשטען אידישען סקעפּטיקער, פון דעם אַלטען געגנער יהוה׳ס, וועלכער האָט בראַוו און אָפען געקעמפּפט מיט זיין אויבערגאָט און וועלכער קעמפּפט נאָך ביז יעצט מיט איהם... דער גרויסער זשעניאַלער דיכטער מ י ל ט אָ ן, בעוויינענדיג דעם שעהנעם פּאַראַדיז, וואָס אונזערע אור־עלטערן האָבען פערלאָרען, און בעזינגענדיג די ערלעזונג פון דעם מענשען־געשלעכט, וועלכע איז געקומען דורך יהוה׳ס טהראָנפּאָלגער, קען אויך ניט פערגעסען דעם ערשטען פּראָטעסטאַנט ס אַ ־ ט אַ ן.... יהוה פערטרייבט זיין געגנער פון הימעל און צווינגט דעם צווייפלענדען און נאָכפאָרשענדען גייסט צו זיצען אין דער פינסטערער העלע. סאַטאַן אָבער ווענדעט זיך צו דעם וועלט־טיראַן מיט דיעזע ווערטער פון מילטאָן׳ס „פערלאָרענער גן־עדן״.

.... Hail, horrors ! hail
Infernal World ! and thou, profoundest Hell,
Receive thy new possessor—one who brings —
A mind not to be changed by place or time ;
The mind is its own place, and in itself

מעג פייפען. די אָבגעשפּיעלטע סצענען געהען אוועק, נייע סצענען קו־מען פאָר, נייע עראייגניסע, וועלכע שטאַמען ארויס פון די פריהערדיגע, פלעכטען זיך צונויף און שאַפען אַ נייע האַנדלונג. די אינטריגע פון דער וועלט־דראַמא ווערט פיעלפאַכער און דער סקעפּטישער געדאַנק פונ׳ם מענשען שאַרפער און דורכדרינגענדער...

צוויי אַקטען פון דער וועלט־דראַמא האָבען זיך אָבגעשפּיעלט. דער פאָרהאַנג, וועלכער שטעלט פאָר די היסטאָרישע ארענע פון דער וועלט־ביהנע, האָט זיך נאָך אַ מאָל אויפגעהויבען און עס האָבען אָנ־געפאַנגען פאָרגעשטעלט צו ווערען די דראַמאַטישע פאָלגען, וועלכע האַ־בען נאַטירליכערווייזע געמוזט פּראָדוצירט ווערען פון די ערשטע צוויי. עס איז געקומען די היסטאָרישע עפּאָכע, ווען די גריכישע און אידישע ציוויליזאַציאָנען האָבען זיך צוזאַמענגעפלאָכטען, ווען דאָס היידענטהום און קריסטענטהום האָבען זיך צוזאַמענגעמישט. ווען פּראָמעטע־אוס מיט איוב האָבען זיך צוזאַמענגעגאָסען אין איינעם און האָבען זיך פאָרגעשטעלט דער וועלט אין דער פאָרם פון אַ נייעם סקעפּ־טיקער, אַ נייעם קעמפּפער געגען דאָגמען, אין דער פאָרם פון אַ נייעם מין לעגענדארישען העלד, וועלכען מען האָט גערופען יעזוס קריסטוס.

דיעזער העלד האָט, ווי איוב, געזאָגט: „דאָס זיין און דאָס ניט זיין איז דאָס זעלבע", און אזוי ווי פּראָמעטעאוס האָט ער פון די הימלען געבראַכט דער מענשהייט די ערלעזונג און האָט פאַר דאָס גליק פון אַנדערע געאָפּפערט זיין אייגענעם לעבען... דער מאָראַלער און אינטעלעקטועלער צושטאַנד פון דעם מענש׳ס גייסט האָט געשאַפען דאַן אַזאַ גאָט, וועלכער איז געבוירען געוואָרען פון פרייע ליעבע, אין אַ קאָרעטע צווישען חזרים, וועלכער האָט פערבראַכט זיין לעבען צווישען געפאַלענע אָפּפער פון דער געזעלשאַפט און איז געהאַנגען געוואָרען אויף אַ תליה צווישען גנבים מיט אַ קרוין פון שטעכעדיגע דערנער אויפ׳ן קאָפּ... דער גאָט האָט אויסגעדריקט אַ נייע סקעפּטישע ריכ־טונג פון דער מענשהייט. ער האָט ערניעדריגט די הימלישע אידישע גאָטהייט דערמיט, וואָס ער האָט זי אַנטראָפּאָפאָרמירט, דאָס הייסט: איהר געמאַכט בשר־ודם׳יש. ער האָט אָבער ערהויבען דעם אינגערען, דעם „אידישען" דערמיט, וואָס ער האָט איהם פערגעטערט. ער האָט פערדיענט די „געזעצליכקייט מיט זיין געבוירען

מיט יהוה'ס געדאַנק צו ברענגען דער מענשהייט די גאולה דורך זיך זעלבסט אין דער געשטאַלט פון משיח'ן. און אויך ביי איהם זאָגט דער סאטאן צו אַלע זיינע מיטהעלפער, וועלכע ער האָט פערזאַמעלט, אום זיך מיט זיי צו בעראַטהען וועגען דעם משיח, וואָס דענקט יעצט צו פערניכטען דעם טויט אום צו פּאַראַליזירען דאָס, וואָס איהם, דעם שטן, איז געלונגען צו געווינען מיט דעם זינדעפאַל פון דער מוטער דער מענשהייט, חוה: מ א ר י ע זאָל גוט מאַכען, וואָס חוה האָט פערפעהלט? גאָט'ס זוהן זאָל פעררריכטען דאָס, וואָס גאָט אַליין האָט ניט געקענט פערענדערען? ניין! זאָגט סאטאן צו זיינע ברידער:

„געטער, איממער אונבעזיעגט, אונפערשקלאַפט ווילען מיר בלייבען;

מעג ער אויך זיינע אַלס פערזעהנער צו טויזענדע געגען אונז שיקען,

מעג ער אויך אַליין אַלס משיח די ערד בעטרעטען — ווער איז ער דען דער ניי־געבאָרענער י ה ו ה?

עס האָט געדאַרפט נעהמען פיעל צייט, פיעלע היסטאָרישע אַקטען האָבען זיך געדאַרפט אָבשפּיעלען בעפאָר די מענשהייט האָט אָנגעהויבען זוכען די ערלעזונג ניט דורך אַ הימלישען געטליכען ערלעזער, נאָר דורך מענשליכע טהעטיגקייט; זוכען די טראַגעדיע פון לעבען ניט אויפ'ן הימעל, נאָר אויף דער ערד און רעכענען פאַר מיטלען געגען דיעזער טראַגעדיע ניט די זעלבסט־ענטזאַגונג, נאָר, פערקעהרט, די ענטוויקלונג און פערשטאַרקערונג פון דעם „זעלבסט". יא, גאַנצע היסטאָרישע עפּאָכען האָט דער מענש געדאַרפט, אום צו איבערצייגען זיך, אַז די טראַגעדיע פון זיין לעבען ווערט אָבגעשאַפט דורך דראַמאַ. די אידיש־קריסטליכע ציוויליזאַציאָן האָט געפלאַנצט ביי די שטאַרקע יונגע פעלקער געפיהלען פון פּאַסיוויטעט און פּעסימיזמוס.

אָבער אין דערזעלבער צייט, אין די קומענדע אַקטען פון דער וועלט־דראַמאַ האָט באַלד דער גייסט פון סקעפּטיציזמוס פריהער שוואַך, נאָכדעם אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער און דייטליכער זיך געווענדעט צו די הימלען מיט דערזעלבער פראַגע: ווער איז ער, דער ניי־געבאָרענער יהוה? וואָס האָט ער פערענטפערט און וועמען האָט ער ערלעזט?... פון דעם קבר דער פערגאַנגענהייט האָט איוב ווידער גע'טענה'ט: „אם רשעתי אללי לי וצדקתי לא אשא ראש", — האָב איך שלעכטעס

Can make a Heaven of Hell, a Hell of Heaven,
What matter where, if I be still the same
And what I should be, all but less than He
Whom thunder hath made greater ? Here at least
We shall be free ; the Almighty hath not built
Here for his envey, will not drive us hence :
Here we may reign secure ; in my choice,
Better to reign in Hell than serve in Heaven.

„נעגריסט זייט, איהר שרעקען ! זיי געריסט, דו שאול תחתיה ! און דו, טיעפסטע העלע, נעהם אויף דיין נייעם הערשער. דער, וועלכער קומט מיט א שכל, אונפערענדערבאר דורך ארט און צייט. דער שכל וואהנט אין זיך אליין, און אין זיך אליין קען ער פערוואנדלען א גן עדן אין א גיהנום און א גיהנום אין א גן־עדן. וואס מאכט עס אוים וואו איך בין, אז איך בלייב דאך דערזעלבער ? און וואו איך זאל ניט זיין וועל איך דאך אימער זיין קלענער פון א י ה ם, וועמען דער דונער האט געמאכט גרעסער ! דא אם ווייניגסטענס וועלען מיר זיין פריי. דער אלמעכטיגער האט דא ניט געבויט פאר זיין קנאה און וועט אונז פון דאנען ניט ארויסטרייבען. דא זיינען מיר זיכער מיט אונזער הערשאפט און נאך מיין מיינונג איז בעסער צו רעגירען אין דער העלע, איידער צו זיין דער דיענער אין הימעל !"

אבער נאך לאנג, לאנג בעפאר מילטאן האט שוין פון דעם זעלבען דראמאטישען פונקט געזונגען א געהיימניספאלע פערזאן מיט א אידישען נאמען ק ע ד מ א ן (קדמון). עס איז געווען א מאנאך, וועלכער האט ניט געקענט לעזען און שרייבען און וועלכער האט דאך געדיכטעט פיעל עפישע ליעדער וועגען דעם זינדענפאל פונ'ם מענשענ'ס געשלעכט און וועגען דעם קאמפף פון די געפאלענע בני אלהים מיט'ן מעכטיגען יהוה.... אויך דער דייטשער פילאזאף און קריסטליך־אידישער דיכטער ק ל א פ ש ט א ק, אין זיין גרויסע פאעמא „מעססיאס", זייענדיג בעגייסטערט פון דער ערלעזונגס־אידעע פון קריסטענטהום, דערמאנט אויך דעם פיינד און קעמפפער פון יהוה, וועלכער איז אונצופריעדען

און אַלע אַנדערע סלאַווישע פעלקער מיט זייער וואַנקענדען גייסט, שוואַכען כאַראַקטער און שוואַכען ווילען. נאָך שפּעטער האָט מען אָנגעפאַנגען מיט׳ן וואָרט „האַמלעט״ בעצייכענען אַלע סקאַנדינאַווישע פעלקער. שעקספּיר׳ס בלאַסער פּרינץ פון דענעמאַרק איז געוואָרען דער פּראָטאָטיפּ פון אַלע גערמאַנישע פעלקער, וועלכע לעבען ווייט אין דער נאָרד, אַרומגערינגעלט פון געהיימניספאָלע מיסטעריען פון דער קאַלטער נאַטור, מיט איהרע פיאָרדען, הויכע פעלזען, בערג בעדעקט מיט שנעע און וועלדער בעהאַלטען פון זונען ליכט. דער בעריהמטער רוסישער קריטיקער מיכאַילאָווסקי רופט די אונבעשלאָסענע רוסישע אינטעליגענץ מיט׳ן נאָמען: „האַמלעטיזירטע חזירים׳לאַך״. מיר אַלע אין אונזער אַלמעכטיגען לעבען רופען אָן מיט׳ן נאָמען האַמלעט יעדען, וואָס גריבעלט און רעפלעקטירט, וואָס דענקט פיעל און טוט ווענינ, וואָס רעדט צו דער זאַך און טוט קיין מאָל ניט צו דער זאַך, וואָס וויל אויסגעפינען פון וואַנען געהמען זיך די שטערען אין הימעל און ווייסט ניט, ווער האָט איהם געמאַכט זיינע שטיוועל...

עס איז קיין צווייפעל ניט ביי יעדען מענשען בעזונדער און ביי גאַנצע פעלקער צוזאַמען לעבען האַמלעטישע אייגענשאַפטען. שעקספּיר האָט אין זיין ווערק פערקערפּערט אַ געוויסען זעעלען־צושטאַנד פון יעדען מענש אַלס אַ אינדיווידואַליטעט, און פון יעדעם פאָלק, אַלס אַ טהייל פון דער גאַנצער מענשהייט. דער גייסט פון צווייפעל און אונצופריעדענהייט, דער געדאַנק פון סקעפּטיציזמוס, די שטרעבונג צו ערפינדען דעם תוך פון יעדע זאַך און צו ערקלערען זיך די לאָגישע אורזאַכע פון יעדע ערשיינונג, — די דאָזיגע אייגענשאַפטען עקזיסטירען ביי די מענשען זינד זיי זיינען געוואָרען מענשען. שעקספּיר האָט מיט די עקס־שטראַהלען פון זיין זשעניע אָראָפּגעפאָטאָגראַפירט און געוויזען דאָס בילד פון דער בעהאַלטענער, פערבאָרגענער נשמה ניט נאָר פון איין מענשען, — ער האָט אונז געוויזען די נשמה פון דער גאַנצער מענשהייט — און דיעזע פּסיכאָלאָגיע פון דער מענשהייט האָט ער אָנגערופען מיט׳ן נאָמען האַמלעט. אָבער ניט אין דעם אליין בעשטעהט די גרויסע בעדייטונג פון דיעזען ווערק. „האַמלעט״ איז ניט נאָר אַ פּסיכאָלאָגישער שטודיום, עס איז אַ גרויסעס היסטאָרישעס ווערק. עס איז אַ וועלט־דראַמאַ, אין וועלכער מיר געפינען די שילדערונג פון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט, פון אַלע קריסטליכע פעלקער פון

געטאָן, איז מיר ווער, און בין איך געווען גערעכט, קען איך אויך דעם קאָפּ ניט אויפהויבען! — עס איז קיין אונטערשיעד... און פּראָמע־טעאוס דראָהעט נאָך אַלץ פון דעם הויכען פעלז, צו וועלכען ער איז צו־געשמידט, און זיין שטימע הילכט ווידער געגען צעאוס'ן:

האָסט גאָר געוואָלט
איך זאָל דאָס לעבען האסען,
אין די מדבריות לויפען,
ווייל ניט אַלע
בלומען־טרוימע
זיינען צייטיג?...

---

.4

## האַמלעט דער גריבלער.

„וואָס פאר איין מייסטערווערק דער מענש איז! ווי עדעל ער איז דורך זיין חכמה! ווי אונבעגרענעצט אין פעהיגקייטען! ווי וואונדערווירדיג און בעדייטענד איז זיין געשטאַלט און בעווע־גונג! אין זיין לעבענסהאַנדעל איז ער גלייך צו אַן ענגעל, און זיין בעגרייפען איז ער עהנליך צו גאָט! ער איז די ציערונג פון דער וועלט, דאָס פאָרבילד פון אַלעם, וואָס עס לעבט! און דאָך, וואָס איז מיר דיעזע קווינטעססענץ פון שטויב?"

ה א מ ל ע ט.

ווען דאָס גרויסע מייסטערווערק פון וויליאַם שעקספּיר, די וועלט־דראַמאַ „האמלעט", איז געוואָרען פּאָפּולער אין דער ציוויליזירטער וועלט, האָט מען אָנגעהויבען צו געברויכען דאָס וואָרט „האמלעט" אַלס אַ בעצייכונג פון געוויסע אייגענשאַפטען ביי גאַנצע פעלקער און נאַ־ציאָנען. האמלעט, האָבען איינינע געזאָגט, דאָס איז גערמאַניא. האמ־לעט — דאָס איז דאָס פערטראַכטע, גריבלענדע, דייטשע פאָלק. שפּע־טער האָט מען מיט'ן וואָרט האמלעט בעצייכענט דאָס רוסישע פאָלק

איז דער אַלטער העלעניזמוס וועלכען וויל לעבען. האַמלעט, דאָס סוב־יעקטיווע מיטעל־אַלטערליכע קריסטענטהום, איז אַן עולם־הבא'ניק. פאוסט וועלכער שטרעבט צו זיין אָביעקטיוו איז אַן עולם־הזה'ניק. האַמלעט געפינט אויפ'ן בית עולם די אונווירדיגקייט און אונזיניגקייט פון מענשענס לעבען, פאוסט קריכט אין די קברים פון דער פערשטאָר־בענער קלאַסישער וועלט צו געפינען די שעהנקייט, דעם אידעאַל פון מאַטעריעלען לעבען.

די געשיכטע פון אונזער פראָגרעס, ווי מיר האָבען פריהער בע־מערקט, איז אַ וועלט־דראַמאַ אין איהרע פערשיעדענע פאָרמען. פריי־הער האָבען מיר איבערגעלעבט די גריכישע טראַגעדי פון פּראָמעטעאוס און נאָכדעם די אידישע טראַגעדי פון איוב... נאָכדעם די קאָמעדי פון דער רוימישער פעריאָדע... דאָס הייסט, די פעריאָדע פון אָבלאַ־כען, פון קריטיקירען, פון גרינג שעצונג פון אויטאָריטעטען, די צייט ווען מען פערלירט דעם גלויבען און מען זוכט בעפריעדיגונגען נאָר אין געפיהל, וואָס רופט זיך פערגניגען. דער מענש זאָגט: איז דאָס לעבען אַ קאָמעדי? לאָמיר זיך מאַכען לוסטיג און לאַכען. די צוויי אַלטע וויכ־טיגע טראַגעדיעס האָבען זיך צוזאַמענגעפלאָכטען מיט דער גרינגער רוי־מישער קאָמעדי און דער רעזולטאַט דערפון איז געווען — אַ היסטאָרי־שע טראַגי־קאָמעדי. דער גרויסער דיכטער און דענקער שעקספּיר גיט אונז די טראַגי־קאָמעדי פון דער קריסטליכער געזעלשאַפט — אַלע שעקספּיר'ס ווערקע צוזאַמענגענומען איז אַ גרויסע טראַגי־קאָמעדיע פון דעם קריסטליכען מענשען. שעקספּיר האָט ניט געשריבען קיין דראַ־מאַ, ווייל דאָס לעבען פון דעם קריסט אין זיינע צייטען איז געווען אַ טראַגי־קאָמעדי — פון דעם מענשען'ס רעכטע אַלס „איין איינציגער", פון קיין אינדיווידואַליטעט האָט דאַמאָלס ניט געקענט זיין קיין רע־דע. פון דעם וואָס מיר רופען געזעלשאַפט האָט קיינער ניט געוואוסט, ניט נאָר דער בעגריף, נאָר זאָגאַר דאָס וואָרט „געזעלשאַפט" האָט נאָך ניט עקזיסטירט. דער מענש האָט דאַמאָלס ניט געקענט דענקען פון דעם, ער זאָל אליין זיין דער הערר אָדער אם ווייניגסטען דער קאָנטראָלער פון די אומשטענדען, ער זאָל אליין קאָנטראָלירען זיין גלויבען, זיין רע־גיערונג, זיין פאַמיליע און אליין שאַפען זיין גליק. דאָס וואָלט שוין גע־הייסען ריינע דראַמאַ, טהעטיגקייט, אונאַבהענגיגקייט—די פעריאָדע פון דיעזער דראַמאַ איז ערשט געקומען אין העבריך איבסען'ס צייטען.

איירָאפּא. אין דיעזער וועלט דראמא געפינען מיר די רעזולטאטען, די דראמאטישע פאָלגען פון דעם, וואָס פיעלע, פיעלע יאָהרהונדערטע האָט די אידישע דראמא „איוב" אונטערגעדריקט די גריכישע ריכטונג און האָט רעגיערט איבער דער וועלט אונטער'ן נאָמען קריסטענטהום. אין האמלעט זעהט איהר דעם זעעלען צושטאנד פון דער גאנצער קריסט־ליכער וועלט אין דעם מאָמענט, ווען דער צווייפלענדער גייסט ער־וואכט און דריקט זיך אויס דורך דער בעוועגונג, וועלכע איז בעקאנט אין דער וועלט געשיכטע אלס „הומאניזמוס".

האמלעט, דאָס איז דאָס 13—14 הונדערט יאָהר אלטע קריס־טענטהום, אין וועלכען עס ערוואכען ענדליך הומאניסטישע געדאנ־קען און הומאניסטישע שטרעבונגען. די קריסטליכע וועלט פאנגט אָן צו צווייפלען אין דער גאנצער מאָראלער סיסטעם און אין דער לאָגיק פון אלעם וואָס עקזיסטירט. ווי מיר האָבען שוין ערקלערט אין אונזע־רע פריהערדיגע קאפּיטלען, די גריכישע ריכטונג פון מענשענס גע־דאנק איז אַן אָביעקטיווע, דאָס הייסט, דער מענש אינטערעסירט זיך ווייניגער מיט זיין אינערליכען „איך", נאָר מיט דעם, וואָס איז אויסער איהם, מיט דער וועלט, מיט דער נאטור, מיט'ן מאטעריעלען לעבען. די אידישע אָדער קריסטליך־העברעאישע ריכטונג איז א סוביעקטיווע. דער מענש דענקט ניט פון דער אויסערער, מאטעריעלער וועלט און איז, פערקערט, נור בעשעפטיגט מיט זיין איננערליכע, מאָראלע וועלט. דאָס קריסטענטהום ביז דער צייט פון רענעסאנס, ביז דער צייט פון בענייאונג און אויפלעבונג, האָט איבערגעלעבט א גרויסע היסטאָרישע עפּאָכע פון סוביעקטיווען דענקען און פיהלען. אין האמלעט ווערט געשילדערט דער קאָנפליקט, דער צוזאמענשטויס צווישען דער סוביעקטיווער און אָביעקטיווער ריכטונג פון דעם מענשענ'ס דענקען.

האמלעט, דאָס איז די גרויסע דענקענדע קראפט, די פילאָזאָפי פון דעם פאר דער צייט פערעלטערטען קריסטענטהום. האמלעט, דאָס איז דאָס יונגע קריסטענטהום, וועלכעס וויל שטארבען. מען האָט עס געלערנט צו פערזיסען דאָס לעבען און מיט ביטערניס פרעגט עס: זיין, אָדער ניט זיין? דאן קומט די צייט ווען דאָס קריסטענטהום קעהרט זיך אום אויף א קורצע צייט צוריק און זוכט די מיטלען צום לעבען אין דער העלעניש־גריכישער ריכטונג — דאָס איז די צייט פון רענסאנס, דאָס איז דער אלטער דאָקטאָר פאוסט, וועלכער וויל ווערען יונג, דאָס

צוואונגען צו דענקען, אַז די העכערע, די עדעלערע אידעע פון לעבען איז אין אסקעטיזם, דאָס הייסט, אין דעם, דער מענש זאָל קעמפּפען מיט זיין אייגענער נאַטור, זאָל טויטען אין זיך יעדען פערלאַנג, זאָל פערברייינגען זיין צייט אין תשובה טאָן, פאַסטען און צרות ליידען... האָט איהם דער רבש"ע געשיקט ווייניג יסורים, האָט ער אליין פאַר זיך ערפונדען אַלערליי כלי משחית צו פייניגען זיך. ער האָט זיך געשמיסען מיט ריטער, מיט דערנער, מיט רימענס, האָט זיך אליין געמאַטערט און געפּלאַגט. אין ליידען און אין ביטערע שמערץ האָט ער געזוכט די „זיסע" מיסיאָן פון זיין לעבען. וואָהין זיינע אויגען האָבען זיך געווענדעט האָט ער נאָר געזעהן די אידעע פון זעלבסט ענטזאַגונג און אסקעטיזמוס... אום־אונד־אום האָט ער געזעהן דעם געקרייציגטען מענשען מיט אַ קראַנץ פון דערנער אויף זיין קאָפּ און מיט בלוטיגע טרערען אויף זיין געזיכט, וועלכער שטעלט פאָר דעם מענשענ'ס ערלעזונג. די גרעסטע קינסטלער האָבען ניט געשילדערט די נאַטור, ניט געמאָלט קיין שעהנע לאַנדשאַפטען, ניין, זיי האָבען איהם געגעבען סטאַטוען פון אויסגעמאַטערטע הייליגע אסקעטען, האָבען איהם געמאָהלען מאַדאָננעס מיט פערקרימטע, אויסגעקרענקטע פּנים'ער, אויסגעדאַרטע פּרושים... אין זיין מוזיק האָט געהערשט דער טרויעריגער טויטענמאַרש פון זיין קירכען געזאַנג, אין דער אַרכיטעקטור האָט ער געזעהן דונקעלע געביידען און שרעקנדע סימבאָלען. אַ ביהנע האָט ער אין דער קירכע אָדער לעבען דער קירכע און זעהן זעהט ער דאָרט נאָר יעזוס'ן, זיין מוטער און זייערע הייליגע מיט זייער לעבען פון תשובה און ענטזאַגונג, מיט איין וואָרט, ער האָט אום־אונד־אום געזעהן נאָר דעם אסקעטיזמוס. געוויס, דער נאַטירליכער געגענזאַץ פון אסקעטיזמוס איז געוועזן דער אָפטער אויסברוך פון ווילדע לוסט, דער מבול פון אויסגעלאַסענהייט... דער דערשראָקענער קריסט האָט געוואוסט דערפון, אָבער ער האָט עס ניט גערעכענט אַלס אַ פּראָטעסט פון דער נאַטור. עס איז געוועזן אַן אָנשיקעניש פון סאַטאַן. ווארום די נאַטור, דאָס שעהנע, דער גריכישער בעגריף פון לעבען, — דאָס אַלעס, איז געוועזן פון סאַטאַן און פאַר דעם סאַטאַן. רוחניות איז געוועזן פאַר גאָט און פון גאָט, גשמיות איז געוועזן פון טייוועל און פאַר'ן טייוועל...

עס איז לייכט צו פערשטעהן, וואָרום האַמלעט איז אַזוי שוואַך און בלאַס, ווי ער ערשיינט פאַר אונז אין זיין שוואַרצען טרויער מאַנ־

אין שעקספיר'ס צייטען איז דער מענש געווען דער פראָדוקט און די אונטערטהעניגע בעשעפענים פון דער קירכע, רעליגיאָן, רעגיערונג. ער איז געווען דער פראָדוקט פון דער פאטאלער טראגעדי — די אידיש־קריסטליכע וועלט אנשויאונג. זעהר זעלטען האָט זיך אין זיין לעבען געהערט די שטימע פון דער אפיקורסישער קאָמעדי, די שטימע פון א ראבעלע, די שטימע פון א באָקאטשיאָ. דער אונטערדריקטער צו־קוועטשטער מענש האָט דאמאָלס געשפיעלט א קליינע ראָלע. אין זיין העכערע פאָרם איז ער געווען, ווי האמלעט זאָגט, א בריאה וואָס האָט זיך איינגעשפארט אין דעם שאָלעכץ פון א גוס, וואו ער האָט זיך גע־רעכענט פאר דעם קעניג פון אונענדליכקייט... א טראגיש־קאָמישע לאגע! פון דיעזער טראגי־קאָמישער לאגע האָט שעקספיר געשעפט אלע שעהנע ווערקע. ער האָט געשילדערט ניט דעם מענש, נאָר דאָס מענשליכע, ניט די אורזאכען, נאָר די פאָלגען, ניט דאָס פאָלק, נאָר די מאסע, ניט דעם „איינעם", נאָר דעם העלד, ניט פערזענליכקייט, נאָר דעם כאראקטער, ניט א געוויסע טייל, נאָר דאָס גאנצע, ניט א בע־זונדערע פראָווינץ פון מענשענ'ס לעבען, נאָר זיין וועלט־אלל, זיין אוניווערזום!...

גיט א קוק אויף דעם אָרעמען האמלעט, וועלכער רעפרעזענטירט דאָס פיהלענדע און דענקענדע קריסטענטהום פון זיין צייט. וואָס האָט פון איהם די אידיש־קריסטליכע אידעע פון סוביעקטיווען דענקען גע־מאכט? ער איז א שוואכלינג, אָהן בעשלאָסענהייט, אָהן איניציאטיווע, אָהן זעלבסט פערטרויען, אָהן א ווילען. זיין היסטאָרישע טראגעדי האָט ביי איהם געראויבט זיין פיזישע קראפט, זיין לעבענסלוסט, און האָט פאראליזירט זיין ווילען. העכער טויזענד יאָהר האָט מען איהם גע־לערנט צו פערשטעהן, אז ער איז געבאָרען געוואָרען פון א טפה סרוחה, אז ער ליידעט איבער אדם'ס זינדען־פאל, וועלכער איז געקומען דורך דער פרוי; דאָס מענשענ'ס אירדישעס לעבען איז קיין לעבען ניט — דורכ'ן טויט קריגט ער ערשט זיין לעבען אויף יענער וועלט, וואו קיין מענשליכעס לעבען איז ניטאָ. דעם בעגריף פון ליעבע האָט מען איהם געגעבען אין א צווייפאכער (דואליסטישער) פאָרם. אויב די ליעבע איז פון גאָט, האָט מען ליעב נאָר יעזוס'ן און די זעעלע. אויב די ליעבע איז פון סאטאן, האָט מען ליעב דעם קערפער, האָט מען ליעב די זינדיגע פרוי. העכער טויזענד יאָהר האָט מען דעם האמלעט גע־

פראַנצים בעקאָן, וועלכער האָט אין דער זעלבער צייט אָנגעפאַנגען צו לערנען, אַז דענקען דאַרף מען נאָר פון דער אויסערער וועלט און דאָס דער אָביעקטיווער געדאַנק איז דאַן ריכטיג, ווען מיר קענען דעם אָביעקט אליין, דעם געגענשטאַנד פון אונזער דענקען אָבמעסטען, אָבוועגען, בע־גרייפען דורך אונזערע מאַטעריעלע חושים. האַמלעטיזם האָט געמוזט פיהרען צום בעקאָניזם און, אין דעם זינן, זאָגט מען ניט אומזיסט, אַז בעקאָן און שעקספּיער איז איינע און די זעלבע פּערזאָן... דער הומאַ־ניזם פון האַמלעט האָט טאַקע געפיהרט דערצו, דאָס ער האָט אָנגעהויבען צו צווייפלען ניט נאָר אין דער זיטליכער וועלט־אָרדנונג פון עקזיסטירענדען מענשען, נאָר אויך אין דער לאָגיק פון דער גאַנצער וועלט־סיסטעם. דאָס האָט אָבער געפיהרט צום רענעסאַנס, שפּעטער צו דער פילאָזאָפי פון אויפקלערונג און רעוואָלוציאָן!

אַ לאַנגע צייט איז די קריסטליכע וועלט געלעגען אין פינסטערנים, דער געדאַנק פון מענשען איז געשלאָפען, דער גייסט איז געווען גע־שמידט אין קעטען פון טויטע דאָגמען, די פּערזענליכקייט פון יעדען „איינציגען" איז געווען אונטערדריקט, זיין ווילען געראויבט. דער גאָט פון ליעבע איז געווען אַן אל קנא ונוקם... ער האָט געהייסען שווייגען, אַז ניט האָט ער געהייסען פערברענען און פערניכטען. ער וואָלט שוין ניט אויסגעהערט אַזוי געדולדיג, וואָס איוב זאָגט, ווי דער אַלטער דע־מאָקראַטישער גאָט־פאָטער יהוה האָט געטאָן. די קאַטוילישע קירכע האָט פון דעם גאָט דער ליעבע, פון דעם גאָט פון אביונים און געפאַלענע, געמאַכט אַן אַריסטאָקראַטישען גאָט, אַ געוואַלדיגען מיוחס און אויטאָ־ריטעט, די קירכע און איהר דאָגמע האָבען גענצליך דעם מענשען פער־שקלאַפט. דאָס האָט ענדליך געמוזט אַרויסרופען אַ פּראָטעסט און עס האָט געשאַפען דעם רעליגיעזען פּראָטעסטאַנטיזמוס, די רעפאָרמאַ־ציאָן.

די רעפאָרמאַציאָן האָט געבראַכט גרויסע נוצען דערמיט, וואָס זי האָט ערניעדריגט דעם פּרעסטיזש פון אַלטע אויטאָריטעטען און האָט געוויזען אַ ביישפּיעל פון פּראָטעסט—זי איז געווען נוצליך אין דעם זינן, דאָס זי האָט געלערענט און פערברייטעט די אונטערוואָרפענע מענשען פון פּראָטעסט איבערגעהן צו רעוואָלוציאָן. אָבער די רעפאָרמאַציאָן האָט ניט בעפרייט דעם געדאַנק און דעם גייסט פון דעם קריסטליכען מענשען. פערקעהרט, זי האָט נאָך שטאַרקער געמאַכט דעם איינפלוס

טעל, אין דעם מאַנטעל פון א בעל תשובה און פעסימיסט, אין דעם מאַנטעל אין וועלכען די אידיש קריסטליכע סוביעקטיווע אידעע פון לעבען האָט איהם געוויקעלט אזוי פיעל יאָהרהונדערטע. אין וואָס בע־שטעהט די טראַגי־קאָמעדי פון האמלעט׳ס לעבען? איהם שרעקט דער טויטער גייסט פון זיין פאָטער, דער שאָטען פון דער פערגאַנגענהייט, די פאַקטען פון דעם אַמאָליגען לעבען, ווען דער האמלעט־פאָטער איז געווען פיזיש רוהיג, שטאַרק און מעכטיג מיט א פרייען ווילען און האָט געפיהרט א זאָאָלאָגישען לעבען אויף דער שוים פון דער נאַטור... די פערגאַנגענהייט רופט איהם צו טהעטיגקייט. ער אָבער איז פּאַראַלי־זירט. די אַלטע פערגאַנגענהייט איז געשטאָרבען און דער קריסט האמ־לעט ערפאַהרט נאָך אמאָל די אַלטע אידיש־קריסטליכע געשיכטע, אַז דער טויט איז פעראורזאַכט דורך דעם זינדענפאַל פון דער פרוי, דורך דער זינדיגער מוטער געטרודע... שפּעטער, ווען דאָס לעבען ווערט א דראַמאַ, קומט דער זינדענפאַל ניט דורך דער פרוי, נאָר דורך דעם מענש. פון שעקספּיר׳ס געטרודע און פון זיין אפעליא ביז איבסען׳ס נאָרא און העדדא גאַבלער האָט די מענשהייט געדאַרפט דורכגעהן א גרויסען היס־טאָרישען מהלך. אין שעקספּיר׳ס צייטען זיינען די פרויען געווען אָדער העקסען, מכשפות, דעם סאטאַנ׳ס בעהעלפערם צו פערפיהרען דעם מאַנביל׳ס כשר׳ע נשמה, אָדער זיי זיינען געווען פרומע נאָנען, לייכטענ־דע שטערען און דופטענדע בלומען. פשוט׳ע מענשען האָבען די פרויען אָנגעפאַנגען צו ווערען נאָר אין אונזערע צייטען, אין דער מאָדערנער דראַמאַ...

„האמלעט" איז דער גענענזאַץ פון דראַמע, ער איז דער ווידער־שפּרוך פון אַקטיוויטעט, פון טהעטיגקייט, פון בעשלאָסענהייט. ער איז ניט געווען דער הערר פון זיין לעבענס אומשטענדע, פון זיין שיק־זאַל. ער איז געווען א פאטאַלער פּראָדוקט פון א פאטאַלער היסטאָרי־שער טראַגעדי, א קנעכט פון זיין שיקזאַל, ער האָט א סך געדענקט און ווייניג געטאָן. זיינע שמערצען זיינען געקומען פון דענקען. זאָלאַנג דער קריסט האָט ניט געדענקט, האָט ער נאָר געגלויבט... און אין גלויבען האָט ער געפונען זיין טרויסט און בעפריעדיגונג. ווי ער האָט נאָר אָנגע־הויבען דענקען, האָט ער אָנגעהויבען צווייפלען, ער איז געוואָרען א סקעפּטיקער און א הומאַניסט. דער סקעפּטיציזמוס האָט טאַקע פערגיפ־טעט די זעעלע פון האמלעט, עס האָט אָבער געעפענט דעם מח פון

אָן צו צווייפלען אין דעם לאָגישען געדאַנק פון אַלע ערשיינונגען. זיין צווייפלען געהט אַזוי ווייט, אַז ער זאָגט: צווייפעל, דאָס די שטערן לייכטען, צווייפעל, דאָס די זונן בעוועגט זיך, צווייפעל אויב די וואָר־הייט איז ניט אַ ליגען!... דאָס וואָס האַמלעט זאָגט: צווייפעל דאָס די זונן בעוועגט זיך, צייגט ניט, אַז שעקספּיר האָט דאַמאָלס ניט גע־וואוסט, אַז די ערד, ניט די זונן בעוועגט זיך. פערקעהרט, ער האָט יא געוואוסט און דאָס פערשטאַרקט נאָך דעם געדאַנק, ווי אונזיכער איז דאָס, וואָס דער מענש רעכענט פאַר אַ וואַרהייט. זיינע געפיהלע זאָגען איהם, אַז די שטערען זיינען פייער, אַז די זונן בעוועגט זיך, איז דאָס דען אין דער ווירקליכקייט אַזוי? און איז דען ניט אַלעס, וואָס ער רע־כענט פאַר אַ וואַרהייט, ניט מעהר ווי אַ טעות, אַ ליגען, אַן איליוזיאָן פון זיינע געפיהלע? ער הויבט אָן צווייפלען אין אַלע געוועהנליכע מיינונגען, אין אַלעס וואָס ער ווייס פון ביכער, אין אַלע זיינע פער־זענליכע בעאָבאַכטונגען. אַזוי ווי איוב זאָגט ער: וואָס צווינגט אונז צו שוויצען, צו קרעכצען און צו שלעפּען אויף זיך דעם שווערען לאַסט פון לעבען? נור דאָס, וואָס מיר האָבען מורא, אַז נאָכ'ן טויט וועט זיין עפּעס דאָרט אין יענעם לאַנד, פון וואַנען קיין וואַנדערער האָט זיך נאָך ניט אומגעקעהרט. דאָס געוויסען מאַכט פון אונז שוועכלינגע און פייג־לינגע, וואָס בלייבט פון מענשען נאָך זיין טויט? אַ מאָנאַט נאָך זיין פאָטער'ס טויט האָבען איהם שוין אַלע פערגעסען, און די זינדיגע פרוי־מוטער האָט שוין חתונה געהאַט. און אַז וועך איז שוין גאָר אַ גרוי־סער מענש, איז דאָ אַ האָפנונג, אַז ער וועט זיין לעבען איבערלעבען מיט גאַנצע זעקס חדשים! פון דעם אָרעמען יאָריק'ס קאָפּ, וועלכער האָט אַמאָל געזאָגט וויצען און האָט אַלעמען פרייליך געמאַכט, איז געוואָרען אַן עקעלהאַפטער ביין מיט צוויי לעכער. פון דעם גרויסען אַלעקסאַנדער איז געוואָרען אַש און שטויב, ווי פון יעדען קליינעם מענשעלע, און דער גרויסער מאַכער, וועלכער האָט זיין גאַנצעס לעבען געקויפט לענ־דער, ליגט אין אַ שמאָלען שטיקעלע ערד — דער קעניג, וואָס איז אָב־געהאָדעוועט און פעט, און דער בעטלער, וואָס איז אויסגעהונגערט און מאָגער, — ביידע זיינען זיי צוויי פערשיעדענע געריכטען ביי איין טיש, צוויי מאכלים פאַר איינע און די זעלבע ווערים...

די גאַנצע וועלט איז אַ תפיסה און יעדער מענש איז אַ געפאַנגע־נער. קיין פרייהייט איז ניטאָ. די פערהעלטניסע צווישען מענשען זיי־

פון דער אידישער סוביעקטיוער וועלט־אנשויאונג. די ביבעל איז נאָך געוואָרען אַ גרעסערער אויטאָריטעט, די דואַליסטישע סיסטעם, אַז אויף דער זינדיגער ערד הערשט דער סאטאן צוזאמען מיט גאָט איז נאָך גע־וואָרען שטארקער, אַלע וועלט־פערגניגענס, יעדע פרייד וואָס איז פער־בונדען מיט גשמיות האָט אויך אין דער פּראָטעסטאנטישער וועלט גע־הערט צום סאטאן — און וואָס עס בעלאנגט צום סאטאן, נאטירליך, בעלאנגט ניט צו גאָט. די פּראָטעסטאנטען, מעהר פון אַלע די קווע־קערס, האָבען געהאַסט און פעראכטעט קונסט, טהעאטער, אירדישע שעהנקייט, ווארום דאָס אַלעס איז געווען דעם סאטאנ'ס מלאכה. און ווי אַזוי האָט דער פּראָטעסטאנט געקענט צווייפלען אין די עקזיסטענץ פון סאטאן, אַז מארטין לוטהער אליין האָט מיט איהם געפיהרט פער־זענליכע דעבאטען און האָט איין מאָל אויף איהם, אויף דעם „ניט גו־טען" געוואָרפען זיין גרויסען טינטער מיט טינט?

ווי לאנג די רעאקציאָן און די פינסטערנים זאָלען ניט הערשען, ווי שטארק די דענקענדע קראַפט זאָל ניט זיין אונטערדריקט, אין גאנצען פערניכטען דעם געדאַנק פון אַ מענשען איז אונמעגליך, די מענשהייט פערגעסט ניט צו דענקען. דער צווייפלענדער, סקעפּטישער געדאַנק ערוואכט און דער מענש הויבט צוערשט אָן צו פרעגען: צ ו ל י ע ב ו ו אָ ס דארף זיין דאָס וואָס עס איז? און אויב עס דארף זיין, מוז עס דען זיין דוקא אַזוי ווי עס איז?... שפּעטער קומט דער קריי־טישער געדאַנק און צושטערט אַלעס, וואָס עס דארף ניט זיין, און נאָך שפּעטער קומט דער שאַפענדער גייסט און שאַפט דאָס נייע, וואָס עס דארף זיין... האַמלעט — דאָס איז דער ערוואַכטער צווייפלענדער געדאַנק פון דעם אָבגעשוואַכטען קריסטענטהום, דאָס איז איוב, וועל־כער האָט זיך ארייננעקליבען צום קריסט און האָט אַזוי פיעל יאָהר געשוויגען, דאָס איז דער „עוויגער יודע", וועלכער האָט אומגעוואַנ־דעלט אין דער קריסטליכער וועלט אין דעם תשובה מאַנטעל פון אַ מאָנאַך, אַן אסקעט... האַמלעט פערשטעהט זיין אויפגאַבע, אָבער ענטשיידען זי קען ער ניט, ווארום צום קענען דארף מען האָבען ווילען... נאָר דורכ'ן ווילען קומט מען צו טהאַטען, האַמלעט האָט ניט קיין ווילען. די רעפלעקציאָן, דאָס גריבלען פאַראַליזירט זיין ענטשלאָסענהייט. ער האָט נאָר די אידעע פון דער טהאַט, אָבער ניט די טהאַט אליין. דאָס איז דער ערשטער שריט פון סקעפּטישען געדאַנק. האַמלעט פאַנגט

לעט וויל ניט איבערגעבען די שטראף די טהאַט צו דער מאַכט אין הימעל, ער פערשטעהט שוין, אַז דער מענש דארף אַליין אויף זיך נעהמען צו בעשטראָפען, אויסראָטען, פערניכטען דאָס בייזע, דאָס שלעכטע, דאָס אונגערעכטע . . . ער פערשטעהט עס, ער וויל עס, ער קען עס אָבער ניט. דער קאַמפף פאַר דעם אירדישען לעבען און די טהאַט — דאָס זיינען שפּעטערע אַקטען פון דער גרויסער וועלט דראַמאַ . . .

ווען האַמלעט פאַלט און געזעגענט זיך מיט זיין טרייען פריינד האָראַציאָ, זיינען זיינע לעצטע ווערטער וועגען טויט: „די רוהע איז שוויינען....“

האָראַציאָ בויגט צו זיין קאָפּ צו דעם קערפּער פון דעם גרויסען רוהעלאָזען דענקער און זאָגט:

„וואָס פאַר אַ נאָבעלעם האַרץ איז איצט צובראָכען געוואָרען! גוטע נאַכט, מיין גוטער, ליעבער פּרינץ! זאָלען שאַארען פון ענגעלן דיר פון רוהע זינגען . . . הא? וואָס הער איך? וואָס פאַר אַ גערויש פון אַ באַראַבאַן?“

יאַ, דער פאָרהאַנג פאַלט, דאָס נאָבעלע האַרץ פונ׳ם גרויסען סקעפּטיקער און צווייפלער איז אנשוויגען געוואָרען. אָבער איהר הערט דעם גערויש פון אַ פּויק? דאָס מאַרשירט אַ נייע טרופּע, וועלכע וועט שפּיעלען אויף דער היסטאָרישער ביהנע אַ נייען טהייל פון דער גרויסער וועלט־דראַמאַ, דאָס קומט די נייע צייט, די צייט פון רענעסאַנס, די צייט פון בענייאונג און פון אויפלעבען, דאָס מאַרשירט אַן אַנדערע היסטאָרישע עפּאָכע, דאָס געהט דער יוגענד־זוכער, דער פערגניגען פערלאַנגער, דער לעבענס־פאָרשער, דער גרויסער דאָקטאָר פאַוסט . . .



נען געבויט אויף ליגען און בעטרוג. מען אכטעט דעם, ווער עס האט די מאכט אין האנד. נעכטען האט צופעליגערווייזע א בראוווער עהרליכער מענש געהאט די מאכט אין האנד, האט מען איהם געאכטעט. היינט האט פערנומען זיין פלאץ א פייגלינג, א פערברעכער, א מערדער — גיט מען איהם אב כבוד. קיין גערעכטיגקייט איז אויף דער וועלט ניטא. וויסען ? קענען ? אה, פריינד הארציא, אויפ'ן הימעל און אויף דר'ערד זיינען דא פיעלע, פיעלע זאכען, וועלכע די פילאזאפי איז ניט אימשטאנדע צו ערקלערען. ליעבע פון א פרוי ? גערטרודע האט חתונה מיט אן אנדערן בעפאר זי האט אויסגעטראטען די שיך, אין וועלכע זי איז געגאנגען צו איהר ערשטען מאן'ס לויה. און זי האט איהם דאך אזוי געליעבט. די טוגענד און שעהנקייט פון אפעליא ? די שעהנקייט וועט קיין מאל ניט זיין א הילפסמיטעל, צו פערשטארקערען די טוגענד, פערקעהרט, די טוגענד וועט זיין א קופלערין ביי דער שעהנקייט. ניין ! האמלעט ראטהעט בעסער אפעליא צו געהן אין מאנאסטיר, איידער זי זאל חתונה האבען און דורך איהר זאלען פערמעהרט ווערען זינדיגע מענשען. פריינדשאפט ? וואס איז א פריינד, א מענש וואס מיינט, אז ער קען שפיעלען אויף דיר לייכטער, ווי אויף א פלייט... וואס איז גליק ? פארטונא איז א פראסטיטוטקע, וועלכע פערקויפט איהר ליעבע צו דעם, ווער עס איז מעהר אויסגעלאסען און פערדארבען. וואס איז דאס לעבען ? צוליעב וואס זאל מען לעבען ? וואס איז די גאנצע זיט־ליכע ארדנונג פון דער וועלט ? וואס איז די וועלט אליין ? וואס איז די גרויסע ליכטיגע זונן, ווען פון איהרע שטראהלען ווערען בעשאפען ווערים אין דעם קויט, וואס וואלגערט זיך אויף דר'ערד ? בלייבט נאך איין פראגע : וואו איז דאס גלויבען, וועלכעס פערשפרעכט אונז בעפריי־דיגונג נאכ'ן טויט ? וואו איז די רעליגיאן, וועלכע האט טויזענדער יאהר־געלערנט האמלעט'ען ניט דענקען פון ראכע און האט געלערנט דעם מענשען פערגעבען, מוחל זיין און די שטראפע, ד י ט ה א ט ניט נעהמען אויף זיך, נאר איבערגעבען עס צו דער מאכט, וועלכע איז ניט אין דעם מענשען, נאר ווייט אין די הימלען ? האמלעט האט אנגע־פאנגען צו דענקען און האט מעהר ניט קיין גלויבען. די קריסטליכע וועלט וויל ניט מעהר קיין בעפרידיגונג אינ'ם טויט, זי וויל אנפאנגען זוכען דאס גליק אינ'ם לעבען, ווי דער אלטער גריך האט געטאן, אינ'ם קאמפף פאר'ס מענשליכע לעבען, ווי פראמעטעאוס האט געטאן. האמ־

# דראַמאַ.

.1

דראַמאַ איז אַ גריכיש וואָרט, בעדייטעט האַנדלונג, טהאַט, ווי מען זאָגט אין ענגליש — עקשיאָן.

מען האָט געפרעגט אַ געוויסען ליטעראַט: וועלכע סאָרט פון פּאָעזי איז גרעסער — ראָמאַן אָדער דראַמאַ? דאַרויף האָט ער גענטפערט: דער גרויסער זשעני שעקספּיר וואָלט אפשר ניט געקענט מאַכען קיין גוטען ראָמאַן, אָבער די גרויסע קונסט, דראַמאַ, האָט געמאַכט אַ גוטען שעקספּיר.

אַ מוזיקער האָט געזאָגט אַ מיינונג, אַז פון אַלע מוזיקאַלישע אינסטרומענטען איז די מעכטיגסטע און דאַנקבאַרסטע די פּיאַנאָ. אַ וויאָלין, אַ פליימע, אַ קלאַרנעט געהט אין דער טאָנען־וועלט, אין דער וועלט פון קלאַנג און האַרמאָני, אליין, אַ יחיד, וועלכען מען בעגלייטעט — אַ פּיאַנאָ אָבער איז אַ פעראייניגטע קערפּערשאַפט, אַ געמיינשאַפטליכע מאַכט פון טאָנען... דער טאַלאַנטפאָלער פּיאַניסט בעהערשט אַ גאַנצען מעער פון זיסע, שטאַרקע און קרעפטיגע טאָנען, ער האַרמאָניזירט, שטעלט צונויף פערשיעדענע קאָמבינאַציאָנען, דריקט אויס אַלערליי געפיהלען...

די דראַמאַ, צווישען אַלע קונסטען, פערנעהמט אזא פּלאַץ ווי די פּיאַנאָ צווישען מוזיקאַלישע אינסטרומענטען. דער דראַמאַטורג בעהערשט אַלע קונסטען דער וועלט, ער האָט אין זיינע הענד אַ גאַנצען מעער פון פערשיעדענע פּסיכאָלאָגישע טאָנען, אַ ים מיט פאַרבען, אַ וועלט מיט געפיהלען און געדאַנקען, ער דאַרף נאָר מאַכען קאָמבינאַציאָנען נאָך זיין אויסערוועהלונג.

אין מענשענס לעבען איז דאָ פרייד און טרויער, געלעכטער און

דיענסט ווען ער געהט פערפאסען א דראמא, זיין מאטעריאל איז גרויס, זיין פעלד איז אונגעהייער ברייט. איהר זיצט אין טהעאטער פיער שעה און איהר לעבט אין דער צייט איבער צעהנדליגע יאָהרען; אויף א ביהנע פון ד׳ אמות די גרויס זעהט איהר די גרעסטע פעלדער פון שלאכט און קאמפף. די דראמאטישע קונסט בענוצט זיך מיט א גייסטי־גע פאנאָראמע, אום דאָס אייך ריכטיג פאָרצושטעלען.

האָט איהר געזעהן אמאָל א פאנאראמע? איהר גיט א קוק אין א גלעזעל וואָס איז גרויס ווי א פייג (וואָס מען עסט) איהר דערזעהט א שטאָט, וואָס איז גרויס אזוי ווי ווילנא. אויף א קליין שטיקעלע ליי־ווענט מאלט מען אָב ריכטיג די גאנצע שטאָט ווילנא און דאָס פער־גרעסערונגס גלעזעל שטעלט אייך פאָר א כרך אין זיין נאטירליכער גרויסקייט. א דראמאטורג קען אין פיער—פינף אקטען שילדערן ניט נור דאָס גאנצע לעבען פון איינינע פערזאָנען, ער קען פאָרשטעלען א גרויסע היסטאָרישע עפּאָכע פון א גאנצען פאָלק. די דיכטונגס־קראפט פון פערפאסער, די דעקאָראציאָנען, די נאטירליכע שפּיעל פון אקטיאָ־רען מיט דער הילפע פון דעם צושויער׳ס איינבילדונגס־קראפט און פאנטאזיע, דאָס אלעס צוזאמען בעשאפט דער ביהנעס גייסטיגע וואונ־דערבארע פאנאראמע, וועלכע ווייזט די ווייטע יאָהרען אין זייער נאַ־טירליכער גרויסקייט.

מען דארף זיין א בריה פאָרצושטעלען פערשיעדענע האנדלונגען אין א אינטערעסאנטע און אנגענעהמע פאָרמע, אָבער די גרעסטע קונסט איז צו שילדערן א רעאלען, נאטורטרייען טיפּ. וויסען די טהאַ־טען פון א מענשען איז ניט שווער, קענען און פערשטעהן דעם מענשען אליין איז ניט זעהר לייכט.

אין א דראמאטישען ווערק קענען פאָרגעשטעלט ווערען דריי קאַ־טעגאָריען מענשען: טיפּען, כאראקטערע, פערזענליכקייטען. א טיפּ איז אזא אינדיווידואום, אין וועלכען עס זיינען צוזאמענגעקליבען און קאָנצענטרירט די אלע איינצעלהייטען און אייגענשאפטען, וועלכע גע־פינען זיך ביי אנדערע מענשען פון זיין פאָלק, פון זיין ראסע און פון זיין צייט אין א שוואכע, קוים בעמערקטע פאָרמע אָדער וועלכע זיינען שוין ביי איהם גאנץ פערלאָרען געוואָרען. צום ביישפּיעל: א טיפּישער איד האָט א לאנגען האָרבאטען נאָז, שווארצע האָאר, שווארצע אויגען, א שמאָלע ברוסט און לענגליכען קאָפּ. דערצו האָט ער דיעזע אייגענ־

טרערען, גרויסע אנשטרענגונגען און ניעדעריגע פערברעכען, ערהאבע־נע געדאנקען און געמיינע ווינשע, נאָבעלע געפיהלען און שרעקליכע ליי־דענשאפטען, איידעלע, פּאָעטישע ליעבע און ווילדע פערדישע תאוות, גרויסע אידעאַלען, הויכע שטרעבונגען און קליינע טעגליכע זאָרג...

דיעזע אַלע פערשיעדענע געפיהלען, ווינשע און שטרעבונגען פּראָדוצי־רען אין מענשענס לעבען פערשיעדענע טהאטען, האנדלונגען, דאָס וואָס מען רופט אין גריכיש „דראמען"...

די סאָציאָלאָגישע געביידע פון מענשענס געזעלשאפטליכען לעבען, די עקאָנאָמישע אומשטענדען, אונטער וועלכע ער לעבט, די פאָרמען פון זיין פאמיליען־לעבען, די ציוויליזאציאָן, פון וועלכע ער נעהרט זיך, דער פערזענליכער קאמפף, וועלכען ער דארף פיהרען פאַר זיין דאזיין, די אייגענשאפטען פון דעם מענשענ'ס נאטור אים אלגעמיין, די נאטיר־ליכע און צופעליגע אומשטענדען, וועלכע רינגלען איהם ארום, די גאנ־צע אויסערע וועלט צוזאמען מיט זיין אייגענע, אינגערע וועלט, מיט זיין זעעלע, זיינע נערווען, זיינע פיזיאָלאָגישע פעררינכטונגען, זיינע מעלות און חסרונות וועלכע ער בעקומט בירושה פון זיינע עלטערען — דאָס זיינען די שעפּפער, דער שטאָף און די בעוועגונגס־קרעפטע, וועל־כע רופען ארוים די אָדער יענע טהאטען, די אָדער יענע האנדלונ־גען.

דאָס ווייסע ביינגדעלע אין א פּיאנאָ, פון וועלכע עס געהט ארויס א טאָן, ווען מען גיט א קלאַפּ מיט'ן פינגער, רופט זיך קלאַוויש; אַלע ביינדלאך צוזאמען רופען זיך קלאַוויטור.

א גאמע אָדער א סקאַלא (סקייל) רופט זיך א לייטער פון טענער. יעדער טאָן איז א טרעפּ. זיבען אַזעלכע טענער איז א לייטער (א גאמע).

די גאנצע קלאַוויאַטור פון א פּיאנאָ האָט זעקס־זיעבען גאמען. די קלאַוויטור אָבער פון דער דראמען־קונסט איז אונענדליך, איהרע גאמען פון וועלכע מע קען מאַכען קאָמבינאציאָנען זיינען אונצאָהל־באַר. עס איז דער גרעסטער לייטער אין דער וועלט, עס איז דער ליי־טער וועלכע ר' יעקב האָט געזעהן אין חלום, עס איז א לייטער וועלכער געהט פון דער ערד ביז די הימלען, עס איז דער לייטער פון מענשענס לעבען, אויף איהם קלעטערען ענגלען און פון איהם שטירצען אראָפּ מענשען און ווערען צושמעטערט!

א גאנצע וועלט מיט ערשיינונגען האָט דער דיכטער צו זיינער

אָרט פערצאַפּעלט געוואָרען און האָט געַחלש׳ט... עס זיינען דאָ אַ סך קאָמישע און ערנסטע אייגענשאַפטען, קריינק, משוגעת׳ן, פּסיכאָ־פּאַטישע שוואַכקייטען, וועלכע מאַכען אַ מענשען פאַר אַ כאַראַקטער...

אַ פּערזענליכקייט איז אַ געוועהנליכער מאַסען־מענש. ווען איהר שילדערט זיינע האַנדלונגען און טהאַטען, דאַרפט איהר אויך זיין גוט בעקאַנט מיט זיין לעבען, מיט זיינע אומשטענדען, זיין אינטעלעקטועלען פּסיכאָלאָגישען צושטאַנד, אום פאָרצושטעלען איהם ריכטיג און נאַטור טריי. צום ביישפּיעל, אַלע חינעזער ווייזען זיך אונז אויס זעהר עהנליך איינע צו די אַנדערע... ווי איהר וועט נאָר אויסמאָלען אַ מענשען, אַ ניעדריגען, מיט קליינע אויגעלעך, אַ קורצען נאָז, מיט אַ צאָפּ פון הינטען און אין זיינע געוועהנליכע קליידער, וועלכער שטעהט אין אַ לאָנדרי, איז ער אַ חינעזער, אַ חינעזישע פּערזענליכקייט. איהר קענט אָבער ניט פאָרשטעלען אַ געוועהנליכען חינעזער אין אַ סאַראַפאַן פון אַ רוסישע באָבע, וועלכער זאָל זיצען אויף אַ בייסיקעל און זאָל מעביר זיין די סדרה...

ווען די הויפּטזאַך אין אַ דראַמאַטיש ווערק זאָל זיין די האַנדלונג, וואָלט מען ניט נויטיג געדאַרפט קיין שוישפּיעלער. דער אויטאָר אליין, אָדער אַ געדונגענער בעל קורא וואָלט זיך אַנידער געשטעלט און איבער געלעזט פאַר׳ן פּובליקום די גאַנצע וואָס האָט פּאַסירט פון אָנפאַנג ביז׳ן אויסלאָז. די הויפּט זאַך אָבער זיינען די טיפּען, כאַראַקטערע און פּערזענליכקייטען, וועלכע ווערען געשילדערט. דער אויטאָר גיט נאָר ווערטער; מען דאַרף האָבען אַ שטימע, זשעסטען העויות, תנועות, מי־נעס, מאַנערען, בעוועגונגען, צוגעפּאַסטע קליידער, אַ ריכטיגע סיטואַ־ציאָן, אַ וואַהרע אבבילדונג פון די אַלע פאַקטען, ערשיינונגען און איינ־צעלהייטען וועלכע האָבען ארויסגערופען די דראַמאַ אין לעבען. דערויף מוז מען האָבען גוט איינגעריכטעטע טהעאַטערע און שוישפּיעלער: ריכטיג פאָרצושטעלען „עקשיאָן” דאַרף מען האָבען אַקטיאָרען.

מיר האָבען אויבען דערמאָנט די אורזאַכען, וועלכע פּראָדוצירען די האַנדלונגען פון מענשען־לעבען און וועלכע מאַכען פון מענשען אַזעל־כע טיפּען, כאַראַקטערע און פּערזענליכקייטען, ווי זיי ווערען גענומען פון דעם דיכטער. די נאַטור, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אומשטענדען שאַפען פערשיעדענע אינדיווידועלע אייגענשאַפטען, פּסיכאָלאָגישע און פּסיכאָ־פּאַטאָלאָגישע (זעעלען־קראַנקע) ערשיינונגען. איינער איז

שאפטען: ער האָט פלינקע בעוועגונגען, קאָמישע העויות, א שארפען מוח, פעהיגקייטען צו געשעפט, א שטארקען ווילען אויף צו בעהערשען זיך, א נייגונג צו א קהל'ס אָרדנונג און א געוואָהנהייט צו לעבען חברותא נאָר מיט זיין ווייב. עס גיבען אָבער אידען וואָס האָבען שווארצע אויגען און האָבען ניט קיין האָרבאטע נאָז, וואָס האָבען ליעב ביזנעס און האָבען ניט קיין שכל, וואָס האָבען שווארצע האָאָר און געלע וואָנצעס, וואָס האָבען פלינקע בעוועגונגען און האָבען ניט קיין שטארקען ווילען א. ז. וו.... זיינען זיי דערפאר חלילה, קיין אידען ניט? אידען זיינען זיי; אָבער אטיפּישער איד, א סוביעקט, אויף וועלכע איהר וועט נאָר א קוק טאָן, וועט איהר שוין וויסען ווער ער איז, מיט וועמען איהר וועט נאָר איין האנדעל טאָן, וועט איהר שוין וויסען מיט וועמען איהר האָט צו טאָן, דאָס איז דער איד וועלכער האָט אין זיך די אלע, אָדער כמעט אלע טיפּישע אייגענשאפטען, וועלכע מיר האָבען אויבען אויסגערעכענט.

ווען איהר שילדערט א טיפּ פון א העלד, פון א אינטריגאנט א. ז. וו. דארף ער פאָרגעשטעלט ווערען מיט שטארקע, דייטליכע, אויסדריקליכע און געשטאלטליכע ציגע; דארפען אין איהם קאָנצענטרירט זיין די אלע אייגענשאפטען, וועלכע זיינען אין ניט טיפּישע העלדען און אינטריגאנטען אויסגעדריקט אין א שוואכע, קוים בעמערקבארע פאָרמע.

יעדער מענש האָט א כאראקטער אפילו א כאראקטערלאָזער מענש איז אויך א כארקטער, אָבער ניט יעדער מענש איז א כאראקטעריסטישער מענש. א כאראקטעריסטישער מענש ווערט אָנגערופען אזא סוביעקט, ביי וועלכען אלע אייגענשאפטען זיינען ניט באלאנסירט, ניט גלייכמעסיג... ער האָט איין געוואָהנהייט, איין משוגעת, איין שטארק אויסגעדריקטע אייגענשאפט, וועלכע פערשטעלט אלע אנדערע... צ. ב. ש. איינער איז א בעריהמטער, ער איז א שטילער מענש א גוטער, אַן אָרענטליכער, און טהיילט זיך מיט גאָר ניט אָב פון אלע אנדערע מענשען, ווי אָבער ער הויבט נאָר אָן רעדען פון זיך — וואקסט ער אויס פלוצלונג. ווען ער האָט געפרעגט א קשיא, האָט דער רב הכולל ניט געקענט ענטפערן; ווען ער האָט א זעץ געטהאָן א שכור'ען איירישען, איז ער אריבער געפלויגען איבער דער וואָרלד'ס בילדינג, ווען ער האָט א קוק געטהאָן אויף א שעהנע מאמזעל, איז זי אויפ'ן

און מיר וועלען א ביסעל שמועסען דערפון ווי אזוי די דראמא איז געוואָרען א ליטעראטור און ווי אזוי זי האָט זיך ענטוויקעלט ביי פער־שיעדענע פעלקער.

---

.2

אזוי ווי די טהאטען און האנדלונגען פון איינציגען מענשען זיי־נען אָבהייננגיג פון זיינע אייגענע פסיכאָלאָגישע און פיזישע אייגענ־שאפטען, אזוי זיינען אויך די טהאטען און האנדלונגען פון א גאנצעם פאָלק אָבהייננגיג פון דער קאָלעקטיווער פסיכאָלאָגיע פון גאנצען פאָלק. די אנשויאונגען פון פערשיעדענע פעלקער האָבען זיך אויסגעארבייט אונטער פערשיעדענע אומשטענדע. דערפאר האָבען זיך אויך פערשיע־דען אויסגעארבייט די העכערע פאָרמען פון פאָעזי ביי פערשיעדענע פעלקער. און דאָס איז די אורזאכע, פאר וואָס ביי איניגע פעלקער האָט די דראמאטישע פאָעזי געמאכט גרויסע פאָרשריטע און ביי אנ־דערע פעלקער האָבען זיך אָם העכסטען ענטוויקעלט די אנדערע פאָר־מען פון פאָעזי.

דער בעוואוסטער היסטאָריקער וועבער זאָגט: דאָס דראמא שפיעלט אין דער קעניגרייך פון פאָעזי די זעלבע ראָלע, וועלכע דעמאָק־ראטיע שפיעלט אין דעם לעבען פון א פאָלק׳ס רעגיערונג. די ניט דראמאטישע פאָעזי זינגט פון געטער, פון העלדען, פון אויסערוועהלטע בעשעפעניש, אָדער פון די געהיימע איננערליכע געפיהלען פון א מענשען. דראמא אָבער שטעלט פאָר דאָס ווירקליכע לעבען, דערצעהלט ניט נור דאָס, וואָס מענשען דארפען זיין, נאָר אויך דאָס וואָס זיי זיי־נען. אָפען, דייטליך און פאר יעדען פארשטענדליך. די פאָרמע פון א דראמא איז אזוי ווי די פאָרמע פון א דעמאָקראטישער רעגיערונג. יע־דער שוישפיעלער, איז אַן אונאבהענגיגער, פרייער מענש, יעדער טוט זיינס און די טהאטען פון אלע פיהרען צו איין גרויסען אלגעמיינעם ציעל. אין אטהען, גריכענלאנד, האָט זיך הויך ענטוויקעלט די דראמא־טישע פאָעזי, ווייל דאָרט האָבען געהערשט און געבליהט די פרינצי־פען פון וואהרען דעמאָקראטיזמוס.

מעלאנכאָליש, דער אנדערער מאכט אימער שפּאַס; דער סאנגווויניק (היציגער) דריקט אויס זיינע ליידענשאפטען אין א שטורם, דער גנעלאַ־סענער מענש האנדעלט אנדערש; אַן אַלטער מאַן האָט אַן אנדער שטי־מע און אַן אנדער גאנג, א יונגער מאַן רעדט און געהט אום אנדערש... א לייכטזיניגער פאַט, א שטוצער קליידעט זיך אַנדערש, א דענקענדער מענש ווידער אַנדערש; אַן אָריגינאַל טראָגט די היטעל אויפ'ן קאָפּ ניט אזוי ווי א מענש וואָס וויל ניט ארויס געהן פון דער רייהע... א מענש וואָס איז געוואָהנט צו אונטערדריקען האָט ניט אזעלכע מאַנערען ווי דער, וואָס איז שטענדיג אונטערדריקט. א שוישפּיעלער דאַרף פריהער פון אַלעם בעזיצען בעאָבאַכטונגס־קראַפט און א פעהיגקייט צו אימיטי־רען... ער דאַרף בעאָבאַכטען ווי פערשיעדענע טיפּען און סוביעקטען פיהרען זיך אויף, רעדען, קליידען זיך, געהען אום, זשעסטיקולירען, וועלכע מימיק זיי מאַכען, וועלכע פּלאַסטישע בעוועגונג און דאַן דאַרף ער קענען דאָס זעלבע אימיטירען, נאָכמאַכען, נאַטור טריי פּאָרשטע־לען, רעאַליזירען.

אָבער דאָס אַלעס אַליין איז נאָך ווענינ. בעאָבאַכטונגס־קראַפט און אימיטאַציאָן זיינען נור מעכאַנישע אָדער טעכנישע מיטווירקער. אום דער שוישפּיעלער זאָל קענען איבערגעבען די אידעע פון א דראַמאַ־טישען ווערק, אום ער זאָל קענען ערקלערען אַלעס וואָס דעם דיכטערס ווערטער מיינען, — מוז ער פערשטעהן די בעדייטונג און דעם געדאַנק פון דעם גאַנצען ווערק, אין וועלכען ער נעהמט אַנטהייל, ער מוז פער־שטעהן די פּסיכאָלאָגישע אומשטענדען, וועלכע רופען ארויס די האַנד־לונג, ער מוז קענען די מענשהייט, בעגרייפען דאָס מענשליכע און פער־שטעהן דעם מענשען... ער דאַרף ניט נור זעהן און נאָכמאַכען, ער דאַרף אויך פיהלען און דענקען...

מיט איין וואָרט, טהעאָרעטיש גערעדט דאַרף דער דיכטער קע־נען אויסערוועהלען פון דער גרויסער מענגע פון מענשען'ס האנדלונ־גען דעם בעסטען מאַטעריאַל און דאַרף הויפּטזעכליך קענען שילדערן טיפּען און כאַראַקטערע. דער שוישפּיעלער דאַרף קענען דיעזע טיפּען ריכטיג אויפפאַסען און רעאַליסטיש פּאָרשטעלען. אָבער ווייל פון טהע־אָריע ביז פּראַקטיק איז זעהר ווייט און ווייל מענשען טוען זעהר זעל־טען דאָס וואָס זיי דאַרפען, וועלען מיר דערוועיל דערפון ניט רעדען

נעהמט זיך אייגענטליך פון די ליעדער וועלכע מען פלעגט זינגען צום באָק. אין גריכיש הייסט באָק — טראגאס. דעם גאָט פון ויין פלעגען די גריכען שילדערען אין דער קאָמישער פאָרמע פון א באָק, וועלכער איז בעדעקט מיט בלעטער און בינטלעך פון וויינטרויבען און איהם האָבען זיי געזונגען באָק־ליעדער, „טראגעדיען", פון וועלכע שפּעטער האָבען זיך ענטוויקעלט די ערהאבענע וואונדערבארע טראגעדיען פון די זשעניאלע גריכישע דיכטער: עסחיל, סאָפאקל און עווריפּידוס.

די גריכען האָבען געזוכט אין דער דראמא א העכערען עסטעטישען פערגניגען: זיי זיינען געגאנגען אין טהעאטער בילדען זיך, זיי האָבען געוואָלט בעווינען דעם מענשענ׳ס שיקזאל, בעוואונדערען זיינע גרויסע טהאטען, פעראורטהיילען זיינע געמיינע האנדלונגען, בעקאנט ווערען מיט זיינע ערהאבענע אידעאלען. ניט דאָס האָט געזוכט אין טהעאטער דער רוימער. דער רוימער איז געווען עגאָאיסטיש און גראָב, ער האָט געזוכט תענוג אין צינישען זינן פונ׳ם וואָרט, ער האָט געזוכט פערגניגענס, וועלכע זאָלען וועקען אין איהם ווילדע תאוות. ניט קיין דראמא האָט דער רוימער געדארפט, ער האָט גאָר געפאָדערט „שאָוס", (שויען). עסען און שויען! האָט געשריען דער הונגעריגער און פערדאָרבענער לומפּען־פּראָלעטאריער פון דעם אויסגעלאסענעם רוים. שויען און צינישען פערגניגען האָט געזוכט דער אריסטאָקראטישער רוימער, וועלכער האָט בערויבט די גאנצע וועלט נור אין דעם נאָמען פון זיינע אייגענע בויך־ אינטערעסען. דעם ערשטען פּלאטץ ביי די רוימער האָט פערנומען דער צירקוס, וואו געפאנגענע און שקלאפען האָבען איינע די אנדערע געהרג׳עט אָדער וואו זיי האָבען געקעמפפט מיט בלוט־דורשטיגע, הונגעריגע לייבען און לעמפּערטען. די דראמען, וועלכע פלעגען יא געשפּיעלט ווערען, האָבען געדארפט האָבען א רייכע „איבערראשענדע" אויסשטאטונג, זיינען געווען פול מיט צינישען רעאליזמוס, האָבען אָם מייסטען גאָר ניט געגעבען דעם גייסט און האָבען זעהר פיעל געגעבען די אויגען און די אויערען.

די גריכישע ציוויליזאציאָן האָט ניט געקענט אויפהויבען דעם דעמאָראליזירטען און פערדאָרבענעם רוימער, די גריכישע דראמא מיט איהר עסטעטישען כאראקטער איז פערוואנדעלט געוואָרען אין א צינישען געמיינעם פערגניגען, נון האָט זיך אריינגעמישט די אידישע ציוויליזאציאָן. עס איז געקומען א אידעל, ישוע בן יוסף, וועלכער

ביי די אַלטע גריכען האָט דער מענש געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע און זיינע טהאטען זיינען דראמאטיזירט געוואָרען פון די גרעסטע קינסטלער. די אַלטע גריכישע דראמא האָט געשילדערט דעם מענשען זיינע רייגע פּאטריאָטישע געפיהלען, מיט זיינע הויכע שטרעבונגען צו מאכען גליקליך זיין פאָלק, מיט זיין שטארקען ווילען צו זיין פריי און צו קעמפּפען זאָגאר מיט די געטער פאר זיין אונאבהענגיגקייט.

ביי די אידען, עגיפּטער, אראבער און אנדערע אָריענטאלישע פעלקער, ביי וועלכע דעם מענשענס פּערזאָן האָט ניט געשפּיעלט קיין ראָלע, וואו די גאָטהייט האָט דעם מענשען פערניכטעט, זיין פרייען ווילען געראובט, זיינע שטרעבונגען צו קעמפּפען פאר עולם הזה געשטעלט ניעדריג און פער׳מיאוס׳ט, — ביי די אַלע פעלקער האָט די דראמאטישע ליטעראטור זיך זעהר ווענינ אָדער גאָר ניט ענטוויקעלט. אין אידישען תנ״ך געפינט איהר די שעהנסטע פאָרמען פון פּאָעזי און געפינט זעהר ווענינ, וואָס זאָל צייגען, דאָס ביי די אידען האָט עקזיסטירט אויך דראמא. מיר זאָגען: „זעהר ווענינ״, ווייל „שיר השירים״ און „איוב״ בעווייזען דאָך, דאָס גאנץ פרעמד איז די דראמא ניט געוועזן אויך דאָרט, וואו עס האָט געהערשט דער שטרענגער „אל שדי״, וועלכער האָט ניט ליעב געהאט קיינע תענוגים, קיינע פערגניגענס און וואו דער מענש איז געוועזן גערעכענט פאר אַ טפה סרוחה און אַ חרס הנשבר...

ביי די פעלקער, ביי וועלכע די גאָטהייט איז געוועזן עטוואָס איבער־נאטירליכעס, האָט ניט געקענט ערשיינען קיין דראמאטישע פּאָעזי, דערפאר ווייל יעדע דראמא איז געבוירען געוואָרען אויפ׳ן באָדען פון רעליגיאָן. ביי די גריכען זיינען די געטער געוועזן ניט איבער־נאטירליכע. די קרעפטע און מעכטע וואָס די גריכען האָבען געזעהן אין דער נאטור, די אייגענשאפטען וואָס זיי האָבען געזעהן אין דעם מענשען אליין, האָבען זיי צוגעשריעבען זייערע געטער. ווי אנדערש האָט מען געקענט דיענען דעם גאָט פון פריהלינג, דעם גאָט וועלכער איז געלעגען אַ גאנצען ווינטער טויט. ווי די נאטור, און וועלכער האָט ערוואכט מיט לעבען, ליכט און פרייד, ווי אנדערש האָט מען געקענט דיענען דיעזען גאָט, ווען ניט מיט געזאנג, מיט טענץ, מיט פערקליידונגען, מיט ערצעהלונגען פון דעם, וואָס האָט אין דיעזען גאָט׳ס לעבען פּאסירט?... דאָ פאנגט זיך אָן די דראמא. דאָס וואָרט „טראגעדיע״

# טעהאטער בײ די אַלטע גריכען.

פון אלע אלטע פעלקער זײנען די גריכען די אײנציגע, װעלכע האָבען געשאַפען אַ נאַציאָנאַלען טהעאַטער און האָבען אונז געגעבען די ערשטע פאָרמען פון אַ װאהרער דראַמאַ. דאָס טהעאַטער איז בײ זײ, װי בײ אַלע אַנדערע פעלקער, געשאַפען געװאָרען אױף אַ רעליגיעזען באָדען. בײ קײן פאָלק אָבער האָט זיך דראַמאַטישע פּאָעזי און די טהעאַטראַלע טעכניק ניט ענטװיקעלט ביז אַזאַ הױכע שטופע, װי בײ די גריכען.

זײ האָבען ניט געהאַט, װי מיר יעצט ; גרױסע, אײנגע געבײדעס מיט שמאָלע סיטס און מיט שעהנע געמאָלטע דעקאָראַציאָנען. צום בײשפּיעל, דאָס טהעאַטער און דער שטאָדט אַטהענאָ איז געװען אױף דער פרײער לופט, אונטער'ן בלויען הימעל. ניט װײט האָט מען געזעהן דאָס אמת'ע מעער און מען האָט געהערט דאָס רױשען פון זײנע װעלען. לעבען בארג אױף אַ שעהנעם טאָל איז געװען דאָס, װאָס מיר רופען ביהנע. אױפ'ן בארג אין אַ האַלבען צירקעל זײנען פון שטײן געװען אױסגעטעסעט סיטס, װעלכע זײנען געגאַנגען העכער און העכער װי טעראַסען. אין דעם טהעאַטער פון אַטהענאַ זײנען געװען דרײסיג טױזענד סיטס. פאָרשטעלונגען פלעגען געגעבען װערען נור אין אַ געװיסע צײט אין יאָהר. אין דער צײט װען מען פלעגט שפּיעלען טהעאַטער, פלעגט זײן אַ יום טוב אין שטאָדט. אלע קראָמען און אלע שאַפּס פלעגען װערען געשלאָסען. פון פּריזאָן פלעגט מען ארױסלאָזען אלע געפאַנגענע און מען האָט אין דעם טאָג קײנעם ניט געטאָרט אַרעסטירען. יעדער בירגער, װעלכער האָט ניט געקענט בעצאָהלען פאַר זײן סיט צװײ אָבאָלען, האָט געהאַט אַ רעכט צו נעהמען דאָס געלד פון דער רעגיערונגס קאַסע. גאַנץ פריה מיט זונענאױפגאַנג פלעגט זיך די גאַנצע בעפעלקערונג אױפכאַפּען, אָנטאָן זיך אין די שעהנסטע קלײדער און

האָט געהייסען פערשליסען אַלע טהעאַטערע, פערניכטען אַלע דראמאַ־טישע ווערק, פערגעסען יעדען עסטעטישען פערגניגען, א אידעל, וועל־כער האָט בעפוילען אויפאָפּפערן דעם מענשען אים נאָמען פון גאָט, וועלכער האָט פערשפּאָטעט און פער׳מיאוס׳ט אַלע שטרעבונגען פון דעם, וואָס איז ניט מעהר ווי א טפּה סרוחה, א חרס הנשבר. דער קריסט איז געקומען און די ענטוויקלונג פון דער דראמאַטישע ליטעראַטור איז אויף הונדערטע יאָהרען אָבגעשטעלט געוואָרען.



פּיעלע מאַסקען, וועלכע האָבען זיך געפּאַסט צום כאַראַקטער, וועלכען ער האָט פאָרגעשטעלט. פון אָנפאַנג האָט דאָס פאָלק דיעזע פאָרשטעלונגען מיט מאַסקען און מיט „עקשענס" ניט געקענט ליידען, ווייל אַלע שוישפּיעלען האָבען געטראָגען אַ רעליגיעזען כאַראַקטער און אַלע פּערזאָנען, וועלכע פלעגען פאָרגעשטעלט ווערען, זיינען געווען אָדער געטער, אָדער האַלבע געטער. מען האָט געמיינט, אַז דאָס איז אַ פּראָפאַנאַציאָן און אַ בעלעדיגונג. עס איז דיזעלבע זאַך ווי אַ בעל קורא, ווען ער לעזט פון חומש, ווען ער לעזט פון אברהמ'ן, זאָל ער אָנטאָן אַ מאַסקע פון אַ גרויען גרייז, און זאָל רעדען מיט אַ דונערענדע שטימע, ווען ער לעזט פון לוט'ן זאָל ער אָנטאָן אַ מאַסקע מיט אַ רויטע נאָז און זאָל רעדען ווי אַ מענש, וואָס איז בגילופ'ן... שפּעטער אָבער האָט זיך דאָס פאָלק צוגעוואָהנט צו פערשטעהען, אַז פּאָעזי און דראַמע קענען ניט ערניעדריגען קיינע געגענשטענדע פון רעליגיאָן.

די גרויסע קלאַסישע טראַגעדיען פון וועלכע מיר ווייסען גענוי, זיינען די וועלכע זיינען געשריבען געוואָרען אין פינפטען יאָהר־הונדערט פאַר כריסטוסען. עס איז דאַן איינגעפיהרט געוואָרען מען זאָל שפּיעלען דריי שטיק, וועלכע זאָלען זיין בעגרינדעט אויף איין לעגענדע וואָס דערצעהלט פון געטער. די דאָזיגע טראַגעדיען פלעגען זיך רופען טרילאָגיען. פערענדיגען פלעגט מען די דריי קורצע טראגעדיען מיט אַ קליינער סאַטירישער פּיעסע, אַ מין וואָדעוויל, און דיעזע גאַנצע פאָרשטעלונג פלעגט זיך רופען טעטראַלאָגיע. אָפט פלעגט מען שפּיעלען אין איין טאָג צוויי טעטראָלאָגיען פון צוויי בעזונדערע דיכטער, וועלכע פלעגען זוכען די עהרע געקרוינט צו ווערען מיט אַ לאָרבער קראַנץ און צו קריגען דעם טיטעל „טשעמפּיאָן". ביי אַזאַ געלעגענהייט פלעגען אויסערוועהלט ווערען זיעבען בעריהמטע בירגער, וועלכע פלעגען זיין די ריכטער, אָבער דאָס פאָלק, די צושויער אַליין פלעגען אויך ניט בלייבען פּאַסיוו. האָט זיי דאָס שטיק געפעלען, פלעגען זיי אויסדריקען זייער צופריעדענהייט מיט יובעל־געשרייען און מיט שטירמישע אַפּלאָדיסמענטען; פערקעהרט, זיינען זיי ניט געווען צופריעדען, האָבען זיי געפּייפט, געטיוקעט, ניט געלאָזט שפּיעלען, און אויפ'ן דיכטער געוואָרפען איילבערטען, פייגען, גאַנץ אָפט זאָגאַר שטיינער.

פון אָנפאַנג פלעגט דער כאָר שפּיעלען די הויפּט ראָלע אין שטיק, ווייל דער אַקטיאָר האָט געהאַט זעהר ווענינ צו „עקטען" און דער כאָר

איילען זיך אין טהעאטער מיט פרייליכע געשרייען און געלעכטער. אוי־סער עטליכע רייהען סיטס פון פּאַרענט, זיינע די אַלע סיטס ניט געווען נומערירט און יעדער האָט געזוכט צו פערכאַפּען אַ בעסערען פּלאַץ. איינינע פלעגען ברענגען מיט זיך קרוגען מיט וויין, פרוכטען און עסענ־וואַרג, ווייל זעהר אָפט פלעגט מען בלייבען זיצען אין טהעאטער אַ גאַנ־צען טאָג. ווען עס פלעגט קומען אַ בעליעבטע פערזאָן, פלעגען אַלע אויפשטעהן, שרייען הורראַ און אַפּלאָדירען. רייכע בירגער פלעגען קו־מען מיט זייערע דיענער, וועלכע פלעגען ברענגען קישענס, ווארום עס איז ניט געווען זעהר בעקוועם צו זיצען אויף אַ האַרטען שטיינערנעם סיט אונטער דער זונן וועלכע פלעגט אויף צו להכעיס גוט צו־באַקען. אַז אַלע פלעגען זיך שוין פערזאַמלען, דאַן פלעגען קומען די אַרכאָנען, די פאַרשטעהער פון שטאַט, די אַמבאַסאַדאָרען פון פרעמדע לענדער און גאָר שפּעטער פלעגט קומען דער פּריסטער. דאַן פלעגט ווערען שטיל און דאָס שטיק פלעגט זיך אָנפאַנגען.

„טהעאטער" נעהמט זיך פון דעם גריכישען וואָרט טהעאטראָן. מיט דעם וואָרט האָט מען בעצייכענט די אַלע צושויער, וועלכע פלעגען קומען זעהן דאָס שטיק. טהעאטראָן איז דאָס זעלבע וואָס מיר רופען יעצט אַן אודיטאָריום. אָרקעסטראַ האָט אין גריכען טהעאטער גאָר גע־האַט אַן אַנדער בעדייטונג. אָרקעסטראַ הייסט טאַנצען. דער פּלאַץ, וואו די טענצער און דער כאָר פלעגען טאַנצען, האָט זיך גערופען אָרקעסטראַ. אין מיטען פון דעם פּלאַץ איז שטענדיג געשטאַנען אַן אַל־טאַר, אויף וועלכען מען פלעגט ברענגען אָפּפער צום גאָט דיאָניסוס. אַרום דעם אַלטאַר, פלעגען שטעהן די שוישפּיעלער, דער כאָר און די סטאַטיסטען. אָרקעסטראַ איז געווען דאָס, וואָס מיר רופען יעצט ביהנע, סטיידזש. דאָס וואָס מיר רופען יעצט סצענע האָט אויך דאַמאָלס געהאַט אַן אַנדער בעדייטונג. סקענע אין גריכיש הייסט אַ שטיבעל, אַ גע־צעלט, וואו די אַקטיאָרען פלעגען זיך געפינען איידער זיי פלעגען דאַר־פען ארויסגעהן.

אַ לעגענדע דערצעהלט, אַז דער ערשטער גריכישער פּערפאָסער פון שוישפּיעלען איז געווען אַ געוויסער טהעספּיס, וועלכער האָט אליין געפיהרט אַ וועגעלע מיט מאַסקען; ער פלעגט אליין פּערפאַסען זיינע פּיעסען, אליין אָנטאָן אַ מאַסקע און שטעהענדיג אויף זיין וואָגען, פלעגט ער דעקלאַמירען אָדער דערצעהלען זיין ראָלע. ער האָט געהאַט

# טהעאטער בּיי די רוימער.

ביי די גריכען איז דאָס טהעאטער געשטאַנען הויך; זייער טראַגעדי איז געווען בעלעהרענד און ערהאבען, זייער קאָמעדי שארף און סאַטיריש. דאָס טהעאַטער ביי די גריכען איז געווען אַ נאַציאָנאַלער פּראָדוקט, וועלכער איז געשאַפען געוואָרען פון די גייסטיגע אייגענשאַפען און דעם נאַטירליכען לעבען פון דעם גריכישען פאָלק. דאָס טהעאַטער ביי די אַלטע רוימער איז ניט געווען קיין אָריגינעלע שאַפונג פון פאָלק, זיי האָבען ניט געהאַט קיין נאַציאָנאַלען טהעאַטער, זיי האָבען נור אימיטירט, נאָכגעמאַכט די אַלטע גריכען, וועלכע זיי האָבען בעזיעגט און ביי וועלכע זיי האָבען גערויבט אויך זייער ציוויליזאַציאָן. דאָס טהעאַטער איז אין רוים קיין מאָל ניט געשטאַנען הויך, די רוימישע טראַגעדי האָט קיין בעדייטונג ניט. בעריהמט זיינען זיי די רוימער נור דורך זייער קאָמעדי, אָבער דיעזע בעריהמהייט איז אויך מעהר אַ טרויעריגע.

די קאָמעדי פון די רוימער איז אויך ניט קיין אָריגינעלע. אין גריכענלאַנד זיינען בעריהמט געווען צוויי זשעניאַלע קאָמעדיען־דיכטער, אריסטאָפאנעס אין די פריהערדיגע צייטען און מענאַנדער אין די שפּעטערדיגע יאָהרען. מיר ווייסען, אַז אין די ערשטע צייטען פונ'ם קריסטענטום זיינען פיעלע קלאַסישע ווערקע פערניכטעט געוואָרען פון די פאַנאַטישע קריסטען און די מענשהייט האָט צוליעב דעם פערלאָרען פיעלע גרויסע ווערקע פון קונסט, ליטעראַטור און פילאָזאָפי. פיעלע פון אריסטאפאנעס קאָמעדיען זיינען דאָך פערבליבען, ווייל די קריסטליכע גלחים איז זעהר געפעלען געוואָרען, וואָס ער לאַכט אָב פון די געטער. מענאַנדערס ווערקע, וועלכע, ווי מען גלויבט, זיינען געווען נאָך זשעניאַלער פון אריסטאָפאנעס, זיינען דורך וועלכע עס איז אונבעקאַנטע אורזאַכע אין גאַנצען פערלאָרען געגאַנגען און, אויב מיר ווייי־

האָט דערצעהלט דעם גאַנצען אינהאַלט. שפּעטער האָט מען אָנגעהויבען צו שרייבען אַזעלכע שטיק, אין וועלכע אַקטיאָרען זאָלען האָבען מעהר האַנדלונגען און דער כאָר װעניגער צו דערצעהלען, נאָך שפּעטער האָבען די גריכען אָנגעהויבען צו שרייבען אַזעלכע שטיק, אין וועלכע דער כאָר האָט גאָר ניט געהאַט צו טאָן מיט'ן אינהאַלט פון דער פּיעסע: צווישען איין טהייל און דער אַנדערער פון דער טרילאָגיע, דאָס פּובליקום זאָל האָבען געדולד צו וואַרטען און די אַקטאָירען זאָלען האָבען צייט איבערצוטאָן זיך, פלעגט דער כאָר זינגען און טאַנצען, אַזוי ווי ביי אונז יעצט שפּיעלט מוזיק צווישען די אַקטען.

זעהר ווייט פאָראויס איז אַוועקגעגאַנגען דער היינטיגער טהעאַטער. מען קען אָבער קיין מאָל ניט פערשטעהן גוט די געגענוואַרט, אויב מען לערענט ניט די פערגאַנגענהייט.



זיי האָבען פאַרגעשטעלט גאַנץ אָפען, ווי דער גאָט וואולקאַן כאַפּט זיין ווייב די געטין ווענוס מיט דעם סאָלדאַטסקען גאָט מאַרס, אָדער ווי דער גרויסער גאָט יופּיטער אליין פערשטעלט זיך פאַר אַ שוואַם און זינדיגט מיט לעדא, ווען זי באָדט זיך אין טייך. אַן אַקטיאָר וואָס האָט געשפּיעלט די ראָלע פון הערקולעס, אַז ער האָט געדאַרפט ווייזען, ווי ער ברענט זיינע הענד אין פייער, האָט טאַקע געמוזט זיינע הענד ברענען אין פייער. דער אַקטיאָר איז געווען אַ שקלאַף און זיינע צוברענטע הענד האָבען קיינעם ניט געקימערט. ווען עס פלעגט פאָרגעשטעלט ווערען אַז מעדעא ערמאָרדעט איהרע קינדער, פלעגט זי טאַקע ערמאָרדען צוויי לעבעדיגע קינדער, וועלכע זיינען געווען די קינדער פון שקלאַפען.

די וואָס האָבען פערפאַסט שוישפּיעלע און קאָמעדיען האָבען זיך גערעכענט זעהר ניעדריג. זיי זיינען געווען אַם מייסטען שקלאַפען. נאָך ניעדריגער האָבען זיך גערעכענט ביי די רוימער אַקטיאָרען און אַקטריסעס. געזעצליך זיינען זיי געווען פערגליכען מיט אַלע פערברעכער און אויסוואָרפען פון דער געזעלשאַפט, און ווען, צום ביישפּיעל, זאָגאַר אַ פּראָסטער סאָלדאַט זאָל זיך געווען ערלויבען איין מאָל ארויסצוטרעטען אויף דער ביהנע, האָט איהם דערפאַר געקומט אַ שטראָפע פון טויט.

די איינריכטונגען פונ'ם טהעאַטער אליין זיינען שוין ביי די רוימער אויך געווען אַזוי איינפאַך און דעמאָקראַטיש, ווי ביי די גריכען. מען האָט פערשווענדעט גרויסע פערמעגענס אויף לוקסוס, אויף טייערע דעקאָראַציאָנען, אויף צאַצקעס, אויף פּראָצעסיאָנען. אין טהעאַטער גופא זיינען די זיצע געווען איינגעטיילט געגען די פּרינציפּען פון גלייכהייט, וועלכע האָבען עקזיסטירט אין גריכענלאַנד. אין די ערשטע רייהען פלעגען זיצען די סענאַטאָרען, נאָך זיי די ריטטער, יעדער נאָך זיין ראַנג. די ערגסטע זיצע האָט געהאַט דער עולם.

די רוימער האָבען בעוויזען אונזער היינטיגער געזעלשאַפט דעם ערשטען ביישפּיעל, וואָס עס ווערט פון טהעאַטער און פון דער דראַמאַ, ווען דאָס טהעאַטער איז ניט קיין טעהאַטער פון פאָלק און ווען די דראַמאַ איז ניט קיין דראַמאַ פאַר'ן פאָלק. געראַדע ווי אונזערע היינטיגע פערגעניגען־זוכער, האָבען זיי ניט געוואָלט זעהן אויף דער ביהנע די רעאַלע ווירקליכקייט, וועלכע לערנט צו פערשטעהן דאָס לעבען; זיי

סען פון זיי, איז דאָס הויפּטזעכליך נור ווייל די רוימישע שרייבער האָבען אדאָפּטירט און בעארבייטעט פיעלע פון מענאדערס קאָמע־דיען. דורך דעם האָבען זיך בעריהמט געמאכט צוויי רוימישע קאָמע־דיען־שרייבער פּלאוטוס און טערענץ. דיעזע צוויי שרייבער זיינען די איינציגע רוימישע דראמענדיכטער וועלכע האָבען אירגענד וועלכע בע־דייטונג אין דער געשיכטע פון דער דראמאטישער ליטעראטור.

די רוימער, אזוי ווי אונזער בורזשואזנע געזעלשאפט, האָבען ניט געדולדעט קיין דראמא מיט א גרויסען פּאָעטישען און פילאָזאָ־פישען אינהאלט. זיי האָבען געוואָלט אין טהעאטער נור אמוזירען זיך. מיט דער דראמא האָט זיך ביי זיי געטראָפען דאָס זעלבע, ווי מיט עסען. זיי זיינען געווען גרויסע פרעסער. אז דער מאָגען איז אָבער געווען ביי זיי איבערגעלאָדען, האָבען זיי אויסגעטראכט פיעלע שארפע אויפ־רייצענדע געריכטען אום ארויסצורופען א געמאכטען אפּעטיט, און אז דאָס פלעגט ניט העלפען, פלעגען זיי ביים טיש אריינשטעקען א פינגער אין מויל און עסען ווייטער... אזוי איז געווען אויך מיט זייערע פאָר־שטעלונגען. זיי האָבען געוואָלט א „שאָו", א ספּעקטאקעל, וואָס זאָל רייצען זייערע ניעדריגע אינסטינקטען, זייער לוסט, זייער תאוה... וואָס שטומפּיגער זייערע נערוועז זיינען געוואָרען, האָט מען זיי גע־דארפט געבען אלץ אויפרייצענדע און שארפערע שוישפּיעלען, ביז עס איז דערגאנגען דערצו, אז זיי האָבען געגעסען גייסטיגע שפּייז דאָרט וואו מען האָט געבראָכען... עס איז ניט געווען קיין מיאוסקייט, קיין אויסגעלאסענהייט, קיין חוצפּה, קיין געמיינע בעוועגונג, קיין ניבול פּה וואָס איז ניט ערלויבט געווען אויף דער אָפענער סצענע. אויף דער ביהנע האָבען די רוימער געפאָדערט נור בלוט און זנות. זיי פלע־גען קומען אין א ווילדע בעגייסטערונג, ווען זיי פלעגען זעהן ווי איין גלאדיאטאָר מאָרדעט דעם צווייטען, ווי ווילדע טיגערען רייסען לע־בעדיגע מענשען; אזוי אויך פלעגען זיי בעגייסטערט ווערען פון טענץ, וועלכע זיינען געווען טויזענד מאָל געמיינער פון דעם היינטיגען קאַנ־קאַן. נאקעטע און האלב נאקעטע פרויען און מענער פלעגען פאָרשטע־לען עפּיזאָדען פון דער גריכישער מיטהאָלאָגי, פון דעם לעבען פון די געטער אם מיינסטען אזעלכע עפּיזאָדען, וועלכע שטעלען פאָר לוסט און אויסגעלאסענהייט.

אין דיעזער היגזיכט זיינען די רוימער געווען גרויסע רעאליסטען.

# קורצע ביאָגראַפיען.

## א.

## עסחילעס.

עסחילעס, פּאָפּאָקלעס און עווריפּידעס זיינען די דריי גרויסע און וועלט בעריהמטע טראַגעדיען־דיכטער פון פאַרצייטיגען גריכענלאַנד. פון די דריי איז עסחילעס דער ערשטער און דער עלטסטער. ער איז געבוירען געוואָרען אין אַ קליין שטעטעל ניט ווייט פון אַטהענא, וועלכע איז געוועזען דער צענטער פון גריכישער קולטור. אַלס יונגלינג האָט ער געאַרבייט אין אַ וויינגאָרטען און דער פּראַכט און די שעהנקייט פון וויינטרויבען האָבען איהם אַזוי בעגייסטערט, דאָס ער האָט פערפּאַסט פּאָעמען צו עהרען דעם גאָט דיאָניסיוס (אָדער באַקכוס), דעם גאָט פון וויין און לוסטיגקייט. ער איז געבוירען געוואָרען 525 יאָהר בעפאָר קריסטוס. ער און בעזאָנדערס איינער פון זיינע צוויי ברידער האָבען זיך בעריהמט געמאַכט מיט דעם, וואָס זיי האָבען ביידע אַנטהייל גענומען אין דער מלחמה וואָס גריכענלאַנד האָט געפיהרט געגען די פּערזישע קעניגע דאַריוס און קסערקס. אויף זיין מצבה האָבען שפּעטער די גריכען אויפגעשריבען ניט דאָס, וואָס עסחילעס איז געוועזען דער גרויסער דיכטער, נאָר דאָס, וואָס ער איז געוועזען אַ בראַווער קריעגסמאַן און איז געגאַנגען בעשיצען, זיין פאָטערלאַנד.

די מלחמה, וואָס פּערזיען האָט געפיהרט געגען גריכענלאַנד האָט געדראָהעט דער גאַנצער ציוויליזאַציאָן פון אייראָפּאַ. און עסחילעס איז געווים געגאַנגען אין קריעג ניט אַלס פּראָסטער סאָלדאַט, נאָר אַלס דענקער, וועלכער האָט געקענט בערעכענען די וויכטיגקייט פון דעם קאַמפּף. ער איז אויך געגאַנגען אַלס פּאָעט, וועלכער געהט

האָבען געפּאָדערט אַ פאַנאַטישען ליגען, פערמאַסקירט מיט גלענצענדע צאַצקעס, וועלכער גיט אָבער אַ מעגליכקייט צו זעהן דעם רעאַליסטישען קערפּער פון שעהנע סטאַטיסטקעס, צו זעהן ציניש׳ע בעוועגונגען, אויס־געלאַסענע טענץ און צו הערען זאַכען, וועלכע רעדען ניט צום קאָפּ אין צום געדאַנק, אָבער וועלכע וועקען די לוסט און די ניעדריגסטע אינס־טינקטען.

אונזער היינטיגע דראַמאַ האָט פיעל געלערענט פון די רווי־מער...



ריען פון זייער נאַציאָנאַלער רעליגיאָן האָבען זיי געהאַלטען פאַר אַ שרעקליכען פערברעכען. דאָס פאָלק האָט שיער ניט געטויטעט עסחי־לוסען אין טהעאַטער. ער האָט זיך נאָר געראַטעוועט דערמיט, וואָס ער איז ארויפגעלאָפען אויפ׳ן אַלטאַר פון גאָט דיאָניסיוס. שפּעטער האָט איהם דער העכערער טריבונאַל פון אטהענא — דער אָרעאָפּאַגוס ער־קלערט פאַר אַ משוגענעם און מען האָט איהם בעפרייט. און דאָס האָט איהם, לויט די מיינונג פון מאַנכע, געצוואונגען צו פערלאָזען זיין פאָ־טערלאַנד.

אָבער שפּעטער נאָך זיין טויט, האָבען די אטהענער אנערקענט זיין גרויסקייט. פאַר זיינע טראַגעדיען האָט מען געמאַכט אַן אויסנאַהמע און מע האָט זיי ערלויבט צו שפּיעלען נאָך זיין טויט, אָבוואָהל עס איז געווען אַ געזעץ אָדער אַ מנהג צו שפּיעלען פּיעסען, נור פון די אויטאָרען וואָס האָבען נאָך געלעבט. פאַר די אויפפיהרונג פון זיינע טראַגעדיען האָט די רעגיערונג אסיגנירט אַ געוויסע סומע און פלעגט געבען איהרע מענשען פאַר׳ן כאָר. נאָך איינע פון די גרויסע רעדעס פון דעם בעריהמטען גריכישען געזעצגעבער ליקורגוס האָט מען לעבען טהעאַטער אין אטהענא אנידער־געשטעלט עסחילעסעס אַ גרויסע סטאַטוע פון בראָנז. לעבען איהם זיי־נען געשטאַנען די סטאַטועס פון סאָפאָקלעס און עווריפּידעס.

ער איז געשטאָרבען אין דעם יאָהר 456 בעפאָר קריסטוס. וועגען זיין טויט עקזיסטירט די פאָלגענדע לעגענדע. ער האָט געהאַט זעהר אַ גרויסען שטערן. אַן אדלער איז געפלויגען מיט אַ טשערעפּאַכע אין מויל און דערזעהענדיג עסחילעסעס שטערען, האָט ער געמיינט עס איז אַ שטיין און האָט אויף איהם אַ וואָרף געטאָן די טשערעפּאַכע, אום זי צוברעכען. דאָס האָט געטויטעט דעם גרויסען דיכטער פון די ערשטע זיעבען גרויסע גריכישע טראַגעדיען.

---

ב.

## סאָפאָקלעס.

סאָפאָקלעס איז דער צווייטער גרויסער גריכישער טראַגעדיענ־

לערנען פראקטיש די מענשען און די וועלט. די מלחמה האָט איהם נאָכדעם געגעבען מאטעריאל פאר איינע פון זיינע טרילאגיען „פערסא".

מע ווייסט ניט גענוי, וויפיעל פיעסען עסחילעס האָט פערפאסט, ווייל די גרעסטע טהייל פון זיי איז פערלאָרען געגאנגען. אייניגע פאָר־שער בעהויפטען, אז ער האָט פערפאסט 82 טראגעדיען, פון וועלכע אונז זיינען נור בעקאנט זייערע נעמען. פון עסחילעסען איז איבערגע־בליבען דער ליטעראטור נור זיבען טראגעדיען. פון זיי איז די מעהר בעוואוסטע „פראָמעטעאוס דער געבונדענער". עס איז געוויס א טהייל פון א טרילאָגי „פראָמעטעא", וועלכע איז בעשטאנען פון דריי פיעסען: פראמעטעאוס דער פייער־ברענגער, פראמעטעאוס דער גע־בונדענער, און פראמעטעאוס דער בעפרייטער. אלע זיינע ווערקע זיינען פול מיט אמת'ע ערהאבענע פּאָעזי און פערפאָלגען א מאָראלע טענ־דענץ צו לערנען און מאכען איידעלער דעם צושויער. פון אלע זיינע טראגעדיען, און אם מייסטען פון „פראָמעטעאוס", זעהט מען, אז ער איז געווען ניט נור א פּאָעט, נאָר אויך א גרויסער דענקער און א פילאָזאָף.

ביז עסחילעסען האָט א גריכישע טראגעדי געהאט נור איין אק־טיאָר, ער האָט איינגעפיהרט צוויי אקטיאָרען. ער האָט געשאפען דעם דיאלאָג אין דער דראמא, ער האָט פערבעסערט די כאָרען, האָט ער־פונדען נייע מעכאניזמוסען, האָט איינגעפיהרט נייע קאָסטיומען און מאסקען, האָט אליין געמאָהלען דעקאָראציאָנען, האָט פערפאסט מוזיק פאר דעם כאָר און נייע טענץ פאר די טענצער און דערצו פלעגט ער אליין שפּיעלען די וויכטיגסטע ראָלען אין זיינע שטיק. דרייצעהן מאָל האָט ער געוואונען די פרייזען אלס ערשטער דראמאטישער שרייבער און איז געווען געקרוינט מיט לאָרבער קראנצען, ביז סאָפאָקלעס האָט ביי איהם אָבגענומען די פאלע פון ערשטען גריכישען דראמען דיכטער. אונצופריעדען מיט זיינע מיטבירגער האָט ער פערלאָזען אטהענא און איז אוועק קיין סיציליען. אייניגע בעהויפּטען, אז ער איז אוועק פון אטהענא ניט ווייל דער ערפאָלג פון סאפאקלעס האָט איהם פערטריבען, נור גאָר דורך אן אנדער אורזאכע. אין איינע פון זיינע טראגעדיען האָט ער א ביסעל אויסגעזאָגט וועגען די הייליגע געהיימניסע פון רע־ליגיאָן, וועגען די זאָ־גענאנטע מיסטעריען. די גריכען פלעגען ערלויבען אין טהעאטער מאכען חוזק פון די געטער, אָבער ענטדעקען די מיסטע־

איז אויך שפּעטער געווען איין אטהעניעשער גענעראַל, אָבוואָהל ער איז געווען מעהר גענעראַל צו האַלטען מלחמה מיט שעהנע פרויען און עס איז אַ סברה, אַז דער שעהנער, רייכער, געאַכטעטער דיכטער איז שטענ־דיג געווען דער זיעגער איבער זיי.

ער האָט אויפגעשריעבען פון הונדערט און דריי און צוואַנציג ביז הונדערט און דרייסיג פּיעסען, איבערגעבליבען זיינען אין דער לי־טעראַטור פון איהם נאָר 7 גאַנצע טראַגעדיען. די איבעריגע זיינען בע־קאַנט אָדער דורך זייערע נעמען, וועלכע ווערען דערמאָנט פון אַנדערע קלאַסיקער, אָדער פון אייניגע שטיקלעך סצענען וואָס זיינען גאַנץ גע־בליבען. ער האָט ווייטער ענטוויקעלט די דראַמאַטישע קונסט, פאָרטזע־צענדיג די ארבייט פון עסחילעסען. ער האָט איינגעפיהרט נאָך אַ דריי־טען אַקטיאָר און האָט ערפונדען נייע מעכאַנישע און סצענישע פער־בעסערונגען. אין זיינע טראַגעדיען איז ניטאָ די מאַכט און קראַפט פון עסחילעסען; ער האָט אָבער מעהר, מעהר קונסט, מעהר פּאָעזיע. עס־חילעס איז געווען אַ גרויסע שטיק ווילדער גראַניט; סאָפאָקלעס אַן אָבגעטעסעטער שטיק שעהנער מאַרמאָר. עסחילעס איז אפשר געווען מעהר זשעני; סאָפאָקלעס איז געווען מעהר אַרטיסט. זיין אויפגאַבע איז געווען צו שילדערען מענשען ניט ווי זיי זיינען, נאָר ווי זיי האָבען געדאַרפט צו זיין.

ער אַליין האָט געפיהרט אַ לעבען פון אַן אַרטיסט און אויף דער עלטער האָט ער אָנגעהויבען צו פערשווענדען פיעל געלד. זיין זוהן האָט דערלאַנגט אויף איהם אין געריכט און האָט געוואָלט איבערצייגען, אַז דער אַלטער סאָפאָקלעס איז ניט ביים זינען. די לעגענדע דערצעהלט, אַז ווען סאָפאָקלעס איז ערשיענען פאַר'ן ריכטער, האָט ער איהם צי־טירט אַ פלאַץ פון זיין טראַגעדי „עדיפּוס אין קאָללאָנעס" און האָט געפרעגט: זיינען דאָס די געדאַנקען פון אַ משוגענעם? דער ריכטער האָט ניט געוואַגט צו אַנערקענען איהם אַלס וואַהנזיניגען.

זיין מעהר בעדייטענדעס ווערק איז „קעניג עדיפּוס", ביידע טהייל־לען. מיט אַ מייסטערהאַפטער האַנד שילדערט ער דאָ די איראָני פון'ם שיקזאַל און טראַגעדי פון'ם מענשען'ס לעבען. דער קלוגער מענש, וועלכער געפינט דעם רעטעניש פון אַ ספינקס, ווייסט ניט די געהיימ־ניסע פון זיין אייגענער געבורט. דער מעכטיגער קעניג — אַ שוואַכער בלינדער מענש; דער וואָס האָט ערשט בעפוילען, איז פון אַלעמען

דיכטער. זיין פארגעננער עסחילעס איז געווען א שלימזל׳דיגער מענש, געווען א קבצן, האט געליטען און האט פאר זיין לעבען אין זיין היימאט־שטאדט אטהענא ניט גענאסען זיין פערדיענטע פערעהרונג און אכטונג. סאפאקלעס איז געווען א גליקליכער מענש, ער האט זיך אבגעלעבט אלע זיינע יאהרען אין וואוילטאג אין כבוד און אין נחת. דאס איז די אור־זאכע פאר וואס סאפאקלעס איז אין זיינע ווערקע רוהיגער, געלאסע־נער און מילדער. ער רעוואלטירט ניט און שטורמט ניט. ער שילדערט אין זיינע טראגעדיען קאלטבלוטיג, ווי אזוי דער בלינדער שיקזאל מאכט קליין דעם גרויסען מענשען.

סאפאקלעס איז געבוירען געווארען ביי רייכע און אריסטאקרא־טישע עלטערען און איז אויך אליין געווען אין זיין פערזענליכען לעבען מעהר אריסטאקראט, מעהר ארטיסט, איידער מענש און פילאזאף. ער איז געבוירען געווארען אין דעם יאהר 495 פאר קריסטוס׳ן און איז געשטארבען, ווען ער איז געווען א זקן פון ניינציג יאהר. ער האט געקראגען א שעהנע בילדונג, ווי די זיטען פון די אלטע אטהענער האָ־בען עס געפאדערט. ער האט געלערנט פילאזאפי, גימנאסטיק און מוזיק. ער האט געשפיעלט אויף דער לירע און געזונגען ווי א גרויסער ארטיסט און פלעגט האבען א גרויסען ערפאלג ווען ער פלעגט אלס אקטיאר און זינגער אליין ארויסטרעטען אין זיינע טראגעדיען. ווען ער איז געווען 27 יאהר אלט האט ער געוואונען זיין ערשטען פאעטענ־קאמפף געגען דעם אלטען עסחילעס און איז געווען געקרוינט מיט דעם דיכטער פרייז. נאכדעם האט ער צוואנציג מאל געוואונען דעם ערשטען פרייז און זעהר פיעל מאל דעם צווייטען.

זיין ערשטער זיעג און זיין ערשטער פרייז איז איהם אנגעקומען ניט מיט א געוועהנליכען וועג. שטענדיג ווען צווישען צוויי טראגעדים־טען פלעגט פארקומען א צוויי־קאמפף פלעגט דער ארחאן, דער עלצטער פון שטאדט, אויסקלייבען דורכ׳ן גורל ריכטער פון צווישען די צושויער. אין דעם טאג אבער, איז געווען אין אטהענא א גרויסער פאטריאטישער פעסט האט דער ארחאן בעשטימט אהן גורל צעהן גענעראלען, זיי זאָ־לען זיין די ריכטער. זיי האבען סאפאקלעס׳ן אנערקענט אלס זיעגער. מען קען ניט פערגלייכען די היינטיגע גענעראלען מיט די גענעראלען פון גריכענלאנד, און עס איז זעהר שווער צו זאגען, צו זיינען זיי גע־ווען קאמפעטענטע אונפארטייאישע ריכטער צי ניין. סאפאקלעס אליין

שוואַכקייט, אונצופּריעדענהייט און פּעסימיזמוס האָבען פּערנומען דעם פּלאַץ פון דער אַמאָליגער לעבענס־לוסט, העלדענטהום, ענערגיע און יוגענדליכע קראַפט. אין די ווערק פון עווריפּידעס האָט זיך אָבגע־שיינט זיין עפּאָכע, זיין היסטאָרישע צייט. עסחילעס און סאָפאָקלעס האָבען געשריבען פון ערהאבענע געגענשטענדע מיט אַן ערהאבענער פּאָ־עטישער שפּראַך. זיי האָבען געשילדערט גרויסע געטער און בראַווע העלדען. עווריפּידעס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט ניעדריגער. אין זיינע ווערק איז ניטאָ אַזוי פיעל קונסט און שעהנע פּאָעזי. זיינע געטער קענען ניט זיין קיין מוסטער פון מאָראַל און גרויסע טהאַטען. ער איז אַ גרויסער אַפּיקורס און רעדט פון די געטער מיט אַ צינישער פרעכהייט. ער איז אַ דעמאָקראַט און שילדערט די קעניגע אַלס איינפאַכע דעספּאָטען און טיראַנען. אין די טראַגעדיען פון עסחילעס און סאָפאָקלעס ווערט גע־שילדערט דאָס, וואָס איז העכער פון'ם מענשען, דער אידעאַל ווי אַ מענש דאַרף זיין, עווריפּידעס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו זיינע מיט־מענשען און שילדערט זיי אַזוי ווי זיי זיינען.

עווריפּידעס איז געבוירען געוואָרען אין דעם יאָהר 480 פאָר קריסטוס. אָבוואָהל פיעלע זאָגען אַז ער קומט אַרויס פון זעהר אַ ניעד־ריגע אָבשטאַמונג, און זיין געגנער און פיינד דער גרויסער קאָמעדיען־דיכטער אריסטאָפאַנעס לאַכט זעהר אָב פון זיינע עלטערען, מוז מען דאָך צוגעבען, אַז זיינע עלטערען זיינען געוועזען וואָהלהאַבענדע מענ־שען. אָרימע לייט וואָלטען ניט געבען זייער זוהן אַזאַ גלענצענדע ער־ציהונג. מען דערצעהלט אַז איידער עווריפּידעס איז געבוירען געוואָרען, האָט דער אָראַקעל נביאות געזאָגט, אַז ביי זיי וועט געבוירען ווערען אַ זוהן, וועלכער וועט זיין אַ „טשעמפּיאָן", זיי האָבען געמיינט, אַז דאָס מיינט, ער וועט זיין דער ערשטער „פייטער", דער ערשטער אַט־לעט און האָבען געלעגט פיעל וויכטיגקייט אויף זיין אַטלעטישע ער־ציהונג. ער איז ווירקליך געוועזען אַ שטאַרקער אַטלעט און האָט נאָך אַלס זעהר יונגער מאַן צוויי מאָל בעזיעגט זיינע אַטלעטישע געגנער. אָבער ניט אויפ'ן אַטלעטישען פעלד איז איהם בעשערט געוועזען צו זיין אַ „טשעמפּיאָן". ער האָט אַליין פיעל מאָל בעזיעגט זיינע געגנער אויפ'ן פעלד פון פּאָעזי און דראַמאַ און שפּעטער איז ער אַנערקענט געוואָרען פון די רוימער און נאָך שפּעטער פון דער גאַנצער ציווילי־זירטער וועלט אַלס „טשעמפּיאָן" און גרעסטער דראַמאַטישער דיכ־

געיאָגט... אין די זעלבע טראַגעדיען גיט אונז סאָפאָקלעס דעם הער־ליכען געשטאַלט פון אנטיגאנע. (סאָפאָקלעס האָט זיך איבערהויפּט בעריהמט געמאַכט מיט זיינע מערקווירדיגע פרויען־טיפּען). דיעזע נאָ־בעלע אנטיגאנע קען גערעכענט ווערען אַלס פּראָטאָ־טיפּ פון שעקספּירס קארדעליע און פון פיעלע אַנדערע שעקספּירס גרויסע פרויען־טיפּען. שילדערענדיג דעם טיפּ פון אַנטיגאָנע, האָט סאָפאָקלעס בעוויזען, אַז ער האָט נאָך אַ סך פריהער פון די קריסטען בעגריפען און פערשטאַ־נען אַזאַ ליעבע, וועלכע פיהרט צו זעלבסט־ענטזאַגונג און זעלבסט־אויפּאָפּפערונג. אנטיגאנע זאָגט: ניט מיט־צוהאַסען בין איך דאָ, ניין! איך בין דאָ נאָר מיט־צו ליעבען!

וועגען סאָפאָקלעסעס טויט דערצעהלט אַ לעגענדע, אַז ער האָט זיך דערוואָרגען מיט אַ וויינטרויב, וועלכען איהם האָט געגעבען אַ בע־ריהמטער אַקטיאָר אַלס אַ מתנה. אָבער עס איז ניט מעהר וויאַ לע־גענדע. עס קען ניט זיין, אַז נאָך אין יענע אַלטע גוטע צייטען האָט זיך אַ דיכטער שוין געקענט דערווערגען מיט דער מתנה פון אַן אַקטיאָר...

נאָך סאָפאָקלעססעס טויט האָבען די גריכען זעהר געעהרט זיין אַנדענקען. זיי האָבען איהם גערעכענט פאַר אַ הייליגען און פלעגען אין זיין נאָמען ברענגען קרבנות.

---

ג.

# עווריפּידעס.

דער דריטער גריכישער טראַגעדיען־דיכטער איז דער וועלט בע־ריהמטער עווריפּידעס. אַנדערע שטעלען איהם העכער פון די ערשטע צוויי, עסחילעס און סאָפאָקלעס; אַנדערע, פאַרקעהרט, שטעלען איהם נידריגער פון זיי. עס קען זיין, אַז אין אַ געוויסען זינן זיינען ביידע מיינונגען ריכטיג. עווריפּידעס האָט געלעבט אין אַזאַ צייט ווען גרי־כענלאַנד האָט אָנגעהויבען פאַלען, ווען די גריכישע געזעלשאַפט און דער גריכישער „איינציגער" האָבען זיך שוין אָנגעהויבען דעגענע־רירען... דאָס הייסט, ווען פערדאָרבענהייט, גייסטיגע און פיזישע

דאָס לעבען איז אַ טראַגעדי... אַז אַלעס הענגט אָב פון'ם שיקזאַל, פון'ם מזל, פון דעם וואָס איז בעשלאָסען געוואָרען אין די הימלען. ער האָט זעהר ווענינ געהאַלטען פון די מאַכט פון די געטער. ער האָט פערשטאַנען אַז די דראַמאַ פון'ם מענשענס לעבען קומט פון דעם מענשענס טהאַטען. עווריפּידעס איז געווען דער הענריך איבסען פון די אַלטע צייטען. ער האָט זיך אויסגעשפּראָכען געגען אַלע הערשענדע שטיצען פון דער אַלטער געזעלשאַפט... אין אונזערע צייטען וואָלט מען איהם אָנגערופען סקעפּטיקער, אַנאַרכיסט, אינדיווידואַליסט... ער האָט דער ערשטער פון דער געטליכער טראַגעדיע געמאַכט אַ מענשליכע דראַמאַ. מען האָט זעהר געלאַכט פון איהם, וואָס ער האָט זיך ערלויבט ארויסצופיהרען אויף דער ביהנע געוועהנליכע בשר ודם'ניקעס, קבצנים און בעטלער... אויף די ברעטער, אויף וועלכע פריהער האָבען געשפּאַצירט געטער און טיטאַנען, האָט עווריפּידעס ארויסגעפיהרט קליינע, געוועהנליכע, מיזעראַבעלע, אונגליקליכע מענשען... ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט פערשטאַנען, אַז מען דאַרף שילדערען ניט נור די טהאַטען און געדאַנקען פון די העלדען, נאָר אויך זייער פּסיכאָלאָגישען צושטאַנד, זייערע געפיהלע, די ווירקונג פון זייער זעעלע. ער איז געווען דער ערשטער וועלכער האָט אין דער טראַגעדי אריינגעפיהרט אַ קאָמישען עלעמענט, אָבוואָהל דאָס איז געווען געגען די אַלטע טראַדיציאָנען, און ער האָט אליין אויפגעשריבען פיעלע טראַגי־קאָמעדיען. ער איז אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבען שרייבען פּראָלאָגען צו זיינע שטיק. אנשטאַט כאָרען אָדער גאַנצע הקדמות־פּיעסען, פלעגט דער פּראָלאָג ערקלערען, ווער וועט פּאָרקומען און וואָס איז דער געדאַנק פון דער טראַגעדי. לעססינג האָט זעהר אַ הויכע מיינונג וועגען זיינע פּראָלאָגען און זאָגט, אַז דאָס אליין גיט איהם שוין אַ רעכט גערעכענט צו ווערען אַלס מייסטער דער טראַגעדי. קיינער פון די דריי גריכישע טראַגעדיען־דיכטער האָט ניט געהאַט אַזאַ גרויסען איינפלוס ווי עווריפּידעס. איהם האָבען אימיטירט די שפּעטערע גריכישע שרייבער, שפּעטער די רוימישע, און נאָך שפּעטער אַלע גרויסע אייראָפּעאישע פּאָעטען און דיכטער. שיללער זאָגאַר האָט איהם גערעכענט אַלס אַ מאָדעל פון קלאַסישע ליטעראַטור. עווריפּידעס איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געצייגט אַז די עלעמענטען פון דראַמאַ זיינען מענשליכע געפיהלע, ליידענשאַפטען, ראַכע און קנאה. אין דער

טער... עווריפידעס האָט אָבער געקראָגען ניט נאָר אַן אַטלעטישע ער־ציהונג, ער האָט שטודירט פילאָזאָפי ביי די גרעסטע פילאָזאָפען פון זיין צייט, האָט געקענט מוזיק און איז געווען זעהר א טיכטיגער מאהלער. ער אליין איז געווען א גרויסער דענקער און פילאָזאָף און איז זיין לעבען לאַנג געווען איינער פון די אינטימסטע פריינד פון דעם גרויסען סאקראטעס.

זיין ערשטע טעטראלאגי האָט ער אויפגעשריבען ווען ער איז גע־ווען פינף און צוואנציג יאָהר אַלט. זיין ערשטען פרייז אָבער האָט ער ערהאַלטען ווען ער איז געווען 43 יאָהר אַלט. נאָכדעם האָט ער נאָך דריי מאָל געזיעגט איבער זיינע קאָנקורענטען. אין גאַנצען האָט ער אויפגעשריעבען 78, אנדערע זאָגען 92 טראַגעדיעס. פון זיי זיינען אי־בערגעבליבען 18 גאַנצע ווערקע: 15 טראַגעדיען, צוויי טראַגי־קאָמע־דיען און איין סאַטירישע דראַמאַ. ער איז געווען פונקט דער היפך פון סאָפאָקלעס'ן. ער האָט זיך ניט געמישט אין פּאָליטיק, האָט ניט גע־פיהרט קיין לוסטיגעס לעבען, האָט ניט פערבראַכט אין דער וועלט, ער איז אַם מייסטען געזעסען איבער ביכער און האָט געלערנט. אין זיין פאַמיליען־לעבען איז ער געווען זעהר אונגליקליך. ער האָט צוויי מאָל געהייראַט און זיינע ביידע פרויען זיינען איהם ניט ווערט געווען. ווייל מען האָט איהם אין דער שטאָט אַטהענא פערפאָלגט, ווייל די רעגירענדע קלאַסען האָבען איהם גערעכענט פאַר א געפעהרליכען אפּיקורס, וועלכער דענקט אזוי ווי סאקראַטעס, און ווייל אריסטאָפאַנעס האָט איהם זעהר פערשפּאָטעט אין זיינע קאָמעדיען, האָט ער אַלס אַל־טער מאַן פערלאָזט אַטהענאַ. די לעצטע צייט האָט ער געלעבט אין מאַקעדאָניע, וואו דער קעניג ארחעלוס האָט איהם זעהר פריינדליך אויפ־גענומען. ער איז געשטאָרבען, ווען ער איז געווען 71 יאָהר אַלט.

דער גרויסער פילאָזאָף אַריסטאָטעל האָט זעהר הויך געשטעלט עווריפּידעס'ן. ער האָט איהם אָנגערופען „דער טראַגישער טראַגיקער". ער האָט דערמיט געוויס געוואָלט בעצייכענען דאָס, וואָס מיר רופען אָן מיט'ן וואָרט „פּעסימיסט". עווריפּידעס האָט געלעבט אין א טרויע־ריגער צייט און האָט אַם מייסטען געזעהן נור דאָס טרויעריגע אינ'ם מענשענ'ס לעבען... זיין געדאַנק איז געווען: „דאָס וואָס לעבט, לעבט ניט" און אַז „אונזער לעבען איז דאָס שטאַרבען". זיין פּעסימיזמוס איז אָבער ניט געווען די פערצווייפלונג פון א מענשען, וועלכער גלויבט, אַז

שמייכעל איז געווען דער קריטישער שמייכעל פון א סקעפּטיקער. אין זיינע קאָמעדיען איז שטענדיג געווען פערבאָרגען א הויכער סימבאָלי־שער געדאנק... ער האָט געלאכט פון א פערזאָן און האָט געהאַט אין זינען די מענשען.

אריסטאָפּאַנעס איז געבוירען געוואָרען אין'ם יאָהר 444 פאַר קריסטוס'ן און איז געשטאָרבען 338 פאַר קריסטוס'ן... דאָס הייסט ער האָט געלעבט ביי א 56 יאָהר. ריכטיג ווייס מען ניט דעם יאָהר, ווען ער איז געבוירען געוואָרען און ווען געשטאָרבען. ער האָט אויפגעג־שריעבען 44 קאָמעדיען, פון וועלכע עס זיינען פערבליבען אין דער ליטעראַטור עלף. זיין ערשטע קאָמעדי האָט ער אויפגעשריבען, ווען ער איז אלט געווען זיעבצעהן יאָהר און פאַר פיעלע פון זיינע ווערקע האָט ער געקראָגען די ערשטע פּרייזען. ער אליין האָט גערעכענט פאַר זיין מייסטערווערק זיין בעריהמטע קאָמעדי „די וואָלקענס". דער הויפּט העלד פון דיעזער קאָמעדי איז דער גרויסער פילאָזאָף סאָקראַטעס... אין דיעזער קאָמעדי לאכט ער פון דעם זאָרט בילדונג, וועלכע לערנט דעם מענשען צו דראַפּען זיך אין די וואָלקענס, קריכען אין דער הויך און איגנאָרירען דאָס איינפאַכע לעבען מיט זיינע ערשיינונגען. אין גריכענלאַנד האָבען זיך דאַמאָלס פערמעהרט די זאָגענאַנטע סאָפיסטען, מענשען וועלכע האָבען ניט געהאַט קיינע פּראַקטישע ניצליכע אויפ־גאַבען אין לעבען און האָבען זיך נור בעשעפטיגט מיט דעם, וואָס זיי האָבען געשאַרפט די מוחות מיט פּלפּול, מיט חריפות. אַריסטאָפאַנעס האָט געמיינט, אז עס איז נויטיגער צו טאָן עטוואָס פּראַקטישעס, ניצליכעס, איידער צו פילאָזאָפירען, און דארום האָט ער גענומען דעם גרעסטען פילאָזאָף פון זיין צייט, דעם גרויסען סאקראַטעס און האָט אין זיין פערזאָן אָבגעלאַכט פון דער גאַנצער סיסטעם פון בילדונג.

סאקראַטעס אליין איז געגאַנגען אין טהעאַטער זעהן זיך אין „די וואָלקענס" און, ווי מען זעהט ארויס פון פּלאַטא'ס איי ניגע בעמערקונ־גען, האָט דאָס ניט געשאַדעט דעם גרויסען פילאָזאָף און דעם גרויסען קאָמעדיען־דיכטער צו בלייבען גוטע פריינד. אריסטאָפאנעס האָט איי־ניגע מאָל אין זיינע קאָמעדיען אויך אָבגעלאַכט פון פּלאַטא און פון זיי־נע טהעאָריען... ער האָט זאָגאַר געשריבען א פּאַראָדיע אויף פּלאַטא'ס אוטאָפּיסטישע „רעפּובליק", און פון דעסטוועגען האָט דאָס ניט גע־שטערט פּלאַטא'ן צו בלייבען א פערעהרער פון אריסטאָפאנעס'עס

צייט ווען עסחילעס האט קיין מאל ניט געשילדערט „א פערליעבטעס ווייב", האט עווריפידעס אין אלע זיינע פיעסען געשילדערט די מאכט פון דער ליעבע, די פאלגען פון אייפערזוכט, די רעזולטאטען פון גע־שלעכטליכע פערהעלטניסע. ער האט א רעכט גערופען צו ווערען דער אור־אור־פאטער פון דער רעאליסטישער דראמא. עווריפידעס איז געווען אויך דער ערשטער, וואס האט אריינגעפיהרט אין זיינע פיעסען גרויסע פילאזאפישע ערקלערונגען און טיעפזינניגע לאנגע מאנאלאגען.

ער איז געשטארבען, ווען ער איז געווען 71 יאהר אלט. ווייט פון זיין היימאטה, אין דער פרעמד, צווישען פרעמדע מענשען. די לעגענדע דערצעהלט, אז עווריפידעסעס טויט איז געקומען דערפון, וואס די הינט פון דעם טיראן ארחעלאוס האבען איהם צוריסען אויף שטיקער... עס איז נור א לעגענדע, אבער זי האט א גרויסע בעדייטונג... פיעלע שרייבער, וועלכע קומען מיט אריגינעלע געדאנקען און מיט נייע פאר־מען פון קונסט, ווערען צוריסען פון הינט...

---

ד.

## אריסטאפאנעס.

אין דעם זעלבען לאנד, ביי דעם זעלבען פאלק, וואו עס האט זיך ענטוויקעלט די טראגעדי, האט זיך אויך ענטוויקעלט די העכערע פארם פון קאמעדי. אריסטאפאנעס איז דער גרעסטער קאמעדיענ־דיכטער פון פארצייטיגען גריכענלאנד. אזוי ווי מיט א בייטש האט זיין שארפע סאטירע, זיין אבלאכען, געשמיסען אלעם פאלשעס, אונ־נאטירליכעס, לעכערליכעס אין דעם לעבען פון זיין פאלק. זיין וויטץ האט קיינעם ניט געשוינט, עס האט געמענט זיין א גאט, א מעכטיגער הערשער, א שטאאטסמאן, א פילאזאף, א געלערטער מענש, א רייכער גביר, א בעריהמטער פאעט. ער איז געשטאנען פאר די רעכטע פון פאלק און האט געפאדערט, די געזעלשאפט זאל זיך אומקעהרען צוריק צו די איינפאכע דעמאקראטישע פארמען פון לעבען. ער האט געלאכט ניט ווי א בדחן, ער האט געלאכט פון דער געזעלשאפט ווי א דענקער. זיין

טראגעדי... אין יעדע פון אריסטאָפאנעס'עס קאָמעדיען געפינט זיך שעהנע, לירישע פּאָעזי, ווי צום ביישפּיעל דאָס געטליכע ליעד, דער פויגלען כאָהר אין דער קאָמעדי מיט דעם זעלבען נאָמען, אָדער דער כאָר פון די „זשאבעס" אין דער קאָמעדי, מיט דעם נאָמען.

איינער פון די גרעסטע פילאָזאָפען דער וועלט, פלאטא, האָט ניט אומזיסט וועגען איהם געזאָגט: „די שעהנע גראציען האָבען געזוכט א וואָהנונג און האָבען זיך בעזעצט אין דער זעעלע פון אריסטאָפא־נעס..."



זשעני, — און מען זאָגט זאָגאר, אז ווען פלאטא פלעגט זיך לעגען שלאָ־פען זיינען אונטער זיין קישען געלעגן די קאָמעדיען פון אריסטאָפאנעס. מעהר פון אלע האָט אריסטאָפאנעס אָבגעלאַכט פון דעם בעוואוסטען טראגעדיענ־דיכטער עווריפידעס. ער האָט אָבגעלאַכט פון זיינע רעפאָר־מען, פון זיינע נייע טהעאָריען, פון זיין איינזאמען לעבען, פון זיין ווייבער־האס... פון די אלע פערזאָנען איז ניט געווען געפעהרליך צו שרייבען סאטירען. אריסטאָפאנעס האָט גאנץ דייטליך קריטיקירט די געטער און האָט אָבגעלאַכט פון דעם ראַכע־דורשטיגען און מעכטיגען דעמאגאָג און הערשער קלעאָן, פון וועמעס פעל ער לעגט פאָר אין איי־נע פון זיינע קאָמעדיען צו מאַכען פאַדראָשוועס...

זיין בעסטעס ווערק איז די קאָמעדי „די פויגלאך”; עס איז א גרויס סימבאָליש ווערק. צוויי מענשען רעדען איין די פויגלעך צו בויען א נייע שטאָדט אין דער לופטען, אום די געטער זאָלען צו זיי ניט קענען צוקומען... געוויס, ווי מען האָט געקענט ערווארטען, פלעגט די עלסטע פון די פויגלען עסען צום „סאפער” קלענערע פויג־לעך... און אויסער דעם, די געטער האָבען דאָך געקראָגען א וועג צו דער נייער קאָממונע... זיי האָבען איינגעליעבט איינעם פון די צוויי איניציאטאָרס אין יופיטער'ס שעהנע טאָכטער און פון דער נייער קאָ־מונע איז געוואָרען א תל. אין דער קאָמעדי „פלוטוס” פיהרט ארים־טאָפאנעס דורך אַן עקאָנאָמישען סימבאָל דער גאָט פון רייכקייט איז בלינד, דערפאר איז ניטאָ קיין גערעכטיגקייט אין דעם צוטהיילען פון אייגענטהום. עס געפינט זיך א כוואַט, וועלכער מאַכט דעם גאָט פון רייכטהום זעהענדיג און ער קוקט זיך ארום, וואָס פאר אַן אונרעכט עס האָט געהערשט ביז יעצט... ער צוטהיילט דאָס רייכקייט צו די, וועל־כע פערדיענען עס... אין אנדערע ווערקע בעריהרט אריסטאָפאנעס די פרויען־פראגע. ער לאַכט פון זייערע שוואַכקייטען און קעמפפט פאר זייערע רעכטע.

ניט דאָ איז דער פּלאַץ איבערצוגעבען דעם אינהאַלט און די בע־דייטונג פון יעדער קאָמעדי, וואָס איז געשריבען געוואָרען פון ארים־טאָפאנעס'ען. מיר ווילען דאָ נור באַמערקען, דאָס דיעזער זשעניאַלער קריטיקער און אָבלאַכער איז אויך געווען א גרויסער פּאָעט. די גרעסטע פילאָזאָפען פון זיין צייט האָבען אַנערקענט, אז אין זיין קאָמעדי איז דאָ אזוי פיעל שעהנקייט, ערהאַבענקייט און פּאָעזי ווי אין דער אַלטער

דונקעלע, בלייכע בילדער. איהר קענט זעהן די אומוואַנדלונגען, וועלכע ווייזען זיך אויס פאַר גרויסע דענקער אַזוי קליינליך, אונבעדייטענד, אָדער וועלכע שפּיעלען דאָך אַזאַ גרויסע ראָלע אין'ם מענשענס לעבען. מאָליער האָט גענומען דיעזע קליינע סיוזשעטען פון מענשענ'ס לעבען, ער האָט גענומען דיעזע געוועהנליכע טהעמאַן און האָט זיך דאָך אַנידער־געשטעלט מיט זיי אין דער ערשטער רייהע מיט די גרעסטע דיכטער פון דער וועלט!

מאָליער איז געבוירען אין פּאַריז אין 1620 יאָהר. זיין פאָטער איז געווען אַ האָף קאַמערדינער און ער אליין איז אויך געווען אַ קאַ־מערדינער ביי לואיס דעם 14טען. ער איז געווען אַ קאַמערדינער און האָט זיך בעקענט מיט דעם לעבען פון די העכערע קלאַסען, ער האָט געזעהן וועלכע שמוץ ליגט פערבאָרגען אונטער דעם גלאַנץ פון זייער רייכטהום און כלומרשטיגע בילדונג, וועלכע לערע קעפּ זיי האָבען אונ־טער די שעהנע פּאַריקען מיט די לאַנגע לאָקענעס — דאָס איז איהם צוניצגעקומען פאַר זיינע ווערק. ער האָט אומגעוואַנדערט מיט אַ טרופּע אַקטיאָרען איבער אַלע שטעדט און דערפער, האָט אליין געשפּיעלט אַלס אַקטיאָר אין באַלאַגאַנעס — און האָט זיך בעקאַנט געמאַכט מיט אַלע קלאַסען מענשען, האָט געלערנט פערשיעדענע טיפּען, האָט שטו־דירט דאָס לעבען פונ'ם מענשען אויף אַ פּראַקטישען וועג — דיעזע מענשען האָט ער געשילדערט אין זיינע קאָמעדיען. מאָליער האָט גע־ענדיגט אַ יעזואיטישע קאָלעגיום, האָט געלערענט די אַלטע קלאַסישע שפּראַכען, האָט זיך בעקאַנט געמאַכט מיט די ווערק פון די גרויסע גרי־כישע דיכטער און האָט נאָכדעם געשריבען זיינע קאָמעדיען, ווי דער גרויסער גריכישער קאָמעדיען־פערפאַסער אריסטאָפאַנעס האָט געשרי־בען, מיט דער זעלבער ריכטונג, און מיט דעם שטייגער; ער האָט גע־שריבען מיט רעאַליסטישע וואַרהייט און פּסיכאָלאָגישע קענטניס.

מאָליער האָט געשריעבען נור קאָמעדיעס. מע מעג זאָגען, דאָס ער איז געווען דער גאָט פון לאַכען. צוזאַמען מיט איהם האָבען געלאַכט די געבילדעטע מענשען פון גאַנץ אייראָפּאַ, צוזאַמען מיט איהם לאַכט יעצט די גאַנצע געבילדעטע וועלט.

מאָליער האָט געשריבען נור קאָמעדיען. עס זיינען דאָ מענשען וועלכע רעכענען זיך פאַר סעריעזע, ערנסטע קריטיקער און וועלכע זו־כען אין יעדע דראַמאַטישען ווערק נאָר צופּענדע סצענען, מיט טרערען,

# מאָליער.

עס זיינען דאָ פערשיעדענע זשעניאַלע דיכטער, וועלכע האָבען זיך בעריהמט געמאַכט מיט זייערע ווערקע. אייניגע האָבען בעטראַכט דעם מענשען אַלס אַ מעכטיגען גאָט, אַלס אַ דענקענדען העכערען געשעפּף, אַלס אַ געוואַגטען קעמפּפער; אַנדערע האָבען דעם זעלבען גאָט־מענש בעטראַכט אַלס אַ קליינע שוואַכע בריאה׳לע, מיט נאַרישע ליידענשאַפּ־טען, מיט קינדישע שטרעבונגען, מיט קליינליכע זאָרג, מיט אַ שווערען קאַמפּף פאַר זיין דאַ־זיין.

מאָליער געהערט צו די אַנדערע. ער האָט ניט געשילדערט קיין מענשליכע געטער, וועלכע דונערן פון די הימלען; ער האָט ניט ארויסגעפיהרט קיין דענקער, וועלכע פרעגען: „זיין אָדער ניט זיין?" ער האָט ניט גענומען קיין אויסערוועהלטע נאַטורען, וועלכע קעמפּפען פאַר גרויסע אידעאַלען. ער האָט גענומען מענשען, געוועהנליכע בעקאַנ־טע מענשען, ווי זיי שטעהען און געהען, ווי זיי האַנדלען און פיהרען זיך אויף, ווי זיי דענקען און בעגעהען דומהייטען, ווי זיי לאַכען און וויינען, ווי זיי לעבען און ווי זיי פערשטעהען דאָס לעבען.

מאַכען זיך בעריהמט מיט ווערק, וועלכע בעהאַנדלען געוועהנליכע קליינע מענשעלעך איז זעהר שווער. ווען אַ געניאַלער דיכטער מאָהלט גרויסע טיטאַנען, גבורים, קעמפּפער, דאַן גיט ער זיי גרויסע געדאַנקען, מעכטיגע ווערטער, אויסעראָרדענטליכע טהאַטען. ער רינגעלט זיי אַרום מיט אַ איבעראַשענדער אויסשטאַטונג. אין אַזעלכע ווערק איז אויף יע־דען טריט דאָ עטוואָס בעזאָנדערעס. די הימלען ציטערן, די ערד פּלאַ־טיצט, גרויסע פעלזען שטירצען, ימים רוישען, ערהאַבענע געדאַנקען שיינען און גלאַנצען. אין ווערקע אָבער וואו עס שילדערט זיך דאָס גע־וועהנליכע וואָכעדיגע לעבען פון מענשען, קענט איהר זעהן נאָר דעם שמוציגען מאַרק פון דעם מענשענס טהעטיגקייט, איהר קענט זעהן

„קלאַסישע" דראַמען די צוויי בעריהמטע פראַנצויזישע דיכטער: קאָר־נעל און נאָכדעם ראַסין. זיי האָבען געשריעבען קלאַסיש, ווייל זיי זיינען געגאַנגען מיט די רעגלען און געזעצע פון די אַלטע גריכישע דיכטער. אין זייערע אַ דראַמאַ האָבען געמוזט זיין דריי איינהייטען: די איינהייט פון פּלאַץ, די איינהייט פון צייט און די איינהייט פון האַנד־לונג. זיי האָבען גערעכענט אַז עס איז אַ ערניעדערונג פאַר דער הויכער פּאָעזי צו דראַמאַטיזירען געוועהנליכע קרעמער, הענדלער, אָדער אפילו האָפּלייטע, דערפאַר האָבען זיי גענומען טהעמאַן פון דער היס־טאָריע; זייערע העלדען זיינען אַלע געווען פּאַטריאָטען, זייערע פּערזאָ־נען האָבען גערעדט מיט קאַלטע, אויסגעשניצטע אויסגעטאָקטע מליצה. עס זיינען אָבער אין זייערע פּיעסען ניט געווען קיין לעבעדיגע טיפּען, קיין ווארהייט, קיין לעבען...

מאָליער איז געקומען און האָט געזאָגט, אַז די אַלע רעגעלען מיט די דריי איינהייטען, מיט די הויכע מליצות האָבען ניט קיין ווערט. ער איז ניט געפּאָהרען עבר לים זוכען העלדען פאַר זיינע קאָמעדיען, ער האָט זיי גענומען, וואו ער האָט זיי בעגעגענט. אַלע זיינען געווען פאַר איהם גוט: דאָקטוירים, אַדוואָקאַטען, קרעמער, פּראָצענטניקעס, האָפּסלייטע, מאָנאַכען, געלעהרטע פרויען, בויערן. ניט קיין העלדען האָט ער געזוכט — ער האָט געפּאָדערט מענשען, און לעבעדיגע מענ־שען האָט ער געשילדערט און געמאָלט אין זיינע מייסטערווערקע. ער האָט פערטריבען פון דער ביהנע די פּאַיאַצען מיט די פּאָנטשינעלען, וועלכע האָבען געדאַרפט קיצלען דאָס פּובליקום מיט אויסגעטראַכטע, פאַלשע, ציניִשע וויצען, ער האָט גענומען דאָס קאָמישע וואָס געפינט זיך אין ווירקליכען לעבען און האָט עס אַזוי לעבענסטריי פאָרגעשטעלט, דאָס יעדער האָט געמוזט לאַכען מיט אַ נאַטירליכען און געזונטען גע־לעכטער.

העכער דרייסיג מערקווירדיגע ווערקע האָט פערפאַסט מאָליער אָבער נאָר אייניגע פון זיי וועלען מיר דאָ בעשפּרעכען. מיר געפינען פאַר נויטהיג בעקאַנט צו מאַכען דעם לעזער מיט דיעזע זיינע וועלט בעריהמטע ווערקע: „דאָן זשואַן", „טאַרטיוף" און „מיזאַנטראָפּ". איז ניט דערפאַר ווייל דיעזע ווערקע זיינען די בעסטע—דאָס ערשטענס, ווייל דיעזע דריי קאָמעדיען זיינען מעהר בעקאַנט און צווייטענס, ווייל די פראַגען, וועלכע מאָליער בעריהרט אין דיעזע ווערקע, זיינען

מיט זיפצען, מיט געוויין. אזעלכע קריטיקער זיינען זעהר אונצופריע־דען מיט קאָמעדיען — זיי פערשטעהען ניט, וועלכע נוצען קען ברייגגען א ווערק, וואָס צווינגט דעם צושויער צו לאכען. זיי צוליעב רעכענען מיר פאר נייטיג צו ציטירען די ווערטער פון דעם בעריהמטען דיכטער און קריטיקער לעססינג: „די קאָמעדי וויל דורך לאכען בעסערן, אָבער ניט חלילה דורך פערלאכען. „ווען מיר זעהען אויף דער ביהנע די לעכער־ליכע אייגענשאפטען פון דעם מענשענס נאַטור און זיינע שוואכקיי־טען, הויבען מיר אָן צו פערשטעהן די מענשען, וואָס ארום אונז, מיר לערנען זיך בעאָבאכטען און זעהן דאָס קאָמישע און לעכערליכע אינ׳ם לעבען. די גאנצע מאָראל מיט מוסר זאָגען און מגידות האָט ניט אזא קרעפטיגען, ווירקזאמען מיטעל, ווי דאָס „לעכערליכע". פון די ווער־טער אליין קען מען שוין זעהן, אז אויף דער ביהנע איז דאָס לעכערליכע ניט ווענינער נוצליך אלס דאָס וויינערליכע. און עס איז לייכט צו פערשטעהן, ווי אזוי מאָליער האָט מיט זיינע קאָמעדיען ערוואָרבען זיך אזא נאָמען, ווי שעקספיר מיט זיינע דראמען.

מאָליער איז געבוירען געוואָרען פיער יאָהר נאָך שעקספירס טויט. די דראמאטישע ליטעראטור האָט געהאט אַן אוצר מיט געניאלע ווערק, געשריבען פון אזא זשעניאלען דיכטער, ווי וויליאם שעקספיר, און דאָך האָט מען געשפיעלט אין אלע טהעאטערע אונזיניגע טינגעל־טאנגעל שטיק. אין גאנץ אייראָפּא איז דער טהעאטער געשטאנען זעהר ניעדריג. איטאליענישע קאָמעדיאנטען האָבען געררייזט איבער דער וועלט מיט פּאיאצישע דראמען. דאָס קאָמעשיע אין יעדער פיעסע איז בעשטאנען אין דעם, וואָס אין יעדען אקט פלעגט ערשיינען א מין בדחן א פּאיאץ, וועלכער פלעגט זיך רופען ארלעקין אָדער פּאָנטשנעילי. ער האָט געמוזט מאכען דעם עולם פריילין. זיינע ווערטער האָבען זיך גאָר ניט געקלעפּט צום אינהאלט פון דער פיעסע, זיין פּאיאצקער קאָס־טיום האָט גאָר ניט געהאט צו טאָן מיט דער היסטאָרישע עפּאָכע, וועלכע איז געווען געשילדערט אין דער פיעסע. ער פלעגט ערשיינען מיט גלעקליך, מיט רויטע שמאטעס, פלעגט רעדען ניבול פּה, ברעכען זיך, שפּרינגען ווי א באָק, קרימען זיך, קוליען זיך... האָט ער זיך ארויסגעקוליעט פון דער ביהנע, האָט זיך ווידער אָנגעפאנגען „דאָס ערנסטע"!...

עס איז וואהר, אז אין דער צייט פון מאָליערן האָבען געשריבען

ער פיהרט אַן אונזיניג אונניצליך לעבען, הרג'עט אָפּ זיינע טעג און יאָהרען, ברענט אַ וועלט.

דאָן זשואַן האָט נור איין צוועק, איין שטרעבונג, איין פליכט — ער וויל און מוז לעבען אַ גוטען טאָג. ער פערפיהרט פרויען דוצען ווייז, דועלירט מיט יעדען, ווער עס הינדערט איהם פון צו געהן מיט'ן וועג פון תענוגים; הרג'עט מענשען לאַכענדיג; שטעלט אויס זיין ברוסט געגען דעם פיינד'ס שווערט און זינגט אַ ליעדעלע. ער ווערט בעגייסטערט פון פרויען שעהנקייט, ווי אַן אַרטיסט, און צוברעכט זייערע הערצער ווי אַ גזלן. דאָן זשואַן שפּאָטעט פון גאָט, פון גלויבען, פון יעדע קירכען אָרגאַניזאַציאָן, פון פרומקייט, פון די הייליגע געזעצע, פון יעדע רעגיערענדע מאַכט. זיין דיענער, דער אַלטער סאַגנארעללא, איז אַן אַדוואָקאַט פאַר גאָט, זיין הייליגע קירכע און פאַר די הייליגע געזעצע אויף וועלכע די געזעלשאַפט איז געגרינדעט. מאָליער האָט גע־וואוסט, דאָס די יעזואיטען און פרומע גלחים וועלען איהם ניט פער־געסען, וואָס ער פיהרט ארויס אַזאַ אפּיקורסישען טיפּ מיט אַזעלכע פרייע מיינונגען, האָט ער אַנטקעגען דאָן זשואַן אַנידער געשטעלט דעם גלויביגען סאַנגאַרעללא. עס האָט איהם אָבער ניט געהאָלפען, די פרומע צבוע'קעס האָבען איהם פערפאָלגט ניט נאָר ביים לעבען, נאָר אפילו נאָך זיין טויט.

— איך מוז אייך מאַכען אייניגע בעמערקונגען, — זאָגט דער דיענער סאנגארעללא צו זיין הערר דאָן זשואַן, — מען מוז אייך טאַדלען פאַר אייער אויפפיהרונג. נו, וואו איז דאָס געזעהן געוואָרען אין דער וועלט, אַ מענש זאָל יעדען חודש שטעלען אַ חופּה מיט אַן אַנדער ווייב?

— זאָג אליין, — ענטפערט איהם דאָן זשואַן, — גיבט עס דען אויף דער וועלט עטוואָס בעסערעס?

— יאַ, איך פערשטעה, עס איז זעהר אַנגענעהם און אינטערע־סאַנט; איך וואָלט זיך אַליין אויך ניט אָבגעזאָגט פון אַזאַ פערגניגען, ווען דאָס וואָלט ניט געוועזען אַן עבירה. געוואַלד! ווי קען מען מאַכען שפּאַס פון אַ חופּה? עס איז דאָך איינע פון די וויכטיגסטע רעליגיעזע איינריכטונגען. אַ קליינינגקייט, קדושין? אַ חופּה?... איהר הויבט זיך אָן מיט אַ גאָט?...

— אַך, יאַ מיט גאָט? נו מיט איהם וועל איך שוין דורכקומען....

אלגעמיינע פראגען און האָבען אַ אינטערעס פאר יעדער צייט און פאר יעדען מענשען.

אין די צייטען פון מאָליער זיינען נאָך ניט בעקאנט געווען אזעלכע פערזענליכקייטען, אזעלכע מעכטיגע מענשען פון דער געזעלשאפט, וועלכע זאָלען קעמפפען ווי העלדען פאר זייערע רעכטע, פאר זייער פרייהייט און זייער פאָליטישע גלייכהייט — עס איז נאָך געווען פאר דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציאָן. פון אזעלכע קעמפפער, וועלכע זאָלען קעמפפען פאר דער מענשהייט, פאר סאָציאלע אידעאלען, פאר עקאָנאָמישע גלייכהייט האָט דאמאָלס אפילו קיין רייד ניט געקענט זיין. דערפאר האָט מאָליער געשילדערט, די געוועהנליכע מענשען, וועלכע האָבען געלעבט ארום איהם, און האָט געמאָהלט אזעלכע פראנצויזישע טיפען, וועלכע זיין צייט האָט פראָדוצירט. דאָך גיבען אויך ביי איהם אזעלכע טיפען, וועלכע דארפען אנערקענט ווערען אלס אל־מענשליכע טיפען. זיין „דאָן זשואַן" איז אזא אל מענשליכער טיפּ ווי שעקספירס „האמלעט" און געטהע׳ס „פאוסט". געוויס, דאָן זשואַן איז ניט קיין געלערטער דאָקטאָר פאוסט, וועלכער האָט זיך ערשט אויף די אלטע יאָהרען ארומגעקוקט אז ער האָט נאָך ניט געלעבט און האָט געוואָלט דאָך נאָך האָבען דעם פערגניגען פון לעבען. ער איז אויך ניט דער צו־וועהטיגטער יונגער האמלעט, וועלכער פילאָזאָפירט אין דער געגענוואַרט פון דער שעהנע אָפעליע פונ׳ם טויט און פון דעם, וואָס אין מענשענס לעבען איז אלעס הבל הבלים, הכל הבל.

דאָן זשואַן איז אַ פּראָדוקט פון אומשטענדע וועלכע מאכען פון אַ מענש פונקט ניט דאָס, וואָס ער קען זיין. ער איז אַ קינד פון זיין געזעלשאפט; אַ דורכגעטריבענער יונג, אַ פייערדיגער חברה־מאַן, אַ קלוגער אפיקורס, אַ פרייער פויגעל. ער איז פול מיט לעבען, מיט ענערגיע און קראפט. ער האָט נאָבעלע געפיהלען און ווייס אָבער ניט פון קיינע אָרענטליכע פּרינציפּען; ער איז קלוג און פערברייננגט די צייט אין נאַרישקייטען; ער איז בראוו ווי אַ העלד, האָט ענערגי און בעשלאָסענהייט, איז שטארק און מעכטיג און פערשווענדעט זיין קערפערליכען און גייסטיגען רייכטהום אומניצליך, ווייל ער האָט ניט קיין אידעאלען, פאר וועלכע ער זאָל קעמפּפען; האָט קיין גלויבען ניט פאר וועלכען ער זאָל שטארבען; האָט קיין ציעלען ניט צו וועלכע ער זאָל שטרעבען.

ליכער וועלט, וואו עס האָט שוין דאַמאָלס געמאַכט אַ רעש פּרענסים בייקאָן, וועלכער האָט געפאָדערט, אַז דער מענש זאָל ניט גלויבען אין קיינע אילוזיאָנען און אין די אַלע זאַכען, וועלכע מען קען ניט איבער־ציילען, איבעררעכענען, אַנאַליזירען און צושניידען מיט אַן אַנאַטאָמי־שען מעסער, — דאָס איז ניט נאָר אין דער וויסענשאַפטליכער ליטע־ראַטור, נאָר אויך דיינקענדע דיכטער האָבען שוין דאַן מיט זייער פערשטאַנד אויסגעפונען, אַז דעם מענשענס שכל דאַרף ניט גלויבען אין גייסטיגע אויטאָריטעטען, און אַז געוויס איז נאָר דאָס, וואָס מען קען בעגרייפען מיט די חושים, וואָס איז אַזוי איינפאַך און וואַהר, ווי צוויי מאָל צוויי איז פיער.

דיעזע פראַזע איז אויך מערקווירדיג דערמיט, וואָס זי איז אָפען פאַר דער גאַנצער וועלט אויסגעשפּראָכען געוואָרען מיט עטליכע הונ־דערט יאָהר צוריק, ווען מע פלעגט נאָך אונגלויביגע פאַר זייער אפיקורס׳עס פעראורטהיילען צום טויט, און, ווען די איבערצייגונג, אַז שדים מיט שוואַרצע ניט־דאָ־געדאַכטען עקזיסטירען, איז געווען נאָך אַזוי שטאַרק, דאָס מע האָט מכשפים און מכשפות געברענט אויפ׳ן פייער. אין אַזאַ צייט צו וואַגען אַרויסטרעטען מיט אַן ערקלערונג, אַז גלויבען קען מען נאָר אין דעם, אַז צוויי מאָל צוויי איז פיער, האָט געהייסען אויפרייצען געגען זיך אַלע סאַנגנאַרעללאָס פון דער פאַנאַטי־שער וועלט.

מיר מוזען זיך ווידער אומקעהרען צו אונזער העלד, צום אפיקורס, דעם אויסגעלאַסענעם חברה מאַן און קלוגען יונג — דאָן זשואַן. ווען ער דערזעהט, אַז איהם שטעהט פאַר שווער צו בעצאָהלען פאַר אַלע זיינע מעשים, פאַר אַלע זיינע שטיפערייען און זינד, געפינט ער ניט קיין אַנדער מיטעל ווי צו בעשיטצען זיך ווי מיט דער מאַסקע פון פרומקייט. מען קען ניט זיין פריי, זאָגט ער, ביז וואַנען מע מאַכט זיך ניט כלומרשט פאַר אַ שקלאַף. זיין אַ צבויעק — הייסט געניסען פאָל־קאָמענע פרייהייט. עס האָט קיין זינן ניט, זאָגט דאָן זשואַן, אָפען צו טאָן, וואָס מען פערלאַנגט און פערטיידיגען די טהאַטען דערמיט, וואָס דער שכל הישר רעדט פאַר זיי. ניין! דאָס איז וועניג, דערפאַר וועלען אייך מענשען פערפאָלגען. אָבער זיין אַ פערמאַסקירטער, פערטיידיגען זיך מיט גאָט׳ס אויטאָריטעט איז זעהר גרינג און בעקוועם. מענשען וועלען אייך ניט מוחל זיין אייער קלענסטען פעהלער, אויב איהר באַ־

מיר וועלען שוין מיט איהם איינפערשטאַנדען זיין. מיר וועלען זיך ניט קריגען.

דער גלויביגער, פרומער גאָט׳ס אַדוואָקאַט, סאַגנעראַללאַ, וואָלט אויך יעדער מאָנאַט פערפיהרט און אונגליקליך געמאַכט אונבעשיצטע פרויען, ווען עס זאָל נאָר ניט זיין געגען גאָט. דאָן זשואַן אָבער זאָגט: ווי באַלד עס איז נאָר אַ גאָט זאַך, וועלען מיר שוין מיט איהם ווי עס איז איינפערשטאַנדען ווערען.

אַ צווייטען מאָל געהט סאַגנאַרעללאַ נאָך ווייטער, ער ווענדעט זיך צו זיין הערר מיט אַ פשוטע שאלה:

— ערלויבט מיר צו פרעגען, מיין הערר, איז דאָס וואהר, אַז איהר גלויבט ניט אין גאָט?

— ער האָט געפונען פון וואָס צו רעדען — ענטפערט דאָן זשואַן.

— איך פערשטעה, דאָס הייסט איהר גלויבט ניט. אָבער, ווען איהר גלויבט ניט אין גאָט, גלויבט איהר דאָך לכל הפחות אַז עס איז דאָ אַ גיהנום?

— עט!

— וואָס? אָבער אין שדים, און אין עולם הבא מוזט איהר דאָך גלויבען!

— חאַ! חאַ! חאַ! לאַכט אוהם אויס דאָן זשואַן.

דער גלויביגער סאַגנאַרעללאַ פערלירט ענדליך זיין געדולד.

— סטייטש, אין קיין זאַך אין דער וועלט ניט גלויבען! אין עט־וואָס גלויבט איהר דאָך?

— איך? סאַגנאַרעללאַ, איך גלויב נאָר, אַז צוויי מאָל צוויי איז פיער!...

צוויי מאָל צוויי איז פיער! ניט אומזיסט ווערט יעדער דיינקענ־דער מענש ענטציקט פון דיעזער קורצער און איינפאַכער פראַזע, ניט אומזיסט האָט מען דיעזע פראַזע אַזוי פיעל מאָל ווידערהאָלט. מיט דיזע איניגע ווערטער ווערט אויסגעדריקט אַ גאַנצע סיסטעם פון מענש־ליכען דענקען, אַ גאַנצע ריכטונג פונ׳ם מענשענס געדאַנקען. ניט דאָ איז דער פּלאַץ צו רעדען דערפון, אויף וויפיעל דעם מענשענס פער־שטאַנד קען בעפריעדיגט ווערען מיט אַזעלכע עלעמענטאַרישע אַקסיאָ־מען, ווי צוויי מאָל צוויי איז פיער. אָבער דיעזע פראַזע איז מערקוויר־דיג דערמיט, וואָס זי איבערצייגט, דאָס ניט נאָר אין דער וויסענשאַפט־

דאָן זשואַן האָט געגעבען אַזאַ דייטליכע בעשרייבונג און וועלכער טוט שלעכטס זיינע מיט־מענשען טויזענדער מאָל מעהר פון צוואַנציג דאָן־זשואַנען, נאָר וועלכער פערקריעגט זיך ניט מיט גאָט. ער רעדט שטיל און זאַנפט, גלאָצט מיט די אויגען צו די הימלען. ער איז זיס און ווייך, לייג איהם צו אַ מכה... די שכינה רוהט אויף איהם און פערדעקט די עקעלהאַפטע העסליכקייט פון זיין כאַראַקטער. ער איז אַ גרויסער בעל תאוה און דאַווענט אַ סך; אַ ניעדריגער געמיינער עגאָאיסט און רעדט נאָר פריינדליך. ער וואָלט אריינגעכאַפּט די גאַנצע וועלט און מאַכט זיך, אַז ער דאַרף קיין זאַך ניט. ער וואַגט ניט צו האָבען זיין אייגענע מיינונג, דערפאַר זיינען פאַר איהם אַלע מיינונגען גוט. ער וואַגט ניט חלילה אימיצען צו רעדען אַנקעגען דערפאַר זיינען איהם אַלע גוטע פריינד.

אונטער זיין מאַסקע פון גאָטפאָרכטיגקייט איז בעהאַלטען אַ בלוט־דורשטיגע בריאה. ער איז אַן אונערזעטליכער וואָלף, וועלכער טראָגט די יאַרמולקע פון אַ צדיק. מיט זיין צבוע'יאַצקע גוטקייט גנב'עט ער זיך אריין אין אַ פיינע פאַמיליע, געווינט דעם צוטרוי פון דעם פאַמיליען־פאָטער, פּלאַנעוועט ווי אַזוי צו בערויבען דעם פערמעגען פון זיין פריינד און בעשיצער, וואַרפט אויגלעך אויף זיין שעהנע ווייבעל און שדכנ'ט זיך צו זיין טאָכטער. מיט זיינע תפילות און תחינות, מיט דעם, וואָס ער פאַסט אַלע מאָנטאַג און דאָנערשטאַג און שלאָגט זיך אַלע ווייל אשמנו, מיט דעם אַלעם הרגעט ער ניט אָפּ אין זיך די גשמיות'דיגע תאוות, — ער פערבאָרגט זיי נאָר. מיט די ליפּען קלאָגט ער און זאָגט „על חטא" און מיט'ן גאַנצען קערפּער, מיט אַלע זיינע געדאַנקען דענקט ער נאָר פון ניעדריגע חטאים און מיאוסע זינד.

אַזוי שילדערט מאָליער די ערשטע ערשיינונג פון דיעזען העלד. טאַרטיוף שטעהט ביי דער טהיר און רעדט מיט זיין דיענער, גאַנץ נאַטירליך, פון זעהר געוועהנליכע זאַכען. ער דערהערט אָבער אַ שאָרעך אונטער דער טהיר און ציהט שוין אויף זיך אַרויף די צבוע'יאַצקע מאַסקע. ער רעדט שוין מיט אַן אַנדער טאָן און פון אַנדערע זאַכען.

— יאַ, לאָרענץ, זאָגט ער מיט אַ זיסע פרומקייט, וועסט נעהמען מיין תשובה־מאַנטעל און די רצועה מיט וועלכע איך שלאָג זיך מלקות און וועסט עס פערשפּאַרען אין שאַפע. און פאַרגעס ניט בעטען גאָט, ער זאָל דיר שיקען גוטע געדאַנקען... יאַ, און אפשר פרעגט אימיצער

געהט איהם אין אייער אייגענעם נאָמען, זיי וועלען אָבער אייך פער־ציהען די גרעסטע שוויינעריי, די שרעקליכסטע אונרעכט אויב איהר טוט זיי אין דעם נאָמען פון אייער גאָט. זינדיגען אָפען טאָר מען ניט, זאָגט דאָן זשואַן, דערפון בעלעדיגען זיך די מענשען, אָבער ווען איהר זינדיגט אזוי, אז מענשען זאָלען וויסען און ניט זעהן, זייט איהר א פיינער מענש...

דער זינדיגער בעל טענה און אפיקורס ווערט זעהר שרעקליך בעשטראָפט: צו דעם מאַטעריאַליסט, וואָס גלויבט נאָר, אז צוויי מאָל צוויי איז פיער, קומט צו געהן א שטיינערנער גייסט און שלעפּט איהם אריין אין שאול תחתיה אריין.

איהר מיינט געוויס, מאָליער האָט געוואָלט ווייזען מיט אזא ענדע אז ער האַלט מיט די פרומע סאגנארעללאס? עס הויבט זיך ניט אָן. די ענדע ווייזט, ווי גוט דער זשעניאַלער דיכטער האָט פערשטאַנען די פאַלשע צבועקעס. ווען דער רשע, דער זינדיגער אפיקורס, דער מענש, וואָס האָט אזוי פרעך גערעדט געגען סאגנארעללאס גאָט, — ווען דאָן זשואַן פאַלט אריין אין גרוב פון דער טהעאַטער ביהנע, ווערט סאגנא־רעללא ניט דערפרייט מיט דעם; ער ווערט ניט איבערראַשט, וואָס גאָט איז פּטור געוואָרען פון אזא געפעהרליכען שונא. ער פערגעסט אויף גאָט, אויפ'ן גיהנום, אויף אַלע הימלישע זאַכען און געדענקט נור איין זאך: פון דאָן זשואַנען קומט איהם עטליכע גראָשען.

„מיינע שכירות! מיינע שכירות!" שרייט סאגנארעללא, ווי א פערוווירטער. „זעהט, מיט דאָן זשואַנ'ס ענדע האָט זיך גאָט בעפריע־דיגט און זיין צאָרן געשטילט. עס איז גענומען געוואָרען נקמה פאַר די פערשפּאָטעטע געזעצע, עס איז גענומען געוואָרען ראַכע פאַר די פער־פיהרטע מאַמזעלען און ווייבלעך און בעליידיגטע מענער; אַלע זיינען יעצט צופריעדען געשטעלט, נאָר איך, נאָר איך, וועה איז מיר! נאָר איך בין געבליבען מיט א נאָז! געוואַלד! מיינע שכירות! מיינע שכירות! מיין געלד!"

די פּאָר גראָשען זיינען ביי די סאגנארעללאס טייערער פון דעם טריאומף פון די הימלען. זיי זיינען בערייט אָנצונעהמען זיך פאַר גאָט, אויב דאָס קאָסט זיי קיין געלד ניט...

טארטויף איז א טיפּ פונקט דער היפך פון דאָן זשואַן, — דאָס איז אייגענטליך דער פערמאַסקירטער, פאַלשער „וצדקתך", פון וועלכען

גיאָן און דאָס איז זיין ליעבע צו זיך אליין. טארטיוף׳ס גאָט איז טאר־טיוף — אליין!... דער טיפּ פון די טארטיופען, די פּסיכאָלאָגישע פּראָצעסען, וועלכע קומען פּאָר אין דעם מענשען, זיינע שטרעבונגען זיינען געשילדערט מיט אַ מייסטערהאַפטער האַנד. איהר זעהט אויך און פערשטעהט פאר וואָס די טארטיופען פערדיענען אויף דער וועלט כבוד, אכטונג און צוטרויען... דער סעקרעט, מיט וועלכען די טאר־טיופען בעזיעגען די וועלט בעשטעהט אין דעם, וואָס זיי מאכען זיך, אַז זיי זיינען בערייט פאר אַלע אין דער ערד זיך צו לייגען און אין דער ווירקליכקייט האָבען זיי אַלעמען אין דער ערד... טארטיוף קריעגט זיך ניט מיט קיינעם, דערפאר בעזיעגט ער די גאַנצע וועלט.

„מיזאַנטראָפּ” איז דאָס דריטע ווערק, פון מאָליער פון וועלכען מיר וועלען זיך ערלויבען צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער. דער נאָמען „מיזאַנ־טראָפּ” כאַראַקטעריזירט ניט ריכטיג דעם כאַראַקטער פון דעם הויפּט טיפּ. די בעדייטונג פון מיזאַנטראָפּ איז: אַ מענשען־פיינד. דער הויפּט העלד פון שטיק איז אין דער ווירקליכקייט אַ מענשען־פריינד, נאָר די וועלט רעכענט איהם פאַר אַ פיינד, ווייל ער האַסט און פעראַכטעט די אַלע מנהגים און פאַלשע מיינונגען, דורך וועלכע דעם מענשענס לע־בען ווערט געפיהרט. מאָליער האָט אויפגעמאָהלט אין דיעזען ווערק ניט אַ בייזען, שלעכטען מענשען, אַ ניט־פערגינער און אַ מעלאַנכאָליק — ניין! און אין אונזער צייט, וואָלט מען דעם העלד געווים אַן אַנדער נאָמען געגעבען. אייניגע וואָלטען איהם גערופען „אונרוהיגער מענש”, אַנדערע וואָלטען געזאָגט, „ער האָט ניט קיין פּראַקטישע געלאַסענ־הייט”, אַנדערע ווידער וואָלטען איהם אָנגערופען מיט׳ן שרעקליכען נאָמען: „אידעאַליסט”.

דער „מיזאַנטראָפּ” איז אַ טיפּ, וואָס קען ניט געהן מיט אַרומיגע וועגען, ער געהט שטענדיג און ביי אַלע אומשטענדען גלייך. ער קען ניט דערלאָזען אין לעבען קיינע קאָמפּראָמיסען, קיין פּאָליטיק פון אַביסעל אהער און אַביסעל אהין. ער האַסט יעדען, וואָס זיצט אויף צוויי שטוה־לען, — יעדען, וואָס פיהרט זיך אַזוי, אַז אי גאָט זאָל זיין צופריעדען, אי דער רוח זאָל ניט ברוגז ווערען. אין ליעבע, אין פריינדשאַפט, אין שרייבען, אין רעדען פאָדערט ער, אַז דער מענש זאָל אויפריכטיג און אָפען זאָגען נאָר דאָס, וואָס ער דענקט און פיהלט, ניט קוקענדיג אויף קיינע אומשטענדען און קיין פּאָליטיק. געפעלט דיר ניט אימיצער, נאָך

אויף מיר, זאָג, אז איך בין געגאַנגען קלייבען נדבות פאַר די אונגליקלי־
כע, וואָס זיצען אין תפיסה (דאָ געהט אריין א יונגע דיענסט מיידעל),
וואָס פערלאַנגט איהר? (טארטיוף איז מיט יעדען העפליך).

זי: איך האָב געוואָלט...

טארטיוף: (ער כאַפּט ארויס פון קעשענע א נאָז טיכעל) אך!
גאָט אין הימעל! איך בעט אייך, איידער איהר וועט רעדען, נעהמט
דיעזע טיכעלע.

זי: טיכעלע! נאָך וואָס?

טארטיוף: איך בעט אייך, דעקט צו אייער האלז... אָט דאָ
ניעדריגער... אזא זאַך איז א סכנה פאַר דעם מענשענ'ס זעעלע און
רופט ארויס זינדיגע געדאַנקען.

דער גראָבער עגאָיסט, וועלכער צורייצט זיין אויסגעלאַסענע פאַנ־
טאַזי אין דער צייט פון זיינע שטילע און לאַנגע תפילות, דער גע־
מיינער בעל תאוה, וועלכע אַנערקענט ניט דאָס די סימפּאַטי צווישען
מאַנספּערזאָנען און פרוי קען געבויט ווערען אויף ריינע פּאָעטישע גע־
פיהלען, אויף ערנסטע און איידעלע געדאַנקען; דער אויסגעלאַסענער
צדיק, וועלכער דענקט, דאָס אַלעס פרויען און מענער וואָלטען גע־
זינדיגט, ווען עס זאָל זיך מאַכען א גוטע געלגענהייט, — טארטיוף
דענקט דאָס אויפוועקען אין א פרוי זינדיגע געדאַנקען קען מען נאָר
דערמיט, וואָס מען רעדט מיט א זיסע פרומקייט פון זינדיגע זאכען.
ווען ער בלייבט אליין מיט זיין פריינדס פרוי, זאָגט ער איהר, דאָס איהר
שעהנקייט בעגייסטערט איהם און צווינגט איהם צו דענקען פון דעם
גרויסען בורא, יתברך, וועלכער קען בעשאַפען אזא רייצענדע פרוי;
ער ערקלערט, דאָס זינדיגען איז ניט אגרויסע עולה, ווי באַלד מע פער־
געסט נאָר ניט אין גאָט, וועלכער קען מוחל זיין, ווען מען טוט
תשובה.

ווען ענדליך פון טארטויפען ווערט אראָפּגעריסען זיין העסליכע
מאַסקע און ער דערזעהט, אז די גאָטספורכטיגקייט און די פרומקייט
וועלען שוין ניט העלפען, דאַן צייגט ער מיט א ציניסשע פרעכהייט, ווער
ער איז. ער הערט אויף צו רעדען שטיל און זיס און ווייזט די געמיינהיי־
טען און ניעדערטרעכטיגקייט פון זיין כאראַקטער... זיינע ליפּען
דערמאָנען נאָך גאָט, נאָר איהר זעהט, דאָס דער מענש האָט נור איין
גאָט און דאָס איז זיין עגאָאיסטישער „איך”; ער האָט נור איין רעלי־

ערד נאָך די דינים פון דער קאַטוילישער קירכע און זיין קערפער איז לאַנג געלעגען ניט בעערדיגט. ווען לואי דער 14טער האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער געפרעגט: „ביז וועלכער טיעפקייט דערלאַנגט די היילינגע ערד, וואו מע דאַרף בעגראָבען אַ גאָטספאָרכטיגען קריסט?"

— ביז די טיעפקייט פון דריי פוס — האָט מען איהם גע־ענטפערט...

— ווען אַזוי, גראָבט אויס אַ קבר אין דער טיעפקייט פון פינף פוס, וואו די ערד איז שוין ניט הייליג און די קירכע וועט ניט בעלע־דיגט ווערען.

אָבער ווי טיעף מען האָט איהם ניט בעערדיגט — זיין זשעני האָט מען ניט בעגראָבען. די צבועיאַקעס האָבען איהם ערניעדריגט און די גאַנצע וועלט האָט איהם געקרוינט מיט קראַנצען פון רוהם און אכטונג. די וואָס האָבען איהם מקבר געווען האָבען איהם ניט אָפּגע־געבען קיין כבוד און איצט פערעהרט איהם די גאַנצע מענשהייט. מען האָט איהם בעגראָבען, ווי אַן אונבעוואוסטען שוישפּיעלער, און ער האָט אויפגעלעבט אין דער ליטעראַטור פון דער וועלט, אַלס גרויסער דענקער און זשעניאַלער דיכטער. אַזעלכע מענשען ווי מאָליער שטאַר־בען ניט — זיי זיינען אונשטערבליך. זיי לעבען און וועלען לעבען, זאָ לאַנג עס לעבט דער מענש, זאָ לאַנג עס לעבט דעם מענשענס געדאַנק...



וואס דארפסט דו דעם גוטען שמייכעלע אויף די ליפען און די זיסע ווערטער: „אך! עס פרייט מיך זעהר״? ניין! שנייד דעם אמת און זאג איהם: געה צו אלע שווארצע יאהר!... חנפענען זיך און זוכען יענער זאל אנערקענען דיינע מעלות — דארף מען ניט. די וועלט מוז אליין אנערקענען דיינע גוטע אייגענשאפטען. דאס וואס דיר קומט נאך דער גערעכטיגקייט, דארפסט דו ניט בעטען, דו דארפסט עס פאָר־דערען!...

דער „מיזאנטראפ״ האסט ניט די מענשען, ער האסט זייער פאלשקייט. ער ערלויבט ניט צו מאסקירען די ריכטיגע געפיהלען מיט די מנהגים פון דעם אויסגעטראכטען דרך ארץ. ער פאדערט אז די מענשען זאלען זאגען די וואהרהייט אויפריכטיג און אפען. זעלבסט־פערשטענדליך, קיינער האט אזא מענשען ניט געליעבט, אלע האבען פון איהם געוויכט, און אפילו איין זעעלע האט איהם ניט פערשטאנען. אן עלענדער, א פעריאגטער, א טרויעריגער און צובראכענער פער־לאזט ער די „געזעלשאפט״ און געהט זוכען אין דער וועלט אזא שטילען, רוהיגען ווינקעלע, וואו מען קען זיין אונגעשטערט אן ארענטליכער מענש און פריי ארויסזאגען די וואהרהייט.

ארעמער מיזאנטראפ, וואו אין דער וועלט וועט ער געפינען אזא ווינקעלע?...

---

מאליער האט ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבען ניט פערלאזען די ביהנע. ער איז געוועזן געפעהרליך קראנק, ווען ער האט אויפגעטראטען אין דער הויפט ראלע פון זיין בעריהמטער קאמעדיע „דער איינגעביל־דעטער קראנקער״, — א קאמעדיע, וועלכע דער בעריהמטער דייטשער דיכטער געטהע שטעלט אין איין רייהע מיט די גרעסטע מייסטער־ווערקע פון דער וועלט. אין דער צייט פון שפיעלען איז מאליער געפא־לען אויף דער ביהנע. — ער איז געפאלען ווי א בראווער גענעראל אויף זיין שלאכטפעלד. די אלע טארטיופען און צבוע׳יאקעס פון פאריז האבען זיך זעהר דערפרייט מיט זייער שונא׳ס טויט, מיט דעם טויט פון דעם געפעהרליכען אפיקורס, וועלכער האט ארויסגעפיהרט אויף דער ביהנע אזעלכע טיפען, ווי „דאן זשואן״ און „טארטיוף״. דער ארחיבישאף פון פאריז האט פערבאטען צו בעערדיגען מאליערן אין געהייליגטער

רעוואָלוציאָנערער גייסט האָט איהם זיין גאַנצען לעבען־לאַנג געטריבען פון איין אָרט צום אַנדערען און וואָהין ער איז געקומען איז ער געווען אַ מענש צווישען מענשען. אין לייפּציג האָט ער מיט שווישפּיעלער גע־לעבט ווי אַ קאַמעראַד און האָט צוזאַמען מיט זיי געאַרבייט פאַר דער ביהנע, אין ברעסלאַו האָט איהם דער שיקזאַל אריין געוואָרפען צווי־שען סאָלדאַטען — ער האָט אין דעם סאָלדאַט געלערענט דעם מענשען און אין מענשען דעם סאָלדאַט. אין בערלין איז ער געווען דער גרעסטער מקורב מיט אידען און האָט זיך אויף אייביג בעפריינדעט מיט דעם בעריהמטען פילאָזאָף, מאָזעס מענדעלזאָהן.

ער האָט געשטודירט פילאָזאָפי און איז געווען אַ הייסער טהעאַט־ראַל, האָט געלערענט מאַטעמאַטיק און איז געווען אַ נאָבלער ליעבהאָ־בער פון פּאָעזי, ער איז געווען דער גרעסטער קענער פון דער קלאַסי־שער ליטעראַטור און איז געווען דער גרעסטער לערער פון וואהרען רעאַ־ליזמוס. מיט איין וואָרט, לעסינג איז געווען אַ דענקער, אַ פילאָזאָף, אַ פּאָעט, אַ סאַטיריק, אַ פּייערדיגער פּאָלעמיסט, אַ הייסער קעמפּפער פאַר דער וואַרהייט אָבער דאָס איז נאָך ווייניג, ער איז אַנערקענט, אַלס איינער פון די גרעסטע עסטעטיקער און גרעסטע קריטיקער פון דער וועלט.

הענריך היינע זאָגט, דאָס זייט מאַרטין לוטער האָט דייטשלאַנד קיין גרעסערען און בעסערען מאַן ניט הערפאָר געבראַכט, אַלס גאָט־האלד אפרים לעססינג. „לוטהער האָט בעפרייעט דעם צווייטען טעס־טאַמענט, לעססינג איז געקומען קעמפּפען פאַר די בעפרייאונג פונ׳ם דריטען טעסטאַמענט".

אין דייטשלאַנד און אין גאַנץ אייראָפּאַ איז געווען אַ וועלט פון תהו ובהו. אַ פינסטערניס האָט געהערשט על פּני תהום.... דער פעאָדאַליזמוס איז נאָך ניט געשטאָרבען, די בורזשואזי האָט געהאַל־טען ביים געבוירען ווערען. פריידענקער האָבען שוין געלאַכט פון די אַלטע גלויבונגען, און די גלחים זיינען נאָך געווען שטאַרק און מעכטיג... „קינדער פון גייסט" האָבען שוין געשטאַמעלט די ווערטער: „גלייכ־הייט, ברידערליכקייט" און אין אַלע קרייזען האָט געהערשט טיראַ־ניי, פאַנאַטיזמוס, פערפאָלגונג, מענשען־פרעסעריי, אידען־העצעריי... אין דער דייטשער ליטעראַטור האָט געהערשט פאַלשער קלאַסיציזמוס, אין פילאָזאָפי האָט געהערשט סכאָלאַסטיק (פּוסטע חריפות מיט פלפול),

# גאָטהאָלד אפרים לעססינג.

.1

ער איז געווען א זשעני.

עס זיינען דאָ פיעלע זשעניאַלע מענשען, וועלכע האָבען זיך בע־ריהמער און אונשטערבליך געמאכט אין וועלכען עס איז דאָ אָב־טהיילונגען פון וויסענשאַפט, ליטעראַטור און קונסט. לעססינג איז א זשעני, וועלכער האָט מיט זיין שאַרפע אויג אומגעפאסט אַלע אָבטהיי־לונגען פון דעם מענשענס וויסען, דענקען און פיהלען. זיין אָפענער מח האָט אַלעס בעגריפען, זיין שכל הישר האָט אַלעס ריכטיג פערשטאַ־נען, זיין גוטעס הארץ האָט שטענדיג די ווירקליכקייט געפיהלט. זיין קריטישער בליק האָט אַלעס ריכטיג אויפגעפאסט. ער איז געווען ווי ביי זיך אין דער היים אין אַלע קרייזען פון דעם מענשענס וויסען און קענען, ער האָט געהאט די שליסלען צום קדשי קדשים פון דער מענש־הייט — צו דער וואַרהייט. פאַר איהם זיינען געווען אָפען אַלע אוצרות פונ׳ם מענשענ׳ס גייסטיגע רייכטהום. ער איז געווען א גרויסער דענקער, א וואַהרער פּאָעט, א געשיקטער מאַטעמאַטיקער, א געלערנ־טער קלאַסיקער, דער גרעסטער קענער פון קונסט, דער בעסטער מבין אויף מוזיק. זיין שאַרפער זינן און זיין עסטעטישער געשמאַק: האָ־בען איהם געמאכט פאַר דעם גאָטהאלד אפרים לעססינג, וועלכער האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער וועלט. ער איז געווען א גאָט אין דענ־קען און פיהלען, און דער העכסטער אידעאַל פון א מענש איז׳ם לעבען און קעמפּפען. אזוי ווי די וואַרהייט איז קלאָר, איינפאַך און אויפריכ־טיג, אזוי איז געווען זיין לעבען. ער איז געווען איינפאַך, דעמאָקראַטיש, אויפריכטיג, ער האָט ניט געוואוסט פון ראַסען־האַס, פון קלאַסען־אונטערשיעד, פון רעליגיעזע פּאָראורטיילע. זיין אונרוהיגער, אייביג־

אָן געוויזען גרויסע חריפות אין לערנען, זאָל אויך זיין אַ קריסטליכער גייסטליכער. אין דער שולע, וואו לעססינג האָט געלערנט, איז ער גע־ווען גערעכענט פאַר'ן בעסטען תלמיד. קיינער האָט ניט געקענט אַזוי מאַטעמאַטיק און גריכיש מיט לאַטיין. ער איז געווען אַ שטיפער, אָבער זיינע לערער און חברים האָבען איהם ליעב געהאַט, פאַר זיין סימפּאַטי־שען גוטען כאַראַקטער, אויפריכטיגקייט און ליעבע צו דער וואַר־הייט... לעססינג האָט שפּעטער אויך געקענט זאָגען, דאָס ער האָט געגנער, אָבער עס איז ניטאָ קיין מענש, וועלכער זאָל ניט אַנערקענען, דאָס ער פערדיענט אַכטונג און ליעבע.

דער פאָטער האָט געוואָלט, לעססינג זאָל לערנען אין אוניווערזי־טעט „טהעאָלאָגיע" (געטליכע תורה), לעססינג האָט געלערנט מאַטע־מאַטיק, האָט געשטודירט שפּעטער מעדיצין און, אַנשטאָט צו ווערען אַ גייסטליכער פּרעדיגער, איז ער געוואָרען אַ פּרעדיגער פון גייסט.... ער האָט זיין לעבען לאַנג געפּרעדיגט, ווי אַזוי דער מענש זאָל בעפרייען זיין גייסט פון די אַלע קייטען, אין וועלכע די קירכע און די ליטעראַטור האָבען איהם פערשמיעדט.

קוים האָט ער אריינגעטראָטען אין דעם לייפּציגער אוניווערזיטעט, האָט ער שוין פערגעסען די טהעאָלאָגיע, די פילאָזאָפיע פון דער „דריי אייניגע" גאָטהייט, די קאָמעדיע פון אמונה, און האָט זיך מיט זיין לייב און לעבען אָפּגעגעבען דעם דייטשען טהעאַטער. מיט פייער פון אַן אמת'ן רעפאָרמאַטאָר, מיט דער איבערגעבענהייט פון אַ ריכטיגען קעמפּפער, האָט ער זיך גענומען רעפאָרמירען די דייטשע ביהנע, קעמפּ־פען געגען אַלעס וואָס עס איז פאַלש און אונעסטעטיש... ער איז געווען 17 יאָהר אַלט, ווען ער האָט אויפגעשריבען זיין שוישפּיעל „די אידען" אין וועלכע ער האָט בעוויזען, ווי דום און אונמענשליך זיינען די יעניגע, וועלכע האָבען קיין טאָלעראַנץ, קיין געזונטען פערשטאַנד צו פערניכטען ראַסען־האַס, וועלכער עס בליהעט נור אויף פּאָראור־טיילע.

שפּעטער האָט לעססינג זעהר פיעל מיהע, צייט און טאַלענט געווידמעט דעם דייטשען טהעאַטער... אין האַמבורג איז געגרינדעט געוואָרען אַ פאָלקס טהעאַטער, וועלכעס האָט געדאַרפט זיין אַ מאָדעל פון אַ וואַהרען טהעאַטער... לעססינג האָט דאַמאָלס געשריבען זיינע בעריהמטע בריעף איבער דראַמאַטורגיע, וועלכע זיינען אַנערקענט

אויף דער ביהנע זיינען געשפּיעלט געוואָרען פראַנצויזישע און איטאַ־ליענישע טראַגעדיען, וועלכע זיינען געווען „פערדייטשט" נאָך דערמיט, וואָס אָנשטאָט דעם איטאַליענישען אַקראָבאַט און פּאַיאַץ „פּאָלינטשי־נעל" אָדער דעם פראַנצויזישען גאַיער־„ארלעקין", — איז געווען אין יעדער פּיעסע אַ „האנזוואורשט"... אין פּאָעזי האָט געהערשט די פּראָ־זע, ניט די שעהנקייט און דער געדאַנק. — מיט איין וואָרט, עס איז געווען תהו ובהו און דער רוח אלהים, דער גייסט פון לעססינג האָט ארויסגעשוועבט איבערן אָבגרונד און ער האָט געזאָגט: יהי אור! און עס איז געוואָרען ליכטיג... ער האָט מיט'ן שאַרפען מעסער פון אַנאַ־ליז צושניטען און ערקלערט אַלעס פאַלשעס און אונאַטירליכעס. ער האָט מיט זיין קריטישען שאַרף־זינן געלערענט, ווי מען דאַרף פער־שטעהן ליטעראַטור און קונסט. ער האָט בעפרייט די דראַמאַ, געמאַכט פון טהעאַטער אַ ווירקליכען טעמפּעל דער קונסט, פון פּאָעזי געשאַפען אַ הימלישע ליעד... ער האָט געקעמפּפט מיט די גוים, געשטריטען פאַר דער וואַרהייט, געהאַלטען אַ בלוטיגע מלחמה פאַר דער בעפריי־אונג. פון מענשענס גייסט, פערטהיידיגט די אידען ווי אַ טאַפּפערער קריעגער, פּאָלעמיזירט מיט אַלע אבסקוראַנטען (בעשיצער פון רעאַק־ציאָן) מיט די פיילען פון זיין וויץ און שאַרף זינן... ער האָט אין דייטשלאַנד בעשאַפען די גינסטיגע אומשטענדע, וועלכע האָבען פּראָ־דוצירט זיינע דריי נאָכפּאָלגער: געטהע, שיללער און קאַנט!...

ער איז געווען אַ זשעני, ער איז געווען איינער פון די גרעסטע קעמפּפער דער פרייהייט!... מיט זיין מעכטיגע האַנד האָט ער אראָפּ־געוואָרפען פון זיך דעם יאָך פון אַלע געטער און האָט אויף קיין מזבח ניט געוואָלט מקריב זיין זיינע קרבנות.

---

.2

גאָטהאָלד אפרים לעססינג איז געבוירען געוואָרען אין 1729 יאָהר. זיין פאָטער איז געווען אַ פּאַסטאָר אין אַ קליין דייטשיסע שטעדטעל און ער האָט געוואָלט, זיין זוהן, וועלכער האָט פון קינדהייט

גרויסער דיכטער, אַ גרויסער דענקער און אַ גרויסער מענש! דאָס איז געווען די אורזאַכע, פאַר וואָס לעססינג אליין האָט געקוקט אויף דעם קאָלאָסאַל־גרויסען וואָלטער פון אויבען אראָפּ... וואָלטער איז געווען רייך ווי קרח, מעכטיג ווי אַ קייזער, בעריהמט און געאַכטעט ווי אַ גאָט און דער קבצן לעססינג האָט דאָך געמוזט איינבויגען דעם קאָפּ, ער זאָל דעם גרויסען גיגאַנט דערזעהן, אַזאַ ליליפּוטאַנישער מענשעל איז דער גרויסער פראַנצויז געווען. אין זיינע בריעף איבער דראַמאַטורגי („האַמבורגישע דראַמאַטורגי”) ווייזט לעססינג גאַנץ אָפען ווי אין מאַנכע הינזיכטען איז וואָלטער געווען אַ פּשוט'ער שאַרלאַטאַן... און ער זאָגט: „וועה איז דעם, וועלכער לעזט איבערהויפּט וואָלטער'ס ווערק אָהן דעם סקעפּטיציזמוס (געפיהל פון ספיקות) מיט וועלכען אַ טהייל פון זיינע ווערק זיינען געשריבען”. וואָלטער איז געווען אַ גוטער פריינד מיט דער גרויסער יעקאַטערינאַ, מיט דעם גרויסען פרידריך און לעססינג איז געווען אַ גוטער פריינד מיט'ן דענקענדען אידעלע, מיט דעם ענו משה מענדעלזאָהן.

דער היסטאָריקער גרעץ דערצעהלט, דאָס לעססינג מיט מענדעלזאָהנען האָבען זיך צום ערשטען מאָל בעגעגענט ביי אַ שאַך־ברעט. דיביידע קעניגע פון דענקען האָבען זיך געטראָפען ביי דעם קעניגליכען אַמיוזמענט און זיינען שוין ביז זייער טויט געבליבען טרייע, איבערגעבענע פריינד. אין זיין אונשטערבליכעם ווערק „נאַטהאַן דער ווייזע”, האָט לעססינג פערקערפּערט דעם א י ד ע א ל ע ן בילד פון זיין אידישען פריינד... לעססינג האָט אָנגעפאַנגען זיין דראַמאַטישע קאַריערע מיט דער פּיעסע „די אידען” און האָט געענדיגט מיט דער גרויסער דראַמאַטישער פּאָעמאַ „נאַטהאַן דער ווייזע”... דער רייפער און פּאָלקאָם ענטוויקעלטער דענקער האָט בעשטעטיגט דאָס, וואָס דער איידעלער יונגלינג האָט אַ מאָל געזאָגט...

ניט נאָר זיין ליעבע און פריינדשאַפט צו מענדעלזאָהנען, אַנדערע, וויכטיגערע אומשטענדען האָבען ארויסגערופען די ערשיינונג פון זיין „נאַטהאַן דער ווייזע”... לעססינג האָט געווים ניט געקענט איגנאָרירען אַזאַ ערשיינונג, ווי רעליגיאָן, אַזאַ ערשיינונג, וועלכע, ווי ער אליין זאָגט אין איינע פון זיינע פראַגמענטען, „קניפּט צוזאַמען אַ צוויידערט פעלקער און לאָזט פערוויסטען גאַנצע וועלטען, בייל שוואַרצע (ניט איינראָפּייער) גריסען גאָט און ניט אַ הילצערנעם

וויל שוואַרצע (ניט אייראָפּייער) גריסען גאָט און ניט אַ הילצערנעם

אלס מייסטער ווערקע פון וואהרע קריטיק, — אלס די בעסטע לערער, מיט וועמעס הילפע מע קען שטודירען און פערשטעהן די דראמאטישע קונסט. מיט דיזע בריעף האט ער ערוואָרבען דעם נאָמען פון דעם גרעסטען קריטיקער פון דער וועלט...

דער אידישער היסטאָריקער גרעץ שטעלט לעססינג העכער פון דעם בערימטען פראנצויזישען שרייבער וואָלטער, וועלכער האט געלעבט מיט לעסינגען אין איין צייט. מע דארף ניט מיינען, אז דער היסטאָריקער איז פארטייאיש דערפאר, ווייל דער זשעניע וואָלטער איז געווען א געמיינער אנטיסעמיט, א מין פראנצויזישער אָהלווארט, און לעססינג איז געווען א אידען־פריינד. אזא מיינונג האט גרינדליכערע ערקלערונגען. וואָלטער און לעססנג האָבען געהאט איינע און די זעלבע מיססיאָן, איינע און די זעלבע אויפגאבע: — אראָפּוואַרפען פון די הויכע פּיעדעסטאלען די אלטע, הילצערנע געטער און ארויפפיהרען אויפ'ן טראָהן דעם גייסט פון פרייהייט און ראציאָנאליזמוס (שכל הישר). אלס א צערשטערער שטעהט וואָלטער העכער. ער איז געווען דער גרעסטער סאטיריקער פון דער גאנצער וועלט און לעססינג איז נאָר דער גרעסטער סאטיריקער פון דייטשלאנד. אָבער וואָלטער איז נור געווען גרויס מיט זיין פערלאכען, אָפּלאכען, פערמיאוסען... ער האָט אָבער ניט געקענט אזוי ריכטיג קריטיקירען און אנאליזירען ווי לעססינג. וואָלטער האָט נור צושטערט, לעססינג האָט אין דער זעלבער צייט אויך געבויט... וואָלטער איז געווען א שטאָלצער אריסטאָקראט פון געדאנקען, לעססינג איז געווען א דענקער פון דער דעמאָקראטי. וואָלטער האָט געמאכט חוזק פון אלעס וואָס האָט זיך גערעכענט היילינ, לעססינג האָט מיט אַרגומענטען און וויץ געוויזען, איבערצייגט דאָס הייליג איז נאָר דאָס, וואָס איז וואהר... וואָלטער האָט געמאכט שפּאָס פון רעליגיאָן. לעסינג האָט גערעדט ערנסט... ער האָט פון טהעאטער געוואָלט מאכען א טעמפעל און פון דראָמאטישע פּאָעזי א רעליגיאָן... וואָלטער האָט געמיינט, אז מע דארף נאָר ריכטיג פילאָזאָפירען, וועט מען שוין אָפּשאפען אלעס פוילעס און בייזעס, און די הומאניטעט (מענשענליעבע) וועט טריומפירען... לעססינג האָט געמיינט, דאָס די הומאניטעט מוז פריהער טריומפירען, אום די מענשען זאָלען ריכטיג פילאָזאָפירען... וואָלטער איז געווען א גרויסער דיכטער און דענקער, אָבער זעהר א קליינער און ניעדריגער מענש, לעססינג איז געווען א

פּאָעזי און קונסט, — ביז מענשען וועלען ניט פערלירען די פעהיגקייט צו דענקען, פיהלען און ענטציקט ווערען פון דעם, וואָס עס איז אין דער ווירקליכקייט שעהן, וואהר און פּאָלקאָמען...

---

.3

גאָטהאָלד אפרים לעססינג איז געשטאָרבען אין 1781 יאָהר. ניט נור זיינע פיינדע, זיינע גוטע פריינד, זיינע קרובים, ברידער און פערוואנדעטע האָבען נור דאַמאָלס דערפיהלט ווי גרויס ער איז געווען, ווען דאָס ליכט פון זיין זשעני איז אויסגעלאָשען געוואָרען... זייערע אויגען האָבען זיך ערשט דאַן געעפענט, ווען זיינע זייגען צוגעשלאָסען געוואָרען. ער איז געווען גליקליך דערמיט, וואָס ער האָט געקעמפּפט פאַר פרעמדעס גליק, פאַר אַלעמענס בעפרייאונג, ער האָט אָבער ניט געוואוסט פון קיין פרייד און פון קיין גליק אין זיין אייגענעם לעבען.

„דאָס אַ מאַן, ווי לעססינג, האָט ניעמאלס געקענט גליקליך זיין, זאָגט היינע, וועט איהר לייכט בעגרייפען. ווען ער וואָלט אפילו די וואהרהייט ניט אַזוי געליעבט, — ווען ער וואָלט די וואהרהייט מיט זיין גוטען ווילען שטענדיג און איבעראל ניט געזאָגט און געלערענט, — וואָלט ער דאָך געמוזט אונגליקליך זיין, דען ער איז געווען אַ זשעני. ווען דער זשעני געפינט ניט פון אויסען אַ בייזען ווילען, געפינט ער אין זיך אינגעווענדיג זיין פיינד, וועלכער וועט איהם ברענגען אונגליק און עלענד... דערפאַר איז די געשיכטע פון גרויסע מענער שטענדיג אַ מארטירער־לעגענדע, ווען זיי ליידען ניט פאַר דער גרויסער מענשהייט, דאַן ליידען זיי פאַר זייער אייגענע גרויסקייט, פאַר דעם גרויסען אָרט פון זייער „זיין”...

„עס איז הערצרייסענד, זאָגט וויימער היינע, צו לעזען אין לעססינגס ביאָגראַפי, ווי דער שיקזאַל האָט איהם עטזאָגט צו האָבען אפילו אַ קליינע פרייד. אפילו פון ליעבע און פאַמיליען לעבען איז איהם ניט בעשידען געווען צו געניסען... איין מאָל אויף זיינע עלטערע יאָהרען האָט איהם דאָס גליק אויף איין אויגענבליק געגעבען אַ האָפנונג גליק־

קרייץ״... ער האָט פערעפענטליכט אַ ווערק אין וועלכען ער האָט זיך ערלויבט אַביסעל צו קריטיקירען די קירכע און פון יעזוס אליין רעדען ווי פון אַ רעוואָלוציאָנער, וועלכער האָט געוואָלט בעפרייען די אידען פון די רוימער און אליין ווערען קעניג... נאָך זיין מיינונג, האָבען די אידען, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט פאַר די מעכטיגע רוימער, איהם איבערגעגעבען צו פילאטוסען, וועלכער האָט איהם געקרייצט, ווי אַ געוועהנליכען מיאַטעזשניק. ווען יעזוס׳עס פריינד און אָנהענגער האָבען דערזעהן, דאָס ער איז ניט געוואָרען דער קעניג פון יהודה, האָבען זיי איהם געמאַכט פאַר׳ן קעניג פון דער וועלט...

די גלחים האָבען ערקלערט אַ מלחמה געגען דעם געפעהרליכען אפיקורוס... אַ געוויסער האָף־פּאַסטאָר גאָיעצע האָט געגען איהם ארויסגעלאָזט אַ ווערק, וועלכע איז געווען פול מיט שימפּפערייען. כל זמן מען האָט לעססינגען ערלויבט, האָט ער פּאָלעמיזירט מיט זיינע פיינד און האָט זיי געשניטען מיט דעם מעסער פון זיין שאַרפזין און געשאָסען מיט די פיילען פון זיין הומאָר און וויץ. אין איינע פון זיינע ענטפערען זאָגט ער צו דעם גייסטליכען גאָיעצע: „אָ, די אַמאָליגע גליקליכע צייטען! ווען די גייסטליכקייט איז פאַר אונז געווען אַלעס און אַלעס, ווען מען האָט פאַר אונז געדענקט און פאַר אונז געגעסען!.. ווילט איהר דיעזע צייטען צוריק אומקעהרען?״... אָבער מען האָט לעססינגען פערבאָטען צו פּאָלעמיזירען מיט גייסטליכע און פון רעליגיאָן צושרייבען... דאַן האָט ער זיך אומגעקעהרט אין זיין בעליעבטען טעמפּעל — אין טהעאַטער — און האָט מיט אַ דראַמאַטיש ווערק געענטפערט בעסער, דייטליכער און איבערצייגענדער, ווי אונזיניג עס זיינען אַלע רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע פאָראורטיילע.

לעססינג האָט רייך געמאַכט די ליטעראַטור פון דער וועלט מיט פיעלע ווערקע. ער האָט געשריבען פאַבעלען, פּאָעזי, דראַמען, (זיין בעריהמטעסטע פיעסע איז („מינא פאָן בארנהעלם״), קריטיקען, געשיכטליכע פאָרשונגען, פילאָזאָפישע טראַקטאַטען, טהעאָלאָגישע אונטערזוכונגען. זיין גרעסטעס ווערק, וואו זיין זשעני, זיין שאַרף זינן, עסטעטישער געשמאַק און פילאָזאָפישע טיעפקייט האָבען זיך אויסגעדריקט אין זייער פולער מאַכט איז זיין „לאַקאָאָן...״ דיעזעס ווערק וועט בלייבען אַ געזעצגעבער, מרה דרך, און ערקלערער פון דעם, וואָס איז עסטעטיק, שעהנקייט, פאָלקאָמענהייט פון געדאַנק און אידעע אין

# נאך וואס דארף מען טהעאטער?

אויף דיעזער פראגע ענטפערט די מאיאָריטעט, די גרעסטע טהייל פון די טהעאטער בעזוכער: טהעאטער עקזיסטירט נור צו אמוזירען זיך, צו האָבען א לייכטען און גרינגען צום פערדייהען מאטעריאל, וועלכער שאפט נור פערגעניגען און פרייד. אין טהעאטער דארפען די אָנגעשטרענגטע נערוועז זיך אויסרוהען, דער קאָפּ דארף ניט האָבען קיין ארבייט. מען דארף ניט געהן אין טהעאטער, זאָגען זיי, וויינען דאָרטען און גיסען טרערען צוליעב פרעמדע אויסגעטראכטע צרות? מיר האָבען גענוג צרות און „טראָבעל" אין דער היים. אין טהעאטער ווילען מיר לוסטיג זיין און וואָס מעהר לאכען, ווארום אין אונזער ווירקליכען לעבען האָבען מיר זעהר ווניג געלעגענהייטען צו לאכען און זיין פריילי‌ך.

וואָס דארף דאָס טהעאטער געבען דיעזער מאיאָריטעט? א ליעדעל, א קופּלעטעל, א צווייזייטיגען וויץ, א טענצעל, א „שאָו" פאר'ן אויג, א „מאטש", א פּראָצעסיאָן, שעהנע קליידער, טייערע סצענעריס. דער אינהאלט, די אידעע איז ניט וויכטיג, — דער אינהאלט מעג זיין אינהאלטסלאָז און זינן־לאָז. זאָגאר די העכערע, די אלער גרעסטע קלאסע פון דיעזען זאָרט טהעאטער־בעזוכער, וועלכע זוכען, כלומרשט, אין די פּיעסען עפּעס א ליטעראַרישען ווערטה, זיי זאָגען אויך, אז א שוישפּיעל דארף ניט האָבען קיין הויכע פּאָעזיע און חלילה, קיין פילאָזאָפי. די אויפגאבע פון טהעאטער, זאָגען זיי, איז ניט צו מאכען פון די צושויער דענקער און פּאָעטען. מיר געהן אין טהעאטער ניט צו נעהמען „לעסאָנס", מיר געהן האָבען „א גוד טיים".

עס איז וואהר, אז טהעאטער איז געשאפען צו ליעב פערגעניגען, יעדע קונסט עקזיסטירט צו ליעב פערגעניגען, ליטעראטור עקזיסטירט צו ליעב פערגעניגען. ווען מען לערענט פון א בוך די „רולס" פון א גראמאטיק, אָדער מען חזר'ט איין די פאָרמולען פון געאָמעטריע, אָדער

ליך צו זיין. ער האָט חתונה געהאַט — זיין פרוי איז געווען ליעבענס־
ווירדיג. זי האָט אָבער געבוירען אַ קינד... די מוטער איז געשטאָרבען
און דאָס קינד באַלד נאָך איהר. לעססינג אליין אין אַ וויציגען בריעף
צו זיינעם אַ פריינד שרייבט אַזוי וועגען דעם: „איך האָב פערלאָרען
מיין זוהן! אַך, ער האָט געהאַט אַזוי פיעל פערשטאַנד! איז דאָס
ניט פערשטאַנד, וואָס מען האָט איהם מיט געוואַלט, מיט אַ צוואַנג
געדאַרפט שלעפּען אויף דער וועלט? איז דאָס ניט פערשטאַנד, וואָס
ער האָט דאָ אפילו איין מינוט ניט געוואָלט פערזאַמען?"

לעססינג איז געשטאָרבען אין 1781טען יאָהר און אין דעמזעלבען
יאָהר איז ערשינען קאַנט'ס „די קריטיק דער ריינען פערנונפט". לעס־
סינג האָט פאָרבערייטעט פון דער זייט רהיין דעם באָדען פאַר די רע־
וואָלוציאָן פון גייסט, און פון יענער זייט רהיין האָט שוין געשטורעמט
די מאַטעריעלע רעוואָלוציאָן.



זום, ווארום פון דעם קיצעלט ניט אין די פּיאטעס, — איז דען דער־פאר דער הימעל מיט די שטערן אזא זאך, וואָס האָט ניט געדארפט בע־שאפען ווערען ?

א קליינע קעצעלע אז זי שפּיעלט זיך מיט א „באָל", האָט זי געוויס פערגעניגען דערפון, אָבער אין דער זעלבער צייט פערפאָלגט זי א גרויסען נוצליכען צוועק, — זי ענטוויקעלט אין זיך די פעהיג־קייטען און פאַרבערייטעט זיך צום קאמפּף פאר דאָס דאזיין. דורכ'ן שפּיעלען לערענט זי זיך ווי צו לעבען. דיעזע אייגענשאפט האָט די נאטור געגעבען יעדע בעשעפענים. און דער מענש וואָס מיינט ערנסט, אז אין זיין שפּיעלען דארף ניט זיין עטוואָס בעלערענדעס, וויעדער־שפּרעכט זיין אייגענע לעבעדיגע נאטור און דענקט ניט זאָגאר אזוי פיעל, ווי א קליינע קעצעלע. די גרעסטע אויפגאבע פון דער פּעדאגאָגיע, איז צו פעראייניגען דאָס לערנען מיט'ן פערגעניגען און דאָס פערגעניגען מיט'ן לערנען. מען לערענט היינט ניט מיט געוואלד, מיט פערשרעקען, מיט שלאָגען מיט א גמרא איבער'ן קאָפּ. מען זעהט דעם תלמיד צו פער־אינטערעסירען און שאפען איהם פערגעניגען מיט די נייע ערפאהרונ־גען און קענטניסע וועלכע ער קריגט. פערקעהרט, יעדען קינדער־שפּיעל, יעדען „געים" זעהט מען צו מאכען זינפאָל און קאָמפּליצירט, אום ביים פערגעניגען פון שפּיעלען זאָלען זיך ביים קינד ענטוויקלען זיינע פעהיגקייטען און זיין מוח זאָל ווערען שארפער. און עלטערע מענשען וועלכע געהען אין טהעאטער זעהן די נאָבעלסטע שפּיעל וואָס עס גיבט אין דער וועלט, די שפּיעל וואָס איז בעגרינדעט אויף דער העכס־טער פאָרם פון פּאָעזי, די שפּיעל וואָס רופט זיך דראמא, זיי זאָלען קענען פאָדערען, אז אין דער שפּיעל זאָל גאָר נישט זיין קיין בעלע־רענדעס, קיין געדאנק, קיין אידעע, קיין העכערער צוועק, עס זאָל זיי נאָר קיצלען די פּיאטעס ?

די מענשען, וואָס ענטזאגען זיך צו זעהן א שטארקע דראמא, ווייל זיי האָבען מורא, אפשר וועלען זיי מוזען וויינען, — די דאָזיגע מענשען קען מען פערגלייכען מיט דעם, וואָס האָט מורא צו געהן שלאָפען אין בעט, אפשר וועט זיך איהם חלום'ן אין שלאָף אז זיין טאטע איז געשטאָרבען און ער וועט וויינען אין שלאָף. עס זיינען דאָ צווייערליי טרערען. איינע טרערען קומען פון יסורים, פון צרות, פון שמערצען. אזעלכע טרערען זיינען ביטערע טרערען, זיי דארפען אויס־

פון כעמיע, פיזיקע, טוט מען דאָס צוליעב אַ פּראַקטישען צוועק. אַ בוך אָבער, וואָס איז ניט אַ „טעקסט בוך", לעזט מען פון פערגעניגען וועגען. אויב מען האָט ניט קיין פערגעניגען פונ'ם לעזען, דאַרף מען עס ניט לעזען. עס איז אָבער פאַראַנען פערשיעדענע ביכער און פערשיעדענע לעזער. אַנדערע לעזען ביליגע „דעטעקטיוו סטאָריעס" און „דיים נאָוועלס" און האָבען דערפון אַ גרויסען פערגעניגען. זיי לעזען דיעזע ביכער אין די „קאַרס" מיט התמדה, שלאָפען ניט מאַנכעס מאָל גאַנצע נעכט, אום צו וויסען די ענדע פון דער געשיכטע. עס זיינען אָבער פאַראַנען אַזעלכע מענשען, וואָס זיי עקעלט ווען זיי נעהמען אַזאַ ביכעל אין האַנד, — זיי האָבען פערגעניגען פון אַ ראָמאַן וואָס איז געשריבען פון דיקענס, פון טאָלסטאָי, פון זאָלאַ, פון טורגעניעוו. אַנדערע ווידער, האָבען פערגעניגען ווען זיי לעזען קאַנט'ס אָדער שאָפּענהאַוער'ס פילאָזאָפישע ווערקע. אַלזאָ, אַ פּנים עס איז דאָ אַן אונטערשיעד פון אַ פערגעניגען צו אַ פערגעניגען? די זעלבע זאַך אויך אין מוזיק. פיעלע האָבען פערגעניגען פון „רעג סאָנגס", אַנדערע האָבען פערגעניגען פון סימפאָניעס, אָראַטאָריעס און קאָנטאַטעס. אין דער מאַלער קונסט אויך דאָסזעלבע: פיעלע ווערען ענטציקט פון אַ דריי־סענטיגער „פּיקטשור" מיט אַ רויטען גענעראַל אויף אַ ווייסען פערד און האָבען קיין פערגעניגען ניט, ווען זיי זעהען אַ בילד פון מורילאָ אָדער רובענס. וואָס האָבען געדאַרפט טאָן די גרויסע דיכטער, די זשעניאַלע קאָמפּאָזיטאָרס, די בערי‏המטע קינסטלער? שרייבען „דעטעקטיוו סטאָריעס", קאָמפּאָנירען „רעג סאָנגס" און מאָלען ביליגע „פּיקטשורס", ווייל דאָס שאַפט פערגעניגען דער מאַיאָריטעט? אָדער פערפאַסען גרויסע פּאָעמען, קאָמפּאַנירען גרויסע סימפאָניען, מאָהלען געטליכע בילדער מיט'ן צוועק צו ענטוויקלען דעם גייסט פון דער מאַיאָריטעט, פערעדלען זייער געשמאַק, מאַכען העכער זייערע פאָדערונגען און בעדירפניסע און מאַכען נאָבלער, פיינער און מאָראַלישער דאָס, וואָס עס ווערט בעצייכענט מיטן וואָרט „פערגעניגען"? די אַלטע רוסישע פּריצים האָבען געהאַט פערגעניגען דערפון, וואָס פאַר'ן שלאָף פלעגען שקלאַפען שטונדען לאַנג שטעהן און קיצלען זיי די פּיאַטעס. אויב, למשל, די דאָזיגע פערגעניגענס־זוכער האָבען ניט געקענט פערשטעהן, וואָס פאַר אַ פערגעניגען קען מען האָבען, קוקענדיג פאַר'ן שלאָף אויפ'ן שעהנעם בלויען הימעל מיט די זילבערנע שטערן און דענקענדיג וועגען דעם גרויסען אוניווער־

די דראַמאַ, די ליטעראַטור, יעדע קונסט דאַרף נור דערצעהלען דעם ריכטיגען אמת. די וועהטאָגען, די שווערע פּראָבלעמען, די אונגליקען וואָס עקזיסטירען אין דער געזעלשאַפט און צווינגען אייך אויך צו ליידען, וועלען ניט פערניכטעט ווערען דורך דעם וואָס איהר וועט אייך לאָזען נאַררען דורך זיסע ליגען. עס איז ניטאָ קיין גרעסערער פערגעניגען ווי צו ערפאַהרען די וואַרהייט. איהר קענט זיין פאַרבעריי־טעט צום לעבען און געניסען די פרייד פון לעבען נור דאַן, ווען מען וועט אייך בעווייזען אַז אייער אַלטע סחורה, די אַלטע מיינונגען אייערע טויגען ניט מעהר, אַז די משרתים און פיהרער אייערע זיינען גנבים און פאַלשע מענשען, אַז די מאַמע אייערע איז קראַנק און די שוועסטער געהט אויף אַ שלעכטען וועג... וואָס קענט איהר לערנען און וואָס קענט איהר וויסען, אויב די וואַרהייט איז פון אייך פערלייקענט און פערבאָרגען?

די האַלב־געבילדעטע, ניט דענקענדע בורזשואַזע אינטעליגענץ האָט זעהר מורא פאַר פּיעסען מיט פילאָזאָפי און אידעען. זיי וויסען ניט אַז אין דער דראַמאַטישער ליטעראַטור וועלען בלייבען אונשטערב־ליך נור די פּיעסען, וועלכע זיינען פול מיט אידעען און פילאָזאָפי. „האַמלעט" וועט קיין מאָל ניט שטאַרבען, „פאַוסט" וועט ניט אַראָפּגע־נומען ווערען פון דער ביהנע, „נאַטהאַן דער ווייזע" איז אַלס אַ דראַמאַ־טיש ווערק זעהר שוואַך, און דאָך וועט „נאַטהאַן דער ווייזע" אייביג לעבען, ווייל עס איז אַ ווערק פול מיט פילאָזאָפי און אידעען. נור די האַלב געבילדעטע אינטעליגענץ האָט ניט קיין געדולד צו זעהן אַן ערנסט טיעפזיניג ווערק; די העכערע, אמת'ע אינטעליגענץ און דאָס פּראָסטע פאָלק האָבען ליעב פילאָזאָפי, געדאַנקען, אידעען, פּאָעזיען... דער בורזשואַזנער האַלב געבילדעטער און איינגעבילדעטער צושויער געהט אַוועק פון טהעאַטער און פערגעסט שוין וואָס ער האָט געזעהן און געהערט; דאָס פּראָסטע פאָלק האָט ליעב עטוואָס צו ברענגען אַהיים פון טהעאַטער... עס ציהט איהם צו זעהן אַ שטיק, וועלכע צווינגט איהם נאָכצודענקען און נאָכצוקלערען. אַ גוטע טענדענץ, אַ פּי־לאָזאָפישער אַפאָריזם, אַ פּאָעטישע בילד רופען ארויס זיין אויפריכ־טיגע ענטציקונג.

אַז די דאָזיגע חברה, וואָס האָט מורא פאַר אַ פּיעסע מיט געדאַנ־קען, ווידערשפּרעכט זיך אַליין, קען מען זעהן פון דעם פאַקט: למשל,

געראָט ווערען פון דעם מענשענס לעבען. עס זיינען אָבער דאָ אַנדערע, זיסע, טייערע טרערען. אַ מוטער הערט ווי איהר קינד זאָגט אַ דרשה און וויינט; מען הערט פון גרויסע טהאַטען און מען איז גערירט; מען בעשליסט זיך צו ברענגען אַ גרויסען אָפּפער צוליעב דער מענשהייט און טרערען גיסען זיך פון פרייד; מען וויינט ווען מען לעזט אָדער מען זעהט אַ פּאָעטישע סצענע. דאָס זיינען גוטע, לייכטע טרעהרען. ווען איהר לעזט אַ גוטען בוך, אָדער זעהט אַן אמת'ע דראַמאַ און איהר וויינט, ווייל איהר לעבט איבער אין אייער אילליוזיאָן דאָס לעבען פון אַן אַנדער מענשען, גיעסט איהר טרערען ווייל פאַר אייערע אויגען האָט זיך געעפענט די זעעלע פון אייער מיטמענש און איהר וויינט מיט טרערען פון מיטלייד און סימפּאַטי. אַזעלכע טרערען זיינען דאָס גרעס־טע פערגעניגען, אַזעלכע טרערען זיינען איינע פון די שעהנסטע ער־שיינונגען אינ'ם מענשענס נאַטור. עס זאָלען זיין אַזעלכע טרערען, וואָל־טען די מענשען ניט געהאַט קיין רעכט צו לעבען אויף דער וועלט!

אַנדערע מענשען ווידער ווילען ניט, אַז דאָס טהעאַטער זאָל פאַר־שטעלען די רעאַלע ווירקליכקייט, דעם אַלטעגליכען לעבען. זיי ווילען זעהן אויף דער ביהנע נור יום טוב. אַנשטאַט דער רעאַלער ווירקליכקייט ווילען זיי זעהן אַ שעהנע אויסגעטראַכטע בבא־מעשה; זיי ווילען בעסער זעהן אַ בעגילדעטען ליגען, איידער די אָפענע ריכטיגע וואַרהייט. פאַר די דאָזיגע מענשען וועט זעהר פּאַסענד זיין צו דערצעהלען דיעזען אַנעקדאָט: אַ סוחר איז אַוועקגעפאָהרען אין דער „קאָנטרי אויף פלע־זשור" און האָט אָנגעזאָגט זיין זוהן, ער זאָל איהם שרייבען אַלעס וואָס עס קומט פאָר אין דער היים און אין געשעפט, כדי אין דער צייט פון „פלעזשור" זאָל ער זיך פון דעסטוועגען קענען פאַרבערייטען און זאָל וויסען אַלעס, וואָס ער וועט האָבען צו טאָן. אין די ערשטע בריעף האָט דער זוהן געשריבען דעם אמת: די סחורה וואָס זיי האָבען איז אַלט און אַרויס פון דער מאָדע, מען דאַרף נייע וואַרע. די משרתים זיינען גנבים און פאַלשע מענשען, די מאַמע האָט צייהנוועהטאָג, די שוועס־טער פיהרט זיך אויף ניט גוט, און אַזוי ווייטער. דער טאַטע איז בייז געוואָרען און האָט געשריבען דעם זוהן: איך וויל טאַקע זאָלסט מיר שרייבען, וואָרום אַז ניט, וועל איך ניט וויסען וואָס אין דער היים טוט זיך, אָבער נאָך וואָס שרייבסט דו מיר דעם אמת? פיהרסט דאָך מיר אי־בער דעם גאַנצען פערגעניגען.

טער קריגען מענשען פון פערשיעדנע קלאסען איינע און דיזעלבע „סאגדזשעסטשענס" און ווערען פעראייניגט דורך איינע און דיזעלבע אידעאלען. ערפילען דיעזע אויפגאבע קען די דראמע נור דאן, ווען זי שילדערט די ווארהייט פון לעבען, די ווארהייט פון דער נאטור...

זעהן און פערשטעהן די ווארהייט — דאס איז דאס גרעסטע פערגעניגען פון א מענשען. דאס טהעאטער איז געשאפען דיעזען פערגעניגען צו געבען.



מען שפּיעלט אַ פּיעסע, וואָס געפעלט זיי שטאַרק און אַמוזירט זיי. זאָלען אָבער קומען די פּיעסע זעהן זייערע גייסטליכע, די „רעבאים", די פּריסטערס, דאָס הייסט, די מענשען וועלכע נאָך זייער מיינונג נאָך דאַרפען זיין מאָראַלישער פון אַנדערע און פיהרען זיך אַנשטענדיגער, — וועלען זיי פיהלען און זאָגען, אַז די דאָזיגע מענשען האָבען זיך ערניעדעריגט. פאַר וואָס? ווייל זיי אַליין, די דאָזיגע עזלען, אויב זיי פערשטעהען ניט, פיהלען זיי דאָך אינסטינקטיוו, אַז דאָס איז אַ נאַר־רישע שפּיעל, וועלכע מוז אַן אַנשטענדיגען מענשען ערניעדריגען. ווען אָבער די גייסטליכע וועלען זעהן „פאַוסט" אָדער „האַמלעט" אָדער אַזאַ אָפּערא ווי „פּאַרסיוואַל", וועלען זיי ניט האָבען דאַגעגען, ווייל די דאָזיגע זיינען ווערקע פון אמת'ע קונסט... אַלעס וואָס עס ווערט געשפּיעלט אין טהעאַטער דאַרף זיין אויף אַזוי פיעל ערהאַ־בען און אויך אַזוי פיעל וואהרע קונסט, אַז ניט נאָר די וואָס מוזען שפּיעלען אַ ראָלע פון העכערע ברואים, נאָר ווירקליך גרויסע און ענט־וויקעלטע מענשען זאָלען זיך פיהלען אין טהעאַטער ניט ערניעדעריגט, נאָר דערהויבען!...

די מענשען, וואָס האַנדלען אַ גאַנצען טאָג, די מענשען, וואָס בע־שעפטיגען זיך אין זייערע „אָפּיסעס" אַ גאַנצען טאָג און די וואָס אַר־בייטען אַ גאַנצען טאָג, וועלען זיך אָברוהען און זייערע נערוועז וועלען פערשטאַרקט ווערען, אויב אין טהעאַטער וועט מען זיי געבען מאַטע־ריאַל צו דענקען און צו פיהלען. דאָס טהעאַטער איז אַ גרויסע סאָציאַלע פאָלקס שולע. אַהער דאַרפען קומען מענשען לערנען און שטודירען אָהן ביכער דאָס, וואָס זיי האָבען אַליין קיין צייט ניט אָדער קיין מעג־ליכקייט ניט צו לערנען. אין טהעאַטער דאַרף מען קומען לערנען דאָס לעבען פון דער געזעלשאַפט, פאַמיליע און אינדיווידואום, דאָרטען בע־קענען זיך מיט דער בעדייטונג פון סאָציאַלע ערשיינונגען און מיט דער ערקלערונג פון די פּראָבלעמען פון לעבען. דאָס טהעאַטער איז געשאַפען דאַרויף אַז אַ גרויסע מאַסע מענשען זאָל דאָרט ערציהען זייערע גע־פיהלען, האַרמאָניזירען זייערע בעגריפע, סאָציאַליזירען זייערע פאָר־שטעלונגען וועגען גערעכטיגקייט און אונגערעכטיגקייט... אין טהעאַ־

דער ווירקליכקייט. די אונגליקען און צרות, וואָס די העלדען פון אַן אויסגעטראַכטען ראָמאַן טראָגען איבער, רופען ארוים מעהר טרערען און מעהר מיטלייד, אלס די ווירקליכע צרות און אונגליקען פון אונזערע מיטמענשען. ווען אייערער אַ בעקאַנטער דערצעהלט אייך אַ וויץ פון זיך אליין, איז עס ניט אַזוי אינטערעסאַנט, ווי אַ וויץ פון אַ פיקטיווען מענשען, פון אַ לעגענדארישען מאָטקע כאַבאַד, אָדער הערשעל אסטראָפּאָליער...

דער ליגנער, וועלכער דערצעהלט אונשולדיגע ליגען, ניט ווייל ער וויל אייך בעטריגען, נאָר ווייל ער וויל מיט זיין איינבילדונגס קראַפט שאַפען עטוואָס, וואָס זאָל זיין „אינהאַלטסרייכער" און אינטערעסאַנטער פון דער אָרעמער ווירקליכקייט, — דער דאָזיגער ליגנער איז אַזאַ נאַטירליכער פּראָדוקט פון אונזער מענשליכען לעבען, גראַדע ווי דער וואָס דערצעהלט די ריינע וואַרהייט. דער ליגנער איז אַ ראָמאַנטיקער. ער איז דער פאָטער פון ראָמאַנטישע ליטעראַטור. די ווירקליכקייט איז אם מייסטען זעהר וואָכעדיג, מאָנאָטאָן, גרויזאַם, געוואַלדיג שטאַרק פאַר דעם מענשענס קרעפטע, און נאָר אין פיקציאָן, אין דער פאַרשטעלונג קען דער מענש א ל ע ס צופאַסען צו זיין ווילען, אַלע הינדערניסע אויפּרוימען, די אייזערנע אומשטענדען אומבייטען, ניט אין דער „געבילדעטער", פּאַקטישער ווירקליכקייט, נאָר אין דער איינגעבילדעטער מענשליכער פּאַנטאַזי האָבען דעם מענשענס שטרעבונגען די פולע, אונבעגרענעצטע, פּאָלקאָמענע פרייהייט.

דער מענש האָט שטענדיג געהאַט פערגניגען פון זיין נייגונג יענעם אָבצונאַרען (אָפּיציעל טוט מען עס דעם ערשטען אַפּריל), מיסטיפיצירען, נאָכאהמען, אימיטירען די ווירקליכקייט, מאַכען זיך פאַר אַן אַלטען, פאַר אַ הינקעדיגען, פאַר זעהר אַ דיקען, פאַר אַ שיכורען, פערמאַסקירען זיך, אום פאָרצושטעלען עטוואָס אַנדערש פון דעם, וואָס ער איז אין דער ווירקליכקייט. אַן אמת'ער הינקעדיגער, אָדער אַ דיקער מענש, אָדער אַן אַלטער האָט דעם מענשען ניט אַזוי אינטערעסירט, ווי דער פאָרגעשטעלטער... פון דער נייגונג נאָכצואהמען, פאָרצושטעלען די ווירקליכקייט מיט דער הילפע פונ'ם כח הדמיון, אימיטירען דעם אמת, עטוואָס אויסדריקען דורך אַ פרעמדע מאַסקע, — פון דעם האָט זיך ענטוויקעלט דער ספּעקטאַקעל, דאָס טהעאַטער, די דראַמאַ. אָהן אילוזיאָן וואָלט קיין טהעאַטער און קיין דראַמאַ ניט געשאַפען

# אילוזיאָן און דראמא.

אילוזיאָן איז אַ אויסגעטראַכטע ווירקליכקייט. עס איז ניט די זאַך ווי זי איז, נאָר ווי זי שטעלט זיך פאָר מיט דער הילפע פון אונזער כח הדמיון. עס איז ניט די װאַרהייט אליין, עס איז די פאראויס בעשטימטע און אַזוי צו זאָגען, על פּי תנאי אָנגענומענע אָבבילדונג פון דער װאַרהייט. עס איז, פשוט גערעדט, אַ ליגען װעלכער דערמאָנט דעם אמת.

פאַר דעם מענשען איז די ווירקליכקייט אליין ניט גענינענד, ער דאַרף האָבען אַזעלכע געפיהלען, און איינדריקע, װעלכע זאָלען איהם העלפען די ניט ווירקליכקייט פערווירקליכען. אָהן אַזעלכע ליגען קען דער מענש לעבען. די וועלט אונזערע רופט זיך ניט אומזיסט עולם השקר. נור דאן ווען מיר לעבען ניט, זיינען מיר אין עולם האמת... אין קבר גיבט עס קיינע אילוזיאָנען... דוד המלך האָט ניט אומזיסט געזאָגט צו גאָט: „וואָס וועט דיר ארויסקומען פון מיין טויט? קען מען דען רעדען וועגען דיין װאַרהייט אין גרוב?" נור דאָ אויפ'ן עולם השקר קען עקזיסטירען רעליגיאָן, גלויבען, איינגעבילדעטע װאַרהייטען, ווייל דער מענש קען ניט לעבען מיט דער אמת'ער ווירקליכקייט אליין: ער מוז האָבען ליגען, אילוזיאָנען...

דער ליגען איז פיעל עלטער פונ'ם אמת. די װאַרהייט ערפאהרט מען נאָר דורך די פאָרשטעלונגען, וואָס מען האָט וועגען איהר. די ווירקליכקייט אליין איז קיין מאָל ניט געווען פאַר דעם מענשען אַזוי אינטערעסאַנט, ווי דאָס וואָס האָט געדאַרפט די ווירקליכקייט פאָרשטעלען. דאָס לעבען פון די געטער אין די הימלען איז געווען מעהר בעקאַנט און דייטליכער בעשריבען, ווי דאָס לעבען פון דעם רעאַלען מענשען, דאָס אויסגעטראַכטע איז געווען שטאַרקער פון דאָס עקזיס־טירענדע, פיקציאָן (פיקשין) האָט מעהר געווירקט ווי די פאַקטען פון

ווירקליכע לעבען פונ'ם אידישען פאָלק, די פאַקטען פון זיין היסטאָרי־שען לעבען זיינען געווען צו רעאַליסטיש, דער אמת צו ביטער. אָהן אילוזיאָנען וואָלט עס אפילו דער איד ניט איבערגעטראָגען. דעם איד צו הילפע איז געקומען דער חסידיזמוס, וועלכער האָט איהם בעטרונ־קען און בערוישט גראַדע ווי דעם כינעזער דער אָפּיום. דער חסידיזמוס האָט דעם אידען געפיהרט פון זיין אָרימער וועלט, פון דעם שרעקליכען עולם התחתון אין די גרויסע עולמות העליונים, אין די ליכטיגע שטראַה־לענדע וועלטען, וואו עס שטעהען פּאַלאַסטען פון סאַפּיר און קריסטאָל און וואו שאארען פון מלאכים זינגען שירה... אָפּיום אָבער פיהרט פון אילוזיאָנען צו האַליוצינאַציען. און, איך מיין, עס איז ריכטיג צו זאָגען, אַז צו האַליוציאַנאַציען האָט אויך געפיהרט דעם אידען דער חסידיזמוס...

אַן אילוזיאָן העלפט דעם מענשען פון דער ניט־ווירקליכקייט מאַכען אַ ווירקליכקייט. האַליוצינאַציאָן, פערקערט, מאַכט פון דער ווירק־ליכקייט אַ אונווירקליכקייט. האַליוצינאַציען פערקריפּלען די ווירק־ליכקייט, רופען ארויס אונמעגליכע ערשיינונגען, רופען ארויס ערשיי־נונגען, וועלכע נאָר אַ קראַנקער מוח קען שאַפען. אילוזיאָנען ברענגען דעם מענשען פערגניגען, פרייד, טרויסט. האַליוצינאַציען שרעקען דעם מענשענ'ס פאַנטאַזי, מאַכען איהם קראַנק און הילפלאָז. די דראַמאַ איז די ספערע פון ריינע אילוזיאָנען, און דער איד האָט זיך דערפאַר מיט אַזאַ ענטוזיאַזם אַ וואָרף געטאָן אין טהעאַטער, אין דער וועלט פון פאָרשטעלונגען. די אמת'ע, גוטע, געזונטע דראַמאַ וועט געבען דעם אידען דאָס, וואָס ער האָט געזוכט אין חסידיזמוס...

וואָס ניעדריגער און ניט ענטוויקעלטער דער מענש איז, דאָס איינפאַכער און נאַאיווער זיינען זיינע אילוזיאָנען. אַ קינד מאַכט זיך אַ גאַנצע ווירקליכע וועלט פון אַ שטעקען, אַ בעזעם מיט אַביינקעל. די אילוזיאָנס־קראַפט פערוואַנדעלט פון זיינ'עט וועגען דעם שטעקען אין אַ פערדיל, דעם בעזעם אין אַ דאָקטאָר, דעם ביינקעל אין אַ גרויסע פעסטונג. די האַנדלונג אָבער וואָס קומט פאָר צווישען דעם קינד און די געגענשטענדע איז אַזוי אמת ווי די ווירקליכקייט אליין. זעלבסט־פערשטענדליך, די ווירקליכקייט, וועלכע קען בעאָבאַכטעט ווערען און אויפגעפאַסט ווערען דורך דעם קינד'ס בעגריעפע אין זיין קינדרי־שע וועלט. אויב ביליגע מעלאָדראַמען און נאַאיווע, קינדירשע מעשות

געוואָרען. ניט אומזיסט זיינען די דראמא און די רעליגיאָן אזוי נאָ־
הענט פערבונדען איינע מיט דער אנדערע...

וואָס אָרעמער דעם מענשעס ווירקליכקייט איז, וואָס שווערער
עס איז דער דרוק פונ׳ם פאקטישען רעאלען לעבען, דאָס שטארקער
איז זיין נייגונג צו אילוזיאָנען. דער ערניעדריגטער און פערהונגערטער
פראָלעטאריאט פון דעם אלטען רוים האָט געהאַט נור איין פאָדערונג:
גיט אונז א שטיקעל ברויט צו שטילען דעם הונגער און גיט אונז ספעק־
טאקלען צו ערוויטערען זיך פון דער ווירקליכקייט. די כינעזער, וועלכע
לעבען אין ענגשאפט און אָרעמקייט, אָהן מענשליכע רעכטע און אָהן
אינדיווידועלע פרייהייט, — די כינעזער טרינקען אָפּיום, אום זיי זאָ־
לען מיט דער הילפע פון דעם גיפט קענען אוועקגעהן פון דער שרעקלי־
כער ווירקליכקייט אין דער שעהנער וועלט פון געטליכע אילוזיאָנען.
דער שוואכער רוסישער מוזשיק טרינקט אזוי פיעל שנאפּס, ווייל די
וואָדקא הויבט איהם אויף פון זיין שמוציגע אָרעמע ווירקליכקייט אין א
ראָמאנטישער וועלט פון שעהנע טהאָלען און גרויסע פעלדער אין א ספער־
רע פון גרויסע העלדען און גרויסע גבורים... די ארבייטער אין שמו־
ציגע צוריסענע בלוזען מיט ניט אָבגעוואשענע פּנים׳ער, וועלכע האָ־
בען א גאנצען טאָג בערג אויף זיך איבערגעשלעפּט שטעהן ביי נאכט אין
א ביער סאלון פּרייליכע, צוהיצטע, לעבהאפטע... ווייל דער אלקאָ־
האָל און דער רויך פון טאבאק מאכען פונ׳ם סאלון א טעמפּעל פון אי־
לוזיאָנען. מיט דער הילפע פון נארקאטישע מיטלען זוכען אויך די
רייכע קלאסען צו פערגעסען די גרויזאמע, מאָנאָטאָנע ווירקליכקייט.
אין ענגלאנד און אין אמעריקא ביי דעם פּראקטישען אנגלאָ־זאקס
בליהט נאָר די ראָמאנטישע נאָוועלע און ראָמאנטישע דראמע, ווייל ער
וויל דעם פאקטישען אמת פערזיסען מיט א ראָמאנטישען ליגען. אין
דער העלע וואו מען רויכערט אָפּיום, אין שענקהויז, אין דער קירכע
און אין די טעמפּלען דער קונסט זוכט דער מענש דורך אילוזיאָנען צו
זעהן די ווירקליכקייט ניט אזוי ווי זי איז... די גאס אליין איז ניט
אינטערעסאנט, זי איז אָבער זעהר אינטערעסאנט, ווען מען קוקט אויף
איהר דורך א פּאנאראמא... פיעל מאָל האָבען מיר געהערט די
פראגע: פאר וואָס האָט דער איד מעהר פון אנדערע פעלקער אזוי ליעב
דאָס טהעאטער, די פאָרשטעלונג?

ביטערער און שווערער פון אלע ווירקליכקייטען איז געווען דאָס

ניט מיט איהרע שטראַהלען. עס איז אַ ליגען, אַ פיקציאָן, נאָר ווייל מיט דער הילפע פון אונזער כח הדמיון פערוואנדלען מיר דאָס אין אַ ווירק־ליכקייט, דערפאר שאַפט אונז דאָס אזא פערגניגען. דאָס לעבען אליין איז וואָכעדיג און געמיין, עס ווערט אינטערעסאַנט, ווען מיר נעהמען אַ בילד פונ׳ם לעבען, בעקליידען עס מיט די יום־טוב׳דיגע פארבען און העלע קאָלירען פון אונזער פאַנטאַזי, און בעציהרען עס מיט דער קרוין פון דער אידעע. קונסט און דראַמאַ מאָהלען ניט דאָס לעבען, זיי גיבען נור בילדער פונ׳ם לעבען. אין דעם לעבען קענען מיר ניט זעהן קיין איינונג, קיין האַרמאָני, קיין פאָלקאָמענע שעהנהייט, — דיעזע איינהייט, דיעזע האַרמאָני און שעהנהייט גיט אונז איבער דער קינסטלער. מיר עמפפינדען דאָס דורך דער אילוזיאָן, דאָס בעאיינ־פלוסט אונז, און מאַכט אויך אונזער לעבען, די ווירקליכקייט שעהנער, נאָבלער, און פאָלקאָמענער. דאָס איז די אויפגאַבע פון וואהרע קונסט.

געבען אין דער דראַמאַ אָדער אין קונסט, ניט אַ בילד פונ׳ם לע־בען, נאָר דאָס לעבען אליין, — וואָלט געהייסען מאַכען פון דער ביה־נע און פון אַלע קונסטען אַ יאַטקע מיט אַ פיש־מארק. צונעהמען די אילוזיאָן פון דער דראַמאַ, וואָלט געווען דיזעלבע זאַך, ווי צונעמען ביי די צושויער די אויגען. די קונסט, צו וועלכער מען דארף ניט די איינבילדונגס קראַפט, איז קיין קונסט ניט...



געבען איצט דעם פאָלק מעהר אילוזיאָנען, איז דאָס דערפאר ווייל דעם פאָלקס בעאָבאכטונגען זיינען נאָך בעגרענעצט און זיינע בעגריפפע זיינען נאָך קינדיש. אָבער ווי ענטוויקעלט און אינטעליגענט מען זאָל ניט זיין, פערשטעהן קונסט בכלל און דראמא בפרט קען מען נאָר מיט דער הילפע פון אילוזיאָן.

עס איז א דומהייט צו דענקען, אז אויף דער ביהנע קען און דארף אלעס פאָרגעשטעלט ווערען פונקט ווי אין רעאלען לעבען. ווי רעאליס־טיש די דראמא זאָל ניט זיין, עס וואָלט געווען ניט אינטערעסאנט און עס וואָלט קיין פערגניגען געשאפט, ווען די פערזאָנען זאָלען רעדען און האנדלען פונקט ווי אין לעבען. ניט דאָס לעבען אליין גיט דער קינסטלער, נאָר א בילד פונ'ם לעבען. שטעלט אייך פאָר, אז אויף א שטיקעל לייווענד פון דריי ארשין איז אויסגעמאָהלט דער אָקעאן, שיפען, די גאנצע לבנה מיט טויזענדע שטערען... עס איז רעאליסטיש, עס איז ריכטיג. אָבער איז דאָס די ווירקליכקייט אליין? אויף דער ביהנע קומט פאָר ניט דאָס לעבען אליין, נאָר א „שפיעל" פונ'ם לעבען. ווי רעאליסטיש די מענשען זאָלען ניט האנדלען זייער חתונה אויף דער ביהנע קען ניט דויערען אזוי לאנג ווי אין דער ווירקליכקייט, זיי קע־נען ניט עסען אויף דער ביהנע ווי ביי זיך אין דער היים און זיי דארפען ניט רעדען פונקט ווי אין לעבען... ווארום זיי שטעלען פאָר ניט דאָס לעבען, נאָר די אָבבילדונג פונ'ם לעבען. און ווי א קליין שטיקע־לע לייוועגד קען אייך געבען די אילוזיאָן פון אן אָקעאן, לבנה, שיפען, שטערען, נאָר מיט דער הילפע פון געדיכטע פארבען און א פערגרעסער־טע פערספעקטיווע, אזוי קענט איהר אויף דער ביהנע קריגען די אי־לוזיאָן פון דער ווירקליכקייט נאָר מיט דער הילפע פון קינסטלערישע שילדערונג, אויסדרוקספאָלע מאָנאָלאָגען און אין קורצען מאסשטאב גענומענע, גרויסע סיטואציאָנען. ווי רעאליסטיש די פיעסע זאָל ניט זיין, עס איז א ליגען ווען דער אקטיאָר לאכט, עס איז א ליגען ווען ער וויינט. עס איז א ליגען ווען ער בעגעהט זעלבסטמאָרד, עס איז א ליגען ווען ער ערמאָרדעט דעם צווייטען. ווי רעאליסטיש די אויסשטא־טונג און די דעקאָראציאָנען זאָלען ניט זיין, די בוימער שטעהען אונ־בעוועגט, ווען עס רוישט דער שטורם ווינד; די הויכע בערג זיינען פלא־כע שטיקער פאפיער ווען דער מענש קלעטערט אויף זיי, די לבנה איז א בלאסער שטיקעל לייוועגד, ווען די עלעקטרישע לאמפע העלפט איהר

די איז געווען הויכע פּאָעזי און פילאָזאָפי. פּאָעזי און פילאָזאָ־פי ענטוויקלען זיך ביי אַלע פעלקער פריהער פאַר די געשיכטע און פאַר פּראָזע. אין די אַלטע צייטען האָט זיך די געוועהנליכע שפּראַך, די פּראָזע גערעכענט זעהר ניעדריג. אַלעס וואָס דער מענש האָט גע־שטעלט הויך, האָט ער בעשריבען אין אַ פּאָעטישע פאָרם. ביי אַלטע פעלקער זיינען זאָגאַר זייערע געזעצע און די רעגולאַציאָנען פונ׳ם גע־וועהנליכען לעבען געשריבען אין פּאָעטישע פאָרם, אין אַ ריטהום.

ביי די אַלטע גריכען איז קיין ראָמאַן גאָר ניט געווען. ביי די רוימער האָט זיך דער ראָמאַן אָנגעהויבען צו ענטוויקלען. אין די ע״שטע צייט פון דער כריסטליכער ערא איז ראָמאַן — געווען געשיכטע. דאָס הייסט, דאָס וואָס די פאַנטאַזי פונ׳ם כריסט האָט געשאַפען און דאָס, וואָס ער האָט ערפאהרען פון דער פערגאַנגענהייט האָט ער צוזאַמענגעבונדען און האָט געמאַכט דערפון וואונדערבאַרע צויבער און וואונדער געשיכטען, וועלכע זיינען נאָכדעם פיעל צייט גערעכענט געוואָרען אַלס היסטאָרישע פאַקטען. ווען אַ פאָלק איז ניט ענטוויקעלט איז זיין היסטאָרי אַ „פיקשיאָן״, אַ ראָמאַן. ווען דאָס פאָלק ענטווי־קעלט זיך און ווערט ציוויליזירט, איז זיין ראָמאַן אַ טהייל פון דער וועלט־געשיכטע. די דראַמאַן פון באַלזאַק, די ראָמאַנען פון זאָלאַ, פון טאָלסטאָי, פון טעקעריי, פון הענרי דזשיימס זיינען קאַפּיטלעך פון דער געשיכטע פון דער מענשהייט.

דער ראָמאַן האָט יעצט פערשיעדענע פאָרמען: ראָמאַן, ערצעה־לונג, סקיצע און ז. וו. דער אונטערשיעד צווישען ראָמאַן און ערצעהלונג איז דער: אין אַ ראָמאַן געהט דייטליך בעשריעבען די ענטוויקלונג פון דער אינטריגע, אַן ערצעהלונג ווערען די דעטאַלען, די איינצעל־הייטען איגנאָרירט און עס ווערען נור געשילדערט די הויפּט־מאָמענטען פון דער פּאַסירונג. אַלע פאָרמען פון ראָמאַן ווערען אָנגערופען בעלעט־ריסטיק, דאָס הייסט, בעלל לעטערס, שעהנע ווערטער, שעהנע ליטעראַ־טור.

אזוי ווי ראָמאַנען זיינען דאָ סאָציאַלע, היסטאָרישע, פּראָבלע־מאַטישע, סאַטירישע, אזוי זיינען אויך דאָ דראַמען, וועלכע זיינען אָדער סאָציאַלע, אָדער היסטאָרישע, פּראָבלעמאַטישע און סאַטירישע. ראָמאַנען קענען זיין קלאַסישע, ראָמאַנטישע, סימבאָלישע און רעאַליס־טישע, דאָס זעלבע אויך דראַמען. די ענטוויקלונג פון דער דראַמאַ איז

# דראַמאַ און ראָמאַן.[1]

דער ראָמאַן און די דראַמאַ האָבען צווישען זיך פיעל עהנליכעם און פיעלע פערשיעדענהייטען. דאָס ענגלישע וואָרט „פיקשיאָן", מיט וועלכען עס ווערט בעצייכענט אַלעס, וואָס עס ווערט געשריבען אין ראָמאַן־פאָרמע, — דאָס וואָרט האָט זיך מעהר געפּאַסט אין די פריהער־דיגע צייטען, ווען דער ראָמאַן איז געווען אַ פיקציאָן, אַ אויסגעטראַכ־טע געשיכטע, אַ מעשה, וועלכע איז געשאַפען געוואָרען נור אין דער פאַנטאַזיע פון דעם מענשען און מיט דער קראַפט פון זיין פאָרשטעלונג (אימאַזשינייישען). איצטיגע ראָמאַנען, די בעסטע, זיינען ניט מעהר אַ פיקציאָן, עס איז די וואַרהייט, די קולטור געשיכטע פון אונזער גע־זעלשאַפטליכען לעבען. אויסגעטראַכט זיינען נור די נעמען און די קאָמ־בינאַציאָן, דער צוזאַמענהאַנג, די האַנדלונג.

צו ליטעראַטור געהערט אַלעס, וואָס איז געשריבען אין אַ שעהנע פאָרם פון קונסט. אַלע ביכער פון וויסענשאַפט, פון ספּעציעלע געגענ־שטענדען, לער־ביכער און אַזוי ווייטער, געהערען ניט צו דער ליטעראַ־טור. די יעצטיגע ראָמאַנען געהערען ניט צו דער וויסענשאַפט, צום ביישפּיעל צו דער וועלט־געשיכטע אָדער סאָציאָלאָגיע דערפאַר, ווייל זיי זיינען געשריבען געוואָרען אין דער פאָרם פון פּאָעזיע. אַלעס וואָס איז געשריבען געוואָרען אין אַ פּאָעטישע פאָרם, עפּאָס, ליריק, דראַמאַ — דאָס אַלעס איז ליטעראַטור. די ראָמאַנען, אָבוואָהל זיי זיינען געשרי־בען געוואָרען אין פּראָזאַ, זיינען זיי דאָך פּאָעטיש, אויף וויפיעל זיי האָבען אין זיך טרייהייט, שעהנקייט און קונסט.

די ענטוויקלונג פון דער דראַמאַ איז ניט געגאַנגען, ווי די ענטוויק־לונג פון'ם ראָמאַן. אין דער צייט, ווען קיין ראָמאַן איז נאָך אויף דער וועלט ניט געווען, איז שוין די דראַמאַ, ווי צום ביישפּיעל, די גריכישע טראַגעדיע, געשטאַנען אויף זעהר אַ הויכע שטופע. די אַלטע טראַגע־

# קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ'ס קונסט אין אַמעריקאַנער גלות.

„עס זיינען געווען מאָמענטען, ווען איך האָב געהאַט אַ וואַהרען עסטעטישען גענוס, עס זיינען געווען אויגענבליקען, ווען איך בין געווען גערירט ביז טרערען. עס זיינען געווען סצענען, וואו איך האָב געזעהן דעם אויסדרוק פון ווירקליך גרויסע דראַמאַטישע קונסט און האָב געפיהלט די גרעסטע בעפריעדיגונג, דאָך די פאָרשטעלונגען, אין גאַנצען גענומען האָבען אויף מיר ניט געמאַכט דעם געוואַלטיגען איינדרוק, וועלכער רופט ארוים בעגייסטערונג און ענטהוזיאַזמוס, וועלכער הויבט אונז אויף אויף אַ געוויסער מאָראַלער הויכקייט און גיט אונז אַ גרויסע גייסטיגע פרייד און אַ פאָלקאָמענע צופריעדענהייט און בעפריעדיגונג. איך געה פון טהעאַטער מיט אַ טרויעריגען געפיהל און איך וויים ניט, פאַר וואָס איז דאָס?"

מיט דיעזע ווערטער האָט זיך צו מיר געווענדעט אַן אַמעריקאַנער אינטעליגענטער יונגער־מאַן, וועלכער פערשטעהט גאַנץ גוט רוסיש, אָבוואָהל ער איז געקומען קיין אַמעריקאַ אַלס קינד און אויסגעוואַקסען און ערצויגען איז ער געוואָרען אויפ'ן אַמעריקאַנער שטייגער. איך בין געשטאַנען, געוואַרט אויף אַ „קאַר" און האָב געשוויגען. מיר איז אויך געווען אומעטיג אויפ'ן האַרצען. מיך האָט געדריקט אַ סענטימענטאַלער געפיהל, וועלכער האָט גאָר ניט געהאַט צו טהאָן מיט'ן טהעאַטער, מיט קונסט, מיט זודערמאַן'ס דראַמאַ, מיט קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ'ס שפּיעלען, — איך האָב געדענקט פון קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ אליין אַלס מענש. אין דער היים האָט זי פערדיענט ליעבע און אַכטונג. זי האָט פיעלע פריינדע און פערעהרער. זי שפּיעלט אין אַן אייגענעם טהעאַטער פאַר אייגענע מענשען. דאָס טהעאַטער דאָרט איז איהר היים. פונ'ם

געגאנגגען פונקט פערקעהרט געגען דעם ראָמאַן. דער ראָמאַן איז געווען ניעדריג ווען די טראגעדי האָט געבליהעט. ביסלעכווייז האָט זיך דער ראָמאַן אויפגעהויבען העכער פאר דער דראמא. יא, מען מוז צוגעבען אז דער מאָדערנער ראָמאַן שטעהט העכער פאר דער מאָדערנער דראמא. די דראמא פערקעהרט, איז געגאנגגען אראָפּ, אלעס ניעדריגער און ניעד־ריגער, ביז זי האָט זיך אויסגעגלייכט מיט אלע איבעריגע פאָרמען פון ליטעראטור און צוזאמען מיט זיי האָט זי זיך אָנגעפאנגען צו ענטוויק־לען און צו געהן העכער און העכער. אין אונזער צייט ווערט די דראמא אם מייסטען געשריבען אין פראָזע. די אלטע דראמא האָט געוואָלט דעם מענשען פּאָעטיזירען, שטעלען איהם א מאָדעל, א מוסטער פון א העכערען וועזען, פון א געטליכען מענשען, פון א מענשען, וואָס עק־זיסטירט נאָר אין דער וועלט פון פּאָעזי און פילאָזאָפי, און פון אזא געגענשטאנד האָט די דראמא גערעדט מיט א שעהנע פערהייליגטע ריטהמוס שפראכע. די היינטיגע דראמא וויל די פּאָעזי פערמענשלען... דאָס הייסט צייגען, אז די פּאָעזי פון דעם מענשען איז אזוי איינפאך, ווי דער מענש אליין, ווי די נאטור אליין. די היינטיגע דראמא גלויבט ניט ווי אמאָל. אז פּאָעזי איז נאָר אינ׳ם ריטהמוס, אין דער שעהנקייט, אין דער פאָרם פון א געגענשטאנד, — די היינטיגע דראמא זאָגט, אז די שעהנע אידעע שאפט איהר שעהנע פאָרם, און דאָס די ערהאבענע ווארהייט, ווי פּראָזאאיש זי זאָל ניט זיין אויסגעשפּראָכען, האָט איהר ריטהמוס און איהר פּאָעזי... דערפאר ווערען די היינטיגע בעסטע דראמען אם מייסטען געשריבען אין פּראָזע.

אזא שרייבער ווי זודערמאַן געווען איינער פון די גרעסטע. אין דייטש־לאַנד וועט ער קיין מאָל ניט שטעהן אין איין רייהע מיט די גרויסע דראַ־מאַטישע דיכטער. „יאָהאַנעספייער“ גיט ניט אפילו דאָס, וואָס מע קען ערוואַרטען פון זודערמאַן. די טהעמאַ וואָלט אַן אמת׳ען דיכטער און פּאָעט געגעבען אַ מערקווירדיגען מאַטעריאַל... „יאָהאַנעספייער“ צינדט אָן אין די אַלטע גערמאַנען דעם אמאָליגען שטאַרקען גייסט... די זומער נאַטור, די ערוואַכענדע ליידענשאַפט, דער מוטה און די פרייהייטס ליעבע פון די אמאָליגע געזונטע געצענדיענער, וועלכע רייַ־סען זיך ארוים פון אונטער דער משא פון קריסטליכער מאָראַל, צוברע־כען די קייטען פון דעם אסקעטישען קריסטליכען גאָט און רופען צוריק צו די מעכטיגע געטער פון וואַלאַהאַלע, צו די שעהנע וואַלקירען, צו לעבענסלוסט און ליעבעס פרייד!.. ביי זודערמאַן גיט דער „יאָהאַנעס־פייער“ אַ שוואַכען גלימער און ווערט פערלאָשען אין דער פינסטערער נאַכט... אַ שטיקעלע פונק ליידענשאַפט־פייער און דאַן לאַנגע קאַל־טע רעדעס...

ניט דורך האַנדלונג, נאָר דורך לאַנגע ערצעהלונגען פיהרט ער אונז אריין אינ׳ם לעבען פון די עלדען... דער יונגער פּאַסטאָר דאַרף כלומרשט מאַטעריאַל פאַר אַ פּרעדיגט, דערפאַר קומט ער נאָך בּיי־אָגראַפישע פאַקטען צו די עלדען אליין און זיי דערצעהלען איהם וואָס זיי ווייסען פון זיך. דערווייַלע בעקענען מיר זיך אויך מיט זיי. די עלדען אליין זיינען אזעלכע קליינע, בלאַסע מענשעלעך, אָהן איי־דעאַלען, אָהן שטרעבונגען, אָהן מעלות, אָהן חסרונות. זיי קריגען זיך און שרייען און איהר זעהט, אַז זייער גאַנצע מחלוקה איז ניט ווערט קיין צובראָכענעם פּפעניג. זיי זאָגען אפילו אליין פון זיך: מיר זיי־נען שטאַרק און געבאָרען צו הערשען! אָבער אין וואָס בעשטעהט די שטאַרקייט פון דיעזע בלאַסע קליינבירגער און ווען זיי בע־הערשען, אויסער זייערע געהאַרכזאַמע הויז־פרויען, ווייסט איהר ניט. די „מוטער“, אַ וואַגאַבונד, שכור׳טע און אַ גנב׳טע און די טאָכטער, „די הונגעריגע יתומה“, וועלכע דאַרף, זאָ צו זאָגען, זיין אַ וויסענ־שאַפטליכע איבערצייגונג וועגען די געזעצע פון ערבליכקייט, — דאָס אַלעס איז אזוי שוואַך און מעלאָדראַמאַטיש, אַז איהר הויבט אָן צוייפ־לען, אַז דאָס האָט געשריבען דערזעלבער ביהנען־קעננער, וועלכער האָט פערפאַסט „די עהרע“ און „די היימאַטה“... געוויס, עס זיינען דאָ אין

לעצטען ארבייטער אויף דער ביהנע ביז דעם גרעסטען ארטיסט — אלע זיינען איהרע פריינדע.

דאָס טהעאטער איז פול פאר איהר מיט ווארעמע סימפאטי, פריינד־ליכקייט און פערעהרונג. דאָ אָבער בעגעגענען זי די פרעמדע „סטיידזש הענד״ מיט א קאלטען סארקאסטישען שמייכעלע, ווארום אז זי האָט ניט קיין מאטעריעלען ערפאָלג, פערדיענט זי דאָך געוויס ניט קיין כבוד... די ביהנע איז ניט היימליך, ניט געמיטליך, ניט איינגעשטעלט נאָך איהר געשמאק און געוואָהנהייט, די ווענד פון טהעאטער זיינען דונקעל און ניט גאסטפריינדליך און אין הויז איז קאלט, לעער און שטיל... די עטליכע פרעמדע, וועלכע זיינען שוין יאָ דאָ, זיינען אזוי ניט עמפפינדליך און ניט רעספּאָנסיוו, ווי די לע־דיגע שטוהלען... און זי, וועלכע איז אין דער היים א פערצויגענער ליעבלינג, געהט ארוים שפיעלען אין אזא קאלטע פרעמדע אטמאָספע־רע... אָרעמע, גרויסע קאָמיסארזשעווסקאיא! איצט, ווען דיר איז אביסעל בעקאנט דער ביטערער גלות־געפיהל, גיב א טראכט מיט א געפיהל פון סימפאטי וועגען די הונדערטער־טויזענדער אונגליקליכע, וועלכע זיינען, ניט מיט זייער גוטען ווילען, ווי דו נאָר מיט געוואלד פערוואָרפען געוואָרען אין א פרעמד לאנד, וועלכע זיינען געקומען אהער ניט זוכען רוהם און לאָרבער קראנצען, נאָר זוכען א ווינקעלע, וואו אנידערצולעגען זייער עלענדען קאָפּ און וואו צו געפינען א שטיקע־לע ברויט. דו האסט א היים, וואָהין דו וועסט זיך גיך אומקעהרען אין פריעדען און אלעס פערגעסען... קאָמיסארזשעווסקאיא, מיר האָבען ניט וואָהין אומצוקעהרען זיך און מיר ווייסען ניט, ווען וועלען מיר דאָס אלעס פערגעסען. — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז ניט שווער צו ערקלערען, פאר וואָס דער אמעריקאנער אינטעליגענטער יונגער מאן האָט ניט ארויסגעטראָגען פון טהעאטער קיין פאָלקאָמענע צופריעדענהייט און בעפריעדיגונג. ערשטענס, די דראמא אליין. זודערמאן איז אפילו אין זיינע בעסערע ערפאָלגרייכערע יאָהרען געווען מעהר טהעאטראלישער שרייבער, אלס ביהנען־דיכטער. ער איז דער דייטשער סארדו. געוויס, א דייטש ווען ער איז אפילו א סארדו, איז ער דאָך ניט אזוי לייכטזיניג און ווערטלאָז ווי א פראנ־צויזישער פיעסען־פאבריקאנט. אין אמעריקא, אָדער ענגלאנד וואָלט

מענטען, אָבער געבען דעם היגען צושויער אַ פולע בעפריעדיגונג מיט אַזאַ רעאַלע, איינפאַכע נאַטירליכקייט קען זי ניט...

קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ'ס שטימע איז אויסדרוקפאָל, אָבער ניט זיס... איידער מע געוועהנט זיך צו צו דער שטימע קלינגט זי ניט אנגענעהם. (אַם ווענינסטען, אַזאַ איינדרוק האָט איהר שטימע געמאַכט אויף מיר.) אָבער איצט, ווען איך הער זי ניט, און זעה זי נור פאַר מיינע אויגען... איצט זעה איך אַ לעבעדיגען מענשען פאַר זיך. איך זעה די ליידען און די שטרעבונגען פון דער אָרעמער יתומה, איך זעה בענ־קעניש נאָך מוטער־ליעבע און וואַרעמע פריינדשאַפט... איך זעה, ווי דיעזע שווייגענדע, שטילע, הונגעריגע יתומה, קען ניט נאָר שווער ארבייטען, דולדען און ערטראַגען, נאָר אויך ליעבען היים, ליעבען ליי־דענשאַפטליך, שטאַרק, אויפאָפפערענד. ווער האָט מיר געגעבען דעם טיפ? ווער האָט מיר געוויזען אַלע געהיימניסע פון איהר זעעלע, דער־צעהלט די פערבאָרגענע געדאַנקען פון איהר קאָפּ, ענטדעקט די בע־האַלטענע געפיהלען פון איהר האַרצען? קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ!...

דער יונגערמאַן, וואָס האָט געשפּיעלט דעם יונגען פאַסטאָר איז זעהר און זעהר אַ סימפּאַטישער אַקטיאָר. און דער קאָמיקער וואָס האָט ניט געהאַט קיין קאָמישע ראָלע וואָלט געמעגט האָבען מעהר וואָס צו שפּיעלען. (איך געדענק ניט זייערע נעמען און די פּראָגראַם האָב איך פערלאָרען.) די איבריגע האָבען זייערע ראָלען ניט איבערגעפיהרט.

מען דאַרף ניט פערגעסען, אַז די שוישפּיעלער זיינען אויך מענ־שען. די קעלט פון טהעאַטער ווירקט אויף זייערע נערווען, אויף זייער פסיחיקע... מע דאַרף זעהן אַן אַרטיסט ווען ער שפּיעלט מיט פולען מוטה און פערלאַנג... ווער ווייסט, וואָס די קריטיקער וואָלטען גע־זאָגט, ווען זיי וואָלטען געזעהן קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ שפּיעלען ביי אַנ־דערע אומשטענדען?



דער דראמא איי‍ניגע שעהנע מאָמענטען, אָבער זיי ווערן פערזונקען אין א תהום פון חסרונות. קיין פאָלקאָמענע צופריעדענהייט און בעפריעדי־גונג קען אזא דראמא אן אינטעליגענטען מענשען געוויס ניט געבען פאר די אמעריקאנער צושויער און קריטיקער דארף אזא דראמא זיין, אויב ניט אזוי אינטערעסאנט ווי די „מעררי ווידאָו", דאָך פיעל אינ־טערעסאנטער און דאנקבארער פון איבסענ'ס „נאָרא"...

אויף דער אמעריקאנער ביהנע איז זעהר שווער צו זיעגען, אויב מען קומט ניט אלס א פערטיגער און אנערקענטער זיעגער... די רו־סישע און דייטשע ביהנע פון דער צייט פון די ניינציגער אן, זעהט צו רעפראָדוצירען די אומגעבונג, די איינצעלהייטען פונ'ם געשילדערטען לעבען. דאָס איז אָבער ניט די הויפטזאכע. דער עיקר איז די אטמאָספע־רע, דאָס וואָס איז אין דער הויך איבער דער סביבה... די אמעריקאנער ביהנע שטרעבט ניט אין דער הויך, זי שאפט ניט קיין גייסטיגע אט־מאָספערע, — די דראמא גיט איהר דאָס ניט. איהר גאנצע ענערגי, איהרע צאָהלרייכע מיטלען, איהר שארפע ערפינדליכקייט גיט זי אָב דער אומגעבונג. דאָס מעבעל, די דעקאָראציאָנען, דאָס ליכט, די קליי־דער, דאָס אויסזעהן, אלעס, וואָס רעדט צום אויג און ניט צום שכל, דאָס אלעס דארף זיין פאָלקאָמען ריכטיג, רייך און גלענצענד, דארף איבעררא‍שען מיט'ן טייערקייט. אָריגינעלע קליידער פון רייכען שטאָף, א שעהנער וואוקס, גראציעזע בעוועגונגען, גרויסע אויגען, א זיסע שטי־מע, — מיט איין וואָרט אלע אויסערע מיטלען זיינען געבראכט אויף דער ביהנע אום צו בעזיעגען די געפיהלען פונ'ם צושויער, איידער זיין לאנגזאם ארבייטענדער שכל וועט אָנהויבען צו פאָדערען פאר זיך אויף־עטוואָס. וואָס קען אזא מין פובליקום געבען אזא ארטיסטין ווי קאָמי־סארזשעווסקאיא, וועלכע האָט ניט קיין גראציעזע בעוועגונגען, טראָגט ניט קיין שעהנע קליידער, האָט ניט קיין הויכען וואוקס, מאכט ניט קיין פוילע שטיק מיט איהרע אויגען? וואָלט זי כאָטש געשריען, גע־בראָכען טישען, געוויזען פיזישע קראפט, געריסען קוליסען, געקראָגען היסטעריקע — וויל זי דאָס אויך ניט. זי איז שטיל און געלאסען, מאכט אפילו ניט קיין עפעקטנע פויזע איידער דער, פאָרהאנג פאלט, רעדט ווי א פשוטער מענש אויף דער ביהנע און „שפיעלט ניט קיין ראָלע" אפילו אויף איין אויגענבליק. געוויס, מיט איהר גרויסען טאלענט רופט זי דאָך ארויס דעם שכל פונ'ם לעטארגישען שלאָף אין געוויסע מאָ־

גענאַנטער געזעלשאַפט. מע הונגערט און צווישען לייט ערשיינט מען געקליידעט ווי עס געהער צו זיין, — מע קנייפּט די באַק אין דער היים, די פאַרב זאָל שטעהן אויפ'ן גאַס, — מען האָט ניט וואָס צו עסען און דאָך זעהט מען, אַז ביי די אַלע דריי מאַמזעלען זאָלען די הענטעלעך זיין ווייך און פּוכקע, — מען זאָל זיי חלילה ניט פעררעכענ'ען פאַר איינפאַכע אַרבייטערינען. די איינציגע זאָרג, דער איינציגער אידעאַל, די וויכטיגסטע שטרעבונג איז די דריי מיידלעך „אַנשטענדיג" חתונה צו מאַכען. ניט דאָס גליק און ניט די ליעבע שפּיעלען דאָ אַ ראָלע, נאָר די מיטלען, וועלכע מען קען דורך אַ שידוך קריגען, אום צו שיינען אין דער געזעלשאַפט און צו לעבען אַ גוטען טאָג. שעהנע קליידער, באַל־מאַסקאַראַדען, שאַמפּאַניער — אַלעס וואָס די רייכע האָבען, — דאָס אַלעס דאַרף די מאַמזעל קריגען דורך דער חתונה מיט דער הילפע פון איהר שעהנעם קערפּער, וועלכער ווערט זעהר אויפמערקזאַם קול־טיווירט. געוויס, צוזאַמען מיט די מיטלען, ליידער, קריגט מען אויך אַן אונגעליעבטען מאַן, אַן אַלטען אָבגעלעבטען גראַף, אָדער אַזוי אַ מענשען צו וועלכען מען קען ניט האָבען קיין אַכטונג. דאָס איז אָבער ניט וויכטיג. אַלס אַ געליעבטען קען מען האָבען אַ געזונדען קאָמ־מיוואָיאַזשער, אַ פריקאַשציק מיט פערגרייזעלטע וואָנצעס, ביי וועל־כען עס זיינען אַטראָפירט און אָבגעשטאָרבען אַלע מאָראַלע געפיהלע און עס לעבט נאָר אַ ברוטאַלער אינסטינקט פון לעבענס־לוסט. די אָרעמע און אייביג פערזאָרגטע מוטער מאַכט פון איהר היים אַ שולע פון חתן־פאַנגעריי. די דריי טעכטער מוזען שטודירען ווי אַזוי צו האַלטען זיך פאַר דער וועלט אַנשטענדיג, ווי אַזוי צו געפעלען, ווי אַזוי צו מאַכען חן־דלעך, וועו צו פערשעמען זיך און אַראָפּלאָזען די אויגלעך — אַלעס איז פערמאַסקירט פון דרויסען און אינוועניג הערשט ליגען און בעטרוג, אַ גייסט פון פערדאָרבענהייט און אַ שטרעבונג צו אַ לייכטען לעבען און צו אויסגעלאַסענהייט. אין שטוב פּייפט דער דלות. די קליינע פּענסיאָן פון דער פרוי אינספּעקטאָרין איז וועניג אויף וואַסער צום ברויט און די גאַנצע משפּחה עקספּלאָ־אַטירט דאָס אינגערע מיידעל, אַ קינד נאָך, וועלכע האָט אַ פּאָעטישען טאַלענט צו מאָהלען, און וועלכע אַרבייט שווער צו פערדיענען עטלי־כע מאַרק אַ וואָך. זי מאָהלט שמעטטערלינגע אויף די פעכער. וואָס דער רייכער קויפמאַן ווינקעלמאַן פערקויפט און ווערט אָהן איהר ווילען

# זודערמאַן'ס ליכט און שאטען בעוויזען אין שמעטערלינג־שלאכט.

(קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ'ס מיסטיציזמוס און רעאַליזמוס.)

די שטערען פון זודערמאַנ'ס רוהם און ערפאָלג, וועלכער איז פריי־הער געגאַנגען אַלץ העכער און העכער, — דער דאָזיגער שטערן האָט אָנגעהויבען אַראָפּצולאָזען זיך און פאַלען זינד ער האָט אויפגעשריבען זיין „שמעטטערלינגס־שלאַכט"... צוריק אין דער הויך איז שוין זיין שטערן קיין מאָל ניט געגאַנגען. דעם זעקסטען אָקטאָבער 1894 האָט מען זיין „שמעטטערלינגס־שלאַכט" צום ערשטען מאָל געשפּיעלט אין בערלין, אין לעססינגס־טהעאטער. נאָך יעדען אקט האָט מען דעם פערפאַסער בעגעגענט מיט ווילדע געשרייען, מיט אַ צישעריי און פּייפעריי. דער מענש, וועלכער איז ערשט נעכטען געווען דער אָבגאָט פון די מאַסען, דער ערפאָלגרייכסטער דראַמאַטורג פון דייטשלאַנד, איז פּלוצלונג אַראָבגעוואָרפען געוואָרען פונ'ם אַלטאַר און איז בעשימפּט און ערניעדריגט געוואָרען אין דעם זעלבען טעמפּעל, וואו ער איז אַמאָל געווען אַן אָבגאָט צווישען געטער... קיין גאָט איז ער קיין מאָל ניט געווען, ער איז געווען אַן אָבגאָט.

פאַר וואָס האָט די פּיעסע געליטען אַזאַ שרעקליכען דורכפאַל? זי איז ניט שלעכט. דער אויטאָר גיט אונז אַ ריכטיגען בילד פונ'ם קליינבירגליכען לעבען: די קאָנווענציאָנאַלע ליגען פון דער געזעלשאַפט, וועלכע פערשקלאַפען און ערניעדריגען דעם מענשען מעהר ווי זיין עקאָנאָמישע אבהענגיגקייט און שרעקליכען נויט. די אלמנה, אַ מוטער פון אַ יחוס־פאַמיליע ליידעט אַלע צרות און זלזולים, אום נאָר אָבצוהיטען די אויסערע אנשטענדיגקייט און דעם יחוס־פּלאַץ אין דער זאָ־

גייסטער האָבען אויף זיין טאַלענט געמאַכט! זודערמאַן האָט גע־מיינט, ער וועט זיך אָפּצאַמען פון דער וועלט ערגיץ אין א „ווינקעל״. פערביי איהם וועט דורכגעהן דאַרווין מיט זיין גרויסער עוואָלוציאָנס סיסטעמע, לאָמבראַזאָ מיט זיין איבערטריבענע טהעאָרי פון ערליכ־קייט, קאַרל מאַרקס מיט זיינע הויכע געדאַנקען פון אַ סאָציאַלען מענ־שען, שטירנער מיט זיינע מערקווירדיגע טענות פאַר דעם איינצעלנעם, ניטצשע מיט זיין פילאָזאָפישער פּאָעטיזירונג פון דעם איבערמענשען, — און ער וועט זיך רוהיג מאָהלען דעם ווינקעל־מענשען פון דעם שטאַנדפונקט פון אַ ווינקעל־מענשען! דאָס האָט איהם אַראָבגעוואָרפען א סך ניעדריגער, ווי ער האָט פערדיענט.

וואָס איז די „שמעטטערלינגס־שלאַכט״ אַ דראַמאַ אָדער אַ קאָמעדי? קיין קאָמעדי איז דאָס ניט, ווייל עס שטעלט ניט פאַר די בעהאַנדעלטע ערשיינונגען אין זייער קאָמישען כאַראַקטער. דער מאַטעריאַל איז צו דראַמאַטיש, צו ערנסט. עס איז אויך ניט קיין דראַמאַ, ווייל זודער־מאַן האָט ניט געוואָלט, אָדער ניט געקענט געבען אונז די טיעפע, שווי־דערהאַפטע דראַמאַ פון דעם לעבען, וואָס ער שילדערט. אַ יונגע, בע־גאַבטע מיידעל ראָזי לעבט אין דער אַטמאָספערע פון ליגען און פער־דאָרבענהייט, מע מאַכט זי פאַר אַ קופּלערין אין ליגנערין, מע לערענט זי זיין פאַלש און שיכור׳ן... זי דאַרף זי מוז פאַלען, צובראָכען ווע־רען, געבראַכט ווערען אַלס אַ קרבן, פערברענט ווערען אַלס אַ שעהנער שוואַכער שמעטטערלינג... דאָ אַליין איז שוין דאָ אַ דראַמאַ. אָבער דער קליינבירגער און זיטליכער בורזשוא זודערמאַן לאָזט ניט די שעה־נע ראָזי פאַלען. די פיליסטערישע מאָראַל און די הויכע טוגענד זיגען, און ראָזי וועט אי״ה גליקליך חתונה האָבען... האָט שוין ראָזי יא געדאַרפט גערעטעט ווערען, האָט געדאַרפט זיעגינן איהר גרויסער אי־דעאַל, איהר פּאָעטישער גייסט, איהר ערנסטע שטרעבונג צו עטוואָס הויכעס און גרויסעס; די אַלע קליינליכע, נאַרישע, קאָמישע מענשעלעך וואָלטען געבליבען מיט אַ נאָז און מיר וואָלטען געהאַט אַ גוטע קאָמעדי, אַ שאַרפע סאַטירע... דאָס האָט זודערמאַן ניט ענטוויקעלט און ניט פאָרגעשטעלט. די טראַגי־קאָמישע מוטער מיט איהרע ליגען און בע־טרוג, ווערט אויך צום סוף אַ סימפּאַטישע, ערנסטע, מאָראַלישע פער־זאָן. זי ענדיגט מיט א טיראַדע וועגען דעם, ווי טייער עס קאָסט אַ פונט פלייש און ווי פיעל מע דאַרף בעצאָהלען פאַר אַ פונט מאַרגאַ־

אריינגעצויגען אלס א קופלערין, אלס מיטהעלפערין אין די מיאוס'ע ליעבעס־אפערן פון איהרע עלטערע שוועסטער...

דער ערשטער חסרון פון דער פיעסע איז איהר נאמען. זי רופט זיך „שמעטטערלינגס־שלאכט" געוויס ניט נאר דערפאר, ווייל מען מאהלט דא אויף פעכער שמעטטערלינגע. אויך ניט דערפאר, ווייל אין דריטען אקט קנעפלען די מיידלעך צו צו זייערע קליידער פאפירענע פליגלען פון „שמעטטערלינגע". זודערמאן האט מיט'ן נאמען געוואלט סימבאליזירען די פרויען־פראבלעמע, די דאזיגע סאציאלע פערהעלט־ניסע, וועלכע פערוואנדלען די פרוי אין א שמעטטערלינג... א שעה־נער שוואכער שמעטטערלינג, וועלכער ווערט געגען זיין ווילען צוגעצוי־גען צום פייער פון דער לעבענ־פרייד, און ווערט פערברענט. זודערמאן איז אבער שטענדיג געוועזן צו שוואך און צו פייג, צו שאפען עטוואס גרויסעס אין דער ספערא פון פראבלעמען. ער האט ניט קיין מוטה און קיין קוראזש אויסצושפרעכען א זעלבסטשטענדיגע מיינונג. איהם פעהלט דערצו אן אויסגעארבייטע און פעסט־בעשטימטע וועלט־אנשוי־אונג. אנשטאט א סימבאל, אנשטאט א פראבלעמע, אנשטאט אן או־ניווערזאלע אידעע, גיט ער א ריכטיגעס פאטאגראפישעס בילד פון א קליינבירגליכען ווינקעל־לעבען. ער מאהלט אונז ניט דעם גרויסען, שרעקליכען פייער פון מאמאן, וועלכער ציהט צו זיך די קרבנות; ער שילדערט ניט די אלגעמיינע אורזאכען, וועלכע מאכען די פרוי פאר א שמעטטערלינג. ער דערצעהלט אונז נאר א גאנץ ריכטיגע געשיכטע פון עטליכע דייטשע מיידלעך, וועלכע מאכען הכנות צו ווערען שמעט־טערלינגע. עס איז א געשיכטע פון א ווינקעל און די פיעסע האט גע־דארפט גערופען ווערען „דאס ווינקעל־לעבען", ווי זיין שפעטערע פיע־סע „דאס גליק אין ווינקעל". איך מיין, צו אלע זודערמאנ'ס ווערקע פאסט דאס ווארט ווינקעל. „די עהרע" אין א ווינקעל. „די היימאטה" אין א ווינקעל... „דער סדום און עמורה" פון א ווינקעל. אין א ווינ־קעל, וואלט זודערמאן געוועזן און געבליבען גרויס, פאר גרויסע פראב־לעמען אבער איז ער צו קליין.

זודערמאן האט אליין ערגעץ אין א רעדע אנערקענט אלס זיינע לעהרער, אלס די לייטענדע גייסטער פון דער מאדערנער ליטעראַ־רי־שער וועלט, די דריי טיטאנען: איבסען, טאלסטאי און עמיל זאלא. אבער וואס פאר אן אויבערפלעכליכען איינדרוק די דאזיגע לייטענדע

פען ווערען פון א מעטערלינק, וואָס איז אין דער זעלבער צייט אויסגע־וואַקסען אויף דעם באָדען, וועלכען עס האָבען בעאַרבייט טאָלסטאָי און טורגעניעוו...

אַלס וואַהרע אַרטיסטען, פון וועלכע אונזערע אידישע שוישפּיע־לער האָבען געקענט פיעל לערנען, האָבען געשפּיעלט הערר בראַוויטש אין דער ראָלע פונ'ם קאָמיוואיאַזשער ריטשאַרד קעסלער און הערר נעלידאָוו אין דער ראָלע פונ'ם אַלטען ווינקעלמאַן. איהר האָט געזעהן פאַר זיך צוויי נאַטור־טרייע כאַראַקטערע אויסגענומען געוואָרען פונ'ם לעבען. זעהר גוט זיינען אויך געוועזען הערר זאַקושניאַק, און אויך מאַדאַם נאַרבעקאָווא אין דער פעראַנטוואָרטליכער ראָלע פון דער מוטער. הערר אָרלאָוו, אין דער קליינער ראָלע פון דעם לערער קאַמינסקי, מאַדאַם שילאַווסקי און מאַדאַם טורקאַלעווסקי האָבען געשפּיעלט זייערע ראָלען נאַטירליך און גוט. דעם הערר פּעאַנאַ זעהן מיר צום צווייטען מאָל אין דער ראָלע פון אַ ליעבהאָבער. און אויב ער בעפריעדיגט אונז ניט אין גאַנצען, — ווייסען מיר דאָך ניט צו איז דאָס זיין שולד, אָדער די שולד פונ'ם אויטאָר. ער זעהט זיך אויס צו זיין אַ סימפּאַטישער שוי־שפּיעלער און מיר וועלען וואַרטען מיט אונזער אורטהייל. די פּיעסע איז געגאַנגען מיט זעהר אַ גוטען אַנסאַמבעל.



רין־פוטער... יא, פוטער פון מארגארין, ווי טייער עס זאָל ניט קאָס־טען און ווי גוט עס זאָל ניט שמעקען, וועט קיין מאָל ניט זיין אזוי גוט ווי אמת'ע נאטירליכע פוטער. מאראגארין בלייבט שטענדיג מאר־גארין...

---

איך האָב קיין מאָל ניט געזעהן אזא מין שפּיעלען, ווי קאָמיסאר־זשעווסקאיא'ס. אין גאנצען רעאליסטיש איז עס ניט, ראָמאנטיש איז עס אויך ניט. און איך וויים ניט פאר וואָס, נאָר ווען איך בין נעכטען געזעסען אין טהעאטער און געזעהן פאר זיך קאָמיסארזשעווסקאיא אין דער ראָלע פון ראָזי, איז מיר פלוצלונג געקומען אויף מיינע געדאנקען מעטערלינק, דער מערקווירדיגער פּאָעט און טיעפער סימפּאטישער דענקער. איז דאָס שפּיעלען פון דיעזער געניאלער פרוי נור רעאליס־טיש? ניין! עס האָט אין זיך עטוואָס אונערקלערליכעס, געהיימניספאָלעס מיסטישעס... שפּיעלט זי נאָר מיט איהר הארץ און געפיהלען? ניין, איהר שפּיעלען איז פול מיט שכל און טיעפען דענקען. און דאָך איז אויף יעדען געשטאלט וואָס זי שטעלט פאָר אויסגעגאָסען אזוי פיעל פּאָעזי און ראָמאנטישע שעהנקייט... איז ניט קאָמיסארזשעווסקאיא אין דער שוישפּיעל־קונסט וואָס מעטערלינק אין דער פילאָזאָפי און פּאָעזי?... יעדע זאך איז ביי איהם אויסגעטראכט פון קאָפּ און רעדט דאָך אזוי שטארק צום הארצען... ער איז קורץ, לאקאָניש, דער ענדיגט ניט, דער רעדט ניט, מאכט ניט קיין פּויזען, רייסט איבער, זאָגט ניט דייטליך וואָס ער וויל, איגנאָרירט אלע עפפעקטען און דאָך ווען איהר לעזט איבער זיין גאנצעס ווערק, וואָס פאר א טיעפען איינדרוק מאכט עס אויף אייך, וועלכע סימפּאטישע געפיהלע רופט עס ביי אייך ארויס, ווי שטארק איהר זייט געריהרט, וואָס פאר א ריינעם עסטעטישען פער־געניגען זיין ווערק פערשאפט אייך. קאָמיסארזשעווסקאיא דעררעדט ניט, דערענדיגט ניט, רייסט איבער, דערשפּיעלט ניט, לאָזט ניט צו קיי־נע עפפעקטען און גיט אייך דעם זעלבען ריינעם הויכען פערגניגען, און ווירקט אויף אייער זעעלע און אויף אייער הארץ, פונקט ווי מע־טערלינק מיט זיינע פילאָזאָפישע און פּאָעטישע ווערקע... די שעהנע הערליכע געשטאלט פון דעם ליעבען קינד, ראָזי, וועלכע איז געשאפען געוואָרען פון קאָמיסארזשעווסקאיא, איז א בילד, וועלכעס קען געשא־

טאָי, טשעכאָוו און גאָרקי. די דאָזיגע פּיעסען האָבען אַ געוויסע בע־דייטונג, מאַנכע פון זיי זיינען זעהר דאַנקבאַר פאַר דער ביהנע. קיין נאַציאָנאַלע רוסישע דראַמאַ האָבען זיי אָבער ניט געשאַפען און קיין גרויסעס, וועלכעס זאָל האָבען אַ הויכען אינטערנאַציאָנאַלען ווערט האָבען זיי דערווייל נאָך ניט פאָרגעבראַכט.

אָבער, אויב רוסלאַנד גיט גאָרנישט, אָדער זעהר ווייניג דער אינ־טערנאַציאָנאַלער דראַמאַטישער ליטעראַטור, נעהמט זי דערפאַר אַלעס וואָס עס איז נאָר דאָ גוטעס, אָריגינעלעס, שעהנעס, נייעס ביי דער אינטערנאַציאָנאַלער דראַמע. דייטשלאַנד, ניט אַכטענדיג אויף איהר אייגענער רייכקייט, לאָזט ניט דורך קיין איין נייעס דראַמאַטישעס ווערק וואָס האָט אַ ליטעראַרישען ווערטה (איבסען׳ן האָט דייטשלאַנד געמאַכט בעוואוסט און פּאָפּולער), ווייל אין דייטשלאַנד איז זעהר אַ גרויסע פאָדערונג אויף דראַמאַטישע ליטעראַטור. רוסלאַנד בעפריע־דיגט זיך דערווייל, אַם מייסטען, מיט פרעמדס. אין רוסלאַנד אָבער האָבען די גרויסע נאָוועליסטען און די גרויסע קריטיקער ענטוויקעלט ביי׳ם אינטעליגענטען פּובליקום אַ הויכען עסטעטישען געשמאַק, און דאָס רוסישע טהעאַטער איז געצוואונגען צו געהמען פאַר דער רוסישער ביהנע דאָס בעסטע וואָס פרעמדע דראַמאַטורגען שאַפען. אין אַמעריקאַ אָדער ענגלאַנד אינטערעסירען זיך מיט נייע פּיעסען, פון׳ם אינטער־נאַציאָנאַלען מאַרק נור די „מענעדזשערס”, וועלכע זוכען נייע צוג־שטיקע צו מאַכען געשעפטען. אין רוסלאַנד, כמעט ווי אין דייטשלאַנד, האָט מען אין זינען די מיינונג פון דעם אַקאַדעמישען פּובליקום, די הויכע פאָדערונגען פון דער אינטעליגענץ, די אויפקלערענדע בעדיי־טונג און ליטעראַרישען אינטערעס פון נייע דראַמאַטישע ווערק. אין רוסלאַנד האָט זיך די שוישפּיעל־קונסט אַזוי הויך ענטוויקעלט, ווייל זיי רעפּראָדוצירען דאָרטען אַלעס, וואָס די ציוויליזירטע וועלט פּראָדו־צירט פאַר דער ביהנע. דער רוסישער שוישפּיעלער האָט זיך אויסגע־לערענט צו זיין רעאַליסטיש און נאַטור טריי ניט נאָר ווען ער שפּיעלט אַ רוסישע פּיעסע פון אַ רוסישען דיכטער, נאָר אויך דאַן ווען ער געהט פאָרשטעלען דאָס לעבען פון די נאָרוועגער אין איבסען׳ס פּיעסען, דאָס לעבען פון די דייטשען אין הויפּטמאַן׳ס אָדער שניצלער׳ס דראַמען, דאָס לעבען פון איטאַליענער אין ד׳אַנונציאַ׳ס ווערק. דוזע איז נאָר אַ איטאַליענישע שוישפּיעלערין, בערנאַרדט נאָר אַ פראַנצויזישע, ווערא

# אָסטראָווסקי׳ס און קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ׳ס נאַציאָנאַלע דראַמאַ.

אין קיין לאַנד ביי קיין פאָלק שטעהט די שוישפּיעל־קונסט ניט אזוי הויך, ווי ביי די דייטשען און ביי די רוסען. מיר ווייסען, אז שוי־שפּיעלער ענטוויקלען זיך און שטייגען הויך, ווען די דראַמאַטישע לי־טעראַטור פון זייער מוטער־שפּראַך גיט זיי דעם מאַטעריאַל און די מעג־ליכקייט דערצו. די דראַמע אין דייטשלאַנד איז יעצט די רייכסטע אין דער וועלט. די דייטשען האָבען פערשיעדענע ריכטונגען אין דער דראַ־מאַטישער ליטעראַטור און שאַפען פערשיעדענע טאַלענטען אין דער קונסט פון שוישפּיעל. דייטשלאַנד האָט אַ נאַציאָנאַלע דראַמאַטישע ליטעראַטור. זי האָט ניט נאָר איהרע אייגענע פּסיכאָלאָגישע און סאָ־ציאַלע פּיעסען, — זי האָט גרויסע היסטאָרישע און נאַציאָנאַלע ווערקע, — דאָס ענטוויקעלט די דייטשע שוישפּיעל־קונסט און שאַפט אַ דייטשע שולע אין שפּיעלען.

די רוסישע דראַמאַטישע ליטעראַטור האָט נאָך דערווייל גאָר ניט גרויסעס געשאַפען. די רוסען האָבען גאָר נישט וואָס צו געבען דעם אינטערנאַציאָנאַלען וועלט־טהעאַטער; אפילו פאַר זיך, עכט רוסי־שעס, נאַציאָנאַלעס האָבען זיי ווייניג וואָס געשאַפען. גאָגאָלס אַ פּיעסע, גריבאָיעדאָוו׳ס אַ פּיעסע, אָסטראָווסקי׳ס עטליכע פּיעסען און אפשר אווערקיעוו׳ס אַ פּיעסקע — דאָס איז אַלעס וואָס די רוסישע נאַציאָנאַלע דראַמע האָט. אָסטראָווסקי מיט זיין מעסיגען טאַלענט, מיט זיינע פּיע־לע פּיעסען געשריבענע כמעט אויף איינעם און דעם זעלבען מאָטיוו, — אָסטראָווסקי רעכענט זיך נאָך אַלץ פאַר דעם גרעסטען רוסישען דראַמאַטורג. עס האָבען געשריבען פּיעסען די גרויסע רוסישע נאָוועליס־טען און פּאָעטען, — פּושקין און לערמאָנטאָוו, פּיסעמסקי און טאָלס־

אויס און ווי נאַאיוו איז דער דיכטער, וועלכער מיינט, אַז ער האַלט דעם דופק פון דער היסטאָרישער צייט, ווען ער מאָהלט דעם שאָטען פון מתים. די דיקאַרקע אַליין, די ווילדע דאָס נאַטור־קינד וואָלט געקענט זיין אַן אינטערעסאַנטער כאַראַקטער, ווען זי וואָלט געווען געשטעלט אין אַן אַנדער סיטואַציאָן. ווי זי איז, איז זי פשוט אַן אַפּעטיטנע מייד־על צווישען מענשען, וועלכע האָבען אַ פערדאָרבענעם אַפּעטיט...

און דאָך זיצט איהר אין טהעאַטער און קוקט אויף דעם וואָס אויף דער ביהנע קומט פאָר מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט, ווייל אויב אייך אינטערעסירט ווייניג, וואָס ווערט געשפּיעלט זייט איהר אָבער געשפּאַנט צו זעהן, ווי עס ווערט געשפּיעלט. אונזערע רוסישע געסט טראָגען אייך מיט זייער קונסט אַריבער קיין רוסלאַנד. איהר זעהט דאָס שלאָפענדע לאַנד, איהר זעהט דעם רוסישען מענשען... לעבעדיג, בולט, נאַטירליך. ווען איך שרייב יעצט דיעזע ציילען, זעה איך פאָר מיינע אויגען קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ׳ס „דיקאַרקאַ״. איהר הילוך אויף די קנאָפּעל פון איהרע שיך, איהרע קאַרעלען אין מויל, איהרע בעוועגונגען, איהר בליק, אַט נאַאיוו און פאַרשעמט, אַט פרעך און שניידענד, אַט קינדיש אונשולדיג, אַט אויסגעלאַסען פרעך. איהר קלינגענדער, הילכיגער, געזונטער געלעכטער, איהר ליידענשאַפטליכע הינגעבונג און שטיפענדע נאַכאַהמונג און איבערקרימעריי! און אויך אין אַזאַ „ווילדע״ ראָלע זיין אַזוי געלאַסען, פאַרזיכטיג, צוריקגעהאַל־טען! ניט איבערשפּיעלען, ווען יעדער מאָמענט גיט דיר די געלעגענ־הייט דערצו; ניט אַרויס אויף אַ האָאָר פון די גרענצען, זאָגאַר דאַן ווען, דער אויטאָר הייסט דיר זיין „ווילד״. האָבען אַזוי פיעל טאַקט און אַזוי פיעל מאָל אין שפּיעלען אַזאַ פערפיהרישע ראָלע — דאָס הייסט זיין אַן אמת׳ער גרויסער קינסטלער. די וואַהרע קונסט ווערט געבאָרען אין דער זעלע פונ׳ם קינסטלער. מאַדאַם קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ האָט אין איהר שפּיעלען אַ בעשטימטע נאָבעלע אידעע, און די פאָרמע מיט וועלכען זי בעקליידעט איהר אידעע איז שטענדיג אַזוי נאָ־בעל און ריין ווי די אידעע אַליין.

דאָס שפּיעלען פון הערר בראַוויטש איז אויך געווען אויסגעהאַלטען און אַרטיסטיש. דער טויטער אָבגעשטאָרבענער רוסישער באַן וויוואַן און ליבעראַלער אידעאַליסט, וועלכער האָט אָנגעפאַנגען מיט שיללער׳ן און געענדיגט מיט שאָפּענהויער׳ן — דער דאָזיגער רוסישער „מת״ איז

קאמיסארזשעווסקאיא האט ניט קיין היים, אזוי ווי דער גייסט פון פריי־הייט האט אין רוסלאנד קיין היים ניט. קאמיסארזשעווסקאיא'ס גרויסע קונסט בעלאנגט דער שוישפיעל־קונסט פון דער וועלט. ווען זי שפיעלט נארא'ן איז זי א נארוועגישע פרוי, ווען זי שטעלט פאר דעם שמעט־טערלינג ראזי איז זי א דייטשעס קינד און, געוויס, ווען זי שפיעלט „דיקארקא", איז זי א קינד פון איהר פאלק.

מען קען ניט זאגען, אז „דיקארקא" איז א שלעכטע פיעסע. עס איז א נאאיווע קינדישע ארבייט. ווען אזא ווערק זאל זיין פערפאסט פון א 19־יעהריגען יונגען מאן, וואלט מען געקענט האפען, אז פון איהם וועט זיך ענטוויקלען מיט דער צייט א טאלאנטפאלער שרייבער; אז אבער די פיעסע איז געשריבען געווארען פון אסטראווסקי'ן אויף דער עלטער און נאך מיט דער הילפע פון סאלאוויעוו'ן — זעהט מען אין דעם דאס אבשטארבען, דעם אראבפאל פון א טאלאנט. נאך אין די זעכציגער און זיעבציגער יאהרען פון פאריגען יאהר־הונדערט האבען זיך די רוסי־שע שרייבער אויסגעוויזען נאאיוו, ווען זיי האבען געמיינט, אז די גאולה פון רוסלאנד וועט קומען, ווען דער שלאפענדער אידעאליסטישער, פאראזיטען־לעבען פיהרענדער רוסישער פריצים־קלאס וועט פערוואנ־דעלט ווערען אין א פראקטישען מאטעריאליסטיש געזאנגענעם קלאס. זיי האבען געמיינט, אז רוסלאנד פעהלט נור איין זאך: דער געשעפטס־פעהיגער „שטאלץ" זאל פערנעמען דעם פלאץ פון דעם פוילען „אבלא־מאוו"... דער עקספלאטאטאר, דער קאפיטאליסט, דער „טשומאזי", דער קולאק האט ניט געבראכט רוסלאנד די גאולה. ער איז נאר געווען דער שליח פון „קאפיטאל", וועלכער איז געגאנגען אבשאפען די אלטע ווירטשאפט... די פאראזיטען זיינען געבליבען, זיי האבען נאר אנגע־נומען א נייע פארמע. שטעלט אייך פאר, ווי קאמיש עס זעהען יעצט אויס „העלדען", וועלכע האקען אויס וועלדער און לאכען פון פאעזי; „שטארקע" מענשען, וועלכע פערשטעהען גוט געשעפט; א פראגרע־סיווע פרוי וועלכע וויל זעלבסשטענדיג פיהרען א מילך־„פארם" און האט ניט קיין שכל צו בעפרייען זיך פון איהר מאן, דעם טויגעניכטס און אלטען דאן זשואן. פערקערט, זי בעט אליין א יונגע שעהנע מיידעל, זי זאל איהר העלפען פערהאלטען דעם מאן אין דער היים. און דער מאן אליין, א בלאסער שאטען פון דעם אמאליגען „רודין", מיט בלא־סערע פראזען און בלאסערע אידעאלען. ווי קאמיש־נאריש זיי וויזען

# גאָרקי'ס „די קינדער פון זונן".

— און —

## קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ'ס און בראַוויטש'עס שפּיעלען אין איהר.

---

מיר זיינען ווידער אין רוסלאַנד. נעכטען זיינען מיר געווען אין אָסטראָווסקי'ס רוסלאַנד, היינט זיינען מיר אין מאַקסים גאָרקי'ס רוס־לאַנד. וואָס פאַר אַ געוואַלדיגער אונטערשיעד צווישען די צוויי „רוס־לאַנדיעס"! ניט לאַנג נאָך, אין גאַנצען מיט אַ דריי־פיער צעהנדליג יאָהר צוריק האָט געלעבט און געבליהט אָסטראָווסקי'ס רוסלאַנד, — אַ פאָלק, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע דענקענדע און גריבלענדע „אינ־טעליגענציע", מיט אַמעכטיגען סימפּאַטישען „נאַראָד". די אינטעלי־גענציע, די ליבעראַלען, די אידעאַליסטען האָבען גערעדט, געטרוימט, געהאַמלעטיזירט, געגעסען אומזיסט ברויט, פערשוווענדעט גרויסע פער־מעגענס אין פּאַריז, געהערט העגעל'ס מעטאַפיזישע לעקציעס אין דייטשלאַנד, און דאָס עהרליכע, געזונטע, פרומע פאָלק האָט פלייסיג געדאַווענט צו'ם פּראַוואָסלאַוונעם אָדער סעקטאַנסטקען גאָט, האָט שווער געאַרבייט, און האָט געטרוימט אין דער שטיל, ווי אַזוי צו קריגען וואָס מעהר לאַנד און, אפשר אַביסעל פרייהייט אויך. גאָרקי'ס רוסלאַנד איז ניט מעהר נאַאיוו, טרוימעריש, סימפּאַטיש און אידעאַליס־טיש. זיין אינטעליגענציע איז פול מיט קאַריעריסטען, וועלכע אונטער־דריקען און זויגען אויס דאָס פאָלק, אָדער געלערענטע און קינסטלער, וועלכע טוען גרויסע פּראַקטישע אַרבייט און געהען אויף דעם שעהנעם שיף „פּראָגרעס" פון דער קריסטליכער קאַלטער דונקעלער וועלט צו דער מעכטיגער, שטראַהלענדער זונן. זיי געהען ניט אַכטענדיג זאָגאַר אויף דעם שטורם פון רעוואָלוציאָן, ניט קימערענדיג זיך, וואָס אונטער זיי ליגען גרויסע מאַסען אין שמוץ און פינסטערניש. אָדער זיין אינטע־

געשטאַנען פאַר אייך א לעבעדיגער. דער גאַנצער ספּעקטאַקעל איז גע־
זוען א וואהרער גענוס פאַר יעדען קונסט ליעבער. דער גאַנצער אַנ־
סאמבל, אויסער דער ניאַנע, האָט געשילדערט פאַר אייך דאָס ריכטיגע
לעבען. ביי דעם פּאָמיעשציק, וואָס איז שטענדיג אויף דער זונן, איז
דער גאַנצער פּנים רויט, פערברענט און נאָר די האַלז לעבען קאָלנער
ווייס... ווער פון אונזערע שוישפּיעלער וואָלט זיך אָבגעגעבען מיט
אַזאַ קליינינגקייט? אין דעם אָבער בעשטעהט די גרויסקייט פון די רו־
סישע אַרטיסטען: יעדע קליינינגקייט, וועלכע איז נויטווענדיג צו דער
וואַרהייט, איז אַזוי וויכטיג, ווי דאָס גרויסע; יעדע דעטאַל, יעדע איינ־
צעלהייט, ווי דאָס אַלגעמיינע, דאָס גאַנצע. דערפון קומט ארויס דאָס
בילד אזוי ריכטיג און גרויס. אונזערע פריינדע, די אידישע שוישפּיעלער,
דאַרפען ניט דורכלאָזען קיין איין פּאָרשטעלונג פון אונזערע רוסישע
גאַסטראָליאָרען. זיי דאַרפען זיך שעצען גליקליך, וואָס זיי האָבען א
מעגליכקייט צו לערנען זיך. אַמעריקאַ איז ניט די מדינה פאַר א קינסט־
לער צו לערנען...



ער זאָגט וועגען דעם היינטיגען סאָציאַלען רוסישען מענשען! וויפיעל לעבעדיגע טיפּען! וויפיעל פּאָעטישע שעהנקייט!... גאָרקי'ס ווערק איז ניט געשריבען געוואָרען גלאַט אַזוי פון פערגניגען וועגען. עס איז געשריבען געוואָרען צו וועקען דעם פערשלאָפענעם געדאַנק, צו וואַרנען דעם גלייכגילטיגען „קינד פון דער זון". אָסטראָווסקי שילדערט אונז א דיקאַרקע, א ווילדע, וועלכע איז נאַאיוו און סימפּאַטיש, א נאַטור קינד מיט געזונטע אינסטינקטען און א נאַטירליכען שכל הישר. גאָרקי גיט אונז א בילד פון אַנדערע, ניט אידיאַליזירטע, ניט „זשאַן זשאַק רוססאָפיצירטע" פּרימיטיווע מענשען,—נאָר ווילדע „באָרוועסע" בלוט-דורשטיגע מיטגליעדער פון אונזער געזעלשאַפט, וועלכע זיינען אָבגע-טיילט פון אונז מיט אַן אָבגרונד, וועלכע זיינען אויפגערייצט און פער-הונגערט, וועלכע זיינען געבליבען פון יענער זייט גרויסע ציוויליזאַ-ציאָן, וועלכע פיהלען צו די „אינטעליגענטען" א בלינדען צאָרן און א שרעקליכען האַס, וועלכע פערשטעהען ניט אונזערע אידעאַלען און שע-צען ניט זאָגאַר אונזערע קולטורעלע און אויפקלעהרענדע ארבייט, און וועלכע דראָהען אין זייער בלינדען האַס אומצוּוואַרפען און פערניכטען אַלעס, וואָס די קינדער פון דער זונן האָבען יאָהרהונדערטע לאַנג געבויט און געשאַפען!...

ווער זיינען זיי„ די קינדער פון דער זונן"? א סימפּאַטישער ערנ-סטער געלערטער, וועלכער איז מיט לייב און לעבען איבערגעגעבען דער ריינער וויסענשאַפט. אין דער צייט ווען ער מאַכט קליינע עקספּע-רימענטען, דענקט ער פון גרויסע אידעאַלען, — ווען זיין וויסענשאַפט וועט ענטדעקען די געהיימע געזעצע פון לעבען, דורך זיין כעמיע וועט געשאַפען ווערען א גרויסע עקאָנאָמישע רעוואָלוציאָן. ער איז דעמאָקראַ-טיש געזאָנען, האַלט זיך ברידערליך מיט די ניעדריגערע קלאַסען און פיהרט זיך אַלס אַן עהרליכער מאַן. פאַר וואָס זאָלען איהם די „באָר-וועסע", די געפאַלענע האַסען? וואָס האָבען זיי צו איהם? זיין פרוי, א קלוגע אינטעליגענטע פרוי, וועלכע וויל ניט זיין קיין „פּופּע" אין הויז, געראַדע ווי נאָרא, וועלכע פאָדערט אויפמערקזאַמקייט צו זיך און געוויסע רעכטע... זי וויל שעהן לעבען, ליעבען און געליעבט זיין. זי פאָדערט פאַר זיך וואָס מעהר זונענשטראַהלען. מיט זיי צוזאַמען לעבט א קינסטלער, וועלכער פערגעטערט דאָס שעהנע, וועלכער איז ענטציקט פון די גרויסע ערפינדונגען פון דער מענשהייט אין די ספּע-

ליגענציע זיינען צובראָכענע מענשען, ארויסגעוואָרפענע, היסטערישע, מעלאַנכאָלישע, וועלכע זיינען צוריבען און צוקוועטשט פון די שרעקליכע אומשטענדען און צואווען פון די צרות, פון דעם שרעקליכען אונ־רעכט, וואָס זיי זעהען ארום זיך. און דאָס פאָלק, דער נאראָד? גאָר־קי׳ס נאראָד זיינען ניט די שטילע אידעאַליזירטע פרומע סימפאַטישע מוזשיקעס. דאָס זיינען מענשען, וועלכע האָבען שוין לאַנג פערלאָרען דעם צלם אלקים... דאָס זיינען ווילדע חיות, פערזויפטע חוליגאַנעס, געזונקענע בריאות אָהן גלויבען, אָהן מאָראַל, אָהן האָפנונגען, אָהן א פונק מענשליכקייט. די נאאיווע, אידעאַליזירטע „ראָסיא" פון אָסטראָווסקי איז פערשוואונדען, איהר פלאַץ האָט פערנומען די אמת׳ע, ווירקליכע אביסעל קעמפפענדע און פיעל בעקעמפפטע „ראָסיא"!... דאָס איז דער אונטערשיעד פון אָסטראָווסקי׳ס „דיקארקא" און מאקסים גאָרקי׳ס „קינדער פון דער זונן".

אַלס א דראמאַטישעס ווערק איז דאָס נאָך שוואַכער געבויט ווי די „דיקארקא", עס האָט ווענינער גאַנצקייט און איינהייט. ביי אָסט־ראָווסקי׳ן קומען אריין און געהען אוועק די פערזאָנען אזוי ווי די טעכניק פון דער ביהנע פאָדערט. ביי גאָרקי׳ן איז ניטאָ קיין איינהייט אין דער האַנדלונג. זיינע העלדען, נעבעך, געהען אויף דער ביהנע א צעהן מייל צופוס אומזיסט און אומנישט, פונקט ווי די קעמפפענדע אויפ׳ן פעלד פון קאַמפף. זיין גאַנצעס ווערק בעשטעהט פון צוטהיילטע, צוריסענע בילדער, וועלכע האָבען ניט צווישען זיך קיין אויסערן פער־באַנד. אָבער דיעזע בילדער זיינען פערבונדען מיט איין אידעע — צייגען דאָס ריכטיגע לעבען. אָסטראָווסקי גיט א גאַנצעס בילד, אָבער געמאָהלען איז דאָס מיט וואַסער־פאַרב. גאָרקי גיט א סעריע פון „סקע־טשעס" געמאָהלט ניט נאָר מיט אויל־פאַרב, נאָר מיט בלוט און טרערען. אָסטראָווסקי האָט געגעבען דעם צושויער א שיטערע קינדישע קאַשע פון מאַננע גרויפען. גאָרקי גיט אייך האַרטע שפייז, ווי פאַר ערוואַקסענע מענשען. אין גאָרקי׳ס צייטען רעדט דער רוסע אויך שעהן, (שעהן רע־דען וועט דער רוסע קיין מאָל ניט אויפהערען), אָבער זיין רוסאַק דענקט ערנסט און פיהלט טיעף, אויב ער ליגט נאָר ניט אין זומפף, פערשטיקט פון אונוויסענהייט און שמוץ. גאָרקי איז אפשר ניט קיין דראמאַטורג, אָבער וויפיעל דראמאַטישע קראַפט צייגט ער ארויס אין געוויסע מאָ־מענטען, וויפיעל העלע פאַרב, וויפיעל פּאָעזי, און וויפיעל וואַרהייט

די ראָלע פון דיזער צודראָשענער, צובראָכענער אינטעליגענטין שפּיעלט קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ. אַ קליינע ראָלע, וועלכע קיין אַמעריקאַנער „סטאַר" וואָלט ניט געוואָלט שפּיעלען. זי אָבער, אַלס וואַהרע קינסטלערין, פאָדערט ניט קיין סך... אין איהרע ראָלען שפּיעלט ניט קיין ראָלע די קוואַנטיטעט, נאָר די קוואַליטעט... זי ווייס געוויס, אַז די מאַסען דאַרף מען נעהמען מיט מאַסענהאַפטעס. זי שפּיעלט אָבער צוליעב דער וואַהרער קונסט און פאַר די, וועלכע קענען די וואַהרע קונסט שעצען. ווי וואַהר, ווי לעבעדיג, ווי טיעף, ווי ריכטיג זי האָט פאַר אונז פאָרגעשטעלט דאָס ליידענדע, פיהלענדע און דערשראָקענע מיידעל, — דאָס פערוואונדעטע און פון הימעל אַראָפּגעוואָרפענע „קינד פון דער זונן"...

אַלס גרויסער, וואַהרער קינסטלער איז פאַר אונז ערשיענען הערר בראַוויטש אין דער ראָליע פון פּראָטאַסאָוו. דיזעלבע ראָלע אין אַנדערע הענד וואָלט געוויס געבליבען אונבעמערקט, בלאַס, אונדאַנקבאַר, אָבער, אידישע שוישפּיעלער, געהט זעהן וואָס בראַוויטש האָט פון איהר געמאַכט!... איהר האָט געזעהן אַ רוסישען געלערטען, אַ נאַאיוועןן ניט פּראַקטישען צוטראָגענעם מענשען. דיברילען, די קאַלאָשען, דער גאַנג, דאָס רעדען, דער האַלטען זיך, די אויפפאַסונג פון דער אַרומיגער וועלט, די פערהעלטניסע צו מענשען, די ליעבע, די פריינדשאַפט, די איבערגעבענהייט צו זיין בעמיע, די עקספּערימענטען — אַלעס האָט געשפּריצט מיט אמת'ן לעבען, מיט וואַרהייט, מיט הויכע קונסט!... עס האָט מיר זעהר לייד געטאָן, וואָס פּונקט צו דער פאָרשטעלונג זיינען געקומען וועניג אידישע אַקטיאָרען.

ניט נאָר קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ און בראַוויטש — אַלע האָבען געלעבט אויף דער ביהנע, אַלע האָבען פאָרגעשטעלט דאָס לעבען, אַלע בעזונדער האָבען געמאָהלען בילדער פון לעבען און אַלע צוזאַמען האָבען דאָס לעבען רעפּראָדוצירט. די פאָרשטעלונג האָט געגעבען יעדען אַ הויכען גענוס.

---

רען פון געדאנקען און קונסט. ער האָט די ניעדריגערע קלאסען קיין שלעכטעס ניט געטהאָן און אויב זיי זיינען געבליבען ווייט צוריק — קען מען דאָך ניט צוליעב זיי אומקעהרען צוריק דעם וואָגען פון פּראָג־רעס... זיי, „די קינדער פון דער זונן", דענקען פון גרויסע ערפינדונגען, פון העכערען עסטעטישען פערגניגען, פון ראָמאַנטישע ליעבע, פון א שעהנע פּאָעטישע רייזע אויפ'ן שטורמענדען אָקעאַן. פון לעבען פון דער אסקעטישער קריסטליכער לבנה. צו דער העלענישער, גריכישער זונן, צום העליאָס. און אין דערזעלבער צייט נעבען זיי, מיט א האנד צו דער לאַנגען, שיכור'ט יעגאר מיט זיין פריינד, וועלכער שפּאצירט סאנ־סאפאגע, אָהן שיך. ער שלאָגט זאָגאר זיין ווייב, גלויבט אז די „קינדער פון דער זונן" ברענגען חאָלעריע, שלאָגט די דאָקטוירים, וועלכע קומען צו זיי מיט הילפע און האסט יעדען, וואָס טראָגט דעם נאָמען אינטעליגענט. די „קינדער פון דער זונן" רעדען פון הויכע גע־געשטאַנדען און אַרום זיי, אַנשטאָט ראָמאַנטישע ליעבע, אנשטאָט פּי־לאָזאָפישע געדאַנקען און הערליכע געזעצע פון דער העכערער ווארהייט, הערשט אונוויסענהייט, אַרמוטה, פּראָסטיטוציאָן, רציחה, שרעקליכער אונרעכט, שמוץ, באַרבאַרישע ווילדהייט, גרויזאמקייט, אבערגלויבען און הונגער...

צווישען די קינדער פון דער זונן און די באָרוועסע קינדער פון זומפּף וואַנדערען אום ווי שאָטענס די אונגליקליכע אָפּפער פון דיעזע שרעק־ליכע קאָנטראַסטען. אַן ארויסגעוואָרפענער, קלוגער און פעהיגער אינ־טעליגענט, וועלכער געפינט ניט קיין צוועק אין לעבען און ענדיגט מיט זעלבסטמאָרד און אַן עדעלעס מעדכען, מיט א פיהלענדעס הארץ, וועל־כע זעהט דעם שרעקליכען אונרעכט... זי האָט אריינגעקוקט אין דעם פינסטערען זומפּף און האָט געזעהן, וואָס דאָרט קומט פאָר... זי זעהט דעם אונגליק וועלכער דראָהט די „קינדער פון דער זונן", זי פיהלט דעם גרויסען אונרעכט, וועלכעס איז געטאָן געוואָרען צו די ניעדריגע קלאַ־סען, איהר זעעלע ליידעט... די קומענדע פינסטערע ווילדע צושטע־רונג שרעקט זי און נאָך מעהר שרעקט זי די גלייכגילטיגקייט פון די „קינדער פון דער זונן"... אין אַזאַ צייט פון עלענד און שרעק וויל זי ניט דענקען פון פּערזענליכען גליק, פון מוטער פריידע און ליעבע — זי ווערט צודראָשען אונטער די שווערע רעדער פון דער אונבאַרמהער־ציגער ווירקליכקייט...

אלס אַ קאָנטראַסט צו איהם נעהמט דעם אַלטען געלעהרטען פּראָ־פעסאָר. ער האַלט שוין פון זיך זעהר שטאַרק און שעצט זיך זעהר טייער. אַ קאַריעריסט און אַ עגאָאיסט. ער איז דער פאָרשטעהער פון אַלכסנדר דעם דריטענס אַ פּראָפעסאָר. ער שרייבט פינף און צוואַנציג יאָהר און וואָס ער האָט אויפגעשריעבען האָט קיין בעדייטונג ניט. ער רעדט וועגען קונסט און ליטעראַטור צעהנדליגע יאָהר און האָט נאָך ניט אויסגעדריקט קיין איין פרייען געדאַנק, קיין איין אָריגינעלעס וואָרט. ער קייט איבער איינע און דיזעלבע שטרוי, נעהמט מיט חוצפה, איז געליעבט און געאַכטעט, ווייל ער האָט ערפאָלג. און אָט דער טוי־געניכטס, דער פּאַראַזיט, קוקט אויף אַלע מענשען פון אויבען אַראָפּ, ער רעדט צו זיי מיט דעם טאָן פון אַן אויטאָריטעט און ראָט זיי צו טאָן עטוואָס! יע, דער מענש דאַרף טאָן עטוואָס, טענה׳ט ער, און אליין האָט ער גאָר נישט געטאָן אין זיין לעבען, איז אַ פערצוייגענער שוועב־לינג, אַ ווילענלאָזער און כאַראַקטערלאָזער מענש, וועלכער שטעלט זיין פערזענליכע צופריעדענהייט העכער פון אַלע אינטערעסען פון דער וועלט... דאָס איז דער, וועלכער בילדעט די יוגענד.

דיאדיא וואַניאַ, אַ סימפּאַטישער מענש, וועלכער לעבט צוליעב אַנדערע, אַרבייט צוליעב אַנדערע, אָפּפערט זיין פּערזענליכעס גליק צו־ליב אַנדערע... ער האָט געאַרבייט פאַר׳ן פּראָפעסאָר ווען ער האָט איהם געאַכטעט, ער אַרבייט פאַר׳ן פּראָפעסאָר, ווען ער זעהט און פערשטעהט ווי קליינליך דער „געלעהרטער" מענש איז, ווי אונזיניג און אונניצליך דעם פּראָפעסאָר׳ס געלעהרזאַמקייט איז... אַ ליעבענ־דער, אַ גוטמוטהיגער, און עהרליכער און אויפריכטיגער מיט אַ גוטע זעעלע... צו זיעבען און פערציגע יאָהר ערוועקט זיך אין איהם אַ געפיהל פון ליעבע צו אַ פרוי, וועלכע האָט צו איהם קיין סימפּאַטי ניט, אין דער עלטער פון זיעבען און פערציג יאָהר דערמאָנט ער זיך פּלוצלונג, אַז ער האָט נאָך ניט געלעבט פאַר זיך, האָט ניט געהאַט קיין גליק, קיין פרייד... און ער וויל זיין גליקליך... ער האָט אָבער ניט קיין ענערגי, קיין ענטשלאָסענהייט, קיין מאַכט, קיין ווילען, ווי זיין גליק צו ערלאַבערן, — קיין סטראַטעגישע קענטניסע ווי אַזוי צו בע־זיעגען, — און ער הויבט אָן שיכור׳ן, פּלוכען זיין שיקזאַל, וויינען ווי אַ קינד און טענה׳ן ווי אַ אידענע צו תחינות... אַרויסרייסען זיך פון דעם תהום אין וועלכע ער איז פערזונקען האָט ער ניט קיין קראַפט,

# טשעכאָוו'ס „אָנקעל וואַניאַ".

— און —

## קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ'ס און בראַוויטש'עס פאָרשטעלונג.

„דער מענש איז בעשענקט מיט שכל און א שאַפענדע קראַפט, ער זאָל פערנעהמען און פערגרעסערען דאָס, וואָס די נאַטור האָט איהם גע־געבען. אָבער ביז יעצט האָט דער מענש ניט געשאַפען, ער האָט נאָר פערניכטעט..." אַזוי זאָגט דאָקטאָר אסטראָוו, איינער פון טשעכאָוו'ס העלדען. דער מענש בויט ניט, ער צושטערט, ער צושטערט די פעל־דער און וועלדער אַרום זיך, ער פערניכטעט זיינע מיט־מענשען, ער מאַכט חרוב די געזעלשאַפט אַרום זיך, ער מאַכט א תל פון זיך אליין, פון זיינע מענשליכע געפיהלען, פון זיינע פעהיגקייטען, פון זיין פער־זענליכקייט, פון זיין אייגענעם געזונד זאָגאָר. און צוליעב וואָס לעבט ער? וואָהין שטרעבט ער? וועלכע ציעלען אין לעבען האָט ער, וועלכע אויפגאַבען? וואָס ערוואַרטעט ער אין דער צוקונפט? דערויף קריגט איהר ניט קיין ענטפער אין טשעכאָוו'ס ווערק, ווייל דערויף האָט ניט געגעבען קיין ענטפער דאָס רוסישע לעבען מיט צוואַנציג יאָהר צוריק. איהר זעהט די ליידענדע, צושטערטע, זיך אליין פערצעהרענדע, אין פעסימיסטישע געדאַנקען פערזונקענע, אין ווילענלאָזיגקייט אַראָבגענע־לאָזענע „ראָסיאַ" פון אַלעקסאַנדער דעם דריטען'ס צייטען. א טרויע־ריגעס בילד! קיין ליכט, קיין פרייד, קיין האָפנונג, קיין צוועק! מענ־שען געהען אום ווי שאָטענס. זיי האָבען געדאַנקען און וואַגען ניט צו דענקען. זיי האָבען טאַלענטען, און פערשיכור'ן זיי... זי רעפלעקטירט, שיכור'ט און ליידעט אין דער שטיל די אונטערדריקטע, פונ'ם אמת'ן מענשליכען לעבען אָבגעריסענע „ראָסיאַ"!... א שרעקליכע שטילע דראַמאַ! מענשען לעבען אין אַן ערשטיקענדער אַטמאָספערע, און די הימלען אַרום, זיי זיינען בעדעקט מיט פינסטערע וואָלקענס!

איז אַ סימפּאַטיש, עהרליך מיידעל, מיט אַ גוט האַרץ און ריינע זעעלע,
— זי ליעבט און לעבט, און דענקט און קעמפּפט אום צו בלייבען אַ
דיענסט פאַר איהר פאָטער דעם פּראָפעסאָר און צו פערברענגען איהר
לעבען אָהן האָפנונגען אויף אַ פערזענליכען גליק, אָהן פּראָטעסט, אָהן
שטרעבונגען. וואָהין איהר וואַרפט אייער בליק, זעהט איהר קראַנקע,
שוואַכע, ווילענלאָזע, אונגליקליכע, פערקריפּעלטע, צודריקטע מענ־
שען... קיין זאַך פערבינדעט זיי ניט, קיין אידעע פעראייניגט זיי ניט,
קיין געפיהל קען זיי ניט האַלטען צוזאַמען. זיי צושיידען זיך איינער
פונ'ם אַנדערען, געהען אַוועק צו וואַנדערען צוועקלאָז אַליין איבער דער
וויסטענים פונ'ם רוסישען לעבען. די גוטע עהרליכע סאָניאַ בלייבט
מיט איהר אונגליקליכען אָנקעל וואַניאַ. זי לעגט אַרויף איהרע צאַרטע
הענד אויף זיינע פערוויינטע אויגען און זאָגט טרויעריג: „וואָס קענען
מיר טאָן, אָנקעל וואַניאַ? אַ ברירה האָבען מיר? מיר מוזען לעבען!
מיר וועלען פערברענגען אַ לאַנגע רייהע פון טעג, פון אונענדליכע נעכט.
מיר וועלען געדולדיג אַריבערטראָגען אַלע נסיונות, מיר וועלען שווער
אַרבייטען פאַר אַנדערע, ניט וויסענדיג פון קיין רוהע ניט איצט, ניט
אין אונזער טיעפער עלטער. און אַז מיר וועלען שטאַרבען, גוטער,
ליעבער אָנקעל, וועלען מיר דאָרטען האָבען אַ שעהנעם, ליכטיגעם,
פריעדליכעם לעבען... דאָרט וועלען מיר האָבען פרייד און רוהע. איך
גלויב, אָנקעל! איך גלויב היים און ליידענשאַפטליך"... אין גלוי־
בען זוכט סאָניע, ווי אַלע פאַסיווע ליידענדע, איהר טרויסט. דיאַדיאַ
וואַניאַ הערט זיך צו צו איהרע זיסע רייד און וויינט מיט ביטערע
טרערען און דער אָרעמער טעלעגין שפּיעלט אין דער וועיט שטיל אויף
זיין גיטאַרע אַ טרויעריגעם ליעד... שפּיעלט ער דאָס אַ הימן דער
גלייכגילטיגטער נאַטור, אָדער ער דריקט אויס אָהן ווערטער זיינע איי־
גענע פערבאָרגענע שמערצען און טיעפען עלענד?...

---

דער צושויער הערט צוזאַמען מיט אָנקעל וואַניאַ ווי סאָניאַ קאָמי־
סאַרזשעווסקאַיאַ דריקט אויס איהר טיעפען שמערץ און הייליגען, רע־
ליגיעזען, אויפריכטיגען טרויסט און האָפנונגען, און צוזאַמען מיט אָנ־
קעל וואַניאַ־בראַוויטשין וויינט ער מיט אמת'ע טרעהרען... ווען

און ער בלייבט זיצען אויף זיין אלטען פלאטץ צוזאמענגעבויגען איבער די חשבונות פונ'ם פראפעסאר... זא לאנג ער וועט לעבען, וועט ער ארבייטען פאר אן אנדערן. פאר איהם אליין איז קיין גליק ניטא.

קיין גליק איז אויך ניטא פאר דעם ארעמען, ניעדערגעשלאגענעם טעלעגין. א קליינער מענשעלע, אהן פרעטענזיעס, אהן א קלענסטען בעגעהר צו האבען אירגענד וועלכע רעכטע. מע רופט איהם וואפליא, ווייל זיין גאנצער פנים איז צוגראבען, פון פאקען. ער שפיעלט זיך אויף דער גיטארע, ווייל זיין נשמה האט ליעב מוזיק. זיין נשמה האט אויך ליעב די נאטור, די בלומען, די פויגעלעך, די שעהנע בוימער... א קינד וואס איז שוין 50 יאהר אלט... ער ווייסט זעהר ווייניג, נאך וואס לעבט ער און צוליעב ועמען לעבט ער. אבער אזעלכע קשיות פרעגט ער זיך גאר ניט... זיין ווייב איז אוועק מיט א פרעמדען — לעבט ער אליין ביי פרעמדע מענשען... זיין ווייב איז געבליבען מיט קינדער, — ווייל איהר געליעבטער האט זי מיט די קינדער אוועקגע־ווארפען, — האט וואפליא אבגעגעבען זיין ווייב מיט איהרע קינדער זיין גאנצע פערמעגען, און איצט איז ער א בעטלער... עסט פרעמד ברויט, שפיעלט אויף דער גיטארע, דענקט ניט, האט ניט קיין געדאנק צו לעבען אנדערש און עס וועט איהם קיין מאל ניט איינפאלען צו פראטעסטירען געגען אזא ארדנונג. פראטעסטירען? געגען וועמען? איז דען ניט אלעס גוט איינגעארדענט אויף דיעזער גוטער וועלט?

אזוי ווי די מענער אזוי זיינען אויך ווילענלאז און שוואך די פרויען. זיי פיהרען א צוועקלאזען לעבען און האבען ניט קיין ענטשלא־סענהייט ארויסצורייסען ביים שיקזאל זייער אייגענעם גליק... די אלטע מאדאם לעזט שוין פופציג יאהר ביכער וועגען פרויען עמאנ־ציפאציאן און האט נאך א פינגער אן א פינגער ניט א קלאפ געטאן צו בעפרייען די פערשקלאפטע פרוי. די שעהנע פראפעסארשע, וועלכע רעדט אזוי שעהן פון ערהאבענע זאכען, וועלכע האסט איהר אלטען אבגעלעבטען און אויסגעוועבטען מאן, האט מורא פאר איהרע אייגע־נע אויפריכטיגע אמת'ע געפיהלע פון ליעבע, שרעקט זיך פאר איהר אייגענעם גליק, האט ניט קיין ענטשלאסענהייט צו פערלאזען דעם גע־האסטען מאן און געהן קעמפפען פאר איהר צוקונפט מיט דעם מאן, וועלכע זי ליעבט און אכטעט... זי ווייסט אליין ניט וואס צו פאדערן פון דער וועלט און איז מיט דער וועלט אונצופריעדען. די יונגע סאניא,

# נאָראַ און ווי אזוי קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ שפּיעלט זי.

דער נס, דער וואונדער איז ניט געשעהן! די יונגע צאַרטע, צום קאַמפּף נאָך ניט פּאָרבערייטעטע פרוי פערלאָזט שפּעט אין דער נאַכט איהר שעהנעס קאָמפּאָרטאַבעלעס הויז, איהר מאַן, איהרע דריי ליעבע קינדער, און געהט וואַנדערען אליין אין דער גרויסער, קאַלטער, פרעמ־דער וועלט. זי געזעגענט זיך ניט מיט איהרע קינדער, זי אַכטעט ניט דעם מאַנ'ס געזעצליכע רעכטע, זי ווערט ניט געריהרט פון זיין בעטען און פון זיינע טרערען. זי געהט פאָרט. די טהיר גיט אַ קלאַפּ און נאָראַ פערשווינדעט אין דער פינסטערער געהיימניספאָלער נאַכט.

וואו איז דער שכל? וואו איז די לאָגיק, דער פּראַקטישער חשבון, די געפיהלע פון גערעכטיגקייט, די ליעבע פון אַ מוטער, די פּליכטע פון אַ פרוי? זי אליין זאָגט, אַז היינטיגע צייטען געשעהען ניט קיין נסים און דאָך ווייל עס איז צוליעב איהר ניט געשעהן קיין נס, הויבט זי זיך אויף און פערלאָזט איהר היים. איבער אַ קאַפּריז, אַ קינדישער פאַנטאַזיע צוברעכען אַ היים? ערשט מיט אַ פּאָאר טעג צוריק זעהען מיר זי דאַכט זיך, אַ צופריעדענע, אַ זאָרגלאָזע, אַ פערליעבטע, אַ גליק־ליכע — וואָס האָט זי פּלוצלונג געטריבען צו אַזאַ פערצווייפעלטען שריט? האָט איהר מאַן פּלוצלונג אַראָפּגענומען פון זיך זיין מאַסקע און זי האָט דערזעהן עטוואָס נייעס, שרעקליכעס, אַבשטויסענדעס? איז דאָס ניט דערזעלבער גוטער העלמער? דער זעלבער אָנשטענדיגער מענש, איבערגעבענער פאַמיליען־פאָטער, פערליעבטער מאַן? ווען זיך דען געפינען אויף דער וועלט אַזעלכע עלטערען, וועלכע וועלען ניט רעכענען פאַר אַ גליק חתונה צו מאַכען זייערע טעכטער פאַר אַזעלכע מענער, ווי נאָראַ'ס מאַן — הערר העלמער? . . . אַ סאָלידער און

קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ'ס שטימע האָט ניט געריהרט, ווען זי האָט איך דערצהעלט פון סאָניאַס ליידען, און ווער עס האָט ניט געוויינט צו־זאַמען מיט בראַוויטשען, — דער וועט קיין מאָל ניט פערשטעהן וואָס אמת'ע קונסט איז און וועט קיין מאָל ניט קענען אָבשעצען די לייסטונג פון אמת'ע גרויסע אַרטיסטען! און ניט נאָר די געטליכע קאָמיסאַר־זשעווסקאַיאַ, און ניט נאָר דער גרויסער אַרטיסט בראַוויטש, — אַלע זיינען געווען ערהאבען. עס איז געווען אַ סימפאָני געשפּיעלט פון קינסטלער... זאַקושניאַק'ען האָבען מיר נאָך קיין מאָל ניט געזעהן אַזוי גוט ווי אין דער ראָלע פון'ם דאָקטאָר אָסטראָוו. גרוזינסקי איז גע־ווען אַ לעבעדיגער טעלעגין. מאַדאַם שילאָווסקי איז געווען אַן אויסגע־צייכענטע פּראָפעסאָרשע און הערר נעלידאָוו דער ריכטיגער פּראָפע־סאָר. עס איז ניטאָ גענוג ווערטער אויסצודריקען די דאַנקבאַרקייט, וואָס די אַלע אַרטיסטען צוזאַמען האָבען פערדיענט מיט זייער לייסטונג... קיין העכערען גענוס קען קיין טהעאַטער ניט געבען... און ווער עס האָט קיין שכל ניט און וויל ניט, ווען ער האָט אַזאַ געלעגענהייט געהן זעהן אַזעלכע פאָרשטעלונגען, — דער מעג קייען שטרוי...



איהם. ער קריכט אַ מאָל אַראָפּ פון זיין הויכען „ביזנעס" פּעדעסטאַל צו איהרע קליינליכע ווייבערשע אינטערעסען, ווייל ער וויל איהר אַ טובה טאָן דערמיט אום זי זאָל פיהלען זיין גוטסקייט און זאָל איהם נאָך שטאַרקער ליעבען, נאָך מעהר זיין איבערגעבען. ער רעדט צו איהר מיט גנאַדע פון אַ גוטען פּאַטראָן, מיט אַ סאַרקאַסטישען שמיי־כעלע פון אַ העכערען, וואָס בעגליקט מיט זיין לייט־זעליגקייט דעם ניעדעריגערן. ער רעדט מיט איהר ווי אַ מענטאָר, אַ לעהרער, אַ מורה דרך, אַן אָפּעקון; זאָגאַר פאַר איהר מאַסקע דאַרף ער זאָרגען, זאָגאַר ווי צו טאַנצען אויפ'ן באָל די טאַראַנטעלע דאַרף ער זי לערנען. און זי? ער מיינט, זי נאַשט אַ קאָנפעקטעל, שפּרינגט אום זאָרגלאָז אי־בער'ן צימער, זינגט זיך ווי אַ פויגעלע, קליידעט זיך ווי אַ פּופּע און איז צופריעדען מיט איהר גליק . . . נאַררישער חכם און בלינדער עגאָאיסט! אין דער צייט, ווען די לערכע האָט געטאַנצט און געזונגען האָבען איהרע אויגען געקוקט און בעאָבאַכטעט, איהר זעעלע האָט ניט גערוהט, איהר פערשטאַנד האָט ניט געשלאָפען. ווען ער איז זיכער, אַז זיין ווייב איז ניט פעהיג אויף קיין אַנדער זאַך ווי צו זיין זיין הויז פרוי און זיין לייכטזיננינגע, פון קיין זאַך ניט דענקענדע פּופּע, אין דער צייט אָפּ־פערט זי מיט איהר רוהע און פריעדען אום צו רעטען זיין לעבען. ער מיינט זי איז אַ לייכטזיניגע פערשווענדערין און זי נעהט זיך און די קינדער ביליגע קליידער, געפינט פיעלע פּלענער ווי אַזוי זיין נעט גע־קליידעט אום איהם צו געפעלען און אין דער זעלבער צייט שפּאַרט זי געלד אויסצוצאָהלען דעם חוב, וועלכען זי האָט געמאַכט אום צו רעטען זיין לעבען. וועניג! זי ענטזאַגט זיך אליין פון פיעלע זאַכען, זיצט גאַנצע נעכט ביים שרייב אַרבייט און איז צופריעדען, וואָס זי האָט עטוואָס גוטעס געטאָן פיר אַן אַנדערען. די אַלע קרבנות ברענגט זי אין דער שטיל בלומרשט אָפּהענדיג, אָהן בעריהמעריי, אָהנע צו פאָדערען דאַנקבאַרקייט. ער האָט ליעב אין איהר ניט דעם מענשען, נאָר דאָס שעהנע ווייב, די לערכע, די פּופּע — בלייבט זי פאַר איהם אין דער ראָלע, ווייל זי איז גליקליך נאָר מיט דעם וואָס זי האָט איהם גליקליך געמאַכט. פאַר איהם וויל זי שיינען אַלס גליקליכע, צופריעדע־נע, זאָרגלאָזע, טאַנצענדע נאַרע. אין דער ווירקליכקייט אָבער זעהט איהר, אַז זי האָט קיין מאָל ניט געקענט פּאָלקאָמען זיין גליקליך, צופריעדען און זאָרגלאָז. איהרע גייסטיגע אויגען און איהר ליעבענדעס

געזעצטער מענש, אנשטענדיג און מאָראַליש, פּראַקטיש און פּאָזיטיוו. א מענש, וועלכער מאַכט א קאַריערע און וועט געווים פערזאָרגען זיין ווייב און קינדער ניט נור מיט מיטלען צום לעבען, נאָר אויך מיט לוקסוס און קאָמפּאָרט. א מענש מיט רעגעלען אין לעבען — ער וועט ניט מאַכען קיין שולדען, וועט ניט זינדיגען געגען דער עפענטליכער מאָראַל, וועט ניט איבערטרעטען די געזעצע און וועט חלילה ניט געהן געגען דער אַנשטענדיגער בעל־בית׳ישער געזעלשאַפט מיט איהרע זיטען. איז דען אַזאַ מאַן ניט א וואהרער בעשיצער און זיכערער פּאַטראָן און וועג־ווייזער?

און ווער איז זי, וואָס זי וואַגט צו נעהמען איהר איגענעם שיקזאַל אין איהרע אייגענע הענד? זי איז א זינג־פויגעלע, א פּופּע, א נאַרין, וועלכע שלעפּט בגנבה קאָנפעקטען פון איהר קעשענע, א פערשווענדערין, וועלכע ווייס ניט קיין חשבון פון קיין געלד, א ליגנערין, א לייכטזינניגער מענש, א קאָקעטקע, וועלכע ווייזט איהר מאַנ׳ס פריינד די זאָקען פון לייב־קאָליער, וועלכע זי וועט טראָגען אויפ׳ן מאַסקאַראַד, א פעלשערין, וועלכע מאַכט א פאַלשען אונטערשריפט אַזוי אונפּאָרזיכטיג און נאַריש. א הילפלאָזע, שוואַכע, צום לעבען און קאַמפּף ניט פּאָרבערייטעטע בעשעפעניש. זי וואַגט עס צו מאַכען אליין אַזאַ פעראַנטוואָרטליכען בעשלוס?.., פון וואַנען נעהמט זיך צו איהר פלוצלונג אַזאַ ענטשלאָסענהייט?

קיין זאַך געשעהט ניט פּלוצלונג. יעדע ערשיינונג ווערט געשאַפען דורך רעגעלמעסיגע, געזעצליכע אורזאַכען. העלמער און מיט איהם פיעלע מענער קענען דענקען, אַז דער קריזיס אין נאָראַ׳ס לעבען איז געשעהן פּלוצלונג און אָהן אורזאַכען. ער, דער זעלבסטצופריעדענער הערשער אין שטוב, דער געקרוינטער אויטאָריטעט אין דער פאַמיליע, דער פערנומענער מיט „וויכטיגע״ געשעפטען בורזשואַ, דער אין גאַנצען זיינע אייגענע אינטערעסען איבערגעבענער עגאָאיסט, דער געזעצליכער אייגענטהימער פון זיין ווייב׳ס קערפּער, דער מאַן, וואָס ליעבט אין נאָראַ׳ן די שעהנע ווייב, — ער זעהט ניט, דענקט ניט און קימערט זיך זעהר ווייניג וועגען די פּראָצעסען וועלכע קומען פאָר אין דער זעלע פון דעם ווייב, וואָס געהערט איהם. ער איז דער חכם און דער סעריעזער מענש, זי איז ניט מעהר ווי א שוואַכע ווייב. ער אינטערעסירט זיך אַמאָל מיט איהרע קליינליכע געשעפטען, ווייל דאָס אַמוזירט

און אַזוי שווער געגעז איהר פערשולדיגט, — ער ערשיינט אַלס ,גנעדי־גער הערשער און זאָגט איהר: אַז ער שיינקט איהר ווידער זיין גנאַדע און אַז ער ערלויבט איהר אויך ווייטער צו זיין זיין שעהנע פּופּע, זיין ווייב, זיין שקלאַפין...

די פרוי, וועלכע האָט אַזוי לאַנג געשוויגען, פאַנגט אָן צו רעדען, זי זאָגט איהם, אַז אַכט יאָהר האָט זי געלעבט מיט איהם און ער האָט נאָך קיין מאָל מיט איהר ניט גערעדט ערנסט. אַכט יאָהר געלעבט צוזאַמען מיט אַ פרעמדען מענשען און מיט איהם דריי קינדער גע־האַט...

זי פערלאָזט דאָס הויז פונ'ם פרעמדען מאַן, ווארום וויכטיגער ווי צו זיין ווייב און מוטער איז צו זיין מענש. יא! זי וויל זיין מענש. זי איז ניט קיין הייליגע, ניט קיין מלאך, ניט קיין הויך־שטרעבענדע אידעאַליסטין — זי איז אַ ליעבע, סימפּאַטישע, עהרליך דענקענדע און עהרליך פיהלענדע פרוי, און זי וויל ליעבען און לעבען אַלס מענש!..

ווי אַזוי האָט קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ געשפּיעלט די ראָלע פון נאָראַ? קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ האָט די ראָלע גאָר ניט געשפּיעלט. ווי קענט איהר זי פערגלייכען, צום ביישפּיעל, מיט אַזאַ שוישפּיעלערין ווי סאַראַה בערנאַרד? קיין פערגלייך! סאַראַה בערנאַרד שפּיעלט ניט נאָר די גאַנצע ראָלע, זי שפּיעלט יעדען זאַץ, יעדע פראַזע, יעדען וואָרט זאָגאַר. זי האָט פון יעדע שטעלע אָן אַנדער פּלאַסטישע בעוועגונג, אָן אַנדער אויסדרוק, אַ נייע פּאָזע, אַ נייעם עפעקט. קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ האָט ניט קיין קלאַסישע פּלאַסטיק, קיין גלאַנץ, קיינע אויפטועכצען, קיין שפּיעלען. זי שפּיעלט ניט. איהר קענט זי ניט פערגלייכען מיט דוזע, ווייל דוזע האָט גאָט געגעבען אַ זיסע בעצויבערענדע שטימע מיט אַ זעלטענעם טעמבער, און ווייל אין דוזע'ס איינפאַכסטע בעוועגונגען איז דאָ נאַטירליכע שעהנע פּלאַסטיק און אַ טיפע שטימונג, — וואָס די קאָ־מיסאַרזשעווסקאַיאַ בעזיצט ניט. דאָך ערלויב איך מיר צו זאָגען, אַז ניט דוזע און ניט בערנאַרד וועלען אימשטאַנדע זיין צו שאַפען אַזאַ „נאָראַ", ווי די קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ — ניט מיט איהרע קליידער, ניט מיט איהרע בענעהמונגען, ניט מיט איהר האַלטען זיך, ניט מיט איהר פּאָזירען, ניט מיט איהרע בעטאָנונגען האָט זי געקענט צייגען אויף איין אויגענבליק, אַז זי איז אַ קלוגע שוישפּיעלערין, אַ געניטע קינסט־לערין, — זי איז געווען די איינפאַכע, לעבעדיגע, נאַטירליכע „נאָראַ".

האַרץ האָבען שטענדיג געזעהן און געפיהלט ווי עגאָאיסטיש דער מאַן איז. ווען ער מאַכט איהר פאָרווירפע, ווארום זי פערשווענדעט געלד און פרעגט זי, וואָס וועט זי טאָן, אויב פּלוצלונג וועט אַ ציגעל צושפּאַל־טען זיין קאָפּ און ער וועט שטאַרבען? ענטפערט זי: אויב אַזאַ אונגליק וועט געשעהן, וועט זי זעהר ווענינ קימערן דאָס געלד. ווארום זי לעבט צוליעב איהם. ווען זי אָבער זאָגט, אַז אום צו רעטען איהם פון שאַנדע וועט זי בעגעהן זעלבסטמאָרד... האַרט איהם ניט איהר טויט. ער איז בעזאָרגט וואָס זאָגאַר איהר טויט וועט ניט רעטען זיין נאָמען. איהם שאַקירט, וואָס זיין געפאַלענער פריינד זאָגט איהם „דו", זי פער־שטעהט עס ניט, ווייל זי איז בעריט צו טאָן אַלעס פאַר איהרע פריינד. ער איז העפליך מיט מענשען, ווייל אַזוי פאָרדערט דער עטיקעט. זיינען זיי אָבער ניטאָ דערביי שיקט ער זיי צום טייוועל, ווייל ער ליעבט זיך אַליין. זי זעהט זיין פאַלשקייט און ליידעט, ווייל זי טראָגט אין זיך שטענדיג מענשען־ליעבע, ווייל איהר איינפאַכע זעעלע איז ריין און נאָבעל... אין איין אויגענבליק פערגעסט ער שוין, אַז זיין בעסטער פריינד, דאָקטאָר ראַנק האַלט ביים שטאַרבען, און ער ווייסט נאָר אַז לעבען איהם זיצט אַ רייצענדעס ווייב, וועלכע בעלאַנגט צו איהם. זי אָבער פערגעסט ניט די ליידען און די צרות פון אַנדערע. ער איז שטענדיג אַן עגאָאיסט, אַ חיה מיט ברוטאַלע געפיהלען, וועל־כער וויל לעבען נאָר פאַר זיך. זי וויל איהר לעבען און גליק זאָל זיין געבויט אויף אַ געפיהל פון מענשליכקייט. ער וויל ניט דענקען פון דעם אינהאַלט פון לעבען, איהם אינטערעסירט נאָר די אויסערע פאָרמאַ־ליטעט. זי פרעגט אָבער, וואָס איז געזעלשאַפט, אויב דאָס ברעכט דעם ווילען פון איינציגען מענשען? וואָס זיינען די טויטע גרויזאַמע געזעצע, אויב זיי רעכענען זיך נאָר מיט דער טהאַט און ניט מיט די הומאַנע מאָטיווען, צוליעב וועלכע די טהאַט איז געשעהן? וואָס זיינען די קאַלטע בוכשטאַבען פון קלוגע ביכער, אויב זיי ערקלערען ניט די גאַנצע וואַרהייט? ער, דער בעגרענצטער עגאָאיסט, שטומפּיגער בעל גאוה, זעלבסט צופריעדענער בורזשוא, — ער, ווען ער קריגט דעם געפעלשטען וועקסעל צוריק און זעהט, אַז די געפאַהר איז פערביי, — ער, וועלכער האָט צוטראָטען איהרע האָפנונגען, האָט גרינג געשעצט איהר גרויסען אָפּפער, האָט מיט אכזריות בעליידיגט איהרע אַלע געפיה־לע פון מענש, פרוי און מוטער, — ער, וועלכער האָט זיך אַזוי פיעל

# קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ און בראַוויטש אין איבסענ'ס „בוימייסטער".

בוימייסטער סאָלנעס האָט זיך אויפגעבויט אַ היים מיט שעהנע זאַלען, מיט דריי ליכטיגע צימערן פאַר קינדער, מיט אַ הויכען, זעהר אַ הויכען טורם, וועלכע זאָל איבערשטייגען אַלע אַנדערע געביידעס פונ'ם סאָציאַלען לעבען. ער איז אַרויף מיט אַ זיעגער־קראַנץ אויף דיע־זען וואונדערשעהנעם טורם, וועלכער האָט געשטרעבט הויך צו הימ־לען און... איז פון דעם טורם אַרונטער געפאַלען אַ צושמעטערטער, אַ צוריבענער אויף אַש. ער האָט געמוזט צושמעטערט ווערען, זיינע שעהנע ליכטיגע זאַלען מיט'ן הויכען טורם האָבען געמוזט בלייבען לעער, ווארום ער האָט ניט געהאַט קיין היים, קיין פאַמיליען־לעבען, קיינע קינדער, קיין ליעבע, קיין פערבינדונג, קיין צוועק, קיין העכערע אידעע, קיין היים־גאָט, וועלכער זאָל אין דעם בית המקדש וואָהנען!
דער בוימייסטער ליגט אין שטויב אַ טויטער און די שעהנע געביידע פונ'ם „היים" שטעהט לעדיג... ניטאָ קיין היים ביי'ם בוימייסטער אַליין, אָהן אַ היים זיינען אויך די, פון וועלכע דער בוימייסטער האָט געבויט שעהנע הייזלעך און וואונדערבאַרע ווילאַס... די איינפאַ־כע אַלטע, אמת'ע, הייליגע, געמיטהליכע, וואַרעמע צוזאַמענגבונדענע היים איז פערברענט געוואָרען, און די נייע היים, אין וועלכע שעהנע פאָרמען מע זאָל ניט איינפאַסען, איז דאָך ניט מעהר ווי אַ ליגען, אַ פאַלשקייט, אַן אונזיננינגע, אָבגעלעבטע געוואָהנהייט. דער היינטיגער מענש, דער עגאָאיסט, דער פּראַקטיקער, דער מייסטער פון בויען, דער מאַטעריאַליסט, דער חכם צו מאַכען פאַר זיך אַליין אַ וועג, — דער דאָזיגער מענש, וועלכער לעבט אָב זיינע בעסערע יאָהרען אין דרויסען אָהנע צו לעבען מיט אַ אינערן לעבען, — דער מענש האָט קיין היים

ניט די „נאָראַ”, וועלכע קען זיין פערשטענדיג דעם גלענצענדען פראַנ־צויז אָדער דעם אין קונסט ראָמאַנטישען אַנגלאָזאַקס, נאָר די צו פריי־הייט שטערבענדע נאָראַ, וועלכע קען געגליכען ווערען, לעבען און קעמפפען אין סקאַנדינאַוויען אָדער אין רוסלאַנד, — די נאָראַ וועלכע קען פערשטענדליך זיין נאָר דעם, וואָס האָט געוואָהנט צוזאַמען מיט נעקראַסאָוו'ס „רוסישע פרויען”, און האָט געדענקט וועגען די פרויען טיפען, וועלכע זיינען געשאַפען געוואָרען פון די גרויסע סקאַנדינאַווי־שע דיכטער, און האָט פערשטאַנען זייערע שטרעבונגען און געפיהלט זייערע ליידען... זשעניאַליטעט איז איינפאַך. דער איינפאַכער מענש אָבער, רעכענט איינפאַכקייט זעהר ביליג. ער שעצט דוקא הויך דאָס קאָמפּליצירטע... קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ איז איינפאַך, זי שפּיעלט ניט, זי קינצעלט זיך ניט און דאָס מאַכט זי פאַר היגע טהעאַטער געהער ניט פערשטענדיג... זי שפּיעלט ניט, זי שרייט ניט, מאַכט ניט קיין טראַגיש געזיכט ווען זי טאַנצט אין צווייטען אַקט די טאַראַנטעלע. אָהן ווערטער ריהרט זי אייך. זי דערצעהלט אייך גאָרניט און איהר פיהלט די גרויסע טראַגעדי וואָס שפּיעלט זיך אָב אין דעם מאָמענט אין דער צואווייטאָגטער זעלע פון דיעזער ערוואַכטער יונגער פרוי, און איהר וויינט...

נור די קונסט איז גרויס, וועלכע איז איינפאַך און נאַטירליך ווי די נאַטור אליין, וועלכע זי רעפּראָדוצירט...



געפּיהלע, — ער איז אַ האַרטער עגאָאיסט. ער איז אַ מענש מיט מאַכט. אָבער אַלס נאָרוועגער, אַלס אַ קינד פון די בערג, האָט ער אין זיך אַ באַרג־גייסט, אַ טראָל, אַ צושטערער, אַן עלעמענט, וואָס שוואַכט אין איהם אָב דאָס מענשליכע און שלעפּט איהם צוריק צו דאָס נאַטירליכע... דורך דעם ווערט אָבגעשוואַכט זיין ווילען. אַם וועניגסטען, אַזוי מיינט ער סאָלנעס אליין. ער האָט געהאַט אין זיך אַ קראַפט צו בעהערשען און צו זיעגען. ער האָט געגלויבט אין זיך און איז איבערצייגט, אַז אַ שטאַרקער ווילען קען בעאיינפלוסען שוואַכערע וויללענס, אַז אין דער מענשליכער טהעטיגקייט שפּיעלט אַ גרויסע ראָלע דאָס, וואָס מיר רופען סוגזשעסציאָן, בעאיינפלוסונג... דעם שטאַרקען מענשען מיט'ן מעכטיגען גייסט העלפען שוואַכע גייסטער, אונטערוואָרפענע ספּי־ריטועלע מעכטע, וועלכע ערפילען ניט ווילענדיגערהייד וואָס דער שטאַרקער ווילען—ו ו י ל... ווי אַלע „אליין געמאַכטע מענשען” האָט ער צופיעל צוטרויען צו זיך און צו זיין איינפלוס, מאַכט דאַן, ווען ער האָט ערפאָלג, און איז מגזם זיין אייגענע שוואַכקייט און אונ־פעהיגקייט דאַן, ווען דער ערפאָלג קעהרט זיך פון איהם אָב. ער האָט אין זיך נאָך געגוג „היפּנאָזענמאַכט” צו פּאַראַליזירען דעם ווילען פון אַ שוואַכע מיידעל קאַיע, אָבער ער פאַלט אריין באַלד אונטער דעם איינ־פלוס פון דער שטאַרקער יוגענדליכער הילדע. אין דער פּעריאָדע פון זיין לעבען, ווען מיר זעהען איהם, איז ער שוין אַ פאָלקאָמען פּסיכאָ־פּאַטאָלאָגישער סוביעקט. ער האָט מורא פאַר דער יוגענד, וועלכע וועט איהם אראָפּשטויסען פון וועג, אַזוי ווי ער האָט אין זיין צייט גע־שטויסען פון וועג „די אַלטע”... איהם ווייזט זיך אויס, אַז זיין ווייב און זיין הויז־דאָקטאָר האַלטען איהם פאַר אַ גייסטיג געשטערטען מענשען... ער שרעקט זיך פאַר די געהיימע גייסטער אין וועלכע ער האָט אליין געגלויבט, ער האָט מורא פאַר דער מאַכט פון איינפלוס, וועלכע ער האָט אליין בענוצט. קיין בעפרידיגונג אין דעם וואָס ער האָט געשאַפען האָט ער ניט, ווייל דאָס שטיקעלע אידעאַלע וואָס איז געלעגען אין זיין עגאָאיסטישע טהעטיגקייט, דער געדאַנק צו בויען אַ היים פאַר מענשען, איז געוועזן ניט מעהר ווי אַ ביטערער טעות. אין דער ווירקליכקייט האָט ער אליין פאַר זיך ניט געקענט שאַפען קיין היים און ניט געקענט ערשאָבערן קיין גליק. קיין פילאָזאָפישע אנשוי־אונג, וועלכע זאָל איהם געבען טרויסט און ערקלערען די נויטווענדיג־

ניט. זיין אַלטע היים איז חרוב געוואָרען און קיין נייע פאָרם פון קיין היים איז נאָך ניט ערפונדען געוואָרען.

ווען מע האָט א גאָט, בויט מען פאר איהם א טעמפעל. ווען אָבער דער גאָט איז אַרונטערגעוואָרפען געוואָרען פון זיין הויכען אידעאַלען פּעדעסטאַל, ווען קיין גלויבען איז ניטאָ מעהר, ווער, אויסער א ליגנער און א היפּאָקריט, וועט געהן דעם דאָזיגען פערניכטעטען גאָט בויען א טעמפעל מיט א מזבח ? . . . בוימייסטער סאָלנעס, א קינד פון דאָרף, א זוהן פון נאַאיווע בויערן האָט אמאָל אויך געהאַט דעם נאַאיוועץ אויפריכטיגען גלויבען פונ'ם דאָרף־מענשען און האָט מיט ליעבע גע־בויט שעהנינקע, ווייסע, קליינע קירכען מיט הויכע טורמס. איין מאָל אין זיין לעבען האָט ער זיך אויפגעהויבען אויף דעם הויכען קירכען־טורם און האָט פון דאָרטען געדראָהט צו די הימלען . . . ער וועט ניט בויען מעהר קיין הויכע טורמס צו דעם גאָט אין וועלכען ער גלויבט ניט מעהר . . . ער וועט בויען פאר מענשען א היים מיט הויכע טורמס . . . אין דער היים דארף זיין די גאָטהייט . . . קיינער אָבער האָט אין דער וואָכעדיגער היים ניט געזעהן קיין הייליגקייט, קיינער האָט ניט גע־גלויבט, אז די וואולגארע געמיינליכע פאמיליענפערהעלטניסע פונ'ם פאמיליען־לעבען וועלען פערעדעלט און פערפיינערט ווערען, אויב מע וועט די דאָזיגע ליגען און פאלשקייט אריבערטראָגען אין א טעמפעל מיט א הויכען טורם . . . דער בוימייסטער אליין האָט דעם גלויבען ניט געהאט און ער איז אַרונטערגעפאלען.

דער בוימייסטער סאָלנעס איז זעהר אן אינטערעסאנטע פערזענ־ליכקייט פאר אונז — מענשען פון א נערוועזער פסיחאָפּאטאלאָגישער וועלט, וועלכע איז פול איצט מיט סאָציאלע מענשען, אינדיווידועלע מענשען, איבער־מענשען, אונמענשען . . . סאָלנעס איז דאָס, וואָס מיר רופען אין אמעריקא „א סעלף מייד מען" . . . א מענש וואָס האָט מיט זיינע אייגענע פערהיגקייטען און אייגענע ענערגיע געמאכט זיך א קאריערע. ער האָט פיעל געקעמפּפט און געליטען אום צו ערפילען זיין אמביציאָן און ער האָט ווענינ געהאט צייט און מעגליכקייט צו לער־נען, צו ענטוויקלען פאר זיך א פילאָזאָפישע קלאָרע און בעשטימטע וועלט־אנשויאונג. ער האָט ניט קיין בעשטימטע געזעלשאפטליכע אי־דעאלען, ווייל ער איז צופיעל פערנומען מיט זיך אליין. דער קאמפּף פאַר דאָס דא־זיין האָט אין איהם אונטערדריקט אלע אלטרואיסטישע

גליק. אין איהר, אין דער יוגענד, אין הילדע'ן זיצט נאָך אויך א טראלל, אָבער זי זעהט דעם טריא מפּף פונ'ם מענשען אין דעם וואָס ער וואגט צו געהן אין דער הויך. שטארבען פאַלענדיג פון דער הויך, ניט ליגענדיג אין דער ניעדער. זי האָט פיינט דאָס פיעל געפרייזטע און פערהייליגטע וואָרט „פליכט"... א וואָרט פון וועלכען היפּאָקריטען געהען זיך א מאנטעל און פּאָליטיקער בויען דאָס „געזעצליכע" לע־בען. זי וויל, אז אנשטאָט פליכט, וועלכע פּאראליזירט דעם אינדיווידוע־לען ווילען, זאָל זיין א מאָטיוו. פון א געדאנק און ווארעמקייט פון ליע־בע... יא, הילדא קלאפּט אין טהיר. הילדא קומט... מיט איהר היל־פע וועט אמאָל געבויט ווערען די נייע היים...

---

צווישען די אקטען און געהענדיג אהיים האָב איך געהערט, ווי מען פערגלייכט קאָמיסארזשעווסקאיא'ס הילדא מיט דער הילדא פון אן אנדערע רוסישע שוישפּיעלערין, וועלכע שפּיעלט יעצט אויף דער ענגלישער ביהנע. אזא צוגלייכונג איז א פּראָפאנאציאָן, א לעסטערונג!.. פאר'ן אויג גיט די ענגליש־רוסישע אקטריסע פיעל, פיעל מעהר. זי שפּיעלט נאָרא ווי א קאָקעטקע און הילדא ווי א סוברעטין. דאָס קען מעהר דעם היגען פּובליקום געפעלען ווערען. אויסערדעם איז זי יונג, שעהן, ממזר'יש, קליידעט זיך מיט עכט ווייבערשען שכל. קאָמיסאר־זשעווסקאיא האָט ניט קיין ווייבערשען טאלענט צו קליידען זיך זי איז ניט גראציעז, זי גרימירט זיך ניט... עס הענגט אויף איהרע יעדע זאך, זאָגאר די פאריקע... אָבער קאָמיסארזשעווסקאיא שפּיעלט ניט פאר'ן אויג, זי שפּיעלט פאר'ן העכערען געדאנק... ווען זי שפּיעלט הילדא איז דאָס ניט א לייכטזינניגע מיידעל, וועלכע האָט א קאפּריז דער בוימייסטער זאָל זיך ברעכען דעם נאַקען... מען זעהט אין איהר שפּיעלען א נאָבעלע, עדעלע מיידעל, וועלכע סימבאליזירט א גרויסע אידעע, מען זעהט די יוגענד, וועלכע וויל די געגענוואַרט זאָל שטאר־בען מיט א הערליכען טויט. מען זעהט א פרוי, וועלכע האָט א ליע־בענדעס הארץ און א פרייען ווילען, מען זעהט א געשעפּף, וואָס דענקט און פיהלט און שטרעבט! קאָמיסארזשעווסקאיא איז ניט דער שעהנער קערפּער, ניט דער גוף פון שוישפּיעל קונסט, זי איז די עדעלע נשמה פון

קייט און געזעצליכקייט פון די ערשיינונגג האָט ער ניט געהאַט, דעם נאַאיוועו דאָרפישען גלויבען האָט ער אויפ׳ן הויכען טורם פערלאָרען, און ער איז געפאַלען אַ צובראָכענער.

אלינאַ, זיין ווייב, קען אָנגענומען ווערען אַלס אַ ריכטיגער סימבאָל פון דער אַלטער אמאָליגער היים. זי איז אייפערזיכטיג צו יעדען, וואָס קען ביי איהר אוועקנעהמען דעם הערשער פון דער פאַמיליע, און בע־האַלטען איהם פאַר זיך אליין האָט זי ניט קיין מיטלען און קיין לעבענס־פעהיגקייטען. זי איז אַ פרעמדע אין די נייע געבאָרענע אומשטענדען. זי איז די קראַנקע, בענקענדע, ליידענדע פערגאַנגענהייט אין דער עפּאָכע פון אַ וואַקלענדער געגענוואַרט און אין אַ נעבעל פערוויקעלטער צוקונפט. די קראַנקע אלינא בענקט ניט נאָר איהרע אָבגעשטאָר־בענע קינדער, זי בענקט נאָך אַזעלכע קינדישע און ווי מיר מיינען גאַנץ אונבעדייטענדע זאַכען, ווי די ליאַלקעס מיט וועלכע זי האָט זיך גע־שפּיעלט אין דער יוגענד, די אַלטע זיידענע קליידער אין וועלכע די עלטערבאָבעס זיינען געגאַנגען צו דער חופּה, די בילדער פון די אַלטע מיטגליעדער פון דער משפּחה... זי בענקט נאָך דעם אַלעמען, וויייל דאָס האָט געשאַפען די אַטמאָספערא פון דער אַלטער היים, דאָס האָט דער אַמאָליגער היים געגעבען איהר אייגענטהימליכקייט... דאָס אַלטע, דאָס שטאַרקע, דאָס בעל־הבית׳שע, דאָס היימליכע — דאָס אַלעס האָט דער פייער צושטערט, און קיין נייעס איז ניטאָ...

דאָס נייע, דאָס צוקינפטיגע פאַרמירט זיך שוין שטילערהייד, עס ווערט געשאַפען דאָס קומענדע, עס קלאַפּט שוין אין דער טהיר פון דער געגענוואַרט... אָבער וואָס דאָס איז, ווייסען מיר נאָך ניט און זיין אמת׳ן געשטאַלט קענען מיר נאָך ניט זעהן... הילדא קלאַפּט אין טהיר... איהר שטימע איז נאָך ניט דייטליך, איהרע פאָדערונגען נאָך ניט קלאָהר אויסגעדריקט... אָבער מיר הערען שוין פון איהר, אַז אַ מענש דאַרף ניט זיין צושפּאָלטען. די פראַזע, דאָס וואָרט פונ׳ם היינטיגען מענשען דאַרף פערביטען ווערען מיט דער טהאַט. וואָרט און טהאַט דאַרפען זיין איינס. גליק גיט ניט נור דאָס הויז וואָס איז גע־בויט פון מאַטעריעלע שטיינער, נאָר אויך די לופט־שלעסער געבויט פון הויכע אידעאַלען און שעהנע פּאָעטישע שטרעבונגען. דער ווילען דאַרף זיין פריי. די אַרומיגע אַלטע רואינען פון דער געזעלשאַפטליכער עפענטליכער מיינונג דאַרפען ניט שטערען דעם מענשען געהן צו זיין

# „דאס לעבען פון א מענשען".

## אַ פאָרשטעלונג אין פינף בילדער מיט אַ פּראָלאָג. פון לעאָניד אנדרעיעוו.

---

אנדרעיעוו'ס „לעבען פון אַ מענשען" גיט מיר די געלעגענהייט צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען דעם טויט פון אַן אַלטען גוטען פריינד. אין איינעם און דעמזעלבען טאָג איז מיר אויסגעפאלען איבערצולעבען צוויי שווערע, דריקענדע פאָרשטעלונגען: אין דער פריה די לויה פון אַ פריינד, אַבענדס דאָס ווערק פון אַנדרעיעוו'ן געשפּיעלט פון קאָמי־סאַרזשעווסקאַיאַ'ס טרופּע.

מיינער אַן אַלטער גוטער פריינד איז געשטאָרבען. אַ שטילער מענש געווען, אַן עהרליכער, אַ רוהיגער, אַ שווייגענדער. ביז די לעצטע מינוט פון זיין לעבען האָט ער געקעמפּפט שווער פאַר זיין לעבען און האָט געשוויגען. אַ שרעקליכע קראַנקהייט האָט איהם פערפאָלגט, ער האָט געליטען און געשוויגען. נאָכדעם האָט ער שטילערהייד צוגעמאַכט זיינע אויגען און איז אנשוויגען געוואָרען אויף אייביג... ווי זאָגט לעאָניד אַנדרעיעוו: „ער איז געקומען פון דער פינסטערער נאַכט און איז צוריק אין דער פינסטערער נאַכט פערשוואונדען געוואָרען".

איידער די דעקעל פון'ם ארון האָט צום לעצטען מאָל פערדעקט זיין בלאַסען, טויטען פנים, האָב איך נאָך אַמאָל אַ קוק געטאָן אויף איהם, און די אַלטע, אַלטע שמערצליכע פראַגע האָט מיך אָנגעהויבען צו פּלאַגען: ווער האָט געדאַרפט, ער זאָל קומען אויף דער וועלט און זאָל צוריק פון דער וועלט אַוועקגעהן? ווער האָט געדאַרפט, ער זאָל קעמפּפען און ליידען, ער זאָל לעבען און שטאַרבען, קומען פון דער פינסטערנים צו פיהרען דאָ „דאָס לעבען פון אַ מענשען" און אַוועקגעהן צוריק אין דער פינסטערער נאַכט? ווער? אויף די פראַגען האָט לעאָניד

קונסט, די עדעלע זעעלע, די גרויסע גאָטהייט, וועלכע בלייבט גרויס, מעכטיג און הייליג אין וואָס פאַר אַן אָרעמען טעמפּעל מען זאָל דיעזע גאָטהייט ניט שטעלען! עס איז ניטאָ, עס איז ניט געווען און איך וויים ניט, אויב עס וועט זיין אַן ארטיסטין, וועלכע וועט קענען מיט אַזוי פיעל קראַפט און שעהנקייט, מיט אַזוי פיעל אמת'ען פאַטהאָ'ס און וואַרהייט, מיט אַזוי פיעל ערהאַבענהייט און גרויסקייט דורכפיהרען דעם דריטען אַקט פון „בוימייסטער", ווי די קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ...

צוזאַמען מיט איהר האָט דער צושויער געזעהן ווי דער פערהיפּנאָטיזירטער בוימייסטער שטייגט אַלץ העכער און העכער אויף זיין טורם, צוזאַמען מיט איהר האָבען מיר געפיהלט די טראַגעדיע פון זיין פאַלען. און צוזאַמען מיט איהר האָבען מיר מיט בעגייסטערונג אויסגעשריגען: „איך האָב געהערט האַרפען אין דער הויך! מיין, מיין בוימייסטער!"

בראַוויטש איז ניט געווען בראַוויטש נעכטען, ער איז געווען בוימייסטער סאָלנעס! איך האָב געלעזען פיעלע ביכער איבער איבסענען, איך האָב געלעזען הונדערטער פּירושים אויפ'ן בוימייסטער, איך האָב זיך בעקאַנט געמאַכט מיט פיעלע ערקלערונגען, איך האָב געהערט פיעל קשיות און שאלות. בראַוויטש האָט געגעבען צו פערשטעהן וואָס דער בוימייסטער איז, בעסער פון אַלע קריטיקער און געלערנטע; ער האָט פערענטפערט אַלע קשיות און פראַגען געשיקטער פון אַלע איבסעניסטען און ליטעראַטור־קענער, ער האָט ערקלערט דעם טיפ פונ'ם בוימייסטער דייטליכער און קלעהרער פון איבסענ'ען אליין!... וואויל איז צו דעם דיכטער, וואָס קריגט אַזעלכע קאָמענטאַטאָרס פאַר זיינע ווערקע ווי בראַוויטש איז. עס איז אַן עהרע פאַר בראַוויטשען צו שפּיעלען איבסענען, עס איז אָבער ניט קיין קלענערע עהרע פאַר איבסענען געשפּיעלט צו ווערען פון בראַוויטשען! בראַוואָ בראַוויטש!



אין די אַלטע צייטען אויף די גרעסטע הוליאַנקעס און שמחות ווען אַלע תאוות און ווילדע אינסטינקטען פלעגען ווערען צוקאָכט פון שכרות, ליידענשאַפטליכע טענץ און רייצענדע מוזיק, פלעגט מען וויי־זען אַ שאַרבען פון אַ טויטען מענשען... אַנדרעיעוו׳ס פּיעסע איז אַ „מעמענטאָ מאָרי!" אין אונזער צייט, ווען דאָס טהעאַטער גיט נאָר לייכטע, פאַלשע, אינהאַלטסלאָזע, אונזיננינגע, די לוסט און תאוה וועקענדע, ציניש׳ע פאָרשטעלונגען, האָט געמוזט אַלס אַ פּראָטעסט, אַלס אַ געגענזאַץ געבראַכט ווערען אַזאַ מין אַרט דראַמאַ, וועלכע זאָל האָבען די בעדייטונג און די ווירקונג פון אַ טויטען קאָפּ... אַ פאָר־שטעלונג מיט אַ בעלערענדען, ניכטערענדען אינהאַלט, וועלכע זאָל דערשרעקען דעם מענשענס פאַנטאַזי און אויפוועקען זיינע געדאַנקען... דער אונגעוועהנליכער ערפאָלג פון דער „לוסטיגער וויטווע" ברענגט אויף דער ביהנע „דאָס לעבען פון אַ מענשען". די טויזענדער ליגען פון ראָמאַנטיזמוס, מיט וועלכער דער מענש נאַרט זיך אָב, האָבען געמוזט ברענגען די גרויזאַמע ווירקליכקייט. די נאַקעטע, פון סעקרעטנע חלאת׳ן צופוילטע ווענוס האָט אַרויסגערופען דעם מלאך המות. אַמאָל, אין דער צייט פון אַ פעסט, ווען דער מלאך המות האָט געטראָגען צו די מענשען טויט, פערצווייפלונג און שרעק, האָט באַקאַטשיאָ געבראַכט לוסטיגע, שעהנע פּיקאַנטע ערצעהלונגען פול מיט ליעבע, פרייד און לעבענסלוסט. אין דער צייט אָבער, ווען דאָס לעבען איז אַ ווילדע וואַקחאַנאַליע, אַן אָרגיע, וואו אַלע זיינען בערוישט, בעטויבט און פער־שיכורט פון גרויזאַמען עגאָאיזמוס, פון ווילדע אינסטינקטען, פון ניעד־ריגע לוסט, — אין דער צייט פיהרט דער דיכטער אַרויף אויף דער ביה־נע דעם שרעקליכען אונבעקאַנטען אין גרויען מאַנטעל, צו דערמאָנען וועגען דעם טויט און צווינגען צו דענקען וועגען די אונזינניגקייט פון׳ם לעבען. דערפאַר זאָגט דער אונבעקאַנטער אין גרויען אין פּראָלאָג פון דער פאָרשטעלונג: „זעהט און הערט, איהר, וועלכע קומען אַהער לאַכען און אַמוזירען זיך! פאַר אייערע אויגען וועט פאָראיבערגעהן דאָס לעבען פון׳ם מענשען, מיט זיין דונקעלען אָנפאַנג און דונקעלער ענדע". „מעמענטאָ מאָרי!"

מיט גרויסע שמערצען און שווערע וועהען ווערט דער מענש געבוירען אויף דער וועלט. מיט דער מוטער׳ס טויט ווערט געקויפט דאָס נייע לעבען. אַ קינד ווערט געבוירען און אַ נייע ליכטעל צינדעט

אנדרעיעוו זיך אונטערגענומען צו ענטפערן אין זיין ווערק. אויף דער פראגע: ווער? ענטפערט אנדרעיעוו: ער! דער אונבעקאנטער, דער געהיימניספאָלער, דער פערבאָרגענער אונטער א שווארצען מיסטישען שלייער, דער, וואָס איז בעדעקט מיט דעם גרויען מאַנטעל פון דער אייביגער צייט, א גרויסער, א מעכטיגער, אַן אונזיננינגער, א אונפערשטענדליכער, אַן אונפערמיידליכער, א גלייכגילטיגער, אַן אונבעוועגליכער, ניט פיהלענדער, אויסער אונז עקזיסטירענדער, וועלכער האַלט אין זיינע לאַנגע קאַלטע הענד דאָס ליכט פון אונזער לעבען... ווער איז ער? דער שיקזאַל? די נאַטור? גאָט?...

אנדרעיעוו רופט אָן זיין ווערק „א פאָרשטעלונג”. עס איז ניט קיין דראמא, ניט קיין קאָמעדי, ניט קיין לעבענס־בילד, ניט קיין היסטאָרישע טראגעדי, עס קומט פאָר אין אַלע היסטאָרישע צייטען און אין דער געגענוואַרט, עס געשעהט אומעדום, וואו עס זיינען דאָ מענשען, — עס איז א „פאָרשטעלונג” פון דעם מ ע נ ש ע נ ס לעבען... דיעזע פאָרשטעלונג איז אַ שווערע, הערצרייסענדע, דריקענדע לויה. עס איז ניט די לויה פון איין פריינד, נאָר די לויה פונ׳ם מענשען בכלל. אנדרעיעוו פיהרט צו דער לויה ניט דעם מענשען נאָכ׳ן טויט, נאָר דאָס לעבען פונ׳ם מענשען... יא, עס איז די לויה פון דעם היינטיגען צוקרענקטען און צו־וועהטאָגטען מענשען, די לויה פון אַלע זיסע האָפנונגען און פאָעטישע טרוימערייען, די לויה פון יעדען קאמפף פאר אידעאַלען און פון אַלע נאָבעלע שטרעבונגען. אין דיעזער „פאָרשטעלונג” זעהט איהר אויך, די לויה פון דער אמאָליגער שטראהלענדער רוסישער ליטעראַטור. די לויה פון גאגאַל׳ס לעבעדיגע מענשען און טורגעניעוו׳ס ליכטיגע בילדער. פינסטער איז אין דער זעעלע פונ׳ם דיכטער אנדרעיעוו, גראַדע אזוי ווי עס איז פינסטער אין זיין גרויסער הייםאַטה ווייט אַרום איהם. דער אונבעקאַנטער אין גרויען שטעהט אין פאָדערגרונד. לעבען איהם זיינען נאָר פיער איילען בעלייכטעט פון דעם מענשענ׳ס אייגענע לעבענס ליכטעל. און אַרום איז א שרעקליכער תהום פון פינסטערניס, א שטיל־שווייגענדער אָקעאַן פון דונקעלען מיסטיציזמוס. א דונקעלעס בילד, א פעסימיסטישעס בילד, אָבער א גרויסעס בילד, געמאָהלען פון א גרויסען מייסטער, וועלכער האָט א קראַנקע זעעלע און א פערדונקעלטען געדאַנק.

„מעמענטאָ מאָרי!” געדענק, אַז דו דאַרפסט שטאַרבען. אַמאָל

פיינדע דעם מענשענ'ס,—פינסטערלינגע, צושטערער פונ'ם מענשענ'ס גליק און מענשענ'ס פרייהייט... נאָכדעם קומט די פעריאָדע פונ'ם מענשענ'ס לעבען ווען אַלעס איז אַרום פוסט און לעער, ווען אין זיינע פופצעהן צימערן שפּאַצירען אַרום די פערניכטונגס־קרעפטע, די מייז און מיאוסקייטען, ווען די געגאַנוואַרט קען איהם גאָר נישט ניט געבען, אויסער עראינערונגען, אויסער קינדישע שפּיעל געצייג... נאָכדעם קומט דעם מענשענ'ס לעצטע טרויעריגסטע צייט פון לעבען. קיין ליעבע, קיין לעבענסבעגלייטערין, קיינע אילוזיאָנען, קיינע זיסע חלומות... ער זעהט, אַז די וועלט אַרום איהם איז אַ דונקעלער קאַבאַק... אַ גע־מיינער שיינקהויז. אַרום איהם געפינען זיך די ארויסגעוואָרפענע, די ערניעדריגטע, די בערויבטע, די, וואָס האָבען פערלאָרען זייער לעבען, זייער זינען, זייער מענשליכען געשטאַלט. אַרום איהם איז אַ משוגענע, אָבגענאַרטע, קראַנקע, וועלט אַ צופוילטע פון קראַנקהייטען און שמער־צען... דער בוימעל פון זיין לעבענסלאָמפּ איז אויסגעברענט און דאָס ליכט גיט אַ לעצטען פלאַמער־אויף, און ווערט פערלאָשען... און אַרום בלייבט ווידער די אייביגע פינסטערנים. אַלעס פערשווינדעט אין דעם דונקעלען תהום, עס בלייבט נור שטעהן דער שרעקליכער אונ־בעקאַנטער אין גרויען... ער בלייבט שטעהן אונבעוועגליך, ווי ער איז געשטאַנען די גאַנצע צייט, פונ'ם מענשענס לעבען און ווי ער וועט בלייבען שטעהן אייביג... איהם ריהרען ניט דעם מענשענס געבעט און שרעקט ניט דעם מענשענס פּראָטעסט, איהם פרעהט ניט דעם מענ־שענ'ס פרייד, און קימערט ניט דעם מענשעס טרויער. ער בלייבט ביז דעם סוף פון דער וועלט אַ בלינדער, אַן אונבעוועגליכער, אַן אונפער־מיידליכער, אַן אונערקלערליכער...

---

יא, מע דאַרף אַמאָל געהן אויף אַ לויה, אום מע זאָל ניט פערגעסען די אויפגאַבע פונ'ם לעבען, מע דאַרף אַמאָל ווייזען דעם פערשכור'טען מענשען דעם שאַרבען פון אַ טויטען, אום ער זאָל זיך אַביסעל אויס־ניכטערען... אָבער דאָס לעבען פון אַ מענשען איז ניט אַ לויה... די לויה קומט ווען דער מענש הערט אויף צו לעבען... עס איז דאָ לעבען, טהעטיגקייט, קאַמפּף, ליעבע, שטרעבונגען, האָפנונגען, די שעהנ־קייט פון דער נאַטור... אויב דאָס לעבען פון אַ ראָזע, וועלכע בליהט אויף אין מאַי און שטאַרבט אין יוני — אויב דאָס לעבען פון אַ ראָזע

זיך אָן אין דער האַנד פון דעם גרויען אונבעקאַנטען. אַ גרויסער, געהיימניספאָלער אַקט פון דער נאַטור געשעהט, און אין דערזעלבער צייט רעדען די אַרומיגע מענשען פון דומהייטען, קליינליכקייטען, עגאָ־איסטישע אינטערעסען. דעם נייגעבאָרענעם מקבל פּנים צו זיין זיינען געקומען די אַלטע דאַמען: קנאה, שנאה, גייציגקייט, נויט... דער פאָטער פונ׳ם קינד פערגעסט די שרעקליכע שמערצען פון זיין געליעבטע פרוי, ווי באַלד ער ערפאהרט נאָר, אַז דאָס נייע געבאָרענע קינד איז עהנליך צו איהם. דאָרטען שטאַרבט די מוטער, און דער דאָק־טאָר פערגעסט דערוויילע ניט צו דערמאָנען, אַז איהם קומט מעהר געלד, ווייל ער האָט גענומען דאָס קינד מיט אַ צוואַנג...

נאָכדעם איז דאָס קינד שוין אַ יונגער מענש. דאָס איז דער איינ־ציגער ליכטיגער מאָמענט אין דיעזען דונקעלען בילד... אָבער עס איז ניט דערפאַר ווייל אין דעם יונגען מאַנ׳ס לעבען איז ווירקליך דאָ ליכט, און פרייד, און גליק. ניין! עס איז נאָר אַזאַ פעריאָדע, ווען דער מענש קען זיך אליין אָבנאַרען, קען זיך בענוגענען מיט אַ אויסגע־טראַכטער פרייד... עס איז אַ אילוזיאָן געבוירען פון אַ פאַנטאַזי... דער מענש איז גליקליך, ווען ער בויט זיך אַ פּרעכטיגען שלאָס אין דער לופטען... אָבער אין זיינע מיטעלע יאָהרען, ווען ער האָט שוין דעם פּרעכטיגען שלאָס מיט פופצעהן צימערן אין דער ווירקליכקייט, דאַן האָט ער שוין ניט קיין צופריעדענהייט און קיין פרייד. אמת, אין דער יוגענד רעוואָלטירט דער מענש, ער פּראָטעסטירט געגען דעם אונבעקאַנטען אין גרויען, ער קעמפּפט. אָבער דאָס איז אויך נאָר אַן אילוזיאָן... דער אונבעקאַנטער ריהרט זיך ניט פון אָרט, ענדערט זיך ניט, ווערט ניט אַנדערש... דעם מענשענ׳ס הייסע רייד, זיין פּראָ־טעסט, די קלעפּ פון זיין קעמפּפענדען שווערט פאַלען אין דער פינס־טערער וויסטעניס. און די מנורה פונ׳ם מענשענ׳ס לעבען וועט ברע־נען זאָלאַנג עס איז דאָ בוימעל. קיין איין אויגענבליק ניט לענגער. די פינסטערניס אַרום בלייבט אויך דיזעלבע... זי איז אונבעוועגליך, ווי דער מענש אין גרויען. עס קומען יאָהרען, ווען דער מענש פערנעהמט אַ געוויסען פלאַץ אין דער געזעלשאַפט. ער פערגעסט די פּאָעטישע פער־גאַנגענהייט און די פּראָזאַאישע צוקונפט. ער געהט שטאָלץ אויפ׳ן באַל פון זיין לעבען. מיט איהם געהען דעם מענשענ׳ס פריינדע, די גרויסע זשעניען, די לערער דער מענשהייט. איהם פאָלגען נאָך די

# „גאָט פון נקמה״.

## געשפּיעלט פון קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ׳ס טרופּע.

ווער איז דער מורא׳דיגער גאָט פון נקמה? איז דאָס דער מעכטי־גער אידישער גאָט, וועגען וועלכען עס שטעהט געשריבען: פּוקד עון אבות על שלשים ועל רבעים — אַ גאָט וואָס בעשטראָפט דעם דריטען און פערטען דור פאַר די זינד פון די עלטערען? אָדער זיינען דאָס די אונפערמיידליכע געזעצע פון ערליכקייט, — די דאָזיגע גרויסע נאַ־טור געזעצע, וועלכע טראָגען אַריבער מיט׳ן בלוט פון די עלטערען שרעקליכע פאָלגען פאַר די אונשולדיגע קינדער? אָדער זיינען דאָס די אייזערנע אומשטענדען, וועלכע, ווי באַלד זיי כאַפּען נור אריין אַ קרבן, ווע׳לען זיי שוין שטויסען איהם ווייטער און טיעפער אין אָב־גרונד, געגען זיין ווילען, געגען זיין הייסען פערלאַנג חרטה צו האָבען, געגען זיין שטרעבונג אומצוקעהרען זיך צוריק? דער עהרליכער פרו־מער איד, דער סופר, דער מענש וואָס בעשעפטיגט זיך מיט אַ מלאכת אלקים, ער גלויבט, אַז גאָט איז אַן אל קנא, אַ נוקם ונוטר, אַ צאָרנדיגער גאָט, אַ גאָט פון ראַכע און שטרענגע פאָדערונגען. זינד ער לעבט אלס מענש, האָט ער, דער פרומער איד, אונטערדריקט זיין ווילען צוליעב דעם ווילען פון דעם אַלמעכטיגען. און אויב איהם וועט דער שטרענגער גאָט בעשטראָפען, וועט ער געוויס ניט פרעגען קיין קשיות: פאַר וואָס? ער ווייס וויפיעל ער האָט צו ערוואַרטען פון זיין גערעכטען גאָט.

דער גראָבער יונג, נאַאיווער מענש און בלינדער גלויביגער, יאַנקעל שאַפּטשאָוויטש, וועלכער פיהרט זעהר אַ שמוציגען געשעפט און פיהלט זעהר גוט, ווי ניעדריג ער שטעהט אין געזעלשאַפטליכען לעבען, — דער דאָזיגער אונוויסענדער מענש איז אָבער ניט אין גאַנצען אונטער־דריקט אונטער דעם ווילען פונ׳ם שעפּפער, ער איז ניט דערגאַנגען צו

רופט ארויס אונזער בעגייסטערונג און בעוואונדערונג, היינט ווי שעהן און ווי הערליך איז דאָס לעבען פון אַ מענשען, וועלכעס ציהט זיך צעהנדליגער יאָהרען און וועלכעס איז פול און רייך מיט געשעהעניסען און פּאַסירונגען! ... פערגלייכט די טויטע ראָזע מיט דעם מענשען, וואָס דענקט און פיהלט און שטרעבט! עס איז ניט וואהר, אז דער שיקזאל פונ'ם מענשען בלייבט אימער דערזעלבער, אונפערענדערט. דער מענש נעהמט אלץ מעהר און מעהר אָב פונ'ם בלינדען שיקזאל זיין אייגענעם גורל און ריכטעט אלץ מעהר איין זיין לעבען נאָך זיין אייגענעם בעגעהר... דער פּלאַץ פונ'ם מענשענ'ס לעבען בלייבט ניט אימער דיזעלבע „ד' אמות” בעלייכטעט נאָר מיט זיין סוביעקטיווען ליכט, און ארום איהם בלייבט ניט דיזעלבע אייביגע אונבעוועגליכע פינסטערנים. אַ טעות! דער מענש טרייבט די פינסטערנים אלץ ווייטער און ווייטער פון זיך, ער נעהמט ביי איהר אָב גאַנצע פּראָווינצען, ער בעלייכטעט מיט זיין געדאַנק גאַנצע געגענדען... זאָגאַר דער שרעקליכער גרויער אונבעקאַנטער בלייבט ניט שטעהן אויף זיין אָרט אונבעוועגליך, דער מענש רוקט איהם אלץ ווייטער און ווייטער ארויס פון די ספערען פון זיין לעבען און בעלייכטעט „איהם” אליין מיט דעם ליכט פון זיין פאָרשענדען גייסט. דער מענש קריגט אלץ מעהר און מעהר מעגליכקייטען צו מאַכען זיין לעבען גליקליכער, רוהיגער, שעהנער... אויב די דאָזיגע מעגליכקייטען ווערען יעצט גערויבט פון איהם דורך זיינע מיטמענשען, דארף ער פאַר זיי קעמפּפען! קעמפּפען פאַר זיין גליק און שטרעבען צו העכערען פאָרמען פון געזעלשאַפטליכען לעבען. דאָס איז די אויפגאַבע פונ'ם לעבעדיגען מענשען. די לויה איז נור פאַר די טויטע! אַנדרעיעוו זיצט אויפ'ן בית עולם און מיינט, אז ער איז אויפ'ן גרויסען פעלד פון לעבען.... פערפלוכט זאָל זיין די צייט, וועלכע צווינגט אַ בעגאַבטען דיכטער צו זיין אַ קברות מאַן! עס לעבען דאָס לעבען!

פון „הייזער״ געשעפטען, געפינען זיך אונטער דעם איינפלוס, פון ברו־טאַלע אינסטינקטען, זיינען אבערגלויביש, גרויזאַם, לייכטזיניג. און דאָס אַלעס קומט פאָר גאַנץ אָפען, ניט פערמאַסקירט, ניט פערשלייערט. אויסער דעם ווי שטאַרק די דראַמאַ איז, קלאַפּט זי נאָר איבער די נערווען און ריהרט ניט אָן דאָס האַרץ... זי רייסט ניט ארויס קיין איין טרער פון רחמנות און מיטלייד, רופט ניט ארויס קיין איין זיפץ פון סימפּאַטי און מיט־געפיהל. די אַלע האַנדלענדע מענשען בלייבען אונז גענצליך פרעמד מיט אַלע זייערע ליידען, מיט זייער גאַנצען שווערען קאַמפּף.

די אַלע טענות קענען ניט פערקלענערן דעם ווערט פון שלום אש׳ס ווערק אפילו אויף איין האָאָר. עס וועט זיך ניט געפינען קיין איין דענקענדער מענש, וועלכער וועט ניט אַנערקענען, אז דאָס ווערק איז פון אָנהויב ביז׳ן סוף א גרויסע שטיק וואַרהייט, ווירקליכקייט, ריכטיגקייט. דער שמוץ, דער ציניזמוס, די ניעדריגע ספערע, די פערדאָרבענהייט, די אונגעווישענהייט און אויסגעלאַסענהייט פון די פּערזאָנען קענען ניט וואולגאר מאַכען אינהאַלט פון דער דראַמאַ. דער אינטעליגענטער צושויער, (געדענקט, איך זאָג, נאָר דער אינטעליגענטער צושויער) זעהט ניט און קען ניט זעהן די נאַקעטע קערפּערם פון דיעזע געפאַלענע קרעאטורען, ער זעהט נאָר זייערע צואוויייטיגטע, פערקריפּעלטע נשמות. זיין פאַנטאַזי קען ניט אויפגערייצט ווערען פון ניעדריגע געפיהלען, ווייל פאַר איהם קומט פאָר אַ שרעקליכע זעעלען־טראַגעדי. די שמוציגע פראָזע פון יענקעל׳ס קעלער פערשווינדעט אונטער דעם פּאָעטישען מאַנטעל פון דער וואַרהייט. אייך אינטערעסירען ניט יענקעל׳ס געשעפטען, איהר זעהט די קרעמפּפען פון זיין פערוואונדעטער זעעלע. באַשע איז ניט נאָר אָן אַלטע אויסגעלאַסענע פּראָסטיטוטקע, זי איז אַ מענש, וואָס האָט ריינע האָפנונגען און אַ קינדישען נאַאיווען גלויבען. די אַלע געפאַלענע דאָ זיינען נאַאיווע הילפלאָזע קינדער — מיט זייערע ערצעהלונגען, מיט זייער בענקעניש נאָך דער ריינער פערגאַנגענהייט, מיט זייער ליעבע צו דער נאַטור, מיט זייערע פערהעלטניסע איינער צום אַנדערען... דאָס וואָס קומט פאָר אין דער פּיעסע רעדט ניט צו די ניעדריגע אינסטינקטען, דוקא דערפאַר ווייל עס איז ניט פערשלייערט. אין די פערשלייערטע פערמאַסקירטע מעלאָדראַמען פון בראָדוויי איז דאָ אַלעס, וואָס ענטוויקעלט פערדאָרבענהייט און אויסגעלאַסענהייט. אמת׳ע קונסט פערשלייערט זיך ניט,

אזא אונטערוואַרפענהייט אונטער גאָט'ס מאכט, ביז אזא מדרגה פון רעזיגנאַציאָן און פערטיגקייט אַלעס מקבל צו זיין באהבה, אָהן פראַגעס און אָהן קשיות, ווי דער פרומער בעל־אמונה. אין דעם געפאַלענעם, פערשמוצטען יענקעל טשאַפטשאוויטש לעבט דער מענש שטאַרקער ווי אין דעם ריינעם, יחוס'דיגען, זיידענעם אידען, און ער פרעגט: פאַר וואָס?... פאַר וואָס זאָל דער אל שדי ניט העלפען אַ מענשען, וועלכער בעט איהם אזוי אויפריכטיג? פאַר וואָס זאָל ער ניט צייגען זיין מאכט, אויב ער איז אַ מעכטיגער? פאַר וואָס זאָל ער שטראָפען אַן אונשולדיג קינד אויב ער איז ווירקליך אַ גערעכטער?... ווי אַלע נאַאיווע מענשען, ערוואַרטעט ער פון גאָט'ס הייליגע תורה צופיעל אָדער גאָר נישט. אָדער מע דאַרף זי פאַרגטערן און זי וועט שאַפען וואונדער, אָדער, ווי באַלד דער וואונדער איז ניט געשעהען, דאַרף מען די טאָכטער אַראָפּשטויסען אין קעלער און די תורה הייסען מיט פעראַכטונג צונעהמען פון שטוב. אַרעמער מענש, די הייליגע תורה, וועלכע איז איינגעוויקעלט אין אַ סאַמעטענער מענטעלע און בעפּוצט מיט אַ גאָלדענעם מגן דוד קען ניט דעזיפּענקטירען אַ פערפּעסטעטען פּלאַץ, מיט אַ ריינעם גלויבען קען מען ניט ריין מאכען אונריינע טהאַטען. דער גרויסער אַלמעכטיגער גאָט שווייגט, עס רעדען נור די שרעקליכע אומשטענדע. דאָס איז זייערע בלינדע נקמה. דאָס האָבען זיי צוריבען און צומאָהלען אויף אַש און שטויב דיין קינד, ווי זיי צורייבען און צומאָהלען טויזענדער אַנדערע אונשולדיגע קינדער. דאָס איז דער גאָט פון נקמה און אין דעם ליגט די דראַמאַ פונ'ם מענשען!...

פּיעלע, גאַנץ אונפּאַרטייאישע מענשען פרעגען גאַנץ ערנסט: מיט וואָס קען אַזאַ ווערק געפעלען? עס איז געבויט אזוי קינדיש. איהר זעהט ניט קיין סאָלידען פּלאַן פון אַ קענער אַן אַרכיטעקטאָר — קיין זאַך ניט אויסגעהאַלטען ביז'ן סוף, ניט דערענדיגט, איבערגעריסען, ניט דערמאָהלט, ניט דערשריבען, ניט דעררעדט, די כאַראַקטערע ניט דייטליך אַרויסגעבראַכט, די סיטואַציאָן ניט קלאָהר ערקלערט. אַ סך זאַכען פּאַסירען, ווי עס ווייזט אויס, אָהן אַ פּאַרוואָס. די שפּראַך — אַרעם און פּאַרבלאָז. די ספערע זעהר געמיין, די האַנדלענדע פּערזאָנען ניעדריג, די אינטערעסען קליינליך, דער געשפּרעך אונעסטעטיש... די העלדען — אונוויסענדע ניעדריגע ברואים, וועלכע זיינען פּערזונקען אין שמוץ, וועלכע פּערקויפען אָפען זייער קערפּער, רעדען צ. ב. ש.

אביסעל צו מעלאָדראמאטיש. דער גרים זיינער איז געווען צופיעל אי־דיש, אבוואָהל די תורה האָט ער געהאַלטען ווי אַ גוי, אָהן אַ היטעל. ר׳ אלי גרוזינסקי זאָל קענען זיין ראָלע גוט, וואָלט ער איהם געהייסען צודעקען דעם קאָפּ, און ער אליין, איך מיין ר׳ אלי, וואָלט ניט געטראָגען קיין גאָלדענעם פינגעריל מיט אַ שטיינדעל און וואָלט ניט געזאָגט: ס׳זשעניכאָם אָטצאַ, אנשטאָט — ס׳אָטצאָם זשעניכא (מיט׳ן חתן פון טאַטען, אנשטאָט: מיט׳ן טאַטען פון חתן). הער אָרלאָוו איז גע־ווען אביסעל צו קאַלט אין דער ראָלע פונ׳ם סופר. די פרויען אַלע, אויסער דער מאַדאַם טשאפּטשאוויטש (נאָרביקאָווא), זיינען געווען זעהר גוט. מאַדאַם שילאָווסקי אין דער ראָלע פון מאנקא איז געווען אויסגעצייכענט.



וואָרום איהר טענדענץ, איהר אידעע איז ריין, כשר און ערהאַבען... שלום אַש דערצעהלט אונז די גרויסע דראַמאַ פון דיזע קליינע מענ־שעלעך מיט דער נאַאיווער קינדישער אויפריכטיגקייט און אונשול־דיגער תמימות פון אַן אמת'ן פּאָעט. דאָס וואָס ער דערערעדט ניט, גיט נאָך צו דעם בילד אַ מיסטישע געהיימניספאָלע אונגעוויסענהייט. דאָס, וואָס ער דערשילדערט ניט, גיט צו זיין מערקווירדיגען רעאַליזמוס אַ ראָמאַנטישע שעהנקייט. דער אינטערעס פונ'ם ווערק איז ניט אין דער ענטוויקלונג פון דער דראַמאַ, נאָר אין דער טיעפער שטימונג, וועלכע זי רופט ארוים. דאָס ווערק האָט ניט קיין העלע פאַרב און צייגט ניט קיין אויסגעשפּראָכענעם סטיל, ווייל דאָס פאָרגעשטעלטע בילד איז ניט בעלויכטען מיט זונענשיין, נאָר איז פערוויקעלט אין געהיימניס־פאָלע נאַכט־שאַטענס און איז בעגאָסען מיט זילבערנע שטראַהלען פון דער מיסטישער לבנה... די דראַמאַ איז אַ פסיכאָלאָגישע, אַן אינער־ליכער דראַמאַ, און דאָס וואָס יענקעל טשעפּטשאָוויטש וויל דיזע אי־נערליכע דראַמאַ פערהינדערען מיט אַזאַ „אויסערן" מיטעל ווי אַ גע־שריבענע תורה, ווי אויך דאָס, וואָס די אַלע מענשען „אין קעלער" און „איבערן קעלער" בלייבען אין זייער געוועהנליכער ספערע און זעצען פאָרט זייער אַלטעגליכע געמיינע טהעטיגקייט, מאַכט נאָך טיעפער און אויסדרוקספאָלער דיזע טרויעריגע זעלען טראַגעדי.

דאָך, ווי קינדיש נאַאיוו די פּיעסע איז געשריבען, זי דאַרף נאָר געשפּיעלט ווערען פאַר בעיאָהרענטע און ענטוויקעלטע מענשען. ווי ריין און ערהאַבען איהר טענדענץ זאָל ניט זיין — זי דאַרף געשפּיעלט ווערען נאָר פאַר אויסערוועהלטע אינטעליגענטע מענשען. און ווייל דאָס איז אונמעגליך — דאַרף די פּיעסע ניט געשפּיעלט ווערען. איך זאָל האָבען אַ טהעאַטער, וואָלט איך אַזאַ ווערק ניט ערלויבט צו שפּיעלען פאַר'ן אַלגעמיינעם פובליקום, ווען זאָגאַר זי זאָל זיין געשריבען ניט נור פון שלום אַש, נאָר זאָגאַר ווען צוזאַמען מיט איהם וואָלטען אויך די פּיעסע געשריבען סאָפאָקלעס, שעקספּיר, געטהע און איבסען!...

די פּיעסע איז אויפגעפיהרט געוואָרען פון מאַדאַם קאָמיסאַר־זשעווסקאַיאַ'ס טרופּע צימליך גוט און איז געשפּיעלט געוואָרען מיט אַ גוטען אַנסאַמבעל. הערר נעלידאָוו האָט געשפּיעלט די ראָלע פון יענקעל טשאַפּטשאָוויטץ מיט שכל און בעדאַכטזאַמקייט, ווי אַן אינטעליגענ־טער שוישפּיעלער. נאָר אין די שטאַרקע מאָמענטען איז ער געווען

אידישען טהעאַטער געווים) איז דער שטילער אַרבייטער, וואָס פיהרט אויס דעם פּלאַן פון דעם אַרכיטעקטאָר, דער אַווטאָר, דער קאָנטראַק־טאָר, מאַכט געלד, דעם אַרכיטעקטער פּאַטשט מען בראַוואָ און אַז דער סופליער וועט שוין ניט זיצען מעהר אין זיין „בודקע", וועט זיין נאָמען פערגעסען ווערען, ווי דער נאָמען פון די וואָס זיינען געפאַלען פון בריק אין וואַסער. קיינער וועט ניט וויסען וויפיעל געזונד און וויפיעל קראַפט האָט דיעזער אַרבייטער אין דער שטיל פערלאָרען...

הפנקס פתוח והיד כותבת. די פאַנטאַזי פון מענשען האָט בעשאַפען אַ געהיימען משגיח, פאַר וועמען עס ליגט אַן אָפענער פנקס און וואָהין אַ וואונדערליכע האַנד שרייבט אריין אַלעס וואָס עס דאַרף געשעהען אויף דער וועלט־ביהנע... דער סופליער אין טהעאַטער איז דער, פאַר וועמען עס ליגט דער אָפענער פנקס און זיין האַנד איז די יד כותבת... ער בעפעהלט דעם קעניג פערלאָזען זיין טהראָן, ער פיהרט דעם גענעראַל צום זיעג, רייצט אויף די ליידענשאַפט פון די מענשען אויף דער קליינער איינבילדונג פון דער וועלט־ביהנע, מען וויינט ווען ער צייגט אָן און מען זינגט, ווען ער געפינט, אַז די צייט איז פּאַסענד... מען פאַלט און מען זינגט, מען ליעבט און מען האַסט, מען יובעלט און מען טרויערט, מען טריאומפירט און מען גיסט טרערען אונטער זיין ליטונג. דורך זיין סיגנאַל שפּיעלט די מוזיק זיעג מאַרשע און טרויער מאַרשע, נעבען די מאַשיניסטען מעהר ליכט אָדער מעהר פינסטער־ניס... ווען ער, דער פערבאָרגענער אונגעזעהענער פאַר'ן פּובליקום אונבעגרייפליכער, ווען ער גיט אַ ווינק, פאַלט דער פאָרהאַנג און דאָס בילד פון לעבען אָדער די דראַמאַ פון דער היסטאָרי איז געענדיגט... דאַכט זיך אַזאַ אַלמעכטיגער און קריגט דאָך אַזאַ מאָגערע בעלאָה־נונג... אָה, אונדאַנקבאַרע מענשהייט!

מיט אַ דעק'ל איבער'ן קאָפּ זיצט ער מיט'ן רוקען צום פּובלי־קום, ווי אַמאָל דער גרויסער הימלישער סופליער צו משה'ן און מיט'ן פּנים צו דער ביהנע... ער זעהט די וואַהרע פאַרבען און די ריכטיגע געשטאַלטען ווי דאָס פּובליקום האָט הנאה פון אילוזיאָנען. ער זעהט אַז די הימלען זיינען שמוטציגע שטיקער לייווענט און די מלאכים — יוניאָן־לייטע מיט פּאַפּירענע פליגלען און שווייגט. ער הערט ווי מען לאַכט, וואו מען דאַרף וויינען און מען וויינט, וואו מען דאַרף לאַכען און שווייגט... ער הערט מען אַפּלאָדירט דאָרט, ווען עס קומט ניט,

# געדאנקען וועגען א סופליער.

(געווידמעט הערר ווילענסקי'ן צו זיין בענעפיט אין טהאליא טהעאטער, דיענסטאָג דען 24טען אפריל, 1901.)

---

שטילע מענשען אין אונזער געזעלשאפט זיינען מאנכעס מאָל אקוראט ווי בלומען אויפ'ן טיש פון א פאראדנעם באנקעט. אלע געסט ארום טיש שרייען, לאכען און רעדען, די בלומען שוויינען... זיי רעדען ניט, אָבער זיי זאָגען מאנכעס מאָל זעהר פיעל צום אויג פון א בעאָבאכטער און צום הארץ פון דעם, וואָס קען פיהלען און דענקען.

עס זיינען דאָ ניט נאָר שטילע מענשען, עס זיינען דאָ שטילע ארבייטער, זיי זיינען אקוראט ווי יענע געהיימניספאָלע קרעפטע, וואָס זיינען פערבאָרגען אין דעם שויס פון אונזער מוטער־ערד און פּראָדוצירען מאגנעטיזם און עלעקטריציטעט... וואָס דורך עלעקטריציטעט און מאגניטיזם ווערט געשאפען, זעהען און וויסען פיעלע עלעקטריציטעט און מאגנעטיזם אליין בלייבען אונבעקאנט... א סופליער אין א טהעאטער איז א שטילער ארבייטער... ער איז די קראפט, וואָס פּראָדוצירט דעם עלעקטריציטעט און מאגנעטיזם פון דער ביהנע און דאָך איהם אליין ווייס קיינער ניט און קיינעם איז ער ניט בעקאנט.

א גרויסער פּראכטפאָלער בריק איז אויפגעבויט. מען פּאטשט בראוואָ דעם ארכיטעקטאָר, דעם קאָנטראקטאָרס נאָמען איז צוגעשלאָגען צו דער הויפּט־קאָלאָנע און וואו זיינע די נעמען פון די שטילע ארבייטער, וועלכע האָבען געשלעפּט די שטיינער און די אייזענס, וועלכע האָבען געקלעטערט אין דער הויך, וועלכע האָבען פערלאָרען זייער געזונד? ווער וועט דערמאָנען די וועלכע זיינען ארונטער געפאַלען און האָבען פערלאָרען זייער לעבען? דיעזע פליסיגע, שטילע ארבייטער האָבען אויסגעפיהרט דעם פּלאַן פון ארכיטעקטאָר און די וואָס געהן איבער'ן בריק דענקען פון זיי זעהר וועניג. א סופליער (אין

לאָדיסמענט, אָה, שטילע אַרבייטער מיט דעקלעך איבער׳ן קאָפּ, וויפיעל איהר לייסטעט און ווי וועניג איהר ווערט בעצאָהלט ! . . .

עס איז ניט לייכט צו זיין א שוישפּיעלער . . . מען דאַרף אַמוזירען יענעם אין דער צייט ווען מען דענקט פון עסען, מען דאַרף בעוויינען פרעמדע אונגליקען און ליידען פאַר א פרעמדע שולד . . . מען דאַרף זיין פריילעך, ווען מען האָט א וועהטאָג אין האַרצען און מען דאַרף שפּיעלען א העלד, ווען מען האָט קיין כח ניט איבערצוברעכען א שטרוי.. אזוי זיינען די גנזעטצע פון דער וועלט ביהנע. די מאַסע זאָגט : אַמוזיר מיך נאָך מיין געשמאַק נאָך, אָדער אַראָפּ פון דער ביהנע ! . . . דאָך א שוישפּיעלער קען זיך קוויטירען מיט דער מאַסע, ער קען נעהמען פון איהר נקמה . . . אויסער דעם גיבט עס מינוטען, ווען ער אַליין פיהלט אָן עסטעטישען פערגניגען, ער געפעלט און קריגט אַפּלאָדיסמענ־טען, ער קריגט פערעהרער, מען רופט ארויס, מען דערלאַנגט איהם א קראַנץ, א בוקעט, ער קריגט א נאָמען, ער ווערט מיט דער צייט מעהר און מעהר פּאָפּולער און זיינע שאַנסען העכערען זיך. א סופליער האָט קיין גייסטיגע און קיין מאַטעריעלע בעפריעדיגונג פאַר זיין אַרבייט ער זיצט יאָהרען לאַנג אין זיין בודקע און ווערט ניט פּאָפּולער. ער קריגט רעאָמאַטיזמוס אין די פיס און קיינע פערעהרער, — ציין־וועהטאָג פונ׳ם צוג־ווינד און קיינע בלומען . . .

אידישער סופליער, איך האָב שוין לאַנג געדענקט פון דיר און פון דיין שווערע מיססיאָן און עס פרייעט מיך זעהר, וואָס איך האָב א געלעגענהייט צו דערלאַנגען דיר אין דיין בודקע א בלום.



און מען אפּלאָדירט ניט, ווען עס קומט און בלייבט פּאסיוו — ער הערט פרייליכע געשרייען. זעהט בעגייסטערטע פּנים'ער און פון זיינע ליפּען געהען ווערטער, וועלכע בויערן איהם זיין אויסגעטרוקענטע ברוסט און וועלכע ווארעמען ניט זיינע פיס, וועלכע זיינען אונטען אין א קאלטען נאסען קעלער... ער איז דער צויבערער, וואָס בעפליע־געלט די ווערטער פונ'ם טויטען פּאפּיר... זיי פליהען פון איהם צום שוישפּיעלער'ס מויל און פון דעם שוישפּיעלער צו די הערצער פון דער מאסע... גליקליך איז ער, ווען ער געפינט א געדאנק, א אינטערעס, א בעדייטונג אין די ווערטער וואָס ער דעפּעשירט... וואָס פיהלט ער דארף צום טויזענדען מאָל ווידערהאָלען דיזעלבע טויטע, בלאסע, געדאנקלאָזע, אונזינניגע אונאינטערעסאנטע ווערטער אין פּראזען? אזוי פון נאכט צו נאכט, וואָכענווייז, מאָנאטען לאנג, גאנצע יאָהרען... א גאנץ לעבען... סופליער, איך וואָלט קיין מאָל ניט געוואָלט זיין קיין גאָט!...

עס זיינען דאָ שטילע ארבייטער אין אלע ספערען פון דעם מענ־שענ'ס טהעטיגקייט... עס זיינען דאָ עלעקטריקער, וועלכע ארבייטען פאר עדיסאָנ'ס רוהם, עס זיינען דאָ לאבאראנטען, וואָס מיהען זיך פאר דעם כעמיקער מענדעלעיעוו'ס בעריהמהייט, עס זיינען דאָ באק־טעריאָלאָגיען וועלכע פּרעפּארירען א נאָמען פאר פּאסטער'ן, עס זיי־נען דאָ שרייבער וואָס האָרעווען פאר דעם ערפאָלג פון זייערע ברויט־געבער, אָבער קיינער פון זיי זיצט ניט אזוי נאָהענט צו די אפּלאָדיס־מענטען, ווי דער סופליער און קיינער הערט זיי ניט אזוי אָפט, ווי דער סופליער. פאר אלעמען זיינען דאָ אפּלאָדיסמענטען, נאָר ניט פאר איהם... ניט נור די „סטארס", נאָר אויך די פּלאנעטען און קאָמע־טען קריגען אפּלאָדיסמענטען... דער כאָר ווערט אמאָל אפּלאָדירט פאר פּאטריאָטיזמוס, דער אָרקעסטער פאר'ן „פּעקעלע", דער אקראָ־באט פאר זיין סארטאָמאָרטאלע, א סטאטיסט זאָגאר פאר דעם, וואָס זיין וואָנצע שטעהט ניט אויפ'ן ריכטיגען פּלאץ, און דער וואָס האָט זיך אזוי פיעל אָנגערעדט ביי די פּראָבען, ווער עס האָט ביי די ערנסטע פּאָ־שטעלונגען געזונגען מיט די זיעגער און געהאלטען מלחמה מיט די קריעגער. דער וואָס האָט געשוויצט מיט'ן זיעגער און א גאנצע נאכט געקנאנקט מיט די פינגער, דער וואָס האָט פאר אלע געשפּיעלט און פאר יעדען גערעדט, — פאר דעם האָט דאָס פּובליקום ניט אפילו איין אפּ־

איז אין מענשענ'ס נאַטור, אין זיין לעבען און אין זיינע פערהעלטניסע צו דער געזעלשאַפט, — אַזעלכע ווערקע, וואָס שילדערען נאָר דאָס, וואָס מען קען זעהן, בעאָבאַכטען, איבערצייגען — די דאָזיגע ווערקע געהערען צו דער אָבטהיילונג פון רעאַליזמוס.

מיר וועלען שפּעטער דייטליכער ערקלערען דעם אונטערשיעד פון דיעזע צוויי הויפּט־פאָרמען פון דער ליטעראַטור. מיר ווילען דאָ נאָר בעמערקען, דאָס מיר ווילען בלייבען גאַנץ אונפּאַרטייאיש צו דיעזע ביידע אָבטהיילונגען פון דעם מענשענ'ס שאַפען און דיכטען. אין ביידע אָבטהיילונגען זיינען דאָ גרויסע און ווערטהפאָלע מייסטערווערקע. דער ראָמאַנטיזמוס, ווי דער רעאַליזמוס, זיינען נאַטירליכע ערשיינונגען אין דעם מענשענ'ס גייסטיגען לעבען. זיי ווערען געבוירען דורך געוויסע אומשטענדען און אורזאַכען, וועלכע זיינען פערבונדען מיט דעם היסטאָרישען גאַנג פון דער געזעלשאַפט און מיט דער ענטוויקלונג פון אונזער סאָציאַלען לעבען. ראָמאַנטיזמוס און רעאַליזמוס שטאַמען פון איין עלטער־פאָטער, פון דעם מענשענס גייסט. זיי האָבען ביידע איין זיידען, אָבער ניט איין מאַמע. די מוטער פון ראָמאַנטיזם איז פּאָעזי, די מוטער פון רעאַליזמוס איז די וויסענשאַפט. די לייבליכע שוועסטער פון ראָמאַנטיזם זיינען רעליגיאָן און מעטאַפיזיק, די ליעב־ליכע ברידער פון דעם רעאַליזם זיינען דער עקספּערימענטאַלער (פּרו־בירענדער) אַנאַליז און פיזיק.

עס איז שוין אַן אַלטער כלל, אַז די ענטוויקלונג פון דער גאַנצער מענשהייט געהט מיט דעם זעלבען וועג, ווי די ענטוויקלונג פון יעדען איינצעלנעם מענשען. אין דעם לעבען פון דעם איינצעלנעם מענשען גיבט עס צייטען, ווען ער איז אַ פערטרוימטער ראָמאַנטיקער, און צייטען ווען ער איז אַ פּראַקטישער רעאַליסט. אַזעלכע פּעריאָדען גיבט עס אויך אין דעם לעבען פון אַ גאַנצער געזעלשאַפט. אין דער יוגענד איז דער מענש גענעגט צו זיין אַ ראָמאַנטיקער, ער שוועבט איבער דער ווירק־ליכער וועלט מיט ערפינדונגען פו זיין פאַנטאַזי. רעאַלע געגענשטענ־דען ווערען דורך זיין פּאָעטישע איינבילדונגס־קראַפט פערוואַנדעלט אין שעהנע געשטאַלטען און בילדער. ווען ער ווערט אַן ענטוויקעלטער שטאַרקער מענש, איז ער גענעגט צו דענקען פון דער ווירקליכער וועלט, צו שאַפען פּראַקטישע זאַכען און צו בעטראַכטען די ערשיינונגען פונ'ם לעבען נאָך זייער רעאַלער, ווירקליכער בעדייטונג. ווען ער קומט אין

# רעאליזמוס און ראָמאַנטיזמוס.

.1

יעדע קונסט קען זיין אָדער רעאליסטיש אָדער ראָמאַנטיש. מיר ווילען דאָ רעדען נאָר פון דער גרויסער און רייכער קונסט, וועלכע רופט זיך ליטעראַטור. די ליטעראַטור פון דער גאַנצער מענשהייט קען גע־טהיילט ווערען אויף צוויי הויפּט־אַבטהיילונגען, צוויי אָבער־דעפּאַר־טאַמענטען, אין וועלכע עס געפינען זיך פערשיעדענע קלענערע אָב־טהיילונגען, פערשיעדענע ריכטונגען און שאַטירונגען. די הויפּט־אָב־טהיילונגען קענען בעצייכענט ווערען מיט'ן נאָמען רעאַליזמוס און ראָ־מאַנטיזמוס.

ראָמאַנטיזמוס נעהמט זיך פונ'ם וואָרט ראָם. די ערשטע ליטע־ראַרישע ווערקע פון קריסטליכער ערא (די ציוויליזירטע וועלט צעהלט יעצט די יאָהרען פון יעזוס קריסטוס געבורטס־טאָג). זיינען געווען גע־שריבען אין דער ראָמאַנישער (לאַטיינישער) שפּראַכע. ראָמאַנטיש האָט אָבער יעצט נאָך אַן אַנדער זינן. די שטאָט ראָם האָט זיך גערופען אזוי, ווייל זי איז געווען געבויט אויף הויכע בערגלעך. ראָם נעהמט זיך פון דעם זעלבען מקור, ווי דאָס אידישע וואָרט רמה (הויך, אויפגעהויבען). די דאָזיגע ליטעראַרישע ווערקע, וועלכע בעהאַנדלען ניט דאָס וואָס איז אויף דער ערד, נאָר וואָס איז איבער דער ערד; ניט דאָס וואָס איז אין מענשען'ס נאַטור, נאָר דאָס וואָס איז העכער פון דעם מענשען'ס נאַ־טור, ניט דאָס אליין וואָס מען רעדט, נאָר אויך דאָס וואָס מען קען זיך פאָרשטעלען — די דאָזיגע ווערקע געהערען צו דער ראָמאַנטישער אָבטהיילונג. רעאַליזם מיינט אַ זאַך וואָס עקזיסטירט. עס נעהמט זיך פונ'ם לעטיינישען וואָרט „רע" — אַ זאַך, אַ געגענשטאַנד. אַזעלכע ווערקע, וועלכע בעהאַנדלען נאָר דאָס, וואָס איז אויף דער ערד, וואָס

נען מיר בעצייכענען אזא צושטאנד פון דעם מענשענס גייסט מיט׳ן וואָרט ראָמאַנטיש...

אין דער צייט, ווען די ליטעראַטור פון א פאָלק איז ראָמאַנטיש הייסט עס, אז אלעס וואָס ער שאַפט דאַן, אלעס וואָס ער רופט דאַן מיט׳ן נאָמען וויסענשאַפט, טראָגט אויך א ראָמאַנטישען כאַראַקטער. דער ראָמאַנטיזם פּאַרפּאָעטיזירט די היסטאָריע און די וועלט־בעשריי־בונג. די היסטאָרישע ווערקע פון אזא פּעריאָדע זיינען מעהר פּאָעזי, ווי ווירקליכקייט, מעהר פאַנטאַזי, ווי פאַקטען. די זאָ־גענאַנטע וויסענ־שאַפט בעשעפטיגט זיך דאַן מעהר מיט דעם, ווי אזוי מען זאָל וויסען דאָס, וואָס עס איז אונמעגליך צו וויסען... דאָס וואָס דער מענש דיכטעט, ווערט אָנגענומען אלס פאַקטען און טהאַט־זאַכען. ווירקליכע טהאַט־זאַכען און פאַקטען ווערען איגנאָרירט. אזוי איז געווען ביי די אלטע פעלקער, אזוי אויך ביי די יונגע אייראָפּייעשע פעלקער. דאָס כריסטענטהום האָט זיי געבראַכט א נייעם שטאַרקען שטראָם פון ראָ־מאַנטישע געפיהלע און האָט זיי אויף א לאַנגע צייט אוועקגעשטויסען פון דער רעאלער וועלט.

די כריסטליכע רעליגיאָן האָט פּיעלע יאָהר הונדערטע אָבגעהאַל־טען די ענטוויקלונג פון דעם מענשענס גייסט. די מענשען האָבען מעהר געדיכטעט, ווי געפאָרשט. מעהר פאַנטאַזירט וועגען דאָס פערגאַנגענע, ווי געלערנט צו פערשטעהן דאָס געגענוואַרטיגע. וואונדער, נסים, מופתים זיינען גערעכענט געווען פאַר פאַקטען. בבא מעשות וועגען דעם הייליגען גראַל, וועגען פּאַרסיוואַל, וועגען קאַרל דעם גרויסען און זיינע צוועלף פּאַלאַדינען האָבען זיך געגרעכענט פאַר היסטאָרישע טהאַט־זאַכען. איין אלטער כריסטליכער „וויסענשאַפטליכער" בוך, וועלכער רופט זיך „פהיזיאָלאָגוס", גיט אונז א בעגריף פון דער ראָמאַנטישער „נאַטור וויסענשאַפט". אין דעם בוך ווערען בעשריבען די אייגענשאַפ־טען און די נאַטור פון חיות. עס איז די ערשטע כריסטליכע „זאָאָלאָגיע", בעגרינדעט אויף דער ביבעל און בבא מעשות. דאָרט ווערט בעשריבען א חיה, וועלכע איז האַלב לייב פון פראָנט און האַלב מוראַשקע פון הינ־טען, ווייל איהר טאַטע איז געווען א לייב און איהרע מאַמע א מוראַשקע. דאָרט געפינט איהר א חיה סאַלאַמאַנדרע, וועלכע ברענט ניט אין פייער, א פויגעל פּעליקאַן, וועלכער גיט לעבען צו זיינע קינדער מיט דעם וואָס ער אָפּפערט זיי זיין בלוט און שטאַרבט, א פויגעל פעניקס,

די עלטערע יאָהרען, הויבט ער אָן אם מיינסטען ווידער צו קריגען א נייגונג צום ראָמאַנטיזם. די פאַקטען, די ווירקליכקייט, די מאַטעריעלע אינטערעסען הערען אויף איהם צו בעפריעדיגען. ער בייגקט נאָך דער פערגאַנגענהייט, וועלכע ווייזט זיך איהם אויס וואונדערליך שעהן אין איהר פּאָעטישען נעבעל.

מיט דעם זעלבען וועג געהט אויך די ענטוויקלונג פון גאַנצע נאַציאָנען.

## .2

פריהער פון אַלעס פאַנגען אָן פעלקער צו פּאָעטיזירען און פי־לאָזאָפירען. שרייבען אין א איינפאַכער שפּראַך פון רעאַליסטישע זאַ־כען, טוען זיי דאן, ווען זיי שטעהען שוין אויף א געוויסער שטופע פון גייסטיגען און עקאָנאָמישען לעבען. דעם מענש אינטערעסירט פריהער די אורזאַכע פון אַן ערשיינונג, און גאַנץ שפּעטער פאַנגט איהם ערשט אָן צו אינטערעסירען די בעדייטונג פון דער ערשיינונג אַליין. דאָס וואָס איז ווייט, וויל ער בעגרייפען פריהער פון דעם וואָס איז נאָהענט. דער מענש האָט „פילאָזאָפירט" און פּאָעטיזירט איידער ער האָט זיך אויסגעלערנט צו מאַכען א הילצערנעם פאַנטאָפעל און צו שמיעדען א האַק; ווי אזוי די שטערען צירקולירען אין די הימלען האָט ער גע־וואוסט לאַנג איידער ער האָט ערפאהרען ווי זיין אייגען בלוט צירקולירט אין זיינע אָדערען.

יעדע ליטעראַטור פאַנגט זיך אָן מיט פּאָעזי. אַלעס, וואָס אונז איז פערבליבען פון די קינדער־יאָהרען פון אַלטע פעלקער, איז געשרי־בען אין א פּאָעטישער פאָרם. ניט נאָר די ביאָגראַפיען פון זייערע גע־טער און די מצות פון זייער רעליגיאָן, נאָר זאָגאַר זייערע געזעצע האָבען זיי געשריבען אין שירים. שרייבען אין פּראָזע און פון געוועהנליכע רעאַלע זאַכען האָט זיך גערעכענט ניעדריג. דער מענש אינטערעסירט זיך פריהער מיט דעם וואָס איז איבער דער נאַטור (מעטאַפיזיק) און ניט מיט דער נאַטור אַליין (פיזיק). דאָס וואָס ער האָט געזעהן און בעאָ־באַכטעט, האָט איהם ניט אינטערעסירט אזוי, ווי די מיסטעריען, גע־היימניסע, וועלכע ער האָט זיך פאָרגעשטעלט. ער האָט מעהר פאַנטאַ־זירט, ווי געדענקט; מעהר געפיהלט, ווי געטאָן. אין אונזער צייט קע־

מעהר א פּראָדוקט פון דער כריסטליך־אידישער ציוויליזאציאָן ווי פון דער גריכישער ציוויליזאציאָן, ליגען דיעזעביידע איינגעשאפּטען געווים.

.3

מען זאָגט, אז דער רעאַליזמוס, מיט דעם וואָס ער ווייזט די נאַקעטע ווירקליכקייט און ערקלערט די פּאַקטישע זייט פון אונזער לעבען, רויבט ער אוועק ביי אונז אידעאַלען... עס איז פּונקט פערקעהרט: רעאַליזמוס איז די איינציגע מאַכט, וואָס צווינגט אונז צו דענקען פון א בעסערע צוקונפט, ווייל ער ווייזט אונז אָהן צערעמאָניעס די אַלע שלעכטע זייטען פון דער געגענוואַרט. דער ראָמאַנטיזמוס טרוימט אַם מיינסטען פון דער פערגאַנגענהייט... ער זוכט אויך טרוימען פון דער צוקונפט, אָבער ניט צו טאָן וואָס. ער קען ניט געבען קיין אידעאַל פון א בעסערן צוקינפטיגען לעבען, ווייל ער האָט ניט די אידעע פון׳ם איצטיגען לעבען. אן אידעאַל איז רעאַליסטיש, ווייל ער פּערשפּרעכט מעגליכעס. אַ שוסטער איז אַ רעאַליסט, ווען ער האָט לעדער און אַלע מאַטעריאַלען און שטעלט זיך פאָר אין געדאַנק די שעהנע שטיוועל, וועלכע ער וועט מאַכען שפּעטער. אַ שוסטער אָבער, וועלכער דענקט דערפון, אז די מענשען זיינען ניעדריג, וואָס זיי דענקען גאָר פון אזא קליינינקייט, ווי שטיוועל; דאָס אַ קינד איז גליקליך, ווייל עס לויפט אום באָרוועס אין אַ טייכעלע פון רעגען־וואסער — אזא שוסטער איז אַ ראָמאַנטיקער. און ווען ער טרוימט, אז אין דער צוקונפט וועט קומען אַ גליקליכע צייט, ווען דער מענש וועט נאָר אַ פייף טאָן, וועט איהם שוין אראָפּפּאַלען פון הימעל אַ פּאָאָר בריליאַנטענע שיך מיט דיאַמענטענע קנעפּלעך, הייסט עס ניט, אז ער האָט אַן אידעאַל אין דער צוקונפט, ווארום דאָס וואָס קען זיך ניט פערווירקליכען איז ניט קיין אידעאַל, עס איז אַ פאַנטאַסטישער חלום.

דער רעאַליזמוס גיט אַ מאַטעריעלע וואַרהייט, דער ראָמאַנטיזמוס גיט אַ רעליגיעזע וואַרהייט. אַ רעליגיעזע וואַרהייט איז געבויט אויף גלויבען, אַ רעאַלע וואַרהייט איז געבויט נאָר אויף דעם וואָס מיר ווייסען. ווי באַלד נאָר אין דער וועלט פון וויסענשאַפט קומט די צייט פאַר אַזעלכע מאַטעריאַליסטען ווי בעקאָן, ווי קאָפּערניק, ערשיינען

װעלכער שטארבט דורך פייער און װערט אויפגעלעבט פון זיין איי־גענעם אש; און נאך פיעלע אזעלכע „וויסענשאפטליכע" פאקטען. דאס זעלבע געפינען מיר אין דער אסטראלאגיע, אין דער אלכעמיע און אין אלע ראמאנטישע וויסענשאפטען. פאליטישע עקאנאמיע אין איהר יוגענד איז אויך ראמאנטיש, א אוטאפיע.

נאטירליך, די כריסטליכע קונסטווערקע און די ליטעראטור זייע־נען געװען דאן ראמאנטיש. װי דער געדאנק פון מענשען פאנגט אן צו װערען רייף, װי א פאלק פאנגט אן ארויסצוװאקסען פון די קינדער־שע יאהרען, פאנגט עס אן צו דענקען פון פראקטישע זאכען, ער הויבט אן צו רעאליזירען די װירקליכקייט. אין דער פעריאדע װערען געבוירען מאטעריאליסטישע געדאנקען, אין סאציאלען לעבען װערען געשאפען פראקטישע פערענדערונגען, אין דער ליטעראטור ערשיינען װערקע, װעלכע בעהאנדלען דעם מענשען, זיין לעבען, זיינע פערהעלטניסע צו אנדערע. עס קומען דיכטער מיט רעאליסטישע װעלט־אנשויאונגען און שרייבען רעאליסטישע װערק. מערקװירדיג איז דאס, װאס זאגאר יע־דער רעאליסטישער דיכטער אליין לעבט איבער אין זיין פערזענליכען שאפען די אלע דריי פעריאדען פון ענטװיקלונג: אין דער יוגענד איז ער ראמאנטיש, אין די געזונדע רייפע יאהרען איז ער רעאליסטיש, אויף דער עלטער װידער ראמאנטיש.

כמעט יעדער פראזע־שרייבער פאנגט אן זיין ליטערארישע קארי־ערע מיט פאעזי און שירים. אזא גרויסער רעאליסט װי טאלסטאי איז געװארען אויף דער עלטער א ראמאנטיקער. ער האט אנגעהויבען צו בענקען נאך דער אלטער כריסטליכער פערגאנגענהייט... דער זשעניא־לער קאמפאזיטאר װאגנער האט אנגעפאנגען אין דער יוגענד מיט'ן כריסטליכען ראמאנטיזמוס, איז איבערגעגאנגען צו רעװאלוציאנערען רעאליזמוס און האט אויף דער עלטער געענדיגט מיט זיין כריסטליך־לירישען־ראמאנטישען „פארסיװאל". עמיל זאלא האט אנגעפאנגען מיט פאעזי, אין רייפע יאהרען איז ער געװען דער שטארקסטער מאטעריא־ליסט און רעאליסט, אין זיינע לעצטע יאהרען האט ער זיך אנגעהויבען צוריק װענדען צום ראמאנטיזמוס און אוטאפיע. ראמאנטיזם, װי רעא־ליזם, זיינען אזעלכע אייגענשאפטען, װאס ליגען אין דער נאטור פונ'ם מענשען. אין דער נאטור פון דעם הייגטיגען מענשען, װעלכער איז

א רעאַליסטישע בילד, ווי אַ מוטער גיט די ברוסט איהר קינד און שיילט קאַרטאָפּליעס צו קאָכען פאַר דעם מאַן וואַרעמעס, וועט דאָס אייך ניט געבען קיין אַנשטוים צו שלעכטע געדאַנקען. עס קען אייך צווינגען, צו דענקען וועגען די הייליגע געפיהלען פון אַ מוטער, וועגען די שווערע פליכטע פון אַן אָרימע פרוי, אויב אייער פאַנטאַזי איז נאָר ניט פערדאָרבען. פערקעהרט, אַ ראָמאַנטישע בילד מיט אַ געטליך אונשולדיגע פרוי, וועלכע צעהלט די שטערען אין הימעל און ביי וועלכער אויף דעם ראָמאַנטישען ביוסט איז נאָר איין רעאַליסטישער קנעפּעל אָפּגעשפּילעט, קען האָבען פונקט אַ פערקעהרטע ווירקונג. דער מאָטיוו פון ווערק, דער מאָטיוו פון בילד איז דער עיקר, און וואָס רעאַליסטישער איהר וועט שילדערען און וואָס קלאָהרער איהר וועט שרייבען, דעסטאָ שטאַרקער וועט זיין אויסגעדריקט דער ריינער מאָטיוו, דעסטאָ גרעסער וועט זיין דער איינפלוס, דעסטאָ מעהר סימפּאַטיען וועט דער פערפאַסער ארויסרופען צו זיין אידעע, צו זיין אידעאַל. די דאָזיגע שרייבער, וועלכע בענוצען זיך מיט'ן נאָמען רעאַליסטען און מאָהלען אויסגעלאַסענע פּראָנאָגראַפישע בילדער נאָר מיט איין צוועק — צו וועקען די ניעדריגע בעסטיאַלישע אינסטינקטען און נאָר מיט איין מאָטיוו — צו מאַכען געשעפטען, די דאָזיגע שרייבער זיינען שאַרלאַטאַנעס. מיר רעדען פון אמת'ע קינסטלער. פונקט אזוי קען מען רעכענען פאַר ראָמאַנטיקער די דאָזיגע שמירער, וואָס פאַבריצירען ראָמאַנטי־פאַנטאַסטישע שונד בבא מעשיות. מיר רעדען פון דער רעאַליסטישער ליטעראַטור, וועלכע איז די ערציהערין פון די ניי־געבאָרענע געדאַנקען פון דער וויסענשאַפט און פון דער פּאָזיטיווער פילאָזאָפיע.

.4

אַלזאָ וואָס איז דער אונטערשיעד צווישען רעאַליזמוס און ראָמאַנטיזמוס?

דער ראָמאַנטיזמוס, ווען ער איז זאָגאַר פריידענקענד, שטרעבט דאָך גראַדע ווי די כריסטליכע מאָראַל צו טויטען אין דעם מענש די מאַטעריע, די נאַטור, דער רעאַליזמוס פאַרקעהרט וויל אויפלעבען אין דער מאַטעריע דעם מענשען.

ראָמאַנטיקער בעמיהען זיך שטענדיג צו שילדערען דאָס ערהאַ־

אין דער ליטעראטור אזעלכע רעאליסטען ווי שעקספיר, ווי סערוואנ־טעס (פערפאסער פון דאן קיכאט).

פאר דער פראנצויזישער רעוואלוציאן זיינען געקומען די פראנ־צויזישע פריידענקער. דידרא האט געשריעבען דראמען פון דעם רע־אלען קליין־בירגערליכען לעבען. באמארשע האט געפאלמעסט דעם שטערבענדען קערפער פון דעם פעאדאליזמוס. דארווין שפאצירט אריין צוזאמען מיט זאלא, קארל מארקס רעדט פון דער בעגעגוואָרט צוזאמען מיט איבסענ'ען און דענקט פון דער צוקונפט צוזאמען מיט טאלסטאיען, דעם רעאליסט. ווען דעם מענשענס געדאנק איז רייף, ווען זיינע שטרע־בונגען זיינען פראקטיש, ווען זיין קערפער איז מונטער און טהעטיג, דאן איז זיין ליטעראטור רעאליסטיש. דער רעאליזמוס האט שטענדיג סאציאלע, מאטעריעלע אויפגאבען; דער ראמאנטיזמוס האט אויפגאבען אינדיווידועלע און מאראלע — ער איז א גרויסער קרוב צו כריסטענטום. ניט אומזיסט זיינען די אמת'ע פרומאקעס און די היפאקריטען אזוי געגען רעאליזם. דער רעאליזם טויטעט אלעס, וואס איז פערבונדען מיט גלויבען. ער גלויבט ניט אדער אינטערעסירט זיך ניט אין דאס גייס־טיגע, זאלאנג ער קען עס ניט אנידערלעגען אויפ'ן אנאטאמישען טיש און צוגלידערן מיט'ן מעסער פון אנאליז. ווי די פילאזאפי ווערט נאר מאטעריאליסטיש, קעמפפט זי באלד געגען רעליגיאן...

וויקטאר הוגא און לעוו טאלסטאי זיינעןביידע גרויסע זשעניען. דער ראמאנטיקער הוגא פארפאעטיזירט די וועלט געשיכטע, דער רע־אליסט טאלסטאי רעאליזירט די פאעזי פון דער היסטארישער וויסענ־שאפט. וויקטאר הוגא פערגעטערט דעם מענש אדער פערטייפעלט איהם, לעוו טאלסטאי צייגט, אז דיעזער גרויסער גאט און דעמאן איז אפילו קיין מענש ניט, ער איז נאך מעהר חיה, ווי מענש.

דער ראמאנטיקער שרייבט ריין, ערהאבען, מאראליש; ער וועט אבער ניט מאכען דערמיט דעם פערדארבענעם מענשען ציכטיגער און מאראלישער. ער וועט נאר אין איהם קענען דעם פאעט. די רעאליסטען שרייבען אמאל צו אפען, זיי כאפען אפט מאל אריבער די מאס, אבער דאס קען ניט מאכען דעם מענש אונמאראלישער. ווי באלד דער רעאליס־טישער שרייבער איז ווירקליך א קינסטלער, האט ער שטענדיג אן ערהאבענעם, ציכטיגען מאטיוו ביי זיין שרייבען, א פראקטישען מא־ראלישען צוועק. ער וועקט אין דעם מענשען דעם מענש. אז איהר זעהט

# אונזערע קריטיקער.

(אַ בריעף אַן דער רעדאַקציאָן פון דער „פרייער געזעלשאַפט".)

ווערטהער רעדאַקטאָר!

עס טהוט מיר זעהר לייד, איך בין זעהר פערנומען און קען יעצט ניט ענדיגען מיינע אַרטיקלען װעגען דער „גרויסער וועלט דראַמאַ". אַזאַ אַרבייט פאָדערט פיעל צייט און פאָרבערייטונג. ווייל אָבער איהר פאָדערט אונבעדינגט איין אַרטיקעל פאַר דיעזען נומער און ווייל איך רעכען, דאָס, „די פרייע געזעלשאַפט" איז יעצט דער איינציגער אידישער אָרגאַן וואו עס קען זיין פאַסענד פאַר מיר צו רעדען וועגען מעהר אָדער וועניג וויכטיגע ליטעראַרישע ערשיינונגען, ערלויב איך איך מיר אָנשטאָט אַן אַרטיקעל, שיקען אייך דיעזע בריעף. עס איז מיין ענטפער אויף קריטיקען, וועלכע בעהאַנדלען מיין לעצטעס ווערק „די אידישע סאַפהאָ". די קריטיקען זיינען אויסגעשפּראָכען אין די פאָלגענדע בריעף:

„הערר גאָרדין! איינינע בעקאַנטע דאַמען האָבען מיר געזאָגט, דאָס די דראַמאַ „די אידישע סאַפאָהּ" איז אינטערעסאַנט און בעלעהרענד פאַר אַלע אין אַלגעמיין און איבערהויפּט פאַר אונז פרויען. איך וואוין אַליין אין האָבאָקען און פאַר מיר איז זעהר אונבעקװעם צו בעזוכען די ניו יאָרקער אידישע טהעאַטערע, דאָך האָב איך מיך בעשלאָסען און בין געפאָהרען זעהן „די אידישע סאַפאָהּ". איך זאָג אייך די וואַרהייט, איך בין געבליבען זעהר אונצופריעדען. עס איז זעהר אַן אַלטע און אָבגעלעבטע טהעמאַ. וואָס פאַר אַ נייעס דערצעהלט איהר אונז דאָ? אַז פרויען זיינען אויך מענשען? אַז זיי דאַרפען אויך האָבען רעכטע? אַז מען דאַרף זיי ניט שלעכט בעהאַנדלען? ווער ווייס דאָס יעצט ניט אַזעלכע זאַכען? איז כדאי צוליעב דעם פערשלעפען מענשען פון האָבאָקען, ניט לאָזען זיי

בענע, דאָס איבער מענשליך־זיטליכע, אום אויסצוראָטען די אונזיט־ליכקייט. די רעאַליסטען פערקעהרט נעהמען דאָס ניעדריגע, דאָס גע־וועהנליכע, דאָס אַלטעגליכע, אום איינצו־וואָרצלען די זיטליכקייט. א ראָמאַנטיקער נעהמט אן אימפּרעסיאָן, אַן איינדרוק און וויל פון דעם מאכען א רעאַלע זאַך. א רעאַליסט נעהמט א רעאַלע זאַך און זוכט דער־מיט צו מאכען אַן אימפּרעסיאָן, אַן איינדרוק.

די ראָמאַנטיקער ווילען געבען צו פערשטעהן, אז די גאולה פון דער מענשהייט קען קומען דורך אירגענד וועלכען משיח פון הימעל. די ווירקליכקייט איז געמיין און שמוציג — דיכטען זיי א שעהנע, פּאָע־טישע און זיסע אונווירקליכקייט. די רעאַליסטען ווילען אָבער ערקלע־רען, אַז דער כריסטליך־ראָמאַנטישער מעסיאָנישער געדאַנק איז א פּאָעטישע פאַנטאַזי און אַז דער ערלעזער פון מענשען איז דער מענש אליין; אַז די גאולה קומט ניט פון הימעל, נאָר פון דער מאַטעריעלער, רעאַליסטישער ערד. א שעהנע אונווירקליכקייט האָט ביי זיי קיין ווערטה ניט, ווי פערצוקערט זי זאָל ניט זיין. זיי נעהמען די ווירקליכ־קייט אזוי ווי זי איז. א געוויסער ענגלישער דענקער האָט געזאָגט: „דער נצחון פון רעאַליזמוס איבער ראָמאַנטיזמוס איז דער נצחון פון וויסענשאַפט איבער איינבילדונג און געפיהל”.

דיעזער נצחון איז אָבער ניט קיין שטענדיגער. עס זאַמלען זיך אָן פילע פאַקטען, די וויסענשאַפט ווערט ברייטער און גרעסער, און רייי־כער. אָבער די מיסטעריען פונ׳ם מענשענס „דאזיין” בלייבען נאָך אַלס אונערקלערטע, די פערבאָרגענע געהיימניסע פון דער נאַטור נאָך אַלס ניט ענטדעקט. דער פּעריאָד פון מונטערע טהעטיגקייט געהט פאָר־איבער, די מידקייט פון דער עלטער קומט. דער מענש הויבט אָן ווענ־גער און וועניגער צופריעדען צו זיין פון דאָס מאַטעריאַליסטישע... עס הויבט איהם אָן צו ציהען „רמה”, העכער פון דעם ווירקליכען, איר־דישען לעבען. ער בייגקט צוריק נאָך זיין יוגענד און וויל זיך בויען לופט שלעסער אין דער צוקונפט — דערצו דאַרף ער ניט קיין מאַטע־ריאַל פון זיין ווירקליכען לעבען. ער הויבט אָן ראָמאַנטיצירען...

איהר קענט עס ניט העלפען. ביידע נייגונגען זיינע איינגעוואָר־צעלט אין דער נאַטור פון דעם היינטיגען מענשען...

פרוי, מיין טאָכטער. סאַפאָה קען זיין איז טאַקע גערעכט, אָבער ווען מיין פרוי אָדער מיין טאָכטער, חלילה, זאָלען אַזוי האַנדלען, וואָלט איך עס ניט איבערגעטראָגען, איך וואָלט פון זינען אראָב! מיינט איהר ניט, אַז דאָס שטיק איז צו ראַדיקאַל און דאָס עס איז נאָך צו פריה אַזעלכע שטיקע אויף דער אידישער ביהנע, אויפצופיהרען?.. עס קען זיין די אידעע איז טאַקע אַ ריכטיגע, אָבער איז דען אַ טהעאַטער דער פּלאַץ, וואו מען זאָל פּראָפּאַגאַנדירען אַזעלכע נייע רעוואָלוציאָנערע אידעען? איך בין געגאַנגען אין טהעאַטער זיך אַמוזירען און אַנשטאָט דעם בין איך געקומען אַ צובראָכענער, און זאָגאַר נאָכדעם האָב איך זיך ניט געקענט גיך בערוהיגען. פערשיעדענע געדאַנקען האָבען מיך פערפאָלגט עטליכע טעג.

אכטונגספאָל,

X. Y. Z.

„מר. גאָרדין! ערלויבט מיר אייך צו זאָגען, דאָס אייער לעצטעם ווערק „די אידישע סאַפאָה" איז זעהר אַ רעאַקציאָנערעס ווערק. די פרויען אין אייערע פריהערדיגע פּיעסען זיינען געווען פיעל רעוואָלוציאָנערער. עס ווייזט אויס, אַז די אידעע פון אייער שטיק איז געווען צו ווייזען, דאָס פרויען דאַרפען ניט קעמפּפען פאַר זייער פרייהייט. סאַפאָה האָט געוואגט צו קעמפּפען נאָר אַביסעלע האָט זי דערפאַר זעהר טייער בעצאָהלט. און סוף כל סוף האָט זי דאָך געמוזט זיך ענטזאַגען פון אַלע איהרע פּרינציפּען און געהן פיהרען אַזאַ לעבען ווי אַלע ווייבער... אייער „אידישע סאַפאָה" איז טאַקי אַ מייסטערווערק, אָבער עס שטעהט ניעדריגער פון קריטיק, עס איז געגען רעוואָלוציאָן און עס לערנט, דאָס אַלע פרויען דאַרפען זיך פיהרען ווי די געזעצליכע מאַניטשקעס, דאָס הייסט: זינדיגען אין דער שטיל, דער מאַן זאָל ניט וויסען און מאַסקירען אַלע געמיינהייטען מיט דער מאַסקע פון געזעצליכקייט. אייער שטיק איז טאַקע אַ שטיק זודיגעס, קאָכענדעס לעבען, אָבער דער כאַראַקטער איז אַ צוקאַליעטשעטער שאַרבען און עס וואָלט געווען אַ גוטע דראַמאַ ווען איהר וואָלט ניט פערפּלאָנטערט אייער סאַפאָה פון גייסט מיט די סאַפאָה פון פליייש.

„דער גרייליכער יונגערמאַנטשיק."

שלאָפען א גאנצע נאכט, און צו נעהמען ביי זיי דריי קוואָדערס?

„דאָס איינציגע, וואָס עס איז געווען נייעס פאַר מיר צו הערען, איז, דאָס אַ פרוי זאָל האָבען אַ רעכט צו פאָדערען, דער מאַן זאָל זיין ביז זיין הייראטה אזוי ריין און אונשולדיג ווי די פרוי. איך בין אליין אַ פרוי און דאָך מיין איך, אַז אַזאַ פאָדרונג אזוי ניט לאָגיש. אזא פּלאַן וואָלט מען געקענט דורכפיהרען נור דאַן, ווען די מענער זאָלען חתונה האָבען אין זייערע בליהענדע יונגע יאָהרען. אַ מאַן אָבער קען ניט חתונה האָבען יונג, ער מוז זיך פריהער בעזאָרגען מיט מיטלען, מיט אַ בעשעפטיגונג, מיט אַ קאַריערע. וואָס איז וויכטיגער פאַר אַ פרוי, דעם מאַנס אונשולד, אָדער די רעסורסען און מיטלען, וועלכע ער וועט האָבען צום לעבען? די מענער ערלויבען דען אונז ניט צו זינדיגען פאַר דער חתונה? אדרבה, פאַרקעהרט... אָבער אליין חתונה האָבען מיט אַ זינדיגע וויל ער ניט. מיט וועלכע מיטלען וועט איהר איהם קענען צווינגען? ווי איהר ווילט אייך, איך מיין, אַז פאָהרען פון האָבאָקען זעהן אַזאַ פּיעסע איז ניט געווען כדאי.

„אייער פערעהרערין,

„אַ האָבאָקענער געבילדעטע דאַמע."

---

„ווערטהער הערר גאָרדין! איך וויל מיר ערלויבען אייך בעקאַנט צו מאַכען מיט מיין מיינונג וועגען אייער שטיק „די אידישע סאַפאָה". איך בין אליין ניט קיין רוסישער יהודי און איך האָב אין מיין לעבען ניט בעגעגענט אַזאַ מערקווירדיגע פרוי מיט אַזאַ אונאבהענגיגען שטאַרקען כאַראַקטער, ווי די אידישע סאַפאָה. איך גלויב, אפשר זיינען אין רוסלאַנד דאָ אַזעלכע אידישע מיידלעך. איך מוז צוגעבען, ווען איך האָב געזעהן די האַנדלונג האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז דאָס איז וואָהר. איך האָב אליין געמוזט האָבען מיטלייד מיט דיעזער בראַווער און אונגליקליכער פרוי... איך האָב זאָגאַר געוויינט. (איך וויים, עס איז זעהר ניט שעהן פאַר אַ מאַן.) איך האָב געגען מיין ווילען געפונען אַז זי איז נעבעך גערעכט אין איהרע טענות... אָבער נאָכדעם האָב איך זיך אליין דערשראָקען. וואָס הייסט, רעדען אזוי אָפען? אין טהעאַטער איז געווען מיין

געוויס, מען פערשטעהט, מענשען זיינען ניט קיין הייליגע. אָבער געזעצליכקייט, דאָס איז דער ערשטער פונדאַמענט, אויף וועלכען דאָס לעבען פון אונזער קאָמיוניטי איז געבויט... יעדער פון אונז פערשטעהט, דאָס אויך אונזערע געזעצליכע פרויען זינדיגען אמאָל (יעדער מיינט, אַז יענעמס, ניט זיינע), אָבער דאָס דאַרף זיין אין גרענעצען פון אָנשטענדיגקייט, פאַרדעקט, פון דער עפענטליכער וועלט בעהאַלטען... די געפיהלע פון מאָדעסטי, פון געזעצליכקייט זאָלען ניט זיין פערלעצט און די פּרינציפּען דער געזעלשאַפט זאָלען ניט זיין פערשפּאָטעט.

ערגער פון אַלעם האָט מיך געקרענקט די פערדאָרבענהייט פון אידישען פּובליקום. זיי סימפּאַטיזירען מיט אַזעלכע ווי סאַפאָה, און לאַכען, שפּאָטען און הוקען, ווען די געזעצליכע פרוי קומט פאָדערען איהרע געזעצליכע רעכטע. עס איז נאָך גוט, וואָס די אידישע שטיקע ווערען ניט געשפּיעלט אין ענגליש, — עס וואָלט געקענט זיין אַן אונגליק פאַר אונזערע אידען.

„מיט רעספּעקט,

„קאָנסעלער אט לאָ".

---

# מיין ענטפער.

קיין דיכטער קען ניט און דאַרף ניט ערפינדען קיינע נייעס. ליעבע און האַס, גוטע אייגענשאַפטען און שרעקליכע ליידענשאַפטען, קאַמפּף, זיעג, אונגליק, פערצווייפלונג, ראַכע, אייפערזוכט, עקזיסטירען זינד דער מענש עקזיסטירט. טויזענדער יאָהרען בעשרייבט מען אין ראָמאַנען און דראַמען דיעזע עראייגניסע פון דעם מענשענס לעבען, און ראָמאַנען מיט דראַמען ווערען נאָך געשריעבען און וועלען נאָך געשריעבען ווערען זאָלאַנג עס וועלען זיין דיכטער און פּאָעטען אויף דער וועלט... אַ גרויסער קאָמפּאָזיטאָר, וועלכער שרייבט אַ נייע סימפאָניע, ערפינדעט ניט קיינע נייע טאָנען, אַ מאַלער, אַ קינסטלער בעשאַפט ניט קיינע נייע פאַרבען — ניין! די פאַרבען און די טאָנען זיינען די זעלבע, וועלכע זיינען פריהער פון אַנדערע בענוצט געוואָרען.

„דזשענטעלמאַן! איך בין אַ לאָיער ביי פּראָפעסיאָן און וואוין אַפּטאון. איך שטעה יעצט זעהר פיעל צו ווייט פון דער ציגיינער שפּראַכע, וועלכע רופט זיך זשארגאָן און געה קיין מאָל ניט אין אידישען טהעאטער, ווען אָבער איך האָב ערפאהרען, דאָס אויך אין אידישען טהעאטער וועט „סאפּאָה" פּערפאָרמד ווערען, האָב איך געמיינט, צו זעהן אינטערעסאַנטעס... אינדיד, די אידישע אַקטריסעס דארפען זיך ניט שעמען פאַר נעדערסאָל... און קאָמפּשטאָק קוקט זיך ניט צו צו דעם, וואָס מע ווייזט אין אַ אידישען טהעאטער... איך בין נאָך געווען אַזאַ פּול און האָב מיטגענומען דעם אַסיסטענט לידער פון אונזער טע־מעני דיסטריקט... די אויגען האָבען מיר געפּלאַמט. עס איז ניט געווען וואָס צו זעהן — גאָר ניט... עס איז גאָר קיין סאפּאָה און פון „סאפּאָניזם" איז ניט געווען אפילו אַ ברעקעל, נאָטהינג אַט אָלל... דערפאר אָבער וועלכע רייד, וועלכע אַנטי לאָ און אנטי מאָראַל טענדענצען! עס איז געווען אַ שאַנדע צו הערען... און איך האָב נאָך געבראַכט אַ טעמעני באָי מיט זיך! עס איז אַ דיס־גרייס פאַר אידען... מיר זיינען געגאַנגען זעהן אַביסעל נאַקעטע אידישע פלייש און זיי האָבען גאָר סאפּאָה פערפּלאָנטערט אין אַ נאַקעטען גייסט. שאַנדע און שמאָך!

„איך בין אַ לאָיער און דארף ניט רעדען פון מאָראַל. אָבער פון יוריסטישען שטאַנדפּונקט קען אַזאַ פרוי ווי די אידישע סאַ־פּאָה ניט ערוואַרטען די שטיצע פון אונזער לאָ. ווען זי זאָל האָ־בען געפיהלע פון מאָראַל און וואָלט זיך געשעמט פאַר דער גע־זעלשאַפט און פון שאַנדע וואָלט זי איהר אונגעזעצליכעס קינד אַבאָרטירט — וואָלט עס געווען גאַנץ נאַטירליך. די אנשטענ־דיגסטע, די פיינסטע דאַמען טהוען דאָס ווען זי זאָל זאָגאַר איהר שוין געבאָרענעס קינד אין געהיים ערמאָרדען, וואָלט מען געקענט פּלידען אַז זי איז געווען אינסיין... אָבער ניט שעמען זיך, אָפען זאָגען די גאַנצע וואַרהייט, נעהמען אויף זיך די פעראַנטוואָרט־ליכקייט און אַליין זאָרגען פאַר אַן אונגעזעצליכעס קינד, דאָס טוט קיין אנשטענדיגע פרוי, דאָס טוט אפילו ניט אַ פרוי, וועלכע האָט קיינע געפיהלע פון שאַנדע!... ווילדע פרייהייט פון אינדיאַ־נער קען קיין פּלאַץ ניט האָבען אין אַ ציוויליזירטע געזעלשאַפט....

געשלעפּט, פערגיפטעט מיט אַלע שענדליכע קראַנקהייטען, וועלכע ער גיט איבער צו זיינע קינדער; אָבער ווען איז דער פרוי, וועלכע מיינט אז געגען אזא אָרדנונג דאַרף מען ניט קעמפּפען. וועה צו די צוקינפטיגע דורות, אויב די פליהענדע און דענקענדע סאַפּאָה׳ס וועלען ניט אויפהויבען די פאָהן פון רעוואָלוציאָן!

געוויס, א אידישע מיידעל, אזא רעוואָלוציאָנערין, קען גיכער פון אַלעם געבאָרען ווערען אין רוסלאַנד. די שטילע, פערטראַכטע, אײַ־בערגעבענע רוסישע פרוי איז די גרעסטע רעוואָלוציאָנערין אין דער וועלט. דאָס אידישע מיידעל האָט זיך ענטוויקעלט אונטער דעם איינ־פלוס פון דער רוסישער ליטעראַטור, אונטער דעם איינפלוס פון די קעמפּפערינען, וועלכע זיינען געווען בעזונגען פון נעקראַסאָוו און גע־קרוינט פון טשערנישעווסקין!...

איהר דאַרפט אייך ניט שרעקען פאַר איהרע ראַדיקאַלע רייד; אייער פרוי און אייער טאָכטער מעגען הערען איהרע טענות. אין טהעאַטער קען מען ניט ארויספיהרען מגידים און פּרעדיגער, זיי זאָלען אייך זאָגען מוסר. ווען אָבער דאָס לעבען, וועלכעס ווערט געשילדערט, די האַנדלונג, די פּאַסירונגען, ווען דאָס אַלעס צוזאַמען איז א מוסר השכל, — געהט אין טהעאַטער און נעמט אייער פאַמיליע מיט. גוטע אידעען דאַרפען פריהער גוט פּראָפּאַגאַנדירט ווערען, ביז זיי ווערען איבערצייגונגען און פיהרען צו טהאַטען... די שכנים וואָלטען ניט בעליידיגט און ערניעדריגט אזוי די אָרימע סאַפּאָה, ווען זיי וואָלטען אפשר געהאַט א מעגליכקייט פריהער זעהן אזא שטיק ווי די „אידישע סאַפּאָה". אונזערע סאָציאַליסטען און אַנאַרכיסטען וואָלטען ניט גע־ווען פון אָנפאַנג אזעלכע הייסע טהאַטען־פאָרשטייער און נאָכדעם אזעלכע שוואַכע, שוואַנקענדע פאַרשטייער פון איבערצייגונג, ווען זיי וואָלטען געהאַט א מעגליכקייט פריהער גוט און עהרליך פּראָפּאַגאַנדירט צו ווערען!...

איהר דאַרפט אייך ניט שעהמען, וואָס איהר, א מאַן, האָט גע־וויינט אין טהעאַטער. עס זיינען גוטע טרעהרען, מיין פריינד. און די גרעסטע שאַנדע וואָלט פאַר אייך געווען, ווען איהר זאָלט ניט קענען וויינען... דער עדעלסטער אַמיוזמענט, דער ריינסטער עסטעטישער פערגניגען איז, ווען אַלע אייערע בעסטע געפיהלען ווערען ערוועקט און

זיי ערפינדען נור נייע קאָמבינאַציאָנען, נייע אקקאָרדען, נייע צוזאַ־מענפאַסונגען, נייע הארמאָנישע פעראייניגונגען, נייע דיסהארמאָניען, נייע קאָנגלאָמעראַציאָנען, נייע דיסאָנאַנסען.

דער פריידענקער, וועלכער מיינט, דאָס אויף דער וועלט עקזיס־טירען שוין ניט קיינע פּאַראורטיילע, קיינע אבערגלויבישע מיינונגען, קיין רעליגיאָן, ווייל ער גלויבט אין זיי ניט, — אזא פריידענקער איז זעהר א קורצזיכטיגער און איינזייטיגער מענש. ער קען געגליכען ווע־רען צו א נאַאיווען יונגען בחור, וועלכער קומט פון א קליינע ליטווישע שטעטעל, גלייך אין אונזערע דאון־טאונישע סאָציאַליסטישע און אנאר־כיסטישע קאַפע סאַלונען... אזא יונגער מאַן, עס איז מעגליך, וועט זיך זעהר גיך ערלויבען צו שרייבען אהיים, דאָס אין אמעריקא איז רע־ליגיאָן אַן אַלטע אָבגעלעבטע זאך. ליידער אָבער האָבען זיך אין דער זעלבער קורצער צייט וואָס ער איז געזעסען אין די ראדיקאַלע קאַפּעי־נעס פון דיוויזשיאָן סטריט און גרענד סטריט, אויסגעבויט 12750 נייע קירכען, 56 נייע קאטוילישע מאָנאַסטירען, 770 נייע אידישע טעמפּלען און צוועלף מיליאָן קינדער זיינען דערווייל אַלע זונטאָג גע־גאַנגען אין די „סאָנדיי סקולס"! אין אונזער געזעלשאפט באגעגענען זיך שטענדיג אַזעלכע קאָנטראַסטען. דאָס, וואָס ביי אַן אונבעדייטענ־דען צאָהל מענשען רעכענט זיך שוין פאַר אַלט און אָבגעלעבט. האַלט זיך שטארק און פעסט ביי די גרויסע מאַסען. קעמפּפען געגען דיעזע אַלטע דאָגמען, אויפקלערען די מאַסען, דאָס איז די איינציגע גייסטיגע אויפגאַבע פון יעדען דיכטער, פון יעדען שרייבער.

די רעגלען פון מאָראַל דאַרפען זיין פעסטגעשטעלטע איבערציי־גונגען. זיי קענען ניט אין איינער און דער זעלבער צייט, אין איינער און דער זעלבער געזעלשאַפט, צו ליעב איינעם אַנדערם און צוליעב דעם אַנדערען אַנדערס קאָמענטירט ווערען. עס קען ניט זיין פאַר ווייסע אַן אַנדערע מאָראַל און פאַר שוואַרצע אַן אַנדערע, פאַר פרויען איין מאָראַל, פאַר מענער אַן אַנדערע מאָראַל. וואָס עס איז אונמאָראַליש פאַר א פרוי, קען ניט זיין מאָראַליש פאַר א מאַן. אויב ביי יעצטיגע אומשטענדע פון אונזער סאָציאַלען לעבען מוז דער מאַן זינדיגען, דאַרף ער אם ווענינגסטען זיין טאָלעראַנט צו איהר, ווען זי זינדיגט אויך, ווען ז י מ ו ז... צו ליעב עקאָנאָמישע אויסזיכטען קען א מאַן יעצט, ליידער, חתונה האָבען נאָר דאַן, ווען ער איז אָבגעלעבט, אויס־

אויסגעוואָרגען ? . . . דער קאַמפּף פון דער אידישער סאָפאָ איז געווען צו שווער, די אַרומיגע פינסטערע מאַכט — צו שטאַרק . . . זיי האָבען געזיעגט, אָבער זי האָט ערפילט אַ געוויסע רעוואָלוציאָנערע מיסיאָן !... די, צווישען וועלכע זי האָט געלעבט, געקעמפּפט, געליידעט, האָבען גע־הערט איהר גרויסען וואָרט פון בעפרייאונג. גרויסע און קליינע רעוואָלו־ציאָנערען פאַלען אין זייער קאַמפּף, אָבער זייער גייסט לעבט . . . דאָס איז דער עמוד האש, וועלכער פיהרט אונז פון דער מדבר צו דעם ער־ווארטעטען לאַנד פון פריעדען און גליק.

אָרעמע אידישע סאָפאָ ! מיר האָבען זי ערשט געזעהן, ווי אַזוי זי האָט צוליעב אַנדערע זיך בעשלאָסען צו אָפּפערן איהר אייגען גליק, איהר פרייהייט . . . אַלע ווילען לעבען איהר . . . זי דריקט איהר אונגעזעצליכעס קינד צו זיך און דאָרטען שטעהט דער, מיט וועמען זי וועט דארפען לעבען איהר גאַנץ וועלטעל אָהן פרייד, אָהן האָפנונגען, אָהן ערוואַרטונגען, אַזוי ווי פיעלע, פיעלע אידישע ווייבער לעבען . . . די געזעצליכע געזעלשאַפט האָט געזיעגט, די אויף זיך אליין געשטיצ־טע פרוי . . . זי בלייבט ניט דאָ . . . זי פערלאָזט איהר היימאַטה און ציהט אין אַ פרעמדע שטאָט . . . .

ביי נאַכט געהט אָב דער פּאַראַחאָד קיין סעוואַסטאָפּאָל . . . . די פייערלעך פון אָדעס זיינען שוין לאַנג פערשוואונדען געוואָרען, די וועלען פון שווארצען מעער רוישען און ברויזען אַרום איהר, ווי אַ דונקעלער אָבגרונד ליגט דאָס וואַסער פאַרן שיף . . . איהר קינד, איהר זשעניטשקע, שלאָפט שוין לאַנג אין קאַיוטע, — זי איז אליין אויפ'ן דעק מיט איהר אָרעמען קאָפּ אויפ'ן באָרט פון שיף . . . איז דאָס מעער אַזוי טיעף, ווי איהרע שמערצען ? איז די נאַכט אַזוי דונקעל, ווי דונקעל עס איז אינ'ם האַרצען פון דיעזער אונגליקליכער יונגער פרוי ? געדענקט פון די טרעהרען, וואָס ווערען פערגאָסען אין דער שטיל און פון דעם קאַמפּף, פון וועלכען עס ווערט צובראָכען אַזאַ נאָבעלעם האַרץ ! . . . זי וואָלט געפאַלען, ווען זי זאָל געהן פאַר אַ מעטרעסע צום רייכען, זאַטען פראָצענטניק צ י י נ ע ר . . . ניין ! זי געהט פיהרען אַ שטילען, שווערען לעבען פון אַן עהרליכע ארבייטערין. די שטאַרקע אומשטענדע האָבען זי געצוואונגען צו ענטזאַגען זיך פון זיך אליין . . . ווער האָט גערויבט ביי איהר, איהר פערזענליכקייט. אויב ניט מיר אַלע, פון וועלכע אונזער געזעלשאַפט בעשטעהט ? . . .

צוזאמען מיט זיי אויך אייערע געדאנקען... דער ציעל פון דיכטער איז פאלקאמען עררייכט, אויב זיין ווערק צווינגט אייך נאכדענקען, טראכטען, אנאליזירען, נאכזוכען...

מיינע פריינדע, געדענקט, קיין ווערק קען ניט אנערקענט ווערען אלס א מייסטערווערק, ווי באלד עס האט אין זיך די קלענסטע טענדענץ צו פראפאגאנדירען געמיינהייט. עס מעג זיין געשאפען פון שעקספיר, פון געטהא, פון מיקעל אנזשעלא, פון לעאנארדא דא ווינטשי, — ווי באלד עס איז דורך און דורך ניט פאר װאהרהייט, פאר דאס עוויגע שעהנע, פאר דאס ערהאבענע, — איז דאס ניט קיין מייסטערווערק!

רעוואלוציאן! דאס איז א הימלישע עקספלאזיאן פון עלעקטריציטעט, וועלכע רייניגט אב די אטמאספערע!... עס בליצט ניט עוויג!.. עס מוז נור בליצען, ווען אין די אטמאספערע איז צוזאמענגעקליבען גענוג רעוואלוציאנע עלעמענטען!....

אויב א רעוואלוציאנער איז נאר דער, ווער עס קעמפפט ביז ער זיעגט, איז נאך קיינע רעוואלוציאנערען אין קיין רעוואלוציאן ניט געווען... ליידער, די, געגען וועלכע מען רעוואלטירט, זיינען שטענדיג די זיעגער... פריהער אדער שפעטער, די קרעפטע פון קעמפפער ווערען פאראליזירט פון דער איבערמאכט פון די פאסיווע און אקטיווע געגנער... אבער זיין מיסיאן איז ערפילט געווארען, זיין אפפער איז ניט פערלארען געגאנגען. אויף איין מאמענט האט זיין געטליכער פייער בעלויכטען די פינסטערנים און מענשען האבען דאך געזעהן דאס וואהרע ליכט... לאנגזאם, שפעטער, וועט דאס, פאר וואס ער האט געקעמפפט, אנערקענט ווערען אהן קאמפף... דאן וועלען קומען נייע גייסטער פון דער רעוואלוציאן, וועלכע וועלען קעמפפען פאר נייע אידעאלען. זיי וועלען פאלען אין זייערע נאבעלען קאמפף, אבער זייער ערהאבענע טהעטיגקייט וועט ניט פערלארען געהן...

„די וועבער" פון הויפטמאן זיינען דען ניט קיין רעוואלוציאנערען ווייל זיי זיינען געפאלען אין קאמפף? „די שלעכטע פאסטוכער" פון מירבא איז א רעאקציאנערע פיעסע, ווייל אלע סטרייקער זיינען אויסגעשלאכטעט געווארען? די ניהיליסטען פון רוסלאנד זיינען קיינע קעמפפער, ווייל דעם צאר'ס הענקער האבען זיי

פיעלע פון אונז זיינען זעהר גרויסע ראדיקאלען אין דער טהעאָריע, אָבער ווי עס קומט נור צו דער „פראקטיק" זיינען מיר אלע שוואכע, בעוואוסטלאָזע, קליינינקע טהיילכעלעך פון א גרויסע, בלינדע מאסע... וואָס טוט יעצט אונזער „אידישע" סאפאָה?

„די ערד שלאָפט...
זי וואנדערט אליין אין דער וויסטע...
ווי דורך א נעבעל ציהט זיך איהר אונבעקאנטער וועג..."



# סנפיר וקשקשת.

— אָדער —

## ע! ווי באַלד אַז אַזוי, וואָס דאַרף איך עס גאָר?

פון אלפיי.

(אַ שונד ראָמאַן אין דריי טהיילען, מיט אַ פּראָלאָג און עפּילאָג,, אַ הקדמה פונ'ם מחבר. שפּאַנענד, איינרייסענד, אינטערעסאַנט, פערכאַפּענד, ענטציקענד, גאַנץ ביליג און פון דעסט־וועגען מיט ראַכע, מיט ליעבע, מיט שרעק און מיט עגמת נפש).

### הקדמת המחבר.

אין אונזערע צייטען, אין אונזערע מקומות, ווען דער הויכווירדי־גער מיסטער שונד ראָמאַן לעזער איז שוין יאַ דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה, אַז אַ שונד ראָמאַן איז זיין איינציגע נחמה אין לעבען; ווען איהר זעהט אויף יעדען סטענד צווישען לעמאָן סיראָפּ און אָלל טאָבעקאָ סיגאַ־רעטס, פערשמאָלצענע, אויסגעבלעטערטע, דורך און דורך דורכגעלע־זענע, אין גאַנצען אויסגעזויגענע העפטען פון בעליעבטע שונדיגע מיים־טער־ווערקע; אין אונזערע צייטען און זאָ וויטער, א. ז. וו., האָף איך אַז דיעזער ראָמאַן וועט א. ז. וו. א. ז. וו.

דער מחבר.

### ערשטע טהייל:

ווייט אויף דעם שטאָט־טורם שלאָגט דער זייגער צוועלף — עס איז צוועלף אַ זייגער. די דונקעלע נאַכט איז פינסטער ווי די שוואַרצ־קייט אליין — עס איז פינסטער. גרויסע טראָפּענס רעגען פאַלען פון

ווי אַ מענש, וועלכער איז געווען פערמאַסקירט, איז געגאַנגען וואַלד איין און וואַלד אויס, ביז ער איז צוגעגאַנגען צו אַן אַלטען בוים. ער האָט געגעבען אַ שווערען, שווערען זיפץ, האָט אַ קוק געטאָן אויפ'ן הימעל, האָט אָבגעמאָסטען פון בוים זיעבען טריט צו מזרח זייט און האָט זיך אַנידער געזעצט און האָט אָנגעהויבען צו עסען אַ גאָמעלקע מיט אַ קיבעל. פּלוצלינג הערט ער אַ קינד, אַ מיידעלע, וועלכע מע רופט גרענאַדיעלע וויינט מיט אַ וויינענדיגע שטימע און פון רחמנות . . . (פאָרטזעצונג פאָלגט).

סנפּיר וקשקשת זיינען געווען די צוויי געהיימע וואָרטע. זיי זיי־נען געווען אויף איהר מעדאַליאָן, וועלכען זי האָט געטראָגען אויף איהר האַרץ. ווער זיינען מיינע עלטערן? פלעגט זי פרעגען ביי דעם מע־דאַליאָן: ווער זיינע מיינע פאָטער און מוטער? „סנפּיר וקשקשת" פלעגט איהר דער מעדאַליאָן ענטפערן: אין די פינסטערע לאַנגע נעכט, אין די דונקעלע קורצע פריהמאָרגענס האָט זי אַלץ געזעהן נאָר דעמזעלבען סנפּיר וקשקשת און איהר נאָמען איז געווען גרענאַדיעלאַ.

מיר מוזען איצט אויף אַ קורצע צייט פערלאָזען די געבירגע און אומקערן זיך צוריק נאָך דעם פערלויף פון די 39 יאָהר צייט. איבער'ן גרויסען אָקעאַן האָט געשוואומען אַ גרויסע שיף, די וועללען האָבען געברוישט, די רעדער האָבען געברויזט, די קוימענעס האָבען געפייפט. יעדע מינוט האָבען די וואַסערען אויפגעהויבען די שיף ביז די וואָלקענס און אַ איד איז געשטאַנען אין אַ ווינקעלע און האָט געדאַווענט מנחה. פּלוצלונג האָט דער קאַפּיטאַן געגעבען אַ געשריי, עס האָט אָנגעהויבען צו דונערן און צו בליצען, אַ שוואַרצער וואָלקען האָט זיך אַראָבגעלאָזט... דאָ איז צוגעגאַנגען אַ אידענע צום באָרטען און האָט מיט זעהר אַ זויערע מינע געזאָגט: „ע! ווי באַלד אַזוי, וואָס דאַרף איך עס גאָר?" דאָ ענדיגט זיך די צווייטע טהייל.

---

## דריטע טהייל.

(די צווייטע הקדמה פון דעם מחבר. מיר האָבען פערשפּראָכען צו געבען אַ פּראָלאָג מיט אַן עפּילאָג צו אונזער „סנפּיר וקשקשת" אָבער ווען אונזער פּראָלאָג מיט'ן עפּילאָג זיינען שוין געווען פערטיג,

אויבען, גליך ווי ארבעס זאל זיך שיטען פון דעם ארבעל פון גאָט. עס דונערט, גלייך ווי דער גאנצער רקיע השמים איז א דעק פון א גרויסען באראבאן, אויף וועלכען די פערווירטע מחותנים פונ'ם הימעל טאנצען א קאזאצקע. אין דיעזער שרעקליכער צייט איז זי געגאנגען אליין! אליין, אקוראט ווי אַן אייזען, ווי א שטיין. אליין, אקוראט ווי א מענש, וואָס האט קיינעם ניט איז אליין. פלוצלונג האָבען זיך דער־הערט שטילע טריט, א פייעריל האָט א בלישצע געטאָן, עס האָט גע־געבען א שרעקליכער קראך, עס האָט זיך דערהערט א שוידערהאפט געשריי — עס האָט אויסגעשאָסען. (פאָרטזעצונג פאָלגט).

(פאָרטזעצונג) זי האָט איהם געליעבט מיט די גאנצע געפיהלע פון איהרע געהירען, זי האָט איהם געליעבט מיט'ן גאנצען בלוט פון איהרע געדאנקען, זי האָט איהם געליעבט מיט'ן גאנצען הארצען פון איהר אונשולד. אך! זי איז געוועזען ריין, גלייך גאָט אליין האָט זי אויסגע־כשר'ט און אויסגעשייערט, זי איז געוועזען גוט, גלייך ווי אַן ענגעל, וואָס האָט קיין הארץ ניט; זי האָט איהם געשוואָרען זיין טריי און ער איז געוועזען א געלער און האָט מורא געהאַט פאַר קיצלען. זי האָט געטראָגען צוויי שארפע מעסערס אין איין האנד, זי האָט געהאַלטען א גרויסע פלאַש מיט גיפט אין דער אנדערער האנד, א שפיעז, א שארפע שפיעז איינגעטונקען אין סם האָט זי... האָט זי ניט געקענט טראָגען אין דער דריטער האנד, ווייל די קארגע נאטור האָט דעם מענשען ניט גע־געבען קיין דריטע האנד און זי איז געוועזען א ביסעל פערקיהלט און האָט א הוסט געטאָן... דיעזער הוסט האָט אויפגעוועקט א פערדעכטיגע פערזאָן, וועלכע האָט געדרעמעלט אויף א גאנקע פון א גרויס הויז. ער האָט גוט אויסגעריבען זיינע אויגען און...

דאָ ענדיגט זיך די אינטערעסאנטע ערשטע טהייל.

---

## צווייטע טהייל.

מיר מוזען זיך אומקערן מיט 39 יאָהר צוריק. אונזער ראָמאַן פאנגט זיך אָן אין די געבירגע פון קאווקאז, וואָס ליגען אין דעם לאנד שווייצערלאנד אונטער די הרי הושך, וואו עס געפינען זיך די שרעקליכע וועלדער. ויהי היום, עס איז געוועזען א טאָג, ווען מע האָט געקענט זעהן,

לאַנגזאַם, שטיל, אויסגעצויגען, איינס נאָכ'ן אַנדערן: איינס! צוויי! דריי! ... עס איז דריי אַ זייגער! ...

עס איז שטיל. גרענאַדיעלאַ דרעמעלט. איהרע שעהנע האָאָר האָבען זיך צו־וואָרפען ווי אַן איבערגעקעהרטע קאָפּנע מיט היי. זי שלאָפט אונשולדיג, ווי אַ שעהנע נאַכט אין פריהלינג מאַי, ווען די שעהנע ראָזען בליהען, ווען די פויגלעך צוויטשערן, ווען די גרינע גרעזעלעך דופטען און ציעגען גריזען זיי. און גרענאַדיעלאַ נעבעך שלאָפט. מענש! פרוי! ווייב! מאַמזעל! שלאָף ניט! ערוואַך! די בלוטדורשטיגע מערדער געהען! די שווערדען קלינגען שוין אין דער לופטען! דיין לעבען איז אין געפאהר און זי שלאָפט: אך! טראַך! (פאָרטזעצונג פאָלגט).

(פאָרטזעצונג) נאָך אין די אַלטע גרויע צייטען, ווען די תבה פון אונזער פעטער נח האָט זיך אָבגעשטעלט אין די הרי הררט, האָט געלעבט אַן אַלטער כישוף מאַכער, וועלכער איז געווען אַ מכשף. ער האָט געהאַט אַזאַ רינג, וואָס איז געווען פון גין־גאָלד געמאַכט און וועלכער איז געווען ווי אַ פינגערל. ווער עס האָט געהאַלטען דעם רינג און האָט געזאָגט: איינס, צוויי, דריי! און דער נאָכדעם איז דער מכשף געשטאָרבען. אָבער פאַר זיין טויט האָט ער דעם טייערען רינג אַוועקגעטראָגען אין די הרי חושך וואָס איז אין קאַווקאַז, האָט פון אַ בוים אָבגעמאָסטען זיעבען טריט צו מזרח זייט און עס איז אַוועק שוין פון יענער צייט פיעל טויזענד יאָהרען.

אָבער מיר מוזען זיך אומקעהרען צו אונזער גרענאַדיעלאַ. די געהיימע מערדער, וועלכע זיינען געווען אונטערדריקט פון איהר פאַלשען ליעבהאָבער, וועלכער איז געווען אַ פאַלשער. אונזערע לעזער דאַרפען געדענקען, אַז ער האָט זי פערפיהרט אין דער ערשטער טהייל פון דיזע ערצעהלונג און איז געווען אַ געלער, האָט מורא געהאַט פאַר קיצלען און האָט געהאַט נאָך מעהרערע שענדליכע חסרונות. די מערדער שאַרפען די מעסער, גרענאַדיעלאַ וויינט, געזעגענט זיך מיט'ן לעבען. זי זעהט אַז מע וועט זי טויטען, וועט זי מוזען שטאַרבען און וועט שוין ניט קענען חתונה האָבען. פּלוצלינג אַ געשריי: שטעהט! מערדער צוריק! (פאָרטזעצונג פאָלגט).

ווען דער מענש האָט אָבגעגעסען אין דער צווייטער טהייל פון אונזער ערצעהלונג „דעם קיכעל מיט דער גאָמעלקע", האָט ער געפונען דעם רינג פון דעם כשוף מאַכער, וואָס איז געווען אַ מכשף. באַלד האָט

האָבען מיר זיך דערוואוסט אַז אונזער קאָנקורענט, ניט געדאַכט זאָל זיין נאָמען דאָ ווערען, פלטיאל חיריק, דער פאַרטאַטש, שרייבט אויף אַ פראָלאָג מיט אַן עפּילאָג צו זיין אויך מיר אַ שונד ראָמאַן. דאַרום האָבען מיר אונזער פּראָלאָג מיט'ן עפּילאָג אריינגעשטעלט אין אונזער אַנדער ווערק: תהו ובהו אָדער די פערשמאָלצענע גערעכטיגקייט.
דער מחבר.)

ווייט, אונטער אַ גרויסע שטאָט שטעהט אַ קליינע הייזעלע — דאָס הייזעלע איז ניט גרויס. אַ גאַנצען טאָג איז דאָ שטיל, ווי ביי אַ טויבען אין אויער. אָבער צוויי אַ זייגער ביי נאַכט, ווען די שעמעוודיגע לבנה בעהאַלט זיך אונטער דעם פאַרטוך פון אַ שוואַרצען וואָלקען; ווען די ליכטיגע שטערענדלעך לייכטען ווי בענטש ליכט, וועלכע מען האָט פערגעסען אָבצושנייצען, ווען די שלאָפענדיגע מענשען שלאָפען אַלע אויסגעשלאָפענע, אין דיעזער שרעקליכער שטונדע פון דער דונקעלער נאַכט . . . (פאָרטזעצונג פאָלגט).

(פאָרטזעצונג) ווער וויינט עס אַזוי שפּעט אין דער נאַכט? וועמעס יאָמערליכע שטימע הילכט עס! נעהענטער, נעהענטער, אין קליין הייזעלע ווייזט זיך אַ פייעריל און די אונגליקליכע אדיעלע זאָגט:

„די לבנה שיינט העלל,
די וואסערן גיסען זיך!
אוי! אוי! און איך האָב פערלאָרען מיין טאַטע מיט מיין מאַמ . . .
און איך וועל לויפען שנעל.
בדאי צורייסען די שיף.
ביז כ'וועל נעהמען ראַכע מיט גיפט און מיט סם!

אַך! וועמעס וואַקס וועט ניט צוגעהן ווי אַ האַרץ (מיר שרייבען אומיסטען פערקערט, ווייל אונזער קאָנקורענט, פלטיאל חיריק אין זיינע שונד ראָמאַנען, וועלכע טויגען אויף כפרות, שרייבט שטענדיג: „וועמעס האַרץ וועט ניט צוגעהן ווי אַ וואַקס". אויך מיר ראָמאַנען!) אַך! וועמעס וואַקס וועט ניט צוגעהן ווי אַ האַרץ, ווען ער הערט דאָס זיסע ליעדעלע פון דער שעהנער גרענעדיעלאַ? וועמעס טרערען וועלען ניט שטרוימען פון די אויגען ווי די וואַסערען פון די רינעס? אָבער ניט דאָ איז דער פּלאַץ צו פילאָזאָפירען און דער זייגער שלאָגט דריי. יאַ!

# סנפיר וקשקשת.

(קריטישע עטיודען).

.1

פערשטעהן אין דער ליטעראַרישער וועלט אַ זאַך וואָס שטעהט ניעדריגער פון קריטיק איז פיעל שווערער, ווי צו שעצען דאָס וואָס שטעהט העכער פון קריטיק.

עס איז שוין פיעל געשפּראָכען געוואָרען פון דעם, דאָס לעזען ביי־כער קענען אין אונזער צייט אַ סך מענשען, אָבער פערשטעהן אַ בוך — קענען איינינע פון טויזענד.

ווען איהר וועט נעהמען אַ בוך און וועט איהם צו טהיילען אין טויזענד עקזעמפּליאַרען צו טויזענר מענשען, אָדער איהר וועט די זעלבע טויזענד מענשען אַ נידער־זעצען אין אַ טהעאַטער, מען זאָל פאַר זיי שפּיעלען אַ דראַמאַטישע ווערק, און איהר וועט דערנאָך ביי יעדען בעזונדער פרעגען אַ מיינונג וועגען דעם בוך, אָדער וועגען דאָס שטיק — וועט איהר קריגען פיעל פערשיעדענע מיינונגען, וועלכע קענען איינגעטהיילט ווערען אין פיער קאַטעגאָריען. ביי אַ צוויי הונדערט פון די טויזענד מענשען וועלען שטענדיג זאָגען: „ניש קשה, אַ גוט שטיק, אַ גוטער בוך, ניט שלעכט". זעקס הונדערט, פון טויזענד וועלען זאָגען מיט אַ געוויסע בעשיעדענהייט: „דאָס בוך איז גוט! דאָס שטיק איז טייער!" ווען עס וועט זיין פון דער ערגסטע זאָרט „סנפיר וקשקשת" ליטעראַטור. און זיי וועלען זאָגען: „עס טויג ניט", ווען דאָס ווערק איז ווירקליך אַ ליטעראַרישע ווערק. הונדערט מיט פינף און נײנציג וועלען זאָגען אויף אַ שלעכטע ווערקע אַז עס איז שלעכט; זיי וועלען פיהלען איינינע חסרונות, זיי וועלען פערשטעהן, ווען זיי וועלען ענדיגען דעם בוך ביז'ן סוף, אָדער זעהן דאָס שטיק ביז'ן ענדע,

ער ערפאהרען דאָס גראַנדיעלא איז זיין טאָכטער. ער איז געווען א גראף, אזוי ווי א פירסט און גרענאַדיאלא איז געווען ניט מעהר און ניט ווענינער ווי א גראפינע. באלד האָט מען געכאפּט דעם געלען גזלן און דער גראף האָט געזאָגט: דו האָסט אונגליקליך געמאַכט גרענאַדיעלע — האקט איהם אָפּ א האנד! דו האָסט מורא פאר קיצלען — שניידט איהם אָפּ א פוס! גרענאַדיעלא האָט חתונה געהאט פאר אן אמת'ן באראָן, וואָס האָט זיך מגיר געווען מיט 17 מיליאָן רענדלעך. מוזיק האָט געשפּיעלט, באראבאנען האָבען געקלאפּט, הלואי ביי אלע אידען ניט ערגער. תם ונשלם ספר המושלם.



שפּיעל, די זונן איז געווים אַ גאָט, די שטערן זיינען געטער... ער ווערט נתפעל פון יעדער ערשיינונג. אָבער ער דענקט ניט וועגען די אורזאַכען, וועלכע רופען ארוים דיעזע ערשיינונג, ער פערשטעהט ניט זייער בעדייטונג, זייער פערבונד מיט אַנדערע ערשיינונגען, די סיס־טעם אויף וועלכע דיעזע ערשיינונגען זיינען געבויט געוואָרען. ער זעהט נאָר דאָס וואָס וואַרפט זיך אין די אויגען, דאָס וואָס דריקט איהם מיט זיין גרויסקייט, דאָס וואָס שרעקט מיט זיין מעכטיגקייט, דאָס וואָס פּעראינטערעסירט מיט זיין אונפערשטענדליכקייט. זעקס הונדערט פון יעדען טויזענד געהערן צו די, וואָס ווערען נתפעל. ביי דיעזע קריטיקער איז נור גוט דאָס פון וואָס מען קען נתפעל ווערען.

די דריטע שטופע איז ווען אַ מענש קען שוין יאָ אביסעל אַנאַ־ליזירען, ווען ער האָט שוין אַ ביסעל קענטעניס. צום ביישפּיעל אַ מענש וואָס האָט שוין אביסעל געלעזען, אָדער וועלכער איז געווען אמאָל אין ערשטען קלאַס גימנאַזיע; ער ווייס שוין, דאָס די זונן געהט ניט ארום דער ערד, די לבנה האָט ניט אין זיך ישוע בן נונ׳ס פּנים און ער זאָגט שוין: „עט!”

אַ איד, וואָס איז שוין אין ניו יאָרק פינף־זעקס יאָהר לאַכט פון אַ גרינהאָרן און זאָגט איהם: וואָס פערשטעהסט דו ניט? נארר! דאָס איז דאָך „עלעקטריע”... דער געוועזענער גימנאַזיסט אָדער דער געלער יענקי פערשטעהען ניט די אוניווערסאַלע שעהנקייט פון דער גאַנצער זו־נען סיטעם, דעם פּראַכט פון דעם וועלטען־צוזאַמענהאַנג, די גאַנצע מאַכט פון דער נאַטור מיט איהרע וואונדערבאַרע געזעצע; זיי זאָגען נור: עט! אַ זונן נו, וואָס איז דאָרט אַזוינס? עלעקטרי? ווער ווייסט דאָס ניט!... צו דער קאַטעגאָריע קריטיקער געהען הונדערט מיט פינף און נײַנציג פון יעדען טויזענד.

פינף נור פון די טויזענד פערשטעהן די שעהנקייט, פּראַכט, און מאַכט פון דער גאַנצער וועלטען סיסטעם? פערשטעהען די נאַטור מיט איהרע פיזישע קרעפטען, מיט איהר פּאָעטישע שעהנקייט, מיט איהרע געהיימע וואונדערבאַרע ערשיינונגען, זיי אונפאַסען אַלעם מיט זייער אויג, בעגרייפען אַלעם מיט זייער געדאַנק און זייערע התפעלות איז געגרינדעט אויף עסטעטישער און ריכטיגע געזעצע. זיי ווערען נתפעל ניט ווי קינדער און ווילדע אינדיאַנער, זיי ווערען נתפעל ווי דענקער און פּאָעטען; זיי קריטיקירען ניט אַזוי ווי דער גימנאַזיסט

דאָס עס פעלט עטוואָס, דאָס זיי זיינען ניט בעפריעדיגט; און דאָך ווע־לען זיי זעהן אזא שטיק און לעזען אזא בוך מיט פערגניגען. די זעלבע הונדערט מיט פינף און ניינציג וועלען, פערקעהרט, פיהלען און פער־שטעהן, דאָס א גוטער בוך גיט זיי מעהר בעפריעדיגונג. זיי פערשטעהען אָבער ניט, וואָס איז די ליטעראַרישע גוטסקייט אין גוטען און האָבען אַלע א טבע צו קריטיקירען, צו ווייזען זיך פאַר גרויסע מבינים און קריטיקער, דיעזע הונדערט מיט פינף און ניינציג וועלען אויף יעדער גוטע ליטעראַרישע ווערק זאָגען: עט! נו, וואָס איז דאָרט אזוינס? וואָס איז דאָס פאַר אזא אי, אי, אי?

נור פינף מענשען פון די טויזענד וועלען פערשטעהן קלאָהר און דייטליך דאָס אוננאַטירליכע, פאַלשע, עקעלהאַפטע, וואָס עס געפינט זיך אין א „סנפיר וקשקשת" ווערק. פאַר זיי וועט זיין א מאַטערנעס, א שווערע שטראָף אזא מין ווערק צו לעזען אָדער צו זעהן אויף דער ביהנע; און, פערקעהרט, זיי וועלען אימשטאַנדע זיין צו שעצען און צו פערשטעהן אַלע מעלות פון א גוט ווערק, זיין נאַטירליכקייט, זיין מאַהלער־קונסט זיין וואַרהייט, ערהאַבענהייט און פּאָעטישע שעהנקייט. פון אזא ווערק וועלען זיי האָבען דעם גרעסטען עסטעטישען פערגעני־גען, וועלכען עס קען האָבען נור א אינטעליגענטער מענש, מיט א גוט ענטוויקעלטען ליטעראַרישען געשמאַק און א גרינדליכע אורטיילס־קראַפט.

די ענטוויקלונג פון מענשענס גייסט קען אויך אייגעטהיילט ווע־רען אין פיער הויפּט־קאַטעגאָריען. עס איז דאָ אזא צושטאַנד ווען דעם מענשענס געהירען זיינען גלייכגילטיג צו יעדער ערשיינונג. אזוי ווי אין א שפּיעגעל שיינען אָב טויזענדער זאַכען און דער שפּיעגעל ווערט דערפון ניט נתפעל. דאָס איז די ניעדריגסטע שטופע פון א מענשענס גייסט. ער זעהט ערשיינונגען, איז מקבל פערשיעדענע איינדריקע, ער קען זיי אָבער ניט אנאַליזירען, פערשטעהט ניט זייער בעדייטונג, קען ניט ערקלערען זייער אינהאַלט, קען ניט שעצען זייער ווערטה... אויף אזא שטופע געפינען זיך גאַנץ קליינע קינדער, אָדער ווילדע אין דער ערשטער צייט פון זייער לעבען. אין יעדען טויזענד לעזער און צושויער וועט איהר געפינען א צוויי הונדערט מענשען פון דעם קלאַס.

א העכערע שטאַפעל איז ווען א מענש הויבט אָן צו קענען נתפעל ווערען. דער מענש הויבט שוין אָן צו פערשטעהן, דאָס, צום ביי־

ניער, ניט קיין געטראַנק. עס איז נור ביליג! די סנפּיר וקשקשת ראָמאַ־נען זיינען אויך רעקלאַמירט ווי אמת'דיגע גוטע ראָמאַנען, זיי זיינען אויך זיס און זויערליך, דער אינהאַלט איז געדיכט און מוטנע, אַז מע זעהט ניט קיין געדאַנק און מע געפינט ניט קיין זינן. עס זידט אביסעל אין דער פאַנטאַזי פון דעם אונענטוויקעלטען לעזער און פערדאַרבט איהם שרעקליך זיין גייסטיגען מאָגען. עס איז ניט קיין ליטעראַטור, ניט קיין ראָמאַן — עס קאָסט נור ביליג.

א ראָמאַן אין ליטעראַרישען זינן פון דעם וואָרט דאַרף זיין גע־שריבען פון אַ מענשען, וואָס קען אַ גראַמאַטיק פון אַ שפּראַך, וואָס קען לאָגיש דענקען און פערשטענדליך איבערגעבען זיינע געדאַנקען, ער דאַרף האָבען אַ פאַנטאַזי פון אַ פּאָעט, ער דאַרף קענען דעם מענשענס זעלע, זיין גייסט, די טיעפּסטע געהיימניס פון זיין אינערליכער וועלט ווי אַ געלעהרטער פּסיכאָלאָג, ער דאַרף פאָרשטעלען טיפּען פון כאַראַק־טערע ווי אַ קינסטלער, ער דאַרף קענען די אומשטענדען, וועלכע רופען ארויס אין אונזער געזעלשאַפטליכען לעבען די אָדער יענע ערשיינונג, ווי אַ היסטאָריקער און אַ וואַהרער סאָציאָלאָג.

יעצט לאָמיר נעהמען דעם ראָמאַן „סנפּיר וקשקשת" פון אונזער קאָלעגא מיסטער אלפּיי און צושניידען איהם מיט'ן מעסער פון אונ־פּאַרטייאישע קריטיק. מיר מוזען צוגעבען, דאָס דיעזער ראָמאַן איז ניט אַ ווירקליכער שונד ראָמאַן, עס איז נור אַ קאַריקאַטור אויף אַזאַ מין ווערק. אָבער פאַר אונזער צוועק איז דאָס נאָך בעסער. עס איז נויטיג צו וויסען, דאָס מאַכען אַ קאַריקאַטור פונ'ם לעבען און שרייבען אַ קאַריקאַטור אויפ'ן לעבען איז ניט די זעלבע זאַך. מאַכען אַ קאַריקאַטור פונ'ם לעבען הייסט: נעהמען אַן ערשיינונג און צופּאַטשקען זי, אַזוי מיאוס, מאָהלען זי אַזוי אונעהנליך, אַז איהר קענט ניט דענקען, ווער איז אויפגעמאָהלט און וואָס איז אויפגעמאָהלט. דאָס הייסט: פערקריפּעלט, צוקאַליעטשעט מיט אַ האַנד פון אַ פּאַר־טאַטש אַ נאַטירליכע ערשיינונג. שרייבען אָבער אַ קאַריקאַטור אויפ'ן לעבען, הייסט בעמערקען אינ'ם לעבען, אינ'ם מענשען, אין ערשיינונגען, דאָס אוננאַטירליכע, פאַלשע, קאָמישע, לעכערליכע, פערגרעסערן עס, שטאַרק אויסדריקען, כדי דאָס אויג זאָל באַלד אויפכאַפּען, בעגרייפען דאָס אַלעס, און דער צוזעהער זאָל אָהן אַ פּירוש פערשטעהן דאָס קאָ־מישע וואָס ליגט אין דעם. דער „סנפּיר וקשקשת" איז אַ ראָמאַן, אין

אָדער געלער יענקי, נור ווי קענער, ווי מענשען וואָס קענען בעגרייפען און פערשטעהן.

.2

פאַר וואָס איז שווער צו שעצען אַ ליטעראַרישעס ווערק וואָס שטעהט אונטער קריטיק?

מיר וועלען זיך ווידער אומקעהרען צום ביישפּיעל מיט די טויזענד לעזער. ווען איהר גיט זיי אַ „סנפּיר וקשקשת" שונד ראָמאַן, האָט איהר נור פינף מענשען, וועלכע וועלען האָבען אַ בעשטימטע גרינדליכע מיינונג. זיי ווייסען, דאָס דער בוך טויג ניט און פאַר וואָס ער טויג ניט. הונדערט מיט פינף און נייצניג וועלען זאָגען: עס איז ניט אי! אי! אי! און וועלען דאָך לעזען מיט פערגניגען. די איבּריגע אַכט הונדערט וועלען דעם גאַנצען סנפּיר וקשקשת איינשלינגען, ווי אַ הונגעריגער קאָזאַק שלינגט איין אַ שיסעל בלינצעס. זעקס הונדערט פון זיי וועלען נאָך בעווייזען מיט אַרגומענטען, פון וואָס זיי ווערען נתפּעל.

„זי געהט אליין", „זי ווייגט", „דער געלער פערברעכער האָט זי אונגליקליך געמאַכט". „מע שיסט". „מע שרייט, מערדער!..." דער לעזער פערשטעהט ניט, ווי אַזוי קלעפּט זיך איין זאַך מיט דער אַנדערער, ער פרעגט ניט קיין שאלות, ווי אַזוי האָט דאָס אַלעס געקענט פּאַסירען, ער טראַכט ניט דערפון, וועלכע נאַטירליכע אומשטענדען האָבען ארויסגערופען די אָדער יענע ערשיינונג? ער הערט נור פורכטערליכע קנאַקענדיגע ווערטער, זעהט פערשיעדענע סענסאַציאָנעלע סצענען, פערשיעדענע מענשען שווימען פערביי זיין אויפגערייצטען אויג, פאַנטאַסטישע בילדער געהן פערביי איהם, זיין נייגעריגקייט איז אויפגעוועקט, זיין פאַנטאַזיע אויפגעבראַכט, ער איז נתפּעל געוואָרען! וואָס האָט ארויסגערופען זיין התפּעלות? מיט וועלכע מיטלען האָט דער סנפּיר וקשקשת־שונד־ראָמאַן־פאַבריקאַנט צורודערט זיינע נערוועז?

אויף די סטענדען, וואו עס ווערען פערקויפט די העפטען פון שונד ראָמאַנען, קענט איהר אויך קריגען אַ באָטעל „שאַמפּאַניער" פאַר פינף סענט. עס איז אַ זיס און אַ זויערליכער קוואַס, געדיכט און מוטנע ווי אַ גאָגעל־מאָגעל, עס זידט אַ ביסעל אין גלאָז און מאַכט גרויסע טראָבעל אין מאָגען. עס איז ניט קיין וויין, ניט קיין שאַמפּאַ־

ניט קיין אמת'ע ער־שיינונגען פון דער מאַיעסטעטישער נאַטור, זעהט איהר אויסגעטראַכטע אָנגעפּאַטשקעטע פאַנטאַס־מאַגאָריען פון אַ שונד־ליגנער. פערדאַרבט אייך ניט מיט אַזאַ לעזע־שטאָף.

די לעזער פון שונד־ראָמאַנען האָבען אַ מעהרסטען געגוג פער־שטאַנד צו שעצען יעדע ערשיינונג אין לעבען; זיי האָבען געגוג שכל צו פערשטעהן, אַז עס האָט קיין בעדייטונג ניט, ווען אימיצער דער־צעהלט, אַז ער האָט פערזייט אַ קעריל פון אַ לימינע און פון דעם קע־ריל איז אויסגעוואַקסען אַ ארץ־ישראל ציעג; זיי האָבען געגוג פּראַק־טישען שכל צו פערשטעהן, אַז עס איז ניטאָ פון וואָס צו וויינען, ווען אַ געזונטער, רויטער קאָזאַק זיצט איבער אַ שיסעל מיט וואַרעניקעס און קלאָגט: „אידען האָט רחמנות, איך בין אַ הונגעריגער יתום"... די זעלבע מענשען אָבער פערלירען זייער שכל הישר, ווען זיי לעזען אַזעלכע אומגעלומפּערטע שלא היו ולא נבראו מעשות... עס שטעהט געשריבען אין שונד ראָמאַן, אַז אַ קוה איז געפלויגען איבער'ן דאַך און האָט געזונגען אַ ליעד מיט'ן נוסח פון טל און דער לעזער לעגט שוין צונויף זיינע ליפּען און מאַכט: פּס! פּס! אי! אי! אי!..." מען שילדערט איהם אַ שונדיגע סצענע, ווי אַזוי פון די אויגען פון אַ שוואַ־כע יתומה האָט מען אָנגערונען זיעבען פעסלעך מיט רערען, און דער סענטימענטאַלער לעזער איז געריהרט, ווישט די אויגען מיט'ן ארבעל און וויינט. אַן ענטוויקעלטער לעזער דאַרף נתפּעל ווערען ניט פון אַן אויסגעטראַכטע גוזמא זאַך, — ער דאַרף נתפּעל ווערען נור פון אַזעל־כע בילדער, וועלכע שטעלען איהם פאָר די וואונדער און פּראַכט פון דער נאַטור, די שעהנקייט אָדער העסליכקייט פון דעם מענשען'ס כאַ־ראַקטער, די מאַכט פון מענשען'ס געדאַנק, דעם וואונדערבאַרען צו־זאַמענהאַנג פון פערשיעדענע אומשטענדע אינ'ם מענשען'ס לעבען. מע דאַרף ניט וויינען דערפון, וואָס איינער פערוואַרפט אייך מיט ווער־טער: טרערען! זיפצען! קלאָג! יאָמער! וועה און אָך! צרות און שלעק!... איין וואָרט, איין סצענקעלע דאַרף און קען אייך ריהרען, ווען עס שטעלט פאָר ריכטיג, וואָס דער מענש ליידעט, ווען עס ענטדעקט אייך, וואָס זיין האַרץ פיהלט, ווען עס גיט אייך איבער דעם פּסיכאָלאָ־גישען פּראָצעס, וועלכער האָט צו וועהטאָגט זיין זעעלע...

ווען איהר לעזט איבער אַ „סנפּיר וקשקשת'דיגען" ראָמאַן, דאַרפט איהר זיך אליין ענטפערען אויף דער פראַגע: וועלכע טיפען האָט אייך

וועלכען א פעדער פון א קאריקאטוריסט האט אין העלע פארבען עהנליך נאכגעמאכט אן אמת'ן שונד ראמאן. און ווייל אין איהם זיי־נען קאנצענטרירט, און אין א פארגרעסערטער פארם אויסגעדריקט די אייגענשאפטען פון א שונד ראמאן, איז גרינג זיי צו בעמערקען און נאכדעם זיי צו בעשפרעכען.

.3

יעצט, אז מיר וויסען שוין, אז א ראמאן קען נור דאן אנערקענט ווערען, אלס א ליטעראריש ווערק, ווען ער איז געשריבען נאך די רעגלען פון גראמאטיק און לאגיק, ווען ער איז געגרינדעט אויף ריכטיגע בע־אבאכטונג און פסיכאלאגישע ערשיינונגען, ווען ער שילדערט וואהרע טיפען און גיט ווירקליכע פאעטישע בילדער, יעצט וועט אונז לייכט זיין צו פערשטעהן פאר וואס איז „סנפיר וקשקשת" א שונד ראמאן..

ווען איהר לעזט א ראמאן, דארפט איהר פון ערשטען ווארט אן זיין אויפמערקזאם. „סנפיר וקשקשת, אדער ע! ווי באלד אז אזוי, וואס דארף איך עס גאר?" — דער נאמען אליין ערקלערט אייך שוין, דאס דער פערפאסער פערפאלגט ניט קיינע ליטעראַרישע ציעלען, דאס מע זוכט נור מיט „סנפיר וקשקשת'דיגע" אונזיניגע, באמבאסטיגע ווערטער צו פערבלאפען דעם נאאיווען און צוטרויליכען לעזער. ווען איהר לעזט דערנאך די פערשפרעכונגען פון דעם מחבר, וועלכער בע־גליקט אייך מיט עטוואס בעזאנדערעס, שפאנענדעס, איבעראשענדעס, אינטערעסאנטעס און בעלעהרענדעס, — לעזט שוין ניט ווייטער! וואהרע ליטעראטור וואהנט ניט צוזאמען מיט דער אונפערשעמטער רעקלאמע... א גוטער בוך גיט דעם לעזער דאס, וואס ער פערשפרעכט ניט, א שלעכטער בוך פערשפרעכט דאס, וואס ער גיט ניט.

פאעזי אין א נאוועלע בעשטעהט ניט אין דעם, וואס דער אוי־טאר פערשרעקט אייער פאנטאזי מיט הימלען, וועלכע שטירצען צו דער ערד, מיט א נאכט, וועלכע איז שווארץ ווי א גלח, מיט דונערן און בליצען, וועלכע רוישען ווי אקעסעל־פויק... הערט זיך צו צו יעדען ווארט, בעמיהט אייך פארצושטעלען זיך אין דער ווירקליכ־קייט, וואס דער אווטאר שילדערט אייך, ווי באלד אין דעם איז ניטא קיין וואהרהייט, איז דאך אויך ניטא קיין פאעזי; ווי באלד איהר זעהט

# וואס איז א סטיל?

**Le Style c'est l'homne.**

„סטיל" איז א גריכיש ווארט. אין דיעזער שפראך בעדייטעט עס א פעדער, א פען, א שטעקעלע, מיט וועלכען מע האט אין די פערצייטיגע יאהרען געקריצט, ווען עס איז נאך ניט געווען קיין שטאלענע פעדער מיט קיין „פאונטין פענס".

איצט רופט זיך אין ליטעראטור סטיל — די מאנערען, דער אופן, דער וועג, דער שטייגער מיט וועלכען יעדער מענש, וואס רעכענט זיך פאר א שרייבער, דריקט אויס מיט'ן פעדער אויף פאפיר זיינע געדאנקען, זיינע אבמעסטונגען און זיינע בעגריפע.

איין שרייבער האט א לאקאנישען סטיל, דאס הייסט: ער דריקט אויס זיינע געדאנקען קורץ, שארף און דייטליך. דער אנדערער שרייבט מיט לאנגע, צושפרייטע זאצען און האט אין זיך זיעבען מאס רייד. איינער האט א גיפטיגען, סאטירישען סטיל, דער אנדערער שרייבט וואסערדיג, איינער שרייבט איינפאך, דער אנדערער שרייבט מיט הויכע מליצה. איינער שרייבט מיט אן עלעגאנטער שעהנע שפראך; דער אנדערער דריקט אויס זיינע געדאנקען מיט דער שפראך פון מארק „סעדיכעס" און בעלי־עגלות. איינער געהט גלייך צום „פאינט", דער אנדערער פלאנטערט זיך ארום מיט זייטיגע וועגען פון משלים, אלעגאריען און פשט'לאך; איינער רעדט נאטירליך, דער אנדערער קינצעלט זיך און ברעכט זיך, טראכט אויס משונה'דיגע אויסדריקע, מוטשעט אויס פון זיך נאך „ניט דא געוועזענע" ווערטלעך, גלייך ווערטלעך און קרום ווערטלעך. יעדער פון דיעזע שרייבער דריקט אויס מיט'ן פעדער זיינע געדאנקען מיט זיין אייגענעם שטייגער, דאס הייסט מיט זיין אייגענעם סטיל.

אלזא, ווי איהר זעהט, סטיל איז ניט דער ציעל, עס איז נור דאס מיטעל פון ליטעראטור, עס איז נור איהר פארמע, עס איז ניט

דער שונד ראָמאַן פאַרגעשטעלט? וואָס ווייסט איהר פון די העלדען? וואָס האָט אייך דער פערפאַסער דערצעהלט פון זיי? קענט איהר גלויבען אז עס איז געגוג, ווען דער אויטאָר זאָגט אייך, אז, זי האָט איהם געשוואָרען זיין טריי און ער איז געווען א געלער און האָט מורא געהאַט פאַר קיצלען?" אָדער דאָס ער האָט געגעבען א ז י פ ץ, דייטליכער עס ווערען בעשריבען די העלדען פון די שונד ראָמאַנען! דערמאָנט אייך, וואָס ווייסט איהר פון זייערע גייסטיגע אייגענשאַפטען, פון זייערע פרינציפּען, פון זייערע אידעען, פון זייערע שטרעבונגען? ווייסט איהר מעהר פון דעם, דאָס זיי זיינען געלע, האָבען ליעב גאָמעלקעס מיט גערעכטיגקייט, און האָבען מורא פאַר קיצלען און פאַר רשעים?.. פון דעסטוועגען לעזט מען דאָך דעם שונד ראָמאַן און מען מיינט, אז דאָס איז ליטעראַטור.

לאָגיק — דאָס איז אַזאַ פּירה, וועלכע וויל גאָר ניט וואַקסען אויף דעם בוים פון „שונדריזמוס"... ווען איהר לעזט אין דעם ראָמאַן „סנפּיר וקשקשת", דאָס „זי האָט איהם געליעבט מיט די גאַנצע געפיהלע פון איהרע געהירען, זי האָט איהם געליעבט מיט'ן גאַנצען בלוט פון איהרע געדאַנקען, געליעבט מיט'ן גאַנצען הארצען פון איהר אונשולד", — פערשטעהט איהר, אז דאָס איז אונלאָגיש, נאַריש, אונזיניג; איהר פערשטעהט, אז ליעבען מיט די געפיהלען פון די געהירען, מיט'ן בלוט פון די געדאַנקען מיט'ן הארצען פון אונשולד איז אַזוי מעגליך, ווי עס איז מעגליך צו ליעבען מיט א כאָליאַווע פון אַן אַלטען שטיוועל און פון דעסטוועגען, ווען אַזעלכע אונלאָגישע, ווילדע, משונה'דיגע זאַכען, בעפּוצט מיט אונזיניגע קליגענדרע מליצות, טרעפען זיך אויף יעדען שריט און טריט אין א געשריבענע מעשה — מיינט מען אז עס דאַרף אַזוי זיין.

זוכט אמת'ע פּאָעזי אין דעם בוך, וואָס איהר לעזט, זוכט לעבענסטרייע בילדער, זוכט לאָגיק, ערקלערונג פון די פערשיעדענע פּסיכאָלאָגישע פּראָצעסען, פון וועלכע עס קומט ארויס דעם מענשענס האַנדלונגען, זוכט ריינעם עסטעטישען פערגעניגען און דער שונדיגער סנפּיר וקשקשת־ראָמאַן וועט מוזען פערשוואונדען ווערען. אז איהר וועט גוטען מאַטעריאַל פאָדערען, וועט מען אייך גוטען מאַטעריאַל געבען.

די פראַנצויזען דערפאַר, וואָס זיי האָבען געלערענט רעדען בלשון נקיה, וואָס זיי האָבען געוויזען, וועלכע הויכע און וואונדערבאַר שעהנע פאָר־מען עס קענען בעשאַפען ווערען אין דער שפּראַך פון אַ מענשען. געוויס, עס איז וויכטיגער אַ שרייבער זאָל האָבען גוטע געדאַנקען איידער אַ גוטען סטיל, עס איז אָבער נאָך בעסער, ווען ער האָט גוטע געדאַנקען מיט אַ גוטען סטיל. און עס איז נאָר אַ צרה, ווען קיין געדאַנקען זיינען ניטאָ און דער סטיל טויג נאָך דערצו אויך אויף כּפּרות... לכל הפּחות ווען איהר לעזט עטוואָס, האָבען פערגניגען פון דעם, וואָס איהר זעהט, ווי וואונדערבאַר רייך, עס קען זיין די טעכניק פון דעם מענשען'ס שפּראַך. די קונסט, מיט וועלכער דער שרייבער בויעט שעהנע סימעט־רישע און קלינגענדע זאַצען איז אַליין פאַר זיך אַ בריהשקייט, פון וועל־כער מען קען ענטציקט ווערען. דער אידעאַל פון ליטעראַטור איז, אַז דער סטיל זאָל האַרמאָנירען מיט'ן געדאַנק און דער געדאַנק פון'ם שרייבער זאָל האָבען אַן אויפקלערענדע מאַכט אין דעם סטיל...

מע קען אָבער ניט פאָדערען, אַז אַלע מענשען זאָלען שרייבען מיט איין סטיל. דער סטיל פון יעדען שרייבער איז אַ פּראָדוקט פון זיין אייגענער אינדיווידואַליטעט, אַן אויסדרוק פון זיינע פּסיכאָלאָגישע און אינטעלעקטועלע אייגענשאַפטען. יעדער אָראַטאָר האָט זיינע איי־גענע מאַנערען אין רעדען — מאַנערען, וועלכע שטימען איין „מיט זיין אינדיווידועלען איך..." ניט נאָר „רעדנער", אפילו יעדער פּראָס־טער בשר ודם האָט זיך זיין אייגענעם „סטיל" אין רעדען, זיין איי־גענעם שטייגער, זיין נוסח, וועלכער ווערט בעשאַפען פון דעם בעל דבר'ס כאַראַקטער, זיין טעמפּעראַמענט און זיין נערוועןֿ־סיסטעם. דאָס זעלבע איז געוויס אויך ווען דער מענש מאָהלט אויס זיינע רייד מיט אַ פעדער אויף פּאַפּיר. און אין דיעזען זינן איז דער פראַנצויז גערעכט, ווען ער זאָגט: „דער סטיל דאָס איז דער מענש"! אינ'ם סטיל שפּיע־געלט זיך אָב דער מענש...

איהר וועט אפשר ניט טרעפען פון דעם שרייבערס סטיל, צו איז ער אַ מעלאַנכאָליקער אָדער אַ לעבעדיגער יונג, צו האָט ער ליעב טהע מיט לימענע אָדער „געפּרייטע" מצה, איהר וועט אָבער פון זיין סטיל דערקענען צו איז ער בעגאַבט מיט טאַלענט, אָדער ער איז אַ גייסטיגער קבצן, קען ער גראַמאַטיק אָדער ניט, איז ער אַ מענש מיט ענערגי, אָדער אַ שמאַטע פון וועלכער מע קען מאַכען אַ קוואַטש; צו

דער גערדאנק אליין, עס איז נור דער אופן מיט וועלכען דער גערדאנק ווערט אויפ'ן פאפיר פערקערפערט...

עס איז אָבער געווען אַ פּעריאָדע אין דער ליטעראַטור, ווען מען האָט גערעכענט, אַז די הויפּט מעלה פון אַ שרייבער איז זיין סטיליס־טיק. די פראַנצויזען, וועלכע זיינען בכלל און בפרט זעהר עלעגאַנטע מענשען, האָבען אויסגעאַרבייט די עלעגאַנטעסטע שפּראַך אין דער וועלט. אין אַכטצעהנטען יאָהר הונדערט זיינען די פראַנצויזען געווען די ליטעראַרישע געזעצגעבער פון אייראָפּאַ און זיי צוליעב האָט גע־הערשט אַזאַ מיינונג, דאָס יעדע ליטעראַרישע ווערק דאַרף זיין גע־שאַצט נאָך זיין סטיל נאָך. איז דער סטיל געווען שעהן, עלעגאַנט, גלענצענד, מליצה'דיג, האָט דאָס ווערק געהאַט אַ גרויסען ווערטה; ווען ניט, האָט עס קיין ווערט ניט געהאַט. ניט די ליטעראַרישע קאָנ־פּעטע אליין, נאָר די פּאַפּירעלעך, עטיקעטעלעך און גאָלדענע פּאָדעם מיט וועלכע די קאָנפּעטע איז געווען פערוויקעלט, האָט מען געהאַלטען טייער. דערפאַר איז גאָר קיין חדוש ניט, וואָס דער פראַנצויז ביופאָן האָט אויסגעשריען: דער סטיל — דאָס איז דער מענש!

לודוויג בערנע האָט ניט געוואָלט איינשטימען מיט'ן פראַנצויז. וואָס הייסט, זאָגט ער, דער סטיל דאָס איז דער מענש? מאַכט זיך דען ניט, אַז אַ גוטער מענש האָט אַ שלעכטען סטיל און פערקעהרט, אַ שלעכטער מענש האָט אַ גוטען סטיל? מיט אַ שלעכטען סטיל קען מען מאַנכעס מאָל אָנשרייבען זעהר אַ גוטען בוך און ביופאָן אליין מיט זיין גלענצענדען סטיל האָט בעוויזען, אַז גלענצענדע גערדאַנקען מאַכען אַ שרייבער אונשטערבליך און ניט גלענצענדע ווערטער. ווייטער, ברענגט בערנע אַזעלכע בעווייזע: מענשען, וואָס שרייבען עלעגיען און פּעסעמיסטישע אַרטיקלען זיינען אָם מיינסטענס אין לעבען פריילינע און לעבעדיגע חברה לייט און פערקעהרט, די וואָס וויצלען זיך און מאַ־כען לוסטיג ביים שרייבען, זיינען אָפט אין לעבען מעלאַנכאָליקער און אומעטיגע מענשען.

סטיליסטיק ווי יעדער פערנינפטיגער שרייבער פערשטעהט שוין איצט, איז ניט דער עיקר פון דער אויפגאַבע פון ליטעראַטור, אָבער אַזוי ווי אַ סקולפּטאָר קען ניט אויסדריקען זיין אידעע אָהן גיפּס און אָהן מירמעל־שטיין, אַזוי קען ניט אויסגעדריקט ווערען דעם שרייבער'ס גערדאַנקען אָהן אַ סטיל. די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט איז דאַנקבאַר

# ווער זיינען אונזערע וועג־ווייזער?

.1

אויף דער פראַגע: ווער זיינען אונזערע וועג ווייזער? איז דאָ זעהר אַ קורצער און אַ דייטליכער ענטפער, — אונזער וועג־ווייזער זיינען „מיקסאָלאָגיסטען". איך וויים, איהר קוקט מיך אָן מיט בע־וואונדערונג: וואָס איז דאָס פאַר אַ מין נייע זאַך — מיקסאָלאָגיס־טען?

אין דעם לעצטען יעהרליכען רעפּאָרט פון דער עדיוקיישיאָנאַל אַליאַנס (געוועזענע היברו אינסטיטוט) איז אָבגעדרוקט אַ רעדע פון אַ געוויסען מר. מקילוועי, ער איז דער עדיטאָר פון דעם ברוקלינער „אי־געל". געהאַלטען האָט ער די רעדע אויף דער יעהרליכע פערזאַמלונג פון אַלע דירעקטאָרען און מיטגליעדער פון דער „עדיוקיישיאָנאַל אַליאַנס". זיין רעדע פאַנגט זיך אָן אַזוי: „מיינע פריינדע. מיט עטליכע יאָהר צוריק איז אַ ריכטער פון סופרים קאָורט געווען זעהר איבערראַשט מיט די ענטפערן פון אַן עדות. אויף דער פראַגע: מיט וואָס בעשעפ־טיגט איהר זיך? האָט דער צייגע געענטפערט, ער איז אַ מיקסאָלאָ־גיסט. — וואָס פאַר אַ מין „מיק" זייט איהר? — „איך בין אַ מיקסאָלאָגיסט". מיט דער הילפע פונ'ם אַדוואָקאַט איז ענדליך ער־קלערט געוואָרען אַז דער צייגע איז אַ באַרקיפּער און אַז ער איז אין גאַנץ ניו יאָרק צווישען אַלע באַרקיפּערס דער גרעסטער מומחה צו מאַכען פון פערשיעדענע משקאות אַלערליי „מיקסד דרינקס". „ווען מיין פריינד מר. סטראוס, אַזוי זאָגט ווייטער מר. מקילוועי, האָט דאָ היינט, רעדענדיג וועגען די פערשיעדענע אויפגאַבען און שטרעבונגען פון דער עדיוקיישיאָנאַל אַליאַנס, געמאַכט אַ טעות (אַ בולבע בלעז) און האָט אָנגערופען אַ סאַלאָן מיטן נאָמען סאַלון, איז מיר געקומען דער געדאַנק, אַז ער אַליין, דאָס הייסט מר. סטראוס,

האָט ער געזונטע לאָגיק, אָדער ביי איהם איז אין קאָפּ אַ הירזשענע קאַשע, צו איז ער אַ מענש מיט אַ פּלאַן אָדער ער שפּרינגט אום ווי אַ היישעריג, צו רעדט ער אויפריכטיג פון גאַנצען הארצען, אָדער ער שפּיעלט נאָר אַ קאָמעדיע, צו האָט ער פאַר זיך אַ ברייטען האָריזאָנט, אָדער ער זעהט נאָר זיין אייגענעם שפּיץ נאָז, צו האָט ער פּרינציפּען, אָדער ביי איהם איז אַלעס הפקר פּעטרישקע, האָט ער אמת'ע געפיהלען אָדער אַלעס איז ביי איהם נאָר נאָכגעמאַכט און „טו אָרדער" פאַבריצירט... ווי שעהן און ווי קינסטלעריש דער סטיל פון'ם שרייבער זאָל ניט זיין געשניצט, ווי שטאַרק דער שרייבער זאָל ניט זוכען מיט קלינגענדע פראַזען און זיסע מליצות צו פאַרמאַסקירען זיין אייגענעם „איך", ווען ער זאָל אפילו פערניכטען אַ גאַנצען פייגען־בוים אום צו פערדעקען מיט זיינע בלעטער די ערוה, — וועט עס איהם דאָך ניט העלפען. יעדער לעזער וואָס האָט די פעהיגקייט צו אַנאַליזירען און פערשטעהן, וועט באַלד אין דעם סטיל געפינען דעם מענשען....

ווער רעדט ביי אונז אין דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור, וואו מע דענקט גאָר ניט פון קיין שעהנעם קינסטלערישען סטיל און וואו די שרייבער מאַכען זיך ניט קיין גאַרטלען אפילו פון קיין עלה תאנה, — ביי אונז איז גאָר אַ מחיה. איהר לעזט דורך איין אַרטיקעל און גיט שוין אַ געשריי! אָט איז ער! איך האָב איהם דערקענט!



פון די אידישע עלטערן פון דער איסט סייד און זאָ ווייטער. מיט איין וואָרט, דער רב״ש״ע אליין ווייסט וואָס עס וואָלט געוואָרען פון דער גהעטאָ, ווען זיי זאָלען ניט זיין אונזערע אפוטרופס׳ען און פערזאָרגער.

מיט וועלכע מיטלען קורירען זיי דיעזען פערפעסטעטען און גע־פעהרליכען מאָב? זיי האָבען געמאכט א מיקסטוריע פון עדיוקיישאָן, מאָראל, רעליגיאָן, טשאריטי, פאָליטיק און גיעבען דעם קראנקען אלע שעה א טעע לעפעל. זאָל אונז ערלויבט זיין נאָכצודענקען אויף וויפיעל ־יעזע מיקסטורע איזווירקליך א רפואה, דאָס איז ערשטענס, און צווייטענס, ווער איז מעהר חולה, צו דער, ווענען מען קורירט, צו די, וועלכע האָבען זיך אליין געמאכט פאר רופאים?...

2.

זייער טהעטיגקייט פון עדיוקיישאָן איז קאָנצענטרירט אין דער גרויסער שטוב, וואָס שטעהט אויף איסט בראָדוויי און רופט זיך מיטן נאָמען „עדיוקיישיאָנאל אליאנס״. מערקווירדיג, פריהער ווען דיעזער עסטאבלישמענט האָט געהאט מעהר רעכטע צו רופען זיך עדיוקיי־שיאָנאל, האָט זיך דאָס גערופען „היברו אינסטיטוט״, איצט, ווען עס האָט זיך געדארפט רופען ניט היברו, נאָר פשוט „דזשואיש אינסטי־טוט״, רופט מען דאָס עדיוקיישיאָנאל אליאנס. אלזאָ וואָס איז דאָס פאר אן אינסטיטוט?

עס איז א גרויסער דעפארטמענט סטאָר. וואָס האָט איהר ניט אין אזא אמעריקאנער קראָם? זאָקען און וועש, שטיוועל און קליידער, היטלען און הענטשיקעס, בייסיקעלס און אויטאָמאָבילען, פראָדוקטען פון קונסט און אלעאָגראפיען; פאָרטאָפיאנעס און מאנדאָלינס, בי־כער און שול־אנגעלעגענהייטען, בלומען און חאָמוטעס פאר פערד... אין אזא סטאָר איז דאָ א רעסטאָראָן און מען גיט דאָרט אָפט קאָנ־צערטען פאר די קאָסטימערס... אזא דעפארטמענט סטאָר איז די עדיוקיישיאָנאל אליאנס. עס איז דאָ א דעפארטמענט פון חזנות און רבנות, א דעפארטמענט פון תפילות און דרשות, א דעפארטמענט פון געפילטע פיש און געשיכטע דער פילאָזאָפי, שעקספיר און מאנדאלינא קונסט, עטהיקס און טענץ, גימנאסטיק און פאָליטיק. אלע אָנגעשטעל־טע אין דיעזען עדיוקיישיאָנאל סטאָר זיינען ניט מעהר ווי קלערקס,

איז אייגענטליך מעהר אָדער ווייניגער אַ מיקסאָלאָגיסט א. ז. וו.״

מיינע פריינדע, אונזערע וועג־ווייזערס, אונזערע לערערס און משגיחים, די, וועלכע האָבען זיך גענומען דאָס רעכט אונז פיהרען און בילדען זיינען אַלע, מעהר אָדער ווענינער, מיקסאָלאָגיסטען, מענשען, ביי וועלכע סאַלאָן שטעהט נאָהענט לעבען סאַלון... הונדערטער־טויזענדער פון אונזערע ברידער טרינקען יאָהרענלאַנג די „מיקסד דרינקס״ פון די פילאַנטראָפּישע באַרקיפּערס, געהען אום בעטויבט פון זייערע עדיוקיישיאָנאַל קאָקטיילס, און עס איז שוין צייט מיר זאָלען זיך אויסניכטערען און מיט קלאָרע אויגען אַרומקוקען זיך וואָהין פיהרען אונז די דאָזיגע וועג־ווייזער און ווער זיינען זיי אליין?

איך מוז אייך פריהער מיט־טהיילען אַ פאַקט, וועלכער וועט אמבעסטען אילוסטרירען די אַלע וויכטיגע פראַגען, וועלכע איך וויל בעריהרען אין דיעזען אַרטיקעל.

מיט אַ קורצע צייט צוריק זיינען פיעלע פון אונזערע בעקאַנטע דאון־טאונער פריינדע געוועזען איינגעלאַדען דורך בריעף צו מר. איזי־דאָר סטראוס, דעם פּרעזידענט פון דער עדיוקיישיאָנאַל אַליאַנס. אויף דער פערזאַמלונג זיינען געוועזען זעהר פיעל פּראָמינענטע מיקסאָלאָ־גיסטען. די איינגעלאַדענע פאָרשטייער פון דאון טאון האָט מען ניט געגעבען קיין וואָרט, מען האָט זיי נאָר געהייסען הערען וואָס מען זאָגט זיי. ווען ענדליך יאָזעף באַראָנדעס האָט יע געקראָגען דאָס וואָרט, האָבען די מיקסאָלאָגיסטען יעדע מינוט איהם איבערגעריסען, זאָגאַר אליין דער בעל הבית האָט איהם ניט געלאָזט רעדען און אַלע האָבען געשריען: ניט דאָס זיינען די רעד, וואָס מען איז געקומען הערען, געקומען איז מען הערען נאָר דאָס, וואָס זיי זאָגען... וואָס זשע האָבען זיי געזאָגט? זיי האָבען פּשוט גאַנץ אָפען געזאָגט, אז די אַלע אידלעך פון דער גהעטאָ זיינען ווילדע חיות, אַ מאָב, פון וועלכען יעדערער וואָלט דעם אַנדערן צוריסען און יעדע אָרדנונג און געזעצ־ליכקייט אומגעשטירצט, ווען זיי, די וועג־ווייזער, זאָלען זיך ניט בע־מיהען דיעזען ווילדען מאָב צו האַלטען אויפן צוים. זיי האָבען געזאָגט, אַז די אידישע גהעטאָ איז די העלע פון אויסגעלאַסענהייט און פער־דאָרבענהייט, דאָס די אידישע פרויען זיינען כמעט אַלע קאַנדידאַטען פאַר די הייזער, וועלכע זיינען בעלויכטען מיט „רויטע פייערס״, דאָס דעם גרעסטען טהייל פון קרימענאַלס און פערברעכער גיעבען די קינדער

א העכערע בילדונג, זיי פאראליזירען זיין שטרעבונג אלעס צו קענען און ערפארשען... זיי שטעלען איהם זיך אליין פאר אן אידעאל און א מוסטער: זיי סמארט זאגען זיי אין ביזנעס און סטופיד אין דינקען, האלט דעם סאלאן לעבען סאלון, פילאזאפיר ניט קיין סך און זיי א גוטער סיטיזען... מעהר פערשטעהען זיי ניט און ווילען ניט אז דער איסט סיידער אידעל זאל פערשטעהן... צווישען די דירעקטארען פון אליאנס, וועלכע איך קען פערזענליך, איז צום ביישפיעל דזשאדזש גרינבוים זעהר אן אנשטענדיגער מענש און א דזשענטעלמען און מיס־טער קוהן אויך א מענש געווים אהן שלעכטע אבזיכטען, עס קען זיין אז די איבעריגע זיינען ערגער, אבער אנשטענדיגקייט און גוטע אב־זיכטען זיינען נאך ניט אלעס וואס מען דארף, אום צו פיהרען מיט א ריכטיגען וועג א גרויסען עדיוקיישיאנאל אינסטיטוט, וואס האט דעם צוועק צו בילדען טויזענדער מענשען און צו דיענען אלס א מוסטער. אזעלכע דירעקטארען, ווי פראפעסאר זעליגמאן און דאקטאר לייפצי־גער זיינען איינציגע קאמפעטענטע מענשען, וועלכע וואלטען געקענט געבען דעם ריכטיגען טאן; זיי שפיעלען אבער, איך וויים ניט פאר וואס, א פאסיווע ראלע און די הויפט טהוערס זיינען מיקסאלאגים־טען, וועלכע שטערען איינער דעם אנדערן מיט פראיעקטען, פלאנען, אבסורדע אויפטועכצען און דעפארטמענט־סטאר סיסטעמען... ווי אזוי זיי האבען נאך ביז יעצט מיט זייערע, „רעגוליישענס", „רעגלא־מענטשיינעס, „קאמפליקיישענס", ניט געמאכט משוגע דעם סופער־אינטענדענט דאקטאר בלוישטיין איז א גרויסער חידוש.

עס איז וואהר, דער „עדיוקיישיאנאל אליאנס" טוט אויך פיעל גוטעס פאר די בעפעלקערונג פון דער איסט סייד, אבער די מיקסא־לאגען זיינען נעבעך ניט שולדיג אין דעם, מען קען זאגען, אז טראץ זייערע אלע בעמיהונגען צו מאכען פון דעם אליאנס א זינ־לאזען און נוצלאזען אינסטיטוט, ברענגט ער דאך אייניגע נוצען. איך אליין קען פיעעל יונגע לייט, וועלכע האבען זיך ענטוויקעלט אין די קלאסען פון איראן און אין דייווידסאנ'ס סאירקעל. זייער אינטעלעקטועלע ענטוויקלונג; ליטעראַרישע און פילאזאפישע בילדונג קען ערפרייען דאס הארץ פון יעדען אויפריכטיגען פריינד פון קולטור און עדיוקיי־שאן... דאס איז אבער א זאך וואס האט זיך געטראפען, עס איז גע־ווען אריינגעשמוגעלט... אז די דירעקטארען פערשטעהען ניט, שעצען

פריקאשציקעס. זיי דאַרפען ניט זיין פעראינטערעסירט אין דעם זינן פון זייער אַרבייט, זיי מוזען נאָר זיין גוטע משרתים. פיעלע פון זיי זיצען טאָג און נאַכט און שרייבען, שרייבען, שרייבען. זיי שרייבען רולס, זיי שרייבען נומערס, זיי שרייבען סטאַטיסטיקס, זיי שרייבען שרייבערייען — מען שרייבט! די אַנדערע קלערקס דאַרפען אַטענדען דאַ קאָסטאָמערס. זיי דאַרפען אַכט געבען די קאָסטאָמערס זאָלען ניט שנייצען די נאָז אויפ׳ן פלאָאָר, זאָלען ניט הוסטען מיט אַ קוויטש, זאָלען גאָר נישט ניט בעטען אָהן אַן אַפּליקיישאָן און, הויפּטזעכליך, זיי זאָלען טרעפען אין די געווינשטע דעפּאַרטמענטס. איין קאָסטימער וויל תחינות? דאַן סטערז! דער וויל טאַנצען? סעקאָנד פלאָאָר. מאָראַל? טאַפּ פלאָאָר א. ז. וו. די גאַנצע טהעטיגקייט פון דיעזען אינסטיטוט טראָגט דעם כאַראַקטער פון אַ פּעירי שאָו. עס איז נאָר צו זעהן און ניט צו טאָן. דאָס וויכטיגסטע איז נור עס זאָל זיין וואָס צו בעווייזען, — עס זאָל רעדען צום אויג און צו קעשענע פון די „הויכ־געעהרטע" וויזיטאָרס. דער עיקר אָבער איז ניט וויכטיג.

מיר וועלען שפּעטער רעדען דערפון, אויב די אידישע געהטאָ איז ווירקליך אַ העלע פון פערדאָרבענהייט. לאָמיר אָננעהמען אַז אונ־זערע אפּטאונער בעלי טובות זיינען גערעכט אין זייערע אויבען־דערמאָנטע בעהויפּטונגען, עהרליכע, אויפריכטיגע מענשען, וועלכע ווילען ווירקליך עטוואָס טאָן פאַר׳ן ווילדען מאָב אָהנע צו בעריהרען סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, ווייסען, אַז זיי איז געבליבען איין איינציגער, ווירקליכער מיטעל, דאָס איז קולטורנע אַרבייט אינ׳ם ברייטען זינען פון דאָס וואָרט. יאַ, קולטור, וואָס מעהר קולטור, בילדונג, אויפקלעהרונג, גייסטיגע און אינטעלעקטועלע ענטוויקלונג, ליכט פון וויסענשאַפט. דאָס זיינען די מעכטיגע מיטלען צו בעקעמפּפען די פינסטערנים פון אבערגלויבען און איגנאָראַנס, אויסראָטען די ניי־גונג צו אויסגעלאַסענהייט און אַ לעבען פון „רעד לייטס"... וואָס טוען אונזערע פערזאָרגער און משגיחים? זיי זיינען מיקסאָלאָגען און אַלס אַזעלכע האָבען זיי מורא פאַר דער אמת׳ער אויפקלעהרענדער קולטור... מיט יעדען יאָהר בעשניידען זיי זייער קולטורנע פּראָגראַם און פיהרען אַלס אריין וואָס מעהר אַנדערע מיקסטורס... אַ ביסעל עלעמענטאַרי־שע ענגליש און עטליכע פּראַקטישע, ניט סיסטעמאַטירטע פאַקטען איז אַלעס וואָס מען דאַרף. זיי ווילען ניט דער דאַון־טאַונער איד זאָל קריגען

די ווירקליכע בעדירפניסע פון דער אידישער בעפעלקערונג, זיי נעהמען זיך דאָס רעכט צו זיין אונזערע בעלי דעות, אונזערע וועג־פיהרער, אונזערע קריטיקער און מוסר־זאָגער. זיי ווילען קאָנטראָלירען אַלע צוויי־גען פון אונזער לעבען, אונזערע פּאָליטיקס, אונזער עדיוקיישאָן, אונ־זער פּרעסע. מיט וואָס האָבען זיי זיך אַזעלכע רעכטע ערוואָרבען? ווי איהר זעהט, דערמיט וואָס זיי האָבען אויפגעטאָן אין עדיוקיישאָן האָבען זיי דאָס געוויס ניט פערדיענט. אין עדיוקיישאָן איז זייער סיס־טעמע: ניט דערלאָזען, אָבהאַלטען, פערהינדערן; זיי זיינען רעאַקציאָ־נערען און אבסקוראַנטען. לאָמיר זעהן, וואָס האָבען זיי געטאָן פאַר אונז אין די אַנדערע אבטהיילונגען פון זייער טהעטיגקייט.

.3

דאָס וואָס זיי טוען פאַר רעליגיאָן און מאָראַל, קען מען זאָגען, וואָלט געווען זעהר לעכערליך, ווען עס וואָלט ניט געווען אַזוי טרויע־ריג. אַפּטאַונער יהודים, וועלכע פערשטעהען אַזוי פיעל אין אידישע רעליגיאָן, וויפיעל אַן אירישער גוי פערשטעהט אין בבא קמא, וועלכע לערנען זיך צוויי יאָהר צו וויסען, אַז קמץ אלף איז בע, וועלכע ווייסען, אַז אין דעם טאָג פון בר מצוה טאָר מען ניט עסען קיין קאָלבאַס אָהן מאַסטאַרד, און אַז יום כפור דאַרף מען ניט עסען קיין מרור מיט חרוסת, — זיי געהען זיך זאָרגען פאַר די אמונה זאַכען פון דער איסט סייד!... ווייסען זיי ניט, אַז אַ דרייווער פון העסטער סטריט איז אַ למדן און אַ מופלג און אַ צדיק גמור געגען אַ פּרעזידענט פון אַ פיפטה עוועניו טעמפּעל?

דאָקטאָר בלווישטיין איז געווען אַזוי פריינדליך און האָט אונז געגעבען אייניגע סטאַטיסטישע ציפערען, וועלכע רעדען פאַר זיך אַליין. אין די טעג פון ימים נוראים איז פערשריבען געוואָרען וויפיעל שוהלען זיינען דאָ אין דעם ראַיאָן נאָר פון קריסטיע סטריט ביז'ן וואַסער און פון האָוסטאָן ביז'ן וואַסער. דאָס זיינען די ציפערען: רעגולערע סי־נאַגאָגעס צוויי און דרייסיג, בתי מדרשים און האָלס, פיער און זיעבעציג אין שאַפּס נור פאַר ימים נוראים דריי און אַכציג, אין דענסינג אַקאַ־דעמיעס אַכט און זעכציג, אין מוזיק האָלס זיעבען, אין פּריוועט און טענעמענט הייזער איין און זעכציג, אין ביער סאַלונס (ניט סאַלאָנס)

ניט און פערלאַנגען ניט אזא טהעטיגקייט קען מען זיך איבערצייגען מיט דעם, דאָס איז דעם יעהרליכען רעפּאָרט זייערען ווערט דיעזע טהע־טיגקייט ניט אַנערקענט, וועהרענד פיעלע מיקסאָלאָגיסטישע זאכען ווערען זעהר הויך געריהמט און בעדאַנקט...

אין דער צייט, ווען דער עדיוקיישיאָנאַל אַליאַנס שרייט איבער דער גאַנצער וועלט פון זיין גרויסע טהעטיגקייט, ווען זיי האָבען פער־שיעדענע קאָמיטעס מיט פּרעזידענטען, סעקרעטאַרען, און אָפּיסערס, ביכער מיט רולס און רעגלעמענטאַציעס, בערג מיט געשריבענע פּאַ־פּיערען, רעפּאָרטערס מיט גראָבע בייכער און דירעקטאָרען מיט א גרויסען אַפּלאָמב (דיעזע אַפּלאָמב האָבען זיי נאָר דאַון־טאַון), אין דער זעלבער צייט, ערגעץ אין א ווינקעלע, ווייס איך, לאָמיר זאָגען א וואָלקאָוויסקער פעראיין, וועלכער האָט ניט קיין 90 טויזענד דאָלאַר פּאַר יעהרליכע עקספּענסעס און קיינע בעלי טובות מיט גרויסע פּרע־טענזיעס, — דיעזער וואָלקאָוויסקער פעראיין געהט מיט א גלייכערען וועג צום ריכטיגען קוואַל פון עדיוקיישאָן, לערענט ענגליש ניט מיט א קאַזיאָנע סיסטעמע, גיט יעדען יאָהר א רייהע פון לעקטשורס, האָט א קליינינקע פרייע ביבליאָטעק. הויכווירדיגע מיקסאָלאָגיסטען! דער ווילדער מאָב האָט הונדערטע אזעלכע סאָסייעטיס! וואו זיינען די יעהרליכע סעריעס פון לעקטשורס פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַ־טען, פון הונדערטער פערשיעדענע ארבייטער אָרגאַניזאַציאָנען, פער־שיעדענע עדיוקיישיאָנאַל ליעגס? וואו זיינע די פּראָגרעסיווע אידישע צייטונגען און זשורנאַלען, וועלכע ווערען ארויסגעגעבען דאַון־טאַון? וואו איז די טהעטיגקייט פון פיעלע אמת'ע פאָלקס־פריינדע, וועלכע אָפּפערן זייער לעבען אום צו בילדען, צו לערנען און אויפצוקלעהרען זייערע ברידער, וואָס זיינען פערשפּאַרט אין דעם פינסטערען דאַון־טאַון? טויזענדער לעקטשורס ווערען געגעבען פון די דאַון־טאַונער צו די דאַון־טאַונער איבער ליטעראַטור און פילאָזאָפי, אין אַלע ברענ־טשעס פון נאַטור־וויסענשאַפט, סאָציאָלאָגי, פּאָליטישע עקאָנאָמי, עוואָלוציאָן? א גרויסע, רעזולטאַטפאָלע קולטורנע ארבייט ווערט פליי־סיג און אויפריכטיג געטאָן אין דער איסט סייד; א מעכטיגע עדיו־קיישיאָנאַל בעוועגונג בליהט יעצט אויף אין אַלע ווינקעלעך פון דער אידישער גהעטאָ, און די מיקסאָלאָגיסטען, וועלכע זיינען געווען און געבליבען פרעמדע, וועלכע פערשטעהן ניט דעם גייסט און ווייסען ניט

דאָס זעהר זעלטען וועגדעט זיך צו זייערע טשאַריטים אַן אַנשטענדיגער מענש, וועלכער געפינט זיך אין אַ נויט און אונגליק. צו זיי געהען פּראָ־פעסיאָנעלע שנאָרערס און הקדש אידען. ווער זיינען די אמת'ע, די ווירקליכע פילאַנטראָפּען פון דער איסט סייד? הויכווירדיגע מיקסאָ־לאָגיסטען, די פילאַנטראָפּען פון דער איסט סייד זיינען די איסט־סיידער אידען אליין! דאָ קענט איהר געפינען אמת'ע אידישע רחמנות און ליעבע. דאָ קענט איהר געפינען פאַקטען, ווען אַ איד וואָס פער־מאָגט עטליכע טויזענד, גיט טויזענד דאָלאַר בייל פאַר'ן אַנדערן אידען, גיט אָב זיין הייזעל אָדער באָנדס פאַר אַ אידען אַן עמיגראַנט, וועלכען ער קען ניט, אָבער פאַר וועלכען איהם טוט וועה דאָס האַרץ, ווארום ער ווייס מיט וויעלכע צרות ער האָט זיך קוים דערשלעפּט קיין אַמע־ריקאַ. עס וועט ניט זיין קיין גוזמא, אויב מיר וועלען זאָגען אַז אין דעם זעלבען ראַיאָן נאָך וואו, וואו מען האָט אָנגעצעהלט דריי הונדערט און פיער און דרייסיג בתי תפלות, גיבט עס יעדען טאָג טויזענד צופעלע, וואו אַלטע אידען, ווייבער, יונגע לייט קלייבען געלד פאַר קראַנקע און אָרימע, פאַר פאַמיליעס וואָס האָבען ניט מיט וואָס צו צאָהלען רענט, פאַר אלמנות וועלכע מען האָט ארויסגעזעצט פון די דירות, פאַר אַרבייטער וועלכע זיינען געבליבען אָהן אַרבייט. און דאָס ווערט געטאָן אָהן גאוה, אָהן רעקלאַמעס, אָהן אידיאָטישע פּאַפּירען שריי־בעכץ, נאָר מיט אַן אמת'ע שטרעבונג צו העלפען אַן אייגענעם און מיט אַן אויפריכטיגען געפיהל פון מיטלייד. איהר פרעמדע גיט אַ נדבה מיט אַ געפיהל פון עקעל און מיט אַ סאַרקאַסטישען שמייכעל פון פעראַכטונג און זיי טוען עס מיט טרערען אין די אויגען און מיט רחמנות אין האַרצען... איהר טוט עס וועגען אַ רעקלאַמע, וועגען ביז־נעס, וועגען פּאָליטיק. זיי טוען עס, ווייל זיי ווילען העלפען דעם, וואָס געפינט זיך אין נויט און ארמוטה. ווער דאַרף וועמען לערנען?

עס איז איצט צייט מיר זאָלען גוט בעטראַכטען און פערשטעהן דעם כאַראַקטער און די בעדייטונג פון זייערע טובות. וועמען טוען זיי אַ טובה, זיך, צו אונז? מיר רוסישע און רומענישע אידען האָבען אין אונזער אַלטען היימאַט געלעבט אונטער אַזעלכע אומשטענדען, וועל־כע האָבען אונז ניט געלערנט ווי אַזוי צו פיהרען אַ געזעלשאַפטליכען לעבען, ווי אַזוי צו אָרגאַניזירען זיך און פּראַקטיש פיהרען קהל'שע אנגעלעגנהייטען. מיר זיינען ניט דיסציפּלינירט, מיר קענען זיך ניט

פיער און זעכציג, אין סטאָרס זיעבען... בס"ה האָבען נור אין א טהייל פון דאון טאון אין דריי הונדערט און פיער און דרייסיג בתי תפלות געדאווענט 76,900 אידען מיט אידענעס. א חוץ די שוהלען וואָס זיינען געווען העכער פון האָוסטאָן, די דריי אידישע טהעאטערע אויף דער בויערי, קופער יוניאָן, טעמעני האָל, און הונדערטער אנדערע שוהלען מיט האָלען... קען זיך דער „ווילדער מאָב" פון דער גהעטאָ אליין בעזאָרגען מיט רעליגיאָנס-אנגעלעגענהייטען, אָדער זיי װעלען, חלילה, ווערען אויס אידען, אויב די יהודים (יאהודים) פון אפטאון װעלען ניט זעהן בעזאָרגען גאָטס אינטערעסען אויף איסט סייד? אין דעם זעלבען ראיאָן, פון האָוסטאָן ביז טשעררי סטריט, עקזיסטירען צוויי הונדערט און אכט און זעכציג שטענדיגע חדרים, וואו אמת'ע ריכטיגע מלמדים לערנען טויזענדער אידישע תלמידים דאָס, וואָס די אפטאונער יהודים קענען ניט. איז נויטיג געווען צו מאכען פון עדיוקיישיאָנאל אליאנס א האלבען בית המדרש און א האלבען חדר?

נאָך טרויעריגער און זינלאָזער איז די פילאַנטראָפּישע טהעטיג־קייט פון אונזערע בעלי טובות. זיי טוען ניט א טובה ווי א ברודער טוט א ברודער, ווי א איד א אידען, מיט א פריינדליכען געפיהל פון רחמנות און מיטלייד... איידער אַן אָרעמאַן קריגט הילפע פון זייערע טשאַריטיס קריכען איהם פריהער די אויגען ארויס. ער דאַרף אויס־האלטען צוואנציג עקזאַמענס. איבערטראָגען דרייסיג אונטערזוכונגען... מען שטויסט איהם פון איין צימער אין דעם אנדערען, מע בעהאנ־דעלט איהם גראָב, מע ערניעדריגט איהם אויף יעדען שריט און טריט און ענדליך גיט מען איהם אזא הילפע, וועלכע העלפט ניט און מאכט איהם נאָר אומזיסט פאר א בעטלער. די גרעסטע טהייל פון'ם געלד געהט אַוועק אויף די קלערק וואָירק, פאר משרתים און צדקה מחבלים, די גאנצע פילאַנטראָפּי איז א ביוראקראטישע איינריכטונג פון גרויי־זאמע ביוראָקראַטען און פאָרמאַליסטען... ניט פילאַנטראָפּי איז דאָס, דאָס איז מיזאַנטראָפּי... עס איז ניט א מעדיצין ווירקליך אויף ווי־פיעל עס איז צו העלפען, עס איז נאָר א האָרצישניק אָבצוציהען די היץ פון אַן אנדער פלאַטץ. דייטליכער גערעדט: די בעלי צדקות ווי־לען האָבען א נאָמען פון פילאַנטראָפּען און ניט באַדערען זיך מיט די קבצנים. די טשאַריטיס עקזיסטירען נאָר דאַרויף, עס זאָל זיין א פלאַטץ וואָהין די קבצנים צו שיקען... דיעזע אָרדנונג האָט געבראַכט דערצו

לירען דאָס גאַנצע לעבען פון הונדערטע טויזענדער אידען, ווילען קאָנטראָלירען זייער רעליגיאָן און עדיוקיישאָן, זייער פּרעסע און זייער פּאָליטישע טהעטיגקייט. ניט נאָר כבוד און רעקלאַמע, זיי האָבען פון זייערע טובות אויך פּראַקטישע נוצען. די שטימען נעהמען זיי צו פאַר זייערע קאַנדידאַטען. דעם פּאַטראָנאַזשע נעהמען זיי צו פאַר זייערע אונטערלעקער, די פּאָליטישע מאַכט גיעבען מיר זיי אַוועק און אז מען דארף עפּעס א טובה, אָדער אפילו אַ גערעכטע פאָדערונג, קען מען אונז גאָר ניט, זיי דארפען זיין אונזערע „גאָ ביטווין", אונזערע פאַקטאָרס. זיי זיינען אונזערע פאָרשטעהער און אונזערע פערזאָרגער. פאַר וואָס קומט עס זיי? ! פאַר וועלכע לייסטונג האָבען זיי דאָס פּערדיענט ביי אונז? אמת, די ערשטע צייט האָבען זיי אונז געהאָלפען. אָבער אויב זיי האָבען עס געטאָן פון מצוה וועגען, וועט זיי גאָט בעצאָהלען. זאָלען זיי שיקען זייערע בילס צו רבש"ע. אויב זיי האָבען דאָס געטאָן פון זייער טובה וועגען, האָבען זיי זיך אליין בעצאָהלט דערפאַר. מיר זיינען אַוועק פון אונזער אַלטע היימאַט, ווייל מיר האָבען ניט געקענט ליידען אַ טיראַנישע גרויזאַמע מאַכט, וועלכע האָט קאָנטראָלירט אונזער פּריוואַט און קהל'שען לעבען, — מיר זיינען געקומען אין אַ לאַנד פון פרייהייט און אונאַבהענגיגקייט ניט דארויף, אַז אי־דישע בעלי טובות און אוזורפּאַטאָרס זאָלען נעהמען זיך דאָס רעכט צו פיהרען אונז אייביג אויף אַ שטריקעל. עס איז צייט מיר זאָלען זיך ארומקוקען וואָהין געהען מיר און וואָהין פיהרען אונז אונזערע ניט איינגעלאַדענע און ניט אויסערוועהלטע וועג־פיהרערס. מיר קענען אליין זיין אַ פּאָליטישע מאַכט און זאָגען אַ דעה אין שטעדטעל, מיר קענען אליין זיך סופּאָרטען, מיר קענען אליין געפינען מיטלען צו פיה־רען אונזער עדיוקיישאָן און צו ערפילען פילאַנטראָפּישע פונקציאָנען. — ווי לאַנג נאָך וועלען מיר זיך ערלויבען, אַז מענשען וואָס האָבען מיט אונז גאָר נישט געמיינשאַפטליכעס, מענשען, וואָס זיינען אונז פרעמד און פעראַכטען אונז, מענשען, וואָס מיינען אַז מיר אַלע זיינען ניט מעהר ווי אַ ווילדער מאָב, אַז אַלע אונזערע פרויען זיינען פון די

גלייכען, צוםביישפּיעל, צו די דייטשען, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען אין דער היים אַ שולע פון עפענטליכען לעבען. אָבער מיר זיינען דאָך ניט ערגער פאַר די איטאַליענער. פאַר וואָס האָבען זיי ניט קיין בעלי טובות, משגיחים און מיקסאָלאָגיסטען? מיר האָבען בעווייזע, אַז מיר זיינען פעהיגער ניט נאָר פאַר די איטאַליענער, נאָר זאָגאַר פון די אַפּטאָונער יהודים אליין, איבערצונעהמען די אַמעריקאַנער ציוויליזאַ־ציאָן. נאָך וואָס דאַרפען מיר דיעזע בעלי טובות? וועד בעט זיי? דער תירוץ איז אָבער, זיי מיינען ניט אונזער טובה, זיי היטען אָב זייערע אייגענע אינטערעסען. זיי זיינען קאָוארדס, רעדען ניט מיט אַן אָפענעם מויל צו זייערע קריסטליכע מיטבירגער, האָבען ניט קיין מוטה צו זיין אָריגינעל און זעלבסשטענדיג און האָבען מורא, די אָריגינאַ־ליטעט און זעלבסטשטענדיגקייט פון די רוסישע יהודים זאָלען זיך ניט ווארפען איוואַנען און פעטרא אין די אויגען... זיי הארט ניט, וואָס מיר וועלען טאָן פעלערן און מיר וועלען פאַר זיי ליידען, ביז וואַ־נען מיר וועלען זיך אויסלערנען ניט מאַכען קיין פעלערען, ניין! זיי ציטערען פאַר זייערע אייגענע פעל, זיי האָבען מורא פאַר זיך. נו, אַז איהר זייט פייגלינגע און איהר האָט מורא, אַז אַלעס וואָס איהר טוט איז צו פערהיטען אייערע אייגענע אינטערעסען, אַז די פּראַקטישע בעדייטונג פון אייער פילאַנטראָפּי און עדיוקיישאָן איז ווערטה אַ פּיטאַק מינץ, פאַר וואָס נעהמט איהר אייך אַזעלכע רעכטע צו פיהרען און צו בעפעהלען? די קריסטען האָבען אויסגעבויט אַ בילדונג אין דער גהעטאָ און האָבען געגרינדעט אַן אוניווערזיטי סעטעלמענט, וואו זיי טוען אַ סך מעהר פּראַקטישע און נוצליכערע ארבייט פאַר די בעפעלקערונג פון דער גהעטאָ און זיי האָבען צו אונז קיינע טענות און קיינע רעכענונגען, די עדיוקיישאָנאַל אַליאַנס האָט אונז גליקליך געמאַכט מיט איהרע טובות! מיר קענען זיך ניט אויסצאָהלען, ניט אויסקויפען, ניט אָבדאַנקען. געוואַלד, ווער האָט אייך געבעטען? לא מעוקצך ולא מדובשך, מיר דאַרפען ניט אייער ביסעל האָניג און אייער פיעל גיפט.

עס איז צייט, מיר זאָלען בערעכענען, אַז פאַר דעם ביסעל האָניג וואָס זיי גיעבען אונז, נעהמען זיי זיך צו גרויסע פּראָצענטען און צופיעל פּריווילעגיען. זיי אַם מייסטען, אָהן שכל און אָהן בילדונג, אָהן אמת'ע פילאַנטראָפּישע געפיהלע און אָהן אַ אידישע האַרץ, ווילען קאָנטראָ־

# וואָלטער.

### 1.

## וואָלטערס לעבען.

מיר געפינען ניט אין דער וועלט געשיכטע א צווייטען בייד שפיעל פון א שרייבער, וואָס זאָל שפּיעלען אזא גרויסע ראָלע און זאָל האָבען אזא מערקווירדיגע בעדייטונג, ווי דער בעריהמטער פראנצויזישער שרייבער וואָלטער. ער האָט זיך מיט זיין פעדער אזוי בעריהמט געמאכט, ווי אלכסנדר מוקדון, ווי נאפּאָלעאָן באָנאָפּארטע און אנדערע גרויסע פעלד־העררן. עס איז נאָך א פראגע אויב זיי מיט זייערע קאָלאָסאלע ארמעען האָבען געפיהרט אזעלכע זיעגרייכע מלחמות ווי וואָלטער, אויב זיי האָבען איינגענומען אזעלכע פעסטונגען, אויב, זיי האָבען אזוי געשראָקען זייערע פיינד ווי וואָלטער.

וואָלטער׳ס ווערק זיינען געדרוקט אין זיעבציג בענדער. ער האָט געשריבען וועגען פילאָזאָפי און פּאָליטיק, וועגען נאטור געד שיכטע און מאטעמאטיק, איז געווען א היסטאָריקער, א דראמען דיכד טער, א עפּישער און לירישער פּאָעט, האָט געשריבען סאטירען און נאָוועלען, וויסענשאפטליכע טראקטאטען און הומאָריסטישע ערצעהד לונגען.

זיין ריכטיגער נאָמען איז ניט געווען וואָלטער, נאָר פראנץ מאריא אראָועט. דעם נאָמען דע־וואָלטער, אָדער פאָן־ וואָלטער האָט ער זיך געגעבען שפּעטער אום כלומרשט צו צייגען, דאָס ער שטאמט פון א אריסטאָקראטישע פאמיליע. אין דער ווירקליכקייט אָבער שטאמט ער ניט פון קיין גרויסען יחוס. זיין פאָטער איז געווען א קליין־בירגער, א נאָטאר און פראקטישער געשעפטס־מאן, און האָט זעהר

„רעד לייטס" הייזער, אז אלע אונזערע קינדער זיינע קרימינעלע און פערברעכער, אז דיעזע מענשען זאָלען זיין אונזערע ראטהגעבער און וועג־ווייזער? ! עס איז צייט, מיר זאָלען זיך שטעלען אויף אונזערע אייגענע פים אָן מיר זאָלען צו די דאָזיגע פילאַנטראָפּען, בענעפעק־טאָרס און עדיוקייטערס אוועקשיקען צוריק די הילצערנע שטאָלצעס (האָדוליעס) אויף וועלכע זיי האָבען אונז געלערענט צו געהן און אויף וועלכע זיי אליין געהען אום זייער לעבען לאַנג!



צו זעכצעהן יאָהר האָט ער געענדיגט די יעזואיטען שולע. זיין פאָטער האָט ניט געוואָלט וויסען פון זיינע פּאָעזיען און שרייבע־רייען און האָט געפאָדערט, אז וואָלטער זאָל זיך אויסערוועהלען א פּראַקטישע פּראָפעסיאָן און זאָל זיך מאַכען א קאַריערע. איהם האָט זיך געוואָלט, אז זיין זוהן זאָל זיין אַן אדוואָקאַט און אין 1710 יאָהר איז וואָלטער געוואָרען א סטודענט פון א רעכט שולע. דאָ האָט ער זיך בעקאַנט מיט יונגע לייט, קינדער פון רייכע עלטערן, און אנשטאָט צו שטודירען פלייסיג די תורה פון צו אדוואָקאַטען, האָט ער גאָר גע־לעבט א גוטען טאָג, געשריבען פּאַסקווילען אין סאַטירען און פערשווענ־דעט געלד מעהר, ווי פיעל זיין פּראַקטישער פאָטער האָט געוואָלט. דורך דעם איינפלוס פון זיינע מעכטיגע פריינד איז דעם רייכען נאָטאַר געלונגען צו קריגען פאַר זיין זוהן א שטעלע, אלס א פאַזש ביי דעם געזאַנדטען אין האָלאַנד. וואָלטער איז געקומען קיין האאַג, האָט זיך באַלד בעקאַנט געמאַכט מיט די פראַנצויזישע עמיגראַנטען, וועל־כע האָבען געוואָהנט אין דער שטאָדט, האָט זיך פערליעבט אין א יונגע מיידעל און איז דורך זיין ראָמאַן פערוויקעלט געוואָרען אין פערשיע־דענע אינטריגעס. דער געזאַנדטער האָט איהם משלח געווען צוריק קיין פּאַריז מיט ניט זעהר א גוטען אַטעסטאַט. דער פאָטער איז געווען אויסער זיך און האָט געצוואונגען זיין זוהן צו ווערען א שרייבער ביי א פּראָקוראָר. אָבער אין דער קאַנצעליאַריע פון׳ם פּראָקוראָר האָט ער מעהר ווי פון געריכטס זאַכען גאָר געטראַכט פון די פערגעניגענס, וועלכע מען קען געפינען אין אזא שטאָדט ווי פּאַריז. אנשטאָט צו שרייבען פּראָטאָקאָלען האָט ער געשריבען סאַטירען, בייסענדיגע און שטעכיגע פּאַסקווילען אויף די גרויסע הערשער און מעכטיגע פּער־זאָנען. מיט דעם פלעגט ער זיך שאַפען פיעל פריינד און פערפאָלגער אָבער דאָס פלעגט איהם מאַכען בעריהמט און פּאָפּולער.

אין 1715 יאָהר איז געשטאָרבען דער פראַנצויזישער קעניג לוד־וויג דער פערצעהנטער און ווייל דער טראָנפאָלגער איז נאָך געווען קליינ־יעהריג איז דער הערצאָג פיליפּ פון אָרלעאַנס געוואָרען רעגענט, אָדער במקום מלך. די פערדאָרבענהייט און אויסגעלאַסענהייט, וועלכע זיינען אין לודוויג׳ס צייטען געווען פערבאָרגען אונטער דעם שלייער פון גרויסאַרטיגען עטיקעט און היפּאָקריטישע מאַסקען, זיינען איצט ארויסגעטראָטען גאַנץ אָפען. אלע זיטליכע צוימען זיינען געווען אומ־

װעניג געהאַלטען פון פילאָזאָפי מיט פּאָעזי. װי די מייסטען גרויסע זשעניען פון דער װעלט, האָט ער אויך געהאַט דאָס גליק צו האָבען א מוטער, װעלכע איז געװען זעהר אַ געבילדעטע און, דאָס איז דער עיקר, אַ גייסטרייכע פרוי. פון איהר האָט ער גע'ירשנ'ט פיעלע פון די יעניגע נייגונגען, װעלכע האָבען איהם שפּעטער געמאַכט גרויס און בעריהמט.

ליידער איז זיין מוטער געשטאָרבען, װען ער איז נאָך אַלט געװען זיעבען יאָהר און מיט עטליכע יאָהר שפּעטער האָט איהם דער פאָטער געשיקט לערנען אין אַ יעזואיטישען „קאָלעדזש”. דאָ האָט ער געלערנט די אַלטע קלאַסישע שפּראַכען און האָט געלעזען די קלאַסישע פּאָעטען, װעלכע האָבען איהם ענטװיקעלט די נייגונג צו פּאָעזי, מליצה און דראַמא. דאָ אָבער האָט ער זיך אויך בעקאַנט מיט דער יעזואיטישער סיסטעמע פון לעבען... חנפ'נען מעכטיגע מענשען, פעראַכטען קליינע מענשען ; זיין פרום נאָר צװישען פרעמדע, אויסגעלאַסען און ציניש צװישען אייגענע. קיין פיעלע קענטניסע און קיין אמת'ע בילדונג האָט ער פון דער יעזואיטישער שולע ניט ארויסגעטראָגען. װאָלטער אליין זאָגט : „װען איך בין ארויס פון דער שולע האָב איך געקענט לעטיין און האָב געװאוסט פיעלע אַנדערע זאַכען, איך האָב אָבער נאָר ניט געװאוסט, װאָס מען דאַרף װיסען”. אַלס צװעלף־יעהריגער שילער פון דער יעזואיטען שולע האָט ער זיך בעריהמט געמאַכט מיט אַ ביטע בריעף, װעלכען ער האָט אָנגעשריבען אין פערזען פאַר אַן אַלטען קראַנקען סאָלדאַט. דיזער אינװאַליד האָט געבעטען ביים קעניג אַ פּענסיע און אויף אַלע זיינע געבעט־בריעף האָט ער קיין ענטפער ניט גע־קראָגען, ביז מען האָט איהם געראַטהען ער זאָל זיך װענדען צו די „געלערענטע” תלמידים פון דער יעזואיטען שולע. װאָלטער האָט איהם אָנגעשריבען אַ בריעף אין שירים און דער בריעף האָט ארויסגערופען פיעל אויפמערקזאַמקייט ביים קעניגליכען האָף און אין פּאַריז. כאָטש ער איז נאָך געװען זעהר יונג, האָט מען איהם שוין צוגעלאָזט אין די סאַלאָנען פון דער העכערער געזעלשאַפט, װאו ער האָט געזעהן לוקסוס, פערדאָרבענהייט, פאַלשקייט, און געהערט אפיקורסישע דיסקוסיאָנען, שפּאָט פון דער רעליגיאָן און אויטאָריטעטען און װאו ער האָט באַגעגענט מערקװירדיגע מענשען, שאַרפזיניגע אפיקורסים און פריידענקער.

אין זיי ראָלען. האָט אַ פּיעסאַ ביי דער ערשטער פאָרשטעלונג קיין ערפאָלג ניט געהאַט, האָט ער זי ביז דער צווייטער פאָרשטעלונג אַזוי געענדערט און אומגעארבייט, אַז זי פלעגט שוין האָבען דעם גרעס־טען ערפאָלג. ער האָט געקענט די ביהנע און פערשטאַנען גוט, וואָס די „מבינים" פון זיין צייט האָבען געפאָדערט. ניט אומזיסט האָט מען אויף איהם געזאָגט: „וואָלטער מאַכט זיינע פּיעסען צווישען די פאָר־שטעלונגען". דער ערפאָלג פון זיינע פּיעסען און היסטאָרישע (עפּישע) פּאָעמען האָט איהם צוריק געקעהרט די גנאַדע פונ'ם הערצאָג פון אָרלעאַנס. ער האָט געקראָגען מתנות, געלד, אַ מעדאַל און כבוד. דאָס האָט געדויערט ביז ער האָט אָנגעשריבען אַ נייע סאַטירע. מען האָט איהם ווידער ארויסגעשיקט פון פּאַריז און, ווי שטענדיג, האָט ער ווידער געפונען מיטלען נושא חן צו זיין און ווערען בעגנאַדיגט. דאָס אַלעס אָבער האָט איהם ניט געקענט בעפריעדיגען. ער האָט שטענדיג גערעכענט, אַז ער איז ניט נור אַ גרויסער פּאָעט און דיכטער, נאָר אויך אַ געשיקטער שטאַאַטסמאַן און דיפּלאָמאַט. ער האָט געוואָלט קריגען אַן אָנגעזעהענע פּאָליטישע שטעלע. קריגען אַזאַ פּאָסטען האָט מען אין יענער צייט געקענט נאָר דורך אַ געוויסען דיובאָ, וועלכער איז געווען אַ מיניסטער און די רעכטע האַנד פון דעם רעגירער. ער איז געווען אַ פאַלשער, אויסגעלאַסענער און זעהר פערדאָרבענער מענש. דאָס אָבער האָט וואָלטערן ניט געהינדערט און ער האָט געפונען מיטלען צו ווערען בעקאַנט און בעפריינדעט מיט דעם דיובוא. אַ מאָל, ווען וואָל־טער איז געווען איינגעלאַדען צו דיובוא'ס טיש, האָט ער בעמערקט, אַז איינער פון די אָנגעזעהענסטע געסט איז דער זעלבער אָפּיצער, וועלכער האָט איהם אַזוי פערדעטהעריש פער'מסר'ט און צוליעב וועל־כען ער איז געזעסען אין דער שרעקליכער באַסטיליע. דאָס האָט איהם זעהר אויפגעבראַכט און ער האָט מיט כעס אויסגעשריען: „איך האָב ניט געוואוסט, אַז שפּיאָנען געפינען אַן עהרען־פּלאַץ ביים טיש פון מיניסטאָרען!" דער אָפּיצער האָט וואָלטער'ן אָבגעוואַרט אויף איינע פון די פּאַריזער בריקען און האָט איהם געשלאָגען מכות רצח. עס איז ארויס אַ סקאַנדאַל אויף גאַנץ פּאַריז. וואָלטער איז געלאָפען צו אַלע מיניסטאָרען און אַלע מיליטערישע דעפּאַרטאַמענטען און האָט ניט געקענט געפינען געגען זיין בעליידיגער קיין דין און קיין משפט.

נאָך אַ מיאוסער סקאַנדאַל איז ארויס ביי וואָלטער'ן מיט אַ

געוואָרפען און פיליפּ פון אָרלעאַנס אליין האָט זאָגאר ניט געמאַכט קיין געהיימניס פון זיינע פערהעלטניסע צו זיין אייגענער טאָכטער... אין דער צייט איז פּאַריז פערפלייצט געוואָרען מיט שמוציגע פּאַסקוויי־לען, שטעכיגע סטירען און פערשידענע הומאָריסטישע פּאָעמען. וואָלטער איז געווים ניט אָבגעשטאַנען פון אנדערע, ער האָט אָנגע־שריבען אַ סאַטירע אויפ'ן רעגענט און מען האָט איהם ארויסגעשיקט פון פּאַריז. צוויי יאָהר איז איהם געווען פערבאָטען צוריק צו קעהרען זיך. ער האָט אָנגעשריבען אַ מליצה־בריעף אין שעהנע פערזען צום רע־גענט, האָט אָבגעלייקענט, אַז די סאַטירע, וועלכע מען שרייבט איהם צו, איז ווירקליך געשריבען פון איהם. און אַ ראיה, זאָגט וואָלטער, אַז ניט איך האָב עס געשריבען, ווארום עס איז געשריבען מיט זעהר שלעכ־טע פערזען. מען האָט איהם ערלויבט אומצוקעהרען זיך און דער רע־גענט האָט איהם ווידער געשענקט זיין גנאַדע. ניט לאַנג אָבער האָט וואָלטער געלעבט אין שלום מיט'ן קעניגליכען האָף און מיט די גרויסע אַריסטאָקראַטען. ער האָט ווידער אָנגעשריבען אַ סאַטירע. ער האָט ווידער געפּרואווט אָבלייקענען, אַז ער איז דער מחבר, אָבער דאָס מאָל איז עס איהם ניט געלונגען. אַן אָפיציער האָט געשפּיעלט די ראָלע פון אַ שפּיאָן. ער האָט זיך געמאַכט גוט פריינד מיט וואָלטער'ן, און וויל וואָלטער האָט זיך ליעב געהאַט צו בעריהמען, האָט ער דעם שפּיאָן ענטדעקט דעם אמת, ווער דער ריכטיגער פערפאַסער פונ'ם פּאַסקוויל איז. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס מען האָט וואָלטער'ן פערשפּאַרט אין דער באַסטיליע, וועלכע האָט אַזאַ טרויעריגע היס־טאָרישע בעריהמהייט. אין דיעזער פעסטונג איז וואָלטער אָפּגעזעסען כמעט אַ יאָהר. נאָכדעם האָט מען איהם ווידער ארויסגעשיקט פון פּאַריז.

עטליכע יאָהר האָט ער אומגעוואַנדערט פון איין אָרט צום אַנ־דערן, פון איין שלאָס צו צווייטען, מיט זיין שאַרפזינן און וויציגען שכל האָט ער זיך איבעראַל געשאַפען פערעהרער און פיינד. ביסלעכ־ווייז איז די שנאה געגען איהם אין קעניגליכען האָף אָבגעקיהלט גע־וואָרען און ער פלעגט זיך ערלויבען צו קומען אַ מאָל אין דער הויפּט שטאָדט פון פראַנקרייך. אין דער צייט איז ער בעקאַנט געוואָרען אַלס אַ דראַמען־דיכטער. ער האָט געהאַט זעהר פיעל ליעבע צו דער ביהנע און טהעאַטער־קונסט, פלעגט אליין רעזשיסירען זיינע פּיעסען, שפּיעלען

האָט אַ געוויסע צייט זיך געהאַלטען ווי אַ סטאַטעק, געשריבען ערנסטע ווערקע און קיינעם ניט פּוגע בכבוד געווען. דאָס האָט אָבער לאַנג ניט געקענט דויערן. די וועלט בעריהמטע שוישפּיעלערין אַנדריענע לעקאוורער, וועלכע איז אַ מאָל געווען איינע פון וואָלטער'ס פּילע געליעבטע, איז געשטאָרבען און די קאַטוילישע גלחים האָבען ניט ער־לויבט זי צו בעערדיגען מיט אַ קריסטליכע לויה, ווייל זי איז ניט געווען איבריג פרום. וואָלטער האָט וועגען דעם אויפגעשריבען אַ פּאָעמע, אין וועלכער ער האָט גוט מכבד געווען די קאַטוילישע גייסטליכע פּאַטערס... נאָכדעם האָט ער זיך געמוזט בעהאַלטען... זיין ווערק „פילאָזאָפישע בריעף" איז אין 1734 יאָהר דורך די הענד פון אַ הענ־קער פערברענט געוואָרען. ענדליך אום פּטור צו ווערען פון אַלע פער־פאָלגונגען און אנגריפע האָט ער זיך בעזעצט אין דעם שלאָס פון זיין געלערטער געליעבטע די מאַרקיזע דיו שאַטעל. ביי איהר אין שלאָס האָט ער פערבראַכט כמעט 15 יאָהר. אויף אַ קורצע צייט פלעגט ער מיט איהר אָדער אליין ארויספאָהרען קיין ברוסעל אָדער האָלאַנד און באַלד זיך צוריקקעהרען. דאָ אין שלאָס האָט ער אליין און מיט זיין געליעבטע געשריבען פיעלע ווערק איבער די העכערע מאַטעמאַטיק, פי־לאָזאָפי, געשיכטע און האָט פערפאַסט פיעלע דראַמען און פּאָעמען.

וואָלטער איז בעריהמט געוואָרען אין גאַנץ אייראָפּאַ. דער פּריי־סישער קעניג, וועלכער איז בעקאַנט אַלס פרידריך דער גרויסער, איז געווען איינער פון וואָלטער'ס טרייסטע אַנהענגער. ער האָט שוין לאַנג געבעטען וואָלטער'ן ער זאָל קומען צו איהם וואָהנען, אָבער כל זמן די מאַרקיזע, דיו שאַטעל האָט געלעבט, האָט ער ניט געקענט ערפילען דעם קעניג'ס ווילען — זי האָט איהם פשוט ניט געלאָזט — ער האָט עס נור געקענט טאָן נאָך איהר טויט. אין 1750. יאָהר איז ער געקו־מען קיין בערלין. דער קעניג האָט איהם געגעבען אַ וואָהנונג אין זיין שלאָס, האָט איהם געמאַכט פאַר אַ קאַוואַליער, האָט איהם בעשטימט צוואַנציג טויזענד ליוורען אַ יאָהר געהאַלט. אָבער זיין נייגונג צו אָבצושפּאָטען, אָבצולאַכען, זיין קנאה, זיינע אינטריגען און פּאָלעמישע שטרייטיגקייטען, זיין איבערמעסליכער דורשט נאָך כבוד און געלד האָבען זעהר גיך איבערגעפיהרט די גוטע פערהעלטניסע צווישען איהם און דעם קעניג. דער פּרעזידענט פון דער בערלינער אַקאַדעמי פון ווי־סענשאַפט, אַ געוויסער מאָפּערטיוס, איז געווען זעהר אַ בעגרענצטער

געוויסען קאוואליר פון ראָהאן שאבא. דיעזער אריסטאָקראט האָט עס געהאַלטען פאר אן ערנידערונג מיט זיינע ווייסע הענד צו שלאָגען א מענשען, וועלכער איז ניט קיין אדעליגער, נאָר א פּאָעט און פילאָזאָף, האָט ער געשיקט זיינע קנעכט זיי זאָלען וואָלטערן שלאָגען און ער איז געזעסען אין זיין קארעטע און האָט געקאָמאַנדעוועט ווי אזוי מען זאָל שלאָגען. וואָלטער איז געוועזן אויסער זיך, ער האָט זיך אויסגע־לערנט פעכטען און האָט ארויסגערופען זיין בעליידיגער אויף א דועל. דער קאוואליער האָט איהם ניט געענטפערט. וואָלטער איז אומגעלאָפען ווי א פער'סם'טער איבער גאנץ פאריז, האָט געבעטען זיינע מעכטיגע פריינד זאָלען זיך פאר איהם אָננעהמען, האָט געזוכט הילף און האָט איבעראל בעגעגענט שפּאָט, חוזק און ערניעדרונג. דער גייסטיגער צו־שטאנד פון דעם אויפגעבראכטען וואָלטער האָט זיך בעוויזען געפעהר־ליך פאר דעם שטאָלצען אריסטאָקראט, מען האָט מורא געהאַט, דער פערצווייפעלטער וואָלטער זאָל זיך ניט עטוואָס ערלויבען געגען אזא מיוחס. און מען האָט וואָלטער'ן נאָך א מאָל פערשפּארט אין דער באס־טיליע. פו דער באסטיליע האָט מען איהם ארויסגעשיקט פון פראנק־רייך און וואָלטער, וועלכער האָט געהאַט פריינד אין ענגלאנד, איז אוועק געפאָהרען אין דעם איינציגען לאנד, וואו א מענש האָט אין יע־נער צייט געקענט געפינען רעכטע און א געוויסע פרייהייט.

ענגלאנד מיט איהרע אינסטיטוציאָנען און פּאָליטישע איינריכ־טונגען, מיט איהרע געלערטע פילאָזאָפען און פריי דענקער, האָט גע־מאכט א גרויסען איינדרוק אויף וואָלטער'ן. פאר איהם האָט זיך גע־עפענט א נייע וועלט, נייע ערשיינונגען, נייע סאָציאַלע פערהעלטניסע, נייע פראגען. ענגלאנד איז געוועזן וואָלטער'ס גרעסטע און בעסטע שולע. דאָ האָט ער זיך גיך בעקאנט מיט די בעריהמטעסטע פאָרשטייער פון דער וויסענשאפטליכער און ליטעראַרישער וועלט, האָט זיך אויסגע־לערנט ענגליש, האָט שטודירט ענגלישע קלאסיקער, האָט געלעזען שעקספּירען אין אָריגינאל און ווען איהם איז ענדליך דורך די שתדלנות פון זיינע איינפלוסרייכע פריינדע ערלויבט געוואָרען צו קומען צוריק נאָך זיין היימאט האָט ער געהאַט גענוג מאטעריאל, וואָס צו פּאָפּו־לאַזירען, אימיטירען, וועגען וואָס צו דענקען און צו שרייבען. אין 1729 יאָהר האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק נאָך פאריז, וואו ער האָט געוואָהנט אין א פאָרשטאָט אונטער אן אויסגעטראכטען נאָמען. ער

די נעמען פון אַלע זיינע ווערק. ער האָט פערפאסט איבער פופציג דראמען, קאָמעדיען און טראַגעדיען. פון זיינע טראַגעדיען זיינען מעהר בעקאַנט „זאירע", „עראַפּע" און „מאהאמעד", די לעצטע איז איבער־זעצט פון דעם גרויסען דייטשען דיכטער געטהע. פון זיינע גרויסע עפּישע פּאָעמען זיינען מעהר בעריהמט זיין מייסטערווערק „הענרי־אדא" און די „פוסעל'ן" ער מאַכט חוזק פון דער הייליגער זשאַנע דיארק. פון זיינע פיעלע ערצעהלונגען און נאָוועלען זיינען מעהר בע־קאַנט „קאנדיד" און „זאדיק", אין וועלכע ער קריטיזירט די רעלי־גיאָן און די סאָציאַלע פערהעלטניסע. זיינע פילאָזאָפישע טראקטאטען, זיין פילאָזאָפישע ענציקלאָפּעדי, זיינע היסטאָרישע מאָנאָגראפיען, זיינע אבהאנדלונגען וועגען דער פילאָזאָפי פון דער היסטאָרי, רעליגיאָן, און, הויפּטזעכליך, זיינע פּובליציסטישע אַרטיקלען האָבען קיין צאָל ניט. א גרויסע היסטאָרישע בעדייטונג האָט זיין קאָרעספּאָנדענץ — ווארום זיינע קאָרעספּאָנדענטען זיינען געווען די גרעסטע געלערנטע פון זיין צייט, די גרעסטע דיכטער און שרייבער, די גרעסטע הערשער און קעניגע.

קיין שרייבער אין דער וועלט האָט ניט געשפּיעלט אזא גרויסע ראָלע, ווי וואָלטער.

---

.2

## וואָלטער אלס מענש און שרייבער.

וועגען וואָלטער'ן, זיין לעבען, זיין טהעטיגקייט, זיין איינפלוס אויף דער ציוויליזירטער וועלט פון אַכטצעהנטען יאָהרהונדערט און זיינע ווערקע, וועלכע זיינען, ווי מיר האָבען איבען דערמאָנט, גע־דרוקט אין זיעבציג בענדער. קען מען און מען דאַרף שרייבען זעהר פיעל. אין א קליינע בראָשורע איז מעגליך צו געבען וועגען איהם נאָר א קורצע כאראקטעריסטיק.

עס איז געווען א צייט, ווען מען האָט די רעאקציאָנערע וועלט געשראָקען מיט וואָלטער'ן, ווי מען שרעקט קליינע קינדער מיט דעם

מענש און אַ פּעדאַנט און טראָץ דעם וואָס פרידריך האָט איהם געאַכ־
טעט, האָט וואָלטער פון איהם זעהר אָבגעלאַכט. ער האָט דעם וויסענ־
שאַפטליכען פּרעזידענט אָנגערופען מיט'ן נאָמען אַקאַקיאַ און האָט
געמאַכט חוזק פון זיינעם אַ פּלאַן דורכצובויערן דעם קוגעל פון דער
ערד דורך און דורך... דאָס האָט ארויסגערופען אַ פּאָלעמיק צווי־
שען איהם און זיין קעניגליכען תלמיד, וועלכער האָט זיך אויך געדע־
כענט פּאַר אַ גאַנצען קענער (פיעלע פון דיזען קעניגליכען קענער'ס
ווערקע זיינען געווען בעאַרבייט און רעדאַקטירט פון וואָלטער'ן). אין
1753 יאָהר האָט וואָלטער געמוזט פערלאָזען דייטשלאַנד. אויף דער
דייטשער גרעניץ האָט מען איהם פערהאַלטען מיט זיין באַגאַזש און
מען האָט ביי איהם צוגענומען אַ שקאַטולקע מיט פרידריך'ס מתנות.
אָבוואָהל שפּעטער האָט זיך וואָלטער מיט זיין תלמיד איבערגעבעטען,
אָבער גוטע אמת'ע פריינד ווי פריהער זיינען זיי שוין מעהר קיין מאָל
ניט געווען. אומקערען זיך צוריק קיין פּאַריז האָט מען וואָלטער'ן ניט
ערלויבט האָט ער זיך געקויפט אַ לאַנד־גוט (אַ אימעניע) אויף דער
גרעניץ פון דער שווייץ און פראַנקרייך, וועלכע האָט זיך גערופען פער־
נעי. דאָ האָט ער פערבראַכט די איבריגע צוואַנציג יאָהר פון זיין לע־
בען אַלס אַ באַראָן און א מאַגנאַט, אַרומגערינגעלט מיט אַ גאַנצער
סוויטע פון בעדיענטע, פריינד, אנהענגער און פערעהרער. די גרעסטע
לייט פון דער וועלט פלעגען פאָהרען קיין פערנעי, ווי חסידים פאָה־
רען צו אַ גוטען־אידען. זיין יעהריגער איינקונפט איז געווען איבער
140 טויזענד ליווערן און ער האָט געלעבט ווי אַ פירסט אין לוקסוס
און פערגניגען. דאָ האָט ער געהאַט זיין אייגענעם טהעאַטער פיר וועל־
כען ער פלעגט שרייבען שטיק, און ער אליין פלעגט זיי אויפפיהרען,
און ער אליין און זיינע פריינדע פלעגען זיי שפּיעלען. ביז די מינוטען
פון זיין לעבען איז ער געווען טהעטיג, פול מיט ענערגי און ענטוזי־
אַזמוס. ער איז געשטאָרבען אין דער שטאָט, וואו מען האָט איהם ניט
ערלויבט צו לעבען — אין פּאַריז, אין דעם יאָהר 1778, אין דער עלטער
פון 48 יאָהר. אין דעם יאָהר 1878 איז דעם טאָג פון זיין הונדערטען
יאָהרצייט, איז אין פּאַריז געווען זעהר גרויסע און גלענצענדע פעסט־
ליכקייטען. אין דעם יאָהר 1891 האָט מען אין פערנעי געשטעלט אַ
גרויסען און מערקווירדיגען מאָנומענט.

מען וואָלט געדאַרפט האָבען פיעל פּלאַץ בלויז אויסצורעכענען

פען האָט ער נאָך ווי עס איז ערלויבט צו זיין אַטעאיסטען, דאָס פאָלק אָבער מוז האָבען אַ גאָט, ווייל דאָס איז פּראַקטיש. דער פּראָסטער מענש זאָל ניט מורא האָבען פאַר'ן גיהינום, פאַר שמיץ וועט קיין פאָרם פון רעגיערונג ניט קענען עקזיסטירען, און קיין אָרדנונג אין דער גע־זעלשאַפט. דורך דיעזער טעאָרי זיינער האָט ער געהאַט פיעל קאָפּ־דריי־עניש. ער האָט געגלויבט אין גאָט אין שכר ועונש, און האָט ניט גע־גלויבט אין דער אונשטערבליכקייט דער זעעלע. ער האָט געלאַכט פון די, וואָס גלויבען אַז דער מענש האָט ערגעץ וואו אַ נשמה. פרעגט זיך, אַז קיין נשמה איז ניטאָ און קיין יענע וועלט איז ניטאָ, ווי אַזוי וועלען די פויערען און קאַנאַליען בעשטראָפט ווערען פאַר זייערע חטאים און עברות? אויף זיינע עלטערע יאָהרען, ווען ער איז געווען זעהער רייך און האָט געלעבט ווי אַ באַראָן, האָט ער אין זיין גוט אויפגעבויט אַ קירכע, אויף וועלכער עס איז געווען אויפגעשריבען: וואָלטער האָט דאָס אויפגעבויט פאַר גאָט! פאַר זיין שטאַרבען האָט ער ערקלערט אָפען, אַז ער וויל שטאַרבען אין דער הייליגער קריסט־קאַטוילישע־אַפּאָסטאָלישער קירכע. און פאַר זיין טויט האָט ער אונטערגעשריבען אַ פּאַפּיער, אין וועלכען ער האָט זיך ענטזאַגט פון אַלעם וואָס ער האָט געשריבען געגען קריסטענטהום. מיט איין וואָרט, וואָלטער איז אין קיין הינזיכט ניט געווען צו ראַדיקאַל. נאָך פאַר איהם און אין זיין צייט זיינען געווען דענקער, וועלכע האָבען אַ סך ראַדיקאַלער בעהאַנדעלט אַלע פראַגען פון געזעלשאַפטליכען לעבען. פאַר וואָס־זשע פלעגט פאַלען אַן אימה ופחד אויף דער רעאַקציאָנערער וועלט, אַז מען פלעגט נאָר דערמאָנען זיין פערהאַסטען נאָמען?

מען זאָגט, וואָלטער איז געווען אַ גרויסער קעמפּפער פאַר די פרייהייט פון דעם וואָרט, פאַר דיזען קאַמפּף זיינעם איז ער עטליכע מאָל געזעסען אין באַסטיליע און איז פערטריבען געוואָרען פון זיין פאָ־טערלאַנד. דאָס איז ניט ריכטיג. ער איז ניט געווען קיין בראַוועו גע־וואַגטער קעמפּפער, ער איז נאָר געווען אַ שרעקליכער דעמאַגאָג. ער האָט ניט געהאַט קיינע פּרינציפּען, קיינע סימפּאַטיען, קיין הייליגטום. ווי אַן אכזר האָט ער מיט אַ טייוולאַשער ענערגי פערפאָלגט זיינע אינטערעסען, אָהן רחמנות, אָהן מיטלייד, אָהן אַבשיי. אָבער ער איז קיינמאָל ניט ארויס אין אַן אָפענעם קאַמפּף געגען די, וואָס אונטער־דריקען און רויבען די פרייהייט. פאַרקעהרט, זיין גאַנצען לעבען איז

„בוגי מען"... דער נאָמען „וואָלטעריאַנעץ" איז געווען אַזאַ קללה, פּונקט ווי איצט ביי דער בורזשואַזער וועלט די נעמען: ניהיליסט, סאָציאַליסט, אַנאַרכיסט. עס איז ניט שרעקליך! ער איז ניט געווען קיין רעוואָלוציאָנער אין קיין זינען, די עקאָנאָמישע פערהעלטניסע פון זיין צייט האָבען איהם ניט אינטערעסירט אַלס אַ וויכטיגע סאָציאַלע פּראָבלעם. אָבוואָהל עס האָבען שוין דאַמאָלס עקזיסטירט די עקאָנאָמיסטען, וועלכע זיינען אונז בעקאַנט אַלס פיזיאָקראַטען. (די דאָזיגע עקאָנאָמיסטען האָבען געלערענט, דאָס די רייכקייט פון נאַציאָנען בעשטעהט ניט אין גאָלד און זילבער, נאָר אין פּראָדוקטען פון אַגריקולטור, דאָס אַלע מענשען האָבען דאָס גלייכע רעכט צו געניסען די פריכטע פון זייער אַרבייט און עס איז אוננאַטירליך דאָס ליידיג־געהער זאָלען לעבען אַ גוטען טאָג און די וואָס אַרבייטען זאָלען ליידען נויטה). ער איז ניט געווען קיין פּאָליטישער ראַדיקאַל, ער האָט געמאַכט חוזק פון די שרייבער, וועלכע האָבען געגלויבט אין אַ רעפּובליקאַנישע פאָרם פון רעגיערונג. פאַרקעהרט, ער האָט געגלויבט אין די נויטווענדיגקייט פון אַן אויטאָקראַט, ער מוז נאָר זיין אַ געבילדעטער און „הומאַנער דעספּאָט". וואָלטער איז זאָגאַר קיין געוועהנליכער דעמאָקראַט ניט געווען. ער האָט גאַנץ אָפען געלאַכט פון די קאַנאַליען, פון וועלכע עס בעשטעהט דאָס פאָלק, דער פעבעל, די פּראָסטע מענשעלאַך. שוועסטער און דיענסטמיידלעך אויפקלעהרען, זאָגט ער, דאָס איז ניט אונזער זאַך, דאָס איז די אויפגאַבע פון אַפּאָסטאָלען. עס האַנדעלט זיך ניט אין דעם, זאָגט ער, אונזערע לאַקעיען פערהינדערען פון צו געהן אין קירכע, הערען דרשות און דאַוונען... „מיר וועלען גיך האָבען אַ נייעם הימעל און אַ נייע ערד. אָבער ווער? די אַנשטענדיגע לייט נאָר. וואָס בעטרעפט די קאַנאַליען, דעם פעבעל, איז די דומסטע ערד און דער דומסטער הימעל געראַדע דאָס וואָס זיי דאַרפען. דאָס פאָלק וועט אימער דום און באַרבאַריש בלייבען. זיי זיינען אָקסען, וועלכע דאַרפען האָבען אַ יאָך, אַ שטאָהל און אַ בינטעל שטרוי".

ער איז אפילו קיין אטעאיסט אויך ניט געווען. ער האָט געגלויבט אין אַ פּערזענליכען גאָט און האָט זעהר פיעל געשריבען, אום צו איבערצייגען די אונגלויביגע, אַז אַ גאָט איז אַ נויטווענדיגדיגע זאַך. די גאַנצע וועלט ווייסט זיין בעריהמטע סענטענץ: „אויב עס איז ניטאָ קיין גאָט, מוז מען אַזעלכען ערפינדען". געבילדעטע מענשען און פילאָזאָ־

טער אַן אויסגעטראַכטען נאָמען פלעגט ער שרייבען גאָר אַנדערש. פריעדריך'ן דעם גרויסען פלעגט ער שרייבען, אַז ער איז דער שלמה המלך און אונטער די אויגען פלעגט ער איהם רופען: אפפע... דער רוסישער צאַריצע יעקאַטערינאַ האָט ער געשריבען, אַז זי איז די איינ־ציגע „סעמיראַמיס דעם נאָרדענס"... און מיט אַ קורצע צייט פריהער האָט ער דאָס זעלבע געשריבען דער האַלב־ווילדער צאַריצע יעליזאַ־וועטע... דער עיקר איז געווען ביי איהם נאָר צו קריגען אַ „קאָמי־שאָן". ווען ער איז געווען ביי פרידריך'ן אין פרייסען האָט ער גע־וואָלט ווערען אַ געהיימער אַגענט פון זיין רעגיערונג און אויסגעפי־נען פּאָליטישע סעקרעטען... עס האָט איהם אָבער ניט געגליקט... פריהער האָבען איהם די פראַנצויזישע דיפּלאָמאַטען ניט געגלויבט און שפּעטער האָט זיך פרידריך ניט געלאָזט נאַררען. ער האָט זיין רבי, וואָלטער'ן, זעהר גוט פערשטאַנען. דיינע ווערקע, האָט ער גע־זאָגט וואָלטער'ן, פערדיענען מאָנומענטען און דיינע טהאַטען פערדיע־נען קייטען. — „עס איז גוט וואָלטער'ן צו לעזען, אָבער ניט צו קענען"... עס איז אין וואָלטער'ס כאַראַקטער ניט געלעגען צו פיהַ־לען וואַרימע פריינדשאַפט און ליעבע... פיעלע פרויען האָבען איהם געליעבט, פערגעטערט, ער האָט אָבער זיך נור אַמוזירט... איהם האָט ליעב געהאַט די בעריהמטע אַקטריסע אַנדיענאַ לעקובטאַריער, איהם האָט ליעב געהאַט אַ יונגעס מעדכען וועלכעס ער האָט בעגעגענט אין דער פּראָווינץ... ער האָט זי געבראַכט קיין פּאַריז, צוגעזאָגט צו מאַכען זי פאַר אַ בעריהמטע אַקטריסע און ווען ער האָט זי ניט געדאַרפט מעהר, האָט ער זי פערגעסען... שפּעטער ווען זי האָט גע־הייראַטעט מיט אַ בעריהמטען נאָבעלמאַן, האָט ער זי ווידער געוואָלט בעגליקען, האָט זי איהם אָבער געהייסען נעהמען דעם וועג... דאָס האָט איהם ניט לאַנג פערדראָסען, ער האָט זעהר גיך געפונען אַנדערע געליעבטע... די איינע פרוי מיט וועלכער ער איז געווען פערבונדען אַ היבשע צייט איז די מאַרקיזע דו שאַטעל... אין יענע צייטען האָ־בען די העכערע קלאַסע מענער ניט געהאַט דאַגעגען, אַז זייערע פרויען זאָלען האָבען געליעבטע, טרייהייט אין פאַמיליען־לעבען האָט זיך גערעכענט פאַר אַן אָבגעשמאַקטע זאַך, וועלכע איז אַרויס פון דער מאָדע. וואָלטער איז פיעלע יאָהרען געווען דער מאַרקיזע'ס געליעב־טער, ער האָט געלעבט רוהיג אין איהר שלאָס מיט אַלע בעקוועמליכקיי־

ער געווען א מחותן מיט קיסרים קעניגע, פירסטען, פרינצען... האט זיך גע'חנפ'עט צו זיי, געשנארעט געלד ביי זיי, געמאכט זיי קאמפלי־מענטען. ער איז געזעסען אין באסטיליען פאר פאסקווילען און שמו־ציגע ארטיקלען, וועלכע ער פלעגט ארויסלאזען אונטער א פרעמדען נאמען... ער האט קיין מאל ניט געהאט דעם מוט מודה זיין זיך, אז אן ארטיקעל, וועלכער האט אימיצען פון די גרויסע בייז געמאכט, איז געווען געשריבען פון איהם ער פלעגט זיך שווערען אז דאס איז א בלבול און שטילערהייט פלעגט ער בעקאנטע און בעריהמטע מענשען, ליעבהאבער פון סענזאציאן און סקאנדאל, געבען קאפיעס פון זיין שריפט... דאס האט איהם געמאכט פאר א געפעהרליכען מענשען.

אלס א מענש איז ער געווען א שרעקליכער עגאאיסט. די מענשען, זאגט ער, זיינען געשאפען צו זיין איין אמבוס אדער א האמער; איך וויל בעסער זיין א האמער... ער האט געקלאפט וואו ער האט נור געפונען מעטאל צו שמיעדען. ער האט געדענקט נור וועגען זיך, האט ליעב געהאט כבוד, האט געוואלט זיין רייך און האט ניט מקפיד גע־ווען אויף מיטלען... ער האט געמאכט געלד און פיעל געלד, און ער איז ענדליך געווארען א גרויסער עושר, — ניט פון שרייבען, נור פון פערשידענע אפערס, האט געגעבען געלד אויף פראצענט, געהאנדעלט מיט ווערט־פאפיערען, געווען א פאדריאטשיק, א ספעקולאנט און איז געווען זעהר א קארגער, אבוואהל ער האט ניט געהאט ניט קיין ווייב און ניט קיין קינדער. אויף דער עלטער, ווען ער האט געלעבט אין זיין פאלאץ אין זיין אייגענעם גוט פערנען, אויף דעם גרענעץ פון שווייצער־לאנד און פראנקרייך, האט ער געלעבט ווי אלע מאגנאטען. מיט אן אייגענעם טהעאטער, אייגענע פאדראנעס, פערד, וועגען, גלחים און פערעהרער. אין דער צייט פלעגט ער אמאל זיך ארויסצייגען אויך אלס א בעל צדקה, אבער ווער ווייסט, וועלכע מאטיווען ער האט דער־ביי געהאט. ער איז ניט געווען קיין גוטער מענש, האט קיין מאל ניט מוחל געווען, אויב מען האט איהם פוגע בכבוד געווען. אין פילאזאפישע טראקטאטען, אין פאעמען, אין דראמען פלעגט ער געפינען פלאטץ פאר זיינע פערזענליכע חשבונות, ווי פון זיינע שונאים נקמה נעהמען, שימפפען און בעליידיגען זיי. ער איז ניט געווען קיין אויפריכטיגער מענש. אין די אויגען האט ער געזאגט אזוי און אונטער די אויגען אנדערש. אלס וואלטער האט ער גערעדט פון א פערזאן אזוי, און אונ־

ריגסטע בעליידיגונגען, האָט איהם אָנגערופען: אַ פליעג, אַ גאָרנישט, וועלכער וויל פון זיין בוידעם זעהן די עראייגניסע פון דער וועלט־גע־שיכטע. שלאָסער זאָגט, אַז פון אַלע היסטאָרישע ארבייטער פון וואָל־טער, איז נור זיין געשיכטע פון לודוויג דעם פערצעהנטען די איינציגע פון וועלכער מען קען זיך ערלויבען, אי דאָס מיט גרויסע פאָרזיכטיג־קייט, אייניגע בעמערקונגען צו אנטלייהען.

ער האָט אויפגעשריבען זעהר פיעלע דראַמען און אייניגע קאָ־מעדיען, וועלכע האָבען אין זייער צייט געמאַכט אַ שטורם. וואו זיינען זיי איצט? וואו שפּיעלט מען זיי? וועמען זיינען זיי בעקאַנט? ער אליין האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ זעהר גרויסען דראַמאַטורג, האָט געשריבען אין אַ הויך־פערקינצעלטען קלאַסישען טאָן, נאָך די אַלע רעגעלען און קאַזיאָנע געזעצען פון דער טראַגעדי. פון שעקספיר'ן האָט ער ניט זעהר שטאַרק געהאַלטען. אָבוואָהל ער האָט צוגעגעבען, אַז שעקספיר איז אַ זשעני, אָבער זיינע דראַמען האָט ער געזאָגט זיי־נען געשריבען געוואָרען צו ווילד און באַרבאַריש. זאָגאַר „האַמלעט" איז נאָך זיין מיינונג אַ שטיק וואו איינער ווערט משוגע אין ערשטען אקט, דער צווייטער אין צווייטען אַקט, אין דריטען אַקט שלאָגט מען זיך און מען טרינקט, נאָכדעם גראָבט מען אַ קבר אויף דער ביהנע, מען שלאָגט זיך ווידער און מען פערגיפטעט. ווען ער, וואָלטער, וואָלט האָבען אַ מאַכט, זאָגט ער, וואָלט ער שעקספירען ניט אריינגעלאָזט אין פראַנקרייך. און דאָך וואָס האָט ער אליין געטאָן? ער האָט אין זיינע דראַמען נאָכגעקרימט שעקספירען, האָט געמאַכט אַן אָטהעלאָ נאָך זיין מוסטער, האָט געוויזען שעקספירען ווי מען דאַרף שרייבען „ראָמעאָ און דזשוליעטאַ" א. ז. וו. וו. לעסינג האָט אין זיינע קריטישע בריעף וועגען דראַמאַטורגי געמאַכט אַ תל פון וואָלטער'ס דראַמען. ער האָט פשוט איבערצייגט אַז ער איז אַ שאַרלאַטאַן. וועגען וואָלטער'ס דראַ־מאַ „מעראָפּע" דערצעהלט לעסינג, ווי אַזוי דאָס שטיק איז גענומען געוואָרען ביי אַ איטאַליענישען שרייבער, ווי אַזוי וואָלטער אליין האָט אונטער דעם נאָמען פון אַן אויסגעטראַכטען לינדעל אויפגע־שריעבען אַ פּאַסקוויל אויף דעם אָריגינעלען פערפאַסער, האָט איהם געמאַכט מיט דער בלאָטע און געצייגט אויף וויפיעל זיין „מעראָפּע" שטייט ניעדריגער פון דעם גרויסען וואָלטער'ס „מעראָפּע". דאַרויף האָט כלומרש'ט שוין אליין וואָלטער געענטפערט, אַז אָבוואָהל דעם

טען... זי איזווירקליך געווען א מערקווירדיגע פרוי, קלוג, שעהן און זעהר געבילדעט... זי האָט דעם גרויסען וואָלטער געהאַלטען אונ־טער איהר פאַנטאָפעל, דערפאַר האָט ער זיך נעבען איהר אַזוי לאַנג געהאַלטען... דאָס טרעפט זיך שטענדיג מיט מענשען, וועלכע האָ־בען אַזעלכע כאַראַקטערס ווי וואָלטער.

עס איז געווען אַ צייט, ווען מען האָט וואָלטער'ן גערופען: דער קעניג פון די דענקער פון אַכטצעהנטען יאָהר־הונדערט. דידעראָ איז געווען אַ סך אַ טיעפערער דענקער פון וואָלטער. זשאַן זשאַק רוססאָ איז אַ סך נעהענטער פון איהם צוגעגאַנגען צו אַלע וויכטיגע פּראָבלע־מען פונ'ם סאָציאַלען לעבען. אמת, וואָלטער האָט אויפגעשריבען זיעבציג בענדער. ער איז געווען אַ פילאָזאָף, אַ היסטאָריקער, אַ פּאָעט, אַ דראַמאַטורג, אַ ראָמאַניסט. אָבער פערנעהמט דען וואָלטער אַ פּלאַץ אין דער פילאָזאָפּי אַלס אַ זעלבסטשטענדיגער פילאָזאָף? האָט ער געשאַפען אַ פילאָזאָפישע סיסטעם? אין קיין היסטאָרי דער פילאָזאָפּי געפינט איהר ניט וואָלטער'ן צווישען די פילאָזאָפען. אפילו זיינע גרעסטע פערעהרער אַנערקענען נאָר, אַז וואָלטער איז געווען דער געשיקטסטער מענש אין דער וועלט נאָר צו ערקלעהרען און פּאָפּולער מאַכען פילאָזאָפישע געדאַנקען פון אַנדערע. אין אַלע זיינע זיעבציג ביכער געפינט מען ניט איין ווערק, וועלכעס זאָל איהם אין דער גע־שיכטע פון דער ליטעראַטור שטעלען אויף איין פּלאַטץ מיט די וועלט־בעקאַנטע קלאַסיקער. ער האָט ניט אויפגעשריבען קיין „פאַוסט", קיין „האַמלעט", קיין „דאָן קיכאָט". אַלע זיינע ווערק האָבען נור אַ היס־טאָרישע בעדייטונג און זעלטען ווען איהר קענט וואָלטער'ן געפינען אין אַ פּריוואַט ביבליאָטהעק.

אַלס אַ היסטאָריקער איז ער בעקאַנט נאָר מיט זיינע שבחים, וועלכע ער האָט געשריעבען וועגען דעם מערדער און הענקער קאַרל דעם 12טען, וועגען דעם אויסגעלאַסענעם דעספּאָט און טיראַן לודוויג דעם פערצעהנטען, וועלכען וואָלטער האָט פאַרגעטערט. ער האָט גע־שריבען די געשיכטע פון רוסישען צאַר פּעטער, ווייל ער האָט דערויף געהאַט אַ בעשטעלונג און האָט דערפאַר געקראָגען גוט צעצאָהלט. ווען זשאַן זשאַק רוססאָ האָט זיך ערלויבט אויסצודריקען אַ געדאַנק, אַז רוסלאַנד איז אַ פינסטערע מאַכט, וועלכע דראָהעט דער גאַנצער ציוויליזירטער אייראָפּאַ, איז וואָלטער אויף אָנגעפאַלען מיט די ניעד־

צייהן. וואו ער האָט נור געקענט, סאַי דאָס איז געווען אם פּלאַץ אָדער ניט, פּאַסענד אָדער ניט, אין אַ פילאָזאָפישער אָבהאַנדלונג, אָדער אין אַ היסטאָרישער מאָנאָגראַפי, אָדער אין אַ ראָמאַן, אומעטום וואו ער האָט נור געקענט פון די אידען אָבלאַכען, ערנידריגען זיי, בעשימפּפען, בעשמוצען, האָט ער עס ניט פערפעהלט צו טאָן פלייסיג און מיט ענערגי. אליין איז ער געווען אַ געשעפטמאַכער און אַ פּראָצענטניק און די אידען האָט ער מיט דעם געשטאָכען די אויגען. ער אליין האָט ניט געגלויבט אין השארת הנפש און די אידען האָט ער גערעכענט פאַר אַ ניעדריגעם באַרבאַרישעם פאָלק ווייל אין זייער ביבעל ווערט די פרומע אידען צוגעזאָגט נאָר עולם הזה און קיין עולם הבא. פון דער ביבעל האָט ער, וואו ער האָט נאָר געהאַט אַ געלעגענהייט, געמאַכט חוזק. אין זיין פילאָזאָפישען ווערטער־בוך, ווען ער קומט צום וואָרט „איד" דערציילט ער אין אַ היסטאָרישער פאָרמע נאָר זיינע מחלוקות, קריעג און מלחמות. זאָגאַר פון זייער העלדישען קאַמפּף פיר זייער פרייהייט מיט די רוימער לאַכט ער אָב און זאָגט זיך אָפּ קאַלטבלוטיג, אַז די רוימער האָבען פיעלע טויזענדער אידלאַך פערקויפט ניט טהייערער פון דעם פרייז, וואָס מען נעהמט פאַר אַ בעשעפעניש, וואָס די אידען טאָרען ניט עסען. ער דערציילט אַז די אידישע פרויען ווערט אין דער ביבעל פערבאָטען צו ליעגען מיט אייזלען און פערד, און דאָס איז אַ סימן אַז די אידישע פרויען זיינען געווען געוואָוינט צו אַזעלכע דעליקאַטעסען. ער מאַכט זיך לוסטיג דאַריבער ווי טויזענדער אידען זיינען אויסגעשלאַכטעט געוואָרען, ווייל אַנשטאָט „שין" האָבען זיי געזאָגט „סין", אָדער ווייל זיי האָבען זיך צוגעריהרט צום ארון קודש א. ז. וו. ער ענדיגט זיין היסטאָרישען איבערבליק מיט דיעזע ווערטער: „דערפון זעהט מען אַז די אידען זיינען געווען שטענדיג אָדער בראָדיאַגעס, אָדער רויבער, אָדער קנעכט, אָדער מיאַטעזשניקעס. זיי זיינען נאָך איצט וואַגאַבונדען אויף דער ערד, פעראַכטעט פון אַלע מענשען און טענה'ן נאָך אַלץ אַז די הימלען, די ערד, די גאַנצע מענשהייט זיינען בעשאַפען געוואָרען נאָר פון זייער'ט וועגען". ער בעשולדיגט די אידען אין דעם, דאָס זיי זיינען געווען קאַניבאַלען און האָבען צו זייער גאָט געבראַכט מענשען פאַר קרבנות... אין זיין פילאָזאָפישען ווערטער־בוך גיט ער געננוג פּלאַץ אברהם'ן, דוד המלך, אַלע נביאים... מאַנכעס מאָל זעהר שאַרף און וויציג... וועגען דעם

איטאַליענערס „מעראָפּע" האָט אין זיך גרויסע פעהלערן, איז דאָך לינדעל ניט אין גאַנצען גערעכט. מיט אַזעלכע פּאַרטעלען, רעקלאַמען און פאַלשע פּסעוודאָנימען האָט זיך וואָלטער זעהר אָפט בענוצט.

זיינע פּאָעטישע ווערק זיינען זעהר גלענצענד, קלינגענד, אין זעהר אַ רייכער שאַרפער שפּראַכע, זיי זיינען אָבער קאַלט, טרוקען און געפיהללאָז, וואָרום ער אליין איז געווען אַ טרוקענער, קאַלטער מענש, אָהן געפיהל און אָהן האַרץ. זיינע פּאָעזיען בעריהרען ניט קיין גרויסע פּראָבלעמען און רעדען ניט צו דער זעעלע פון'ם מענשען. זיינע ראָמאַנען קען מען רעכענען פאַר אַלץ אין דער וועלט, נאָר ניט פאַר בעלעטריסטישע ווערק. זיי זיינען פילאָזאָפישע טראַקטאַטען, סאַטירען, קריטיקען, אָבער קיינע קונסטווערקע, קיינע ראָמאַנען. די פּערזאָנען פון זיינע ערציילונגען זיינען ניט לעבעדיגע מענשען, זיי זיינען מאַריאָנעטען, קוקלעס, וועלכע טאַנצען אום, ווייל וואָלטער ציהט זיי פאַר'ן שטריקעל און צווינגט זיי צו מאַכען אַלערליי אוואיעס און אויסצושרייען אַזעלכע קלוגע מאָנאָלאָגען און שאַרפע געדאַנקען, ווי זייער בעל הבית וויל. גענומען זיינען זיי אַלע ניט פון ריכטיגען לעבען, נור פון אַ פאַנטאַסטישער אויסגעטראַכטער מערכענוועלט... די ווירקליכקייט, דאָס רעאַלע לעבען שפּיעלען קיין ראָלע ניט אין וואָל־טער'ס ראָמאַנען.

אין וואָס־זשע שטעקט זיין קראַפט, זיין מאַכט, זיין גרויסקייט? וואונדערן זיך שוין מאַנכע פון אייך. איהר האָט נאָר געדולד... איידער איך וועל פערענטפערן די פראַגע, וועט איהר אייך נאָך מעהר וואונדערן.

---

.3

## וואָלטער אַלס אידען־פיינד.

די היינטיגע אַנטיסעמיטען מיט אַלע זייערע רייד און שרייבע־רייען קענען זיך רעכענען געגען וואָלטער'ן אַלס קליינע הינטעלעך. וואָלטער האָט די אידען געביסען מיט גרויסע שאַרפע און גיפטיגע

געוואוסט וואָס פאַר אַ ניעדריגען כאַראַקטער וואָלטער האָט, דיעזער סקאַנדאַל האָט אָבער געדרויבט די לעצטע ביסעל אַכטונג וואָס דער געקרוינטער תלמיד האָט געהאַט צו דעם בעריהמטען רבי׳ן. לאָזט צו רוה, האָט פריעדריך צו איהם געזאָגט, דעם נייעם און דעם אַלטען טעסטאַמענט. אַ פילאָזאָף דאַרף פריהער פון אַלץ זיין אַ אַנשטענדיגער מענש... דיעזער סקאַנדאַל האָט נאָכדעם געפיהרט דערצו, אַז צווישען דיעזע צוויי גדולים איז ארוים אַ מחלוקה. וואָלטער, אַלס נוקם ונוטר האָט דאָס געווים ניט געקענט פערגעסען. מערקווירדיג איז דאָס וואָס וואָלטער׳ס פּאַפּיערען און דאָקומענטען ביי דיעזען שמוציגען פּראָצעס פון הירשעל און וואָלטער האָט איבערזעצט פון פראַנצויזיש אין דייטש דער גרויסער לעסינג, וועלכער איז דאַמאָלס געווען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר עטליכע און צוואַנציג, דער זעלבער וואָס האָט זיך בעריהמט געמאַכט מיט זיין „נאַטהאַן דער ווייזע״... וואָלטער האָט לעסינג׳ן ניט געליעבט. לעסינג האָט וואָלטער׳ן שוין דאַמאָלס פערשטאַנען...

אַ פּאָרטוגעזישער איד מיט׳ן נאָמען פּינטאָ, איז ארוים געגען וואָלטער׳ן מיט אַ פּאָלעמישער בראָשורע... די פּאָרטוגעזישע און שפּאַנישע אידען האָבען זיך דאַמאָלס גערעכענט פאַר די אַריסטאָקראַטען פון אידישען פאָלק און האָבען געקוקט אויף די פּוילישע און דייטשע יהודים, ווי די יהודים פון דעם ניו יאָרקער אַריסטאָקראַטישען קוואַרטאַל קוקען איצט אויף די אידלאַך פון דעם ניו יאָרקער גהעטאָ. דיעזער פּינטאָ האָט געזאָגט, אַז דאָס וואָס וואָלטער שרייבט איז אפשר וואהר, אויב ער מיינט די פּוילישע און דייטשע אידען, די פּאָרטוגעזישע אָבער זיינען איידעל־לייט און אַריסטאָקראַטען... וואָלטער האָט צוגעגעבען אַז פּינטאָ איז גערעכט און ער איז בערייט צו מאַכען איין אויסנאַהמע פאַר די פּאָרטוגעזישע אַריסטאָקראַטען... ער, האָט בערעכענט, אַז ער מאַכט דערביי אַ בעסער געשעפט, אַלס זיין אָפּאָנענט, דער אידישער פערטהיידיגער פּינטאָ...

אין זיינע „בריעף געגען זעקס אידען״ גיסט ער ווידער גיפט, שוועבעל און פעך אויף די אידען. ער דערמאָהנט זיי ווידער די אַלטע חטאים און ענדיגט איינעם פון זיינע בריעף מיט דיעזער פריינדליכער עצה: געגוג אייך צו זיין חיות וואָס קענען נאָר רעכענען, שוין צייט איהר זאָלט אָנהויבען דענקען... אויב איהר ווילט געהן קיין פּאַלעסטינא, זאָגט ער אין דיעזע בריעף, געהט אייך געזונדערהייט אין דעם לאַנד

נביא יחזקאל דערציילט ער, אז גאָט האָט איהם געהייסען נעהרען זיך א געוויסע צייט מיט ברויט, וואָס איז בעדעקט מיט מענשליכע... יחזקאל האָט קוים אויסגעבעטען ביי גאָט די טובה, אנשטאָט מענשליכע... איינקנעטען אין זיין ברויט דעם קויט פון א בהמה... א איד אין אמסטערדאם האָט איהם גענאָגט, אז מען דאַרף עס ניט פערשטעהן בוכשטעבליך, עס איז א פאַנטאַזי... אויב עס איז א פאַנטאַזי, בעמערקט וואָלטער, דאַרף מען בעסער לעזען די פאַנטאַזיען פון האָמער, ווירגיל און אָוויד. נאָר ווענען עס געפעלט בעסער די פראָפעצייהונג פון א יחזקאל דער זאָל עסען מיט איהם זיין אָנבייסען...

אַלס געשעפטסמאַכער האָט וואָלטער געהאַט צו טאָן מיט אידישע סוחרים אין ענגלאַנד, אין האָלאַנד און דייטשלאַנד. דאָס געוויס, האָט איהם ניט געקענט מאַכען פריינדליכער צו דער גאַנצער אידישער נאַציאָן. ווען ער איז געווען אין לאָנדאָן האָט ער פערטרויט א קאַפּיטאַל צו א אידען, א געוויסען מענדעס, מיט וועלכען ער האָט געוואָלט ספּעקולירען בשותפות. מענדעס האָט באַנקראָטירט און וואָלטער'ן איז אָנגעקומען נאָר א קליינער טהייל פון זיין געלד. אין בערלין האָט ער זיך פערפּלאָנטערט מיט א אידען הירשעל גאָר אין א מיאוסער געשיכטע... ער האָט דורך דעם הירשעל געוואָלט אָפּקויפען פּאַפּיערען, וועלכע זיינען געווען פערבאָטען אין פּרייסען. ער האָט דאָס געמוזט טהאָן בשתיקה, זיין פּאַטראָן, תלמיד און פערעהרער, פריעדריך דער גרויסער זאָל דאָס ניט וויסען. ער איז דאַמאָלס געוועזן פריעדריך'ס קאַמער־הערר, האָט געקראָגען פון איהם צעהנדליגע טויזענדער א יאָהר, האָט געלעבט ביים הויף, געפאָהרען אין הויפ'ס־קאַרעטען, געגעסען ביים קעניגס טיש און געשפּיעלט א ראָלע פון זעהר א גרויסען פּרינץ. מען ווייס ניט, אויב עס איז וואהר אָדער ניט, אָבער דער איד הירשעל האָט ערקלעהרט אז אַנדערע אידען, קאָנקורענטען, האָבען אומיסטען אויפגעהויבען דעם קורס פון די פּאַפּיערען, איידער ער האָט זיי געקויפט און אז ער האָט דערביי פערלאָרען זיין געלד און אויך וואָלטער'ס געלד... וואָלטער האָט ארויסגענאַרט ביי דעם אידען א סך טהייערע בריליאַנטען, בלומרשט מיט'ן צוועק זיי צו קויפען, און האָט זיי ניט געוואָלט צוריקגעבען. דערצו האָט ער נאָך געפעלשט אן אונטערשריפט פון הירשלען. עס איז ארויס אן עפענטליכער סקאַנדאַל, דער איד האָט דערלאַנגט אויף וואָלטער'ן אין געריכט... פריעדריך האָט פריהער אויף

אויטאָריטעט ביי דעם פּאַבסט פון רוים. דער איינציגער אויטאָריטעט, האָט ער געזאָגט, איז אין די הימלען... וואָלטער האָט רעפאָרמירט די ציוויליזירטע וועלט דערמיט, וואָס ער האָט אָנגענומען די אויטאָרי־טעט ביי די הימלען, און האָט ערקלעהרט, אַז דער איינציגער אויטאָרי־טעט איז דער מענש אליין. וואָלטער איז ניט געווען קיין פילאָזאָף, ניט קיין פּאָעט, ער איז אָבער געווען אַ גרויסען אויפקלעהרער און עמאַנסיפּאַטאָר! אַ קריעגס־גענעראל אָהן עפּאָלעטען, אַ רעפאָרמאַטאָר אָהן אַ יאַרמולקע פון אַ מאָנאַך.

די דענקענדע מענשען פון 18טען יאָהר־הונדערט האָבען פריהער פון אַלץ אָנגעהויבען רעדען פון דעם מענשען'ס אינטערעסען, שפּעטער שוין האָט מען אָנגעהויבען צו רעדען פון דעם מענשען'ס רעכטע. דער מענש האָט אין דער אַלטער רעאַקציאָנערער וועלט ניט געהאַט קיין פּערזענליכע אינטערעסען אין לעבען; ער האָט נאָר געלעבט צוליעב גאָט און זיינע פאָרשטעהער... דאָס האָט געפיהרט צו דעם גענענזאַץ דאָס די דענקער פון דעם אַכטצעהנטען יאָהר־הונדערט זיינען געווען גרויסע עפּיקוריער, האָבען פּראָפּאַגאַנדירט די אידעע פון אינדיווידועלען גליק און אוטיליטאַריזמוס, פּערזענליכע נוצליכקייט. דערפאַר זעהען מיר אַז אין אַכטצעהנטען יאָהר־הונדערט האָבען פּרינצי־פּען געשפּיעלט אַ קליינע ראָלע, די הויפּטזאַכע איז געווען דער צוועק: ערקלעהרען דעם מענשען זיינע אייגענע אינטערעסען... וואָלטער איז ניט געווען קיין פּרינציפּיעלער מענש, זיין ארבייט איז געווען אַ נע־גאַטיווע, ניט קיין פּאָזיטיווע... ער האָט ניט געבויט, ער האָט צושטערט אַלטע געביידעס, ער איז געקומען אָבלאַכען, פערשפּאָטען, פערניינען, קריטיזירען, רייסען די דומהייט פאַר די אויערען און ער האָט עס געטאָן מיט אַ מערקווירדיגער ענערגי זיין גאַנצען לעבען, און גע־לעבט האָט ער דערצו זעהר לאַנג. ער איז ניט געווען קיין אידעאַליסט, ער האָט ניט פילאָזאָפירט צוליעב דער פילאָזאָפי, און ניט פּאָעטיזירט צוליעב דער פּאָעזי, ער איז געווען אַ פּראַקטישער ארבייטער, וועלכער האָט געוואָלט קומען אין בעריהרונג מיט דער גאַנצער וועלט, אויפ־קלעהרען יעדען מענשען און רעדען צו יעדען מיט אַ פערשטענדלי־כער שפּראַכע. אויב איהר ווילט אייך פאָרשטעלען די קראַפט און דעם געוואַלטיגען איינפלוס פון וואָלטער'ן, דאַן נעהמט אַלע צייטונגען פון דער גאַנצער וועלט, אַלע זשורנאַלען, וויסענשאַפטליכע און פּאָליטישע

פון שטיינער און זאמד, וואו גאָט האָט איך צוגעזאָגט מילך און האָניג און האָט פערגעסען אז מען דארף ברויט אויך. אָבער ווען איהר ווער געהן, בעט איך איך, לאָזט אונז איבער עטליכע אידען, וואָרום אויב מיר זיינען אין רעליגיאָן זאכען אזוי נאַרריש ווי איהר, זייט איהר אין פראגען פון קויפען און פערקויפען א סך קליגער פון אונז..."

דאָס די אידען קענען מאכען געלד ביים קויפען און פערקויפען, דאָס איז געווען די איינציגע זאך, וואָס ער האָט מקנא געווען.

---

.4

## וואָלטער אַלס אויפקלעהרער.

ניט אין דער געשיכטע פון פילאָזאָפי און ניט אין דער נע־שיכטע פון דער ליטעראטור דארף מען זוכען וואָלטער׳ס פּלאַץ, איהם קומט א בעזונדער קאפּיטעל און א גרויסער קאפּיטעל אין דער אל־געמיינער וועלט־געשיכטע, וועלכע דערציילט ווי די קולטור פון דער מענשהייט האָט זיך ענטוויקעלט, ווי אזוי דער גייסט פון דעם מענשען האָט זיך עמאנסיפּירט פון דעם יאָך פון אבערגלויבען און האָט זיך בעפרייט פון די קייטען פון פאנאטיזמוס. אין דער וועלט־געשיכטע דארף וואָלטער פארנעהמען פּלאַץ ווי דער רעפאָרמאטאָר מארטין לוט־הער און דער קריעגס־פיהרער נאפּאָלעאָן באָנאָפּארטע. ער איז א נאַ־פּאָלעאָן און א לוטהער צוזאמען ! ווי נאפּאָלעאָן האָט ער מיט זיין אר־מעע, א ארמעע פון גלענצענדע שריפטען, שארפע קריטיקען, גיפטיגע סאטירען, הומאָריסטישע כאראקטעריסטיקען, געשריבען אין דער קלינגענדער רייכער פראנצויזישער שפּראכע, — מיט דיעזער ארמעע האָט ער איינגענומען די גאַנצע ציווילעזירטע אייראָפּא, אומגעוואָרפען אַלע גרענעצען פון דער אַלטער טראַדיציאָן, ארונטערגעשמיסען הער־שענדע מיינונגען און געזעצט אויף די טהראָנען פון דעם מענשען׳ס אינטעלעקטועלען קעניגרייך נייע רעגירענדע געדאנקען, נייע הער־שענדע אנשויאונגען. ווי לוטהער איז ער געווען א רעפאָרמאטאָר. לוט־הער האָט רעפאָרמירט אייראָפּא דערמיט וואָס ער האָט אָבגענומען די

נוצט מיט אַלע פאָרמען פון דער ליטעראַטור נאָר אויפצוקלערען דעם מענשען. וואָס געהט אייך אָן דער כאַראַקטער און די פּערזענליכקייט פון דעם לאַמטערניק, וואָס צינדט אָן די לאַמפּען ביי נאַכט אין די גאַסען פון שטאָדט? איהר ווייסט נאָר, די גאַסען זיינען בעלויכטען. וואָלטער איז געווען דער גרויסער, מעכטיגער, אונערמיעדליכער לאַמ־טערניק פון אַכטצעהנטען יאָהר־הונדערט פיר דער גאַנצער וועלט. ער האָט געטראָגען ליכט אין אַלע ווינקעלעך פון דער מענשהייט און האָט בעלויכטען די אַלע נאַכט חיות און וואַמפּירען, וועלכע האָבען ביז דאַמאָלס אין דער פינסטערנים רוהיג געזויגען דעם מענשען׳ס בלוט און דעם מענשען׳ס מח... ווייניג וואָס ער האָט זיי ענטדעקט און געוויזען, ווי זיי זעהען אויס אין דער ליכטיגקייט, ער האָט זיך דאָך אָבגעשטעלט לעבען זיי און געלאַכט מיט אַ דעמאָנישען, טייוולישען, זעהר אָפּט ציניש\ען געלעכטער, גאַנץ אייראָפּאַ זאָל הערען. איהם האָ־בען געהערט קעניגע און פּאַבסטע, קאַרדינאַלען און פּרינצען, געבילדע־טע לייט און רעגיערער, און דורך איהם האָט אויסגעבראָכען די רעאַק־ציאָן געגען דער גאַנצער אַלטער וועלט. ביז איהם האָט מען געשריבען צירליך־מאַנירליך, ער האָט אָנגעהויבען רעדען מיט אַן אָפענער שפּראַך, ביז איהם האָט מען געגעבען די לעזער זיסע קאָנפעקטען, ער האָט זיי געהיילט פון קדחת מיט ביטערע פּילען. ביז איהם האָט מען געפּרע־דיגט קריסטליכען אַסקעטיזמוס, געדאַנקען פון ענטזאַגונג, פון פאַס־טען און פון תשובה, ער האָט געלערנט צו זיין אַן אפּיקורס (עפּיקור), לעבען אַ גוטען טאָג און זיין אַ מענש אויף ד ע ר וועלט, ניט אַ הײלי־גער אויף י ע נ ע ר וועלט. ער האָט אָפּט ווען געטהאָן, ווען ער האָט געשניטען מיט זיין אַנאַטאָמישען מעסער די געשווירען און אבצעסען פון זיינע פּאַציענטען — דאָס האָט איהם ניט געאַרט, ער איז ניט געווען קיין סענטימענטאַלער שרייבער. רוססאָ איז געווען אַ סענטי־מענטאַלער שרייבער, ער האָט געשריבען מיט זיין זעעלע, — וואָלטער איז געווען אַ קאַלטער ראַציאָנאַליסט, ער האָט נור געשריבען מיט זיין לאָגיק און פערשטאַנד.

זיין אויפגאַבע איז ניט געווען צו זיין אַ זעלבסשטענדיגער פילאָ־זאָף. ער האָט דערצו ניט געהאַט די נויטיגע רוהע און זעלבסטהערשונג, מיט רעם בלוט און נערוועזיטעט פון טויזענד זשורנאַליסטען אין זיך האָט ער פּאָפּולאַריזירט די געדאַנקען פון די גרויסע און ראַדיקאַלע

צייטשריפטען און לייגט דאָס אַלעס צונויף, דערצו נאָך נעהמט צונויף זייערע דרוק־מאַשינען, אַרמעען שרייבער און מיליאָנען מיטאַרבייטער, און פערקערפּערט דאָס אַלעס אין איין מענשען — דאָס איז וואָלטער! ער איינער איז דאַמאָלס געווען די גאַנצע וועלט־פּרעסע; איהם האָט געלעזען די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט... ער אַליין איז געווען דער לייטענדער גייסט פון דער עפּענטליכער מיינונג פון גאַנץ אייראָפּאַ, אין איהם אַליין איז געזעסען אַן אַרמעע „רעפּאָרטערס" פול מיט פייער און ענערגי, אין איהם זיינען געווען פערקערפּערט טויזענדער רע־דאַקטערע מיט זייער טאַלענט, לאָגיק, פּראַקטישע פעהיגקייט. ער האָט פּאָפּולאַריזירט די וויסענשאַפט מיט דעם פּראַקטישען ציעל, דאָס דער פערדריקטער מענש זאָל אָנהויבען לעבען מיט זיין שכל, ער האָט געשריבען איבער דער גאַנצער וועלט און געפאָדערט גערעכ־טיגקייט פאַר דעם מענשען און האָט געלערנט דעם מענשען פאַרשטעהן זיינע אייגענע אינטערעסען... זיינע שריפטען האָבען דערפאַר געהאַט אַ גרויסע בעדייטונג נאָר פאַר זיין צייט, זיין טהעטיגקייט אָבער וועט האָבען אַ בעדייטונג אי פאַר אימער, זאָ לאַנג ביי דער מענשהייט וועט מען האָבען אַ בעדייטונג אויפקלעהרונג און פּראָגרעס. וואָלטער האָט געהאַט אַ גוטען קאָפּ, אַ קלוגען קאָפּ, אַ שאַרפען מח און האָט גע־גלויבט נאָר אין אינטעלעקטועלע טהעטיגקייט... האָב שכל! זיי ניט קיין נאַרר! מען דאַרף ניט גלויבען — מען דאַרף פערשטעהן! דאָס איז דאָס איינציגע וואָס ער האָט געפּרעדיגט אין אַלע זיינע זיעב־ציג ביכער. אַלס קלוגער פּראַקטישער אַרבייטער האָט ער אַליין גוט פערשטאַנען די בעדייטונג פון זיין שרייבען. מיט אַזאַ באַגאַזש ווי מיין שרייבען, האָט ער געזאָגט, קומט מען ניט צו דער נאָכוועלט... איינס קען איך זאָגען, איך האָב מיינע לעזער ניט געלאַנגווייליגט... ניין! ער האָט געשריבען לעבעדיג, קלוג, אינטערעסאַנט. ער איז געגאַנגען גלייך צום פּונקט, גערעדט צו דער זאַך, האָט זיך ניט געפּוילט פיעל מאָל אין פערשיעדענע פאָרמען איבער׳חזר׳ן דאָס זעלבע, ביז ער האָט זיין געדאַנק אַריינגעהאַקט דעם לעזער אין קאָפּ. זיינע דראַמען, זיינע ראָמאַנען, זיינען ניט געשריבען צו בלייבען ליטעראַרישע מאָנומענטען, זיי זיינען געשריבען געוואָרען מיט דעם זעלבען פּראַקטישען ציעל: אויפקלעהרען דעם מענשען, עמאַנסיפּירען זיין גייסט, בעפרייען זיין פערדולטען קאָפּ פון דונקעלהייט און אָבערגלויבען. ער האָט זיך בע־

הער ניט געקענט די מאַנגלען פון זיין ווערק... ער בעשטראָפט די זינדיגע מיט אַ מבול; קען מען דאָך מיינען אַז נאָך דער פערפלייצונג וועט ער אַ ריינערע ערשאַפען? עס הויבט זיך ניט אָן! עס ענטשטעהען רויבער, שקלאַפען און טיראַנען נאָך ערגערע ווי פריהער. וואָס וועט ער איצט טהאָן? מיט וועלכע בליצען וועט דיעזער שטרענגער גאָט בעשטראָפען דעם נאָך זינדיגערען מענשען? הערט ווי דער זעלבער גאָט, וועלכע האָט די עלטערן דערטרונקען פאַר זייערע זינד, וויל איין שטאַרבען פאַר די זינד פון זייערע קינדער. עס איז דאָ אָן עלענדעס פאָלק, שוואַך, אומוואַנדערנד געניינט צום אונזיניגען אַבערגלויבען, בעזיעגט פון זיינע שכנים, דער שפּאָט פון אַלע נאַציאָנען, נעהמט גאָט׳ס זוהן, דאָס הייסט גאָט אליין, און מאַכט זיך פאַר אַ מיטבירגער פון דיעזען פערהאַסטען פאָלק. ער לאָזט זיך געבאָרען ווערען פונ׳ם לייב פון אַ אידענע און אונטער איהרע אויגען מאַכט ער דורך אַלע שוואַכהייטען פון קינדער־עלטער. לאַנגע יאָהרען וואַנדערט ער אום ווי אַ פּראָסטער ניעדריגער אַרבייטער און דאַן פּריידיגט ער דריי יאָהר און שטאַרבט. נאָך זיין טויט קענען מיר דאָך כאָטש האָפען דאָס מיר וועלען שוין ניט ליידען פאַר אונזערע זינד. וויים איך! מען בעשטראָפט אונז נאָך ערגער, מען האַקט, מען בראָקט, מען רייסט שטיקער־ווייז. ווי?! גאָט אליין איז געשטאָרבען אום אויסצוויקויפען אונזערע זינד און ברענגען אונז איין אייביגע מחילה און דאָס העלפט אויך ניט! דער גאָט וואָס האָט צוליעב אונז פערגאָסען זיין בלוט, פערפאָלגט אונז נאָך אַלץ מיט זיין שטראָף? דער גאָט האַלט פיעלע פעלקער אין אונוויסענהייט פון דעם, דאָס דער זוהן פון אַ סטאָליער, דאָס הייסט ער אליין איז ערגיץ אין אַ ווינקעל אין סיריען געשטאָרבען אויפ׳ן קרייץ, כדי מען זאָל דיעזע פעלקער דערפאַר וואָס זיי האָבען דאָס ניט געוואוסט, אויסרייסען און אויסראָטען פון דער וועלט. הער מיך דו גאָט! איך בין קיין קריסט! איך גלויב ניט אין אַזאַ אונווירדיגען גאָט! גאָט דאַרף ניט אונזער שטענדיגע דיענסט, גאָט קען מען נאָר בעליידיגען מיט אונגערעכטיגקייט געגען מענשען!

אונגערעכטיגקייט צו אַ מענשען אין דעם נאָמען פון גאָט און זוהן, אָדער אין דעם נאָמען פון אַ שטיקעל האָלץ וועלכעס רופט זיך קרייץ, דאָס האָט ער ניט געוואָלט ליידען. דאָס האָט איהם געטריבען מיט אַזאַ פייער צו שרייבען און עקרען מעשים, ווען אַ געוויסער קאַ־

ענגלישע דענקער, הויפּטזעכליך לאַק און האָט געלערנט דעם מענשען וואָס ווייניגער גלויבען און וואָס מעהר קענען, וויסען און בעגרייפען.

זיין אויפגאַבע איז ניט געווען צו ווערען אַ היסטאָריקער, אַ ספּעציאַליסט, ער האָט, אַלס פּראַקטישער ארבייטער ניט געהאַט קיין צייט צו פערבאָרגען זיך אין היסטאָרישע ארכיוועז. ער האָט אָבער געלערנט וואָס היסטאָרי דאַרף בעדייטען ... היסטאָרי, זאָגט ער איז אַ זעקעל מיט „טריקס" (שפּיצלעך), דורך וועלכע מען מאַכט חוזק פון די געשטאָרבענע. היסטאָרי דאַרף זיין די געשיכטע פון דעם מענשען, זי דאַרף לערנען יעדען אינדיווידיאום צו זאָגען: האָמאָ סום, — איך בין אַ מענש! ביז וואָלטער'ן האָבען די קאַזיאָנע היסטאָריקער די גאַנצע וועלט־געשיכטע און דעם שיקזאַל פון דער מענשהייט צונויפגעבונדען מיט דער ביבעל, מיט די הייליגע שריפטען; ער האָט געזעהן ווי נאַריש, שעדליך און אונבעגרינדעט אַזאַ טהעאָרי איז און ער האָט מיט אַ ציניש ער פרעכהייט אָבגעלאַכט און בעשמוצט דעם בוך פון „אָפענבאַרונג", האָט געוויזען אַלע אומגעלומפּערטע און אוננאַטירליכע, אַלע שוואַכע און ניט היסאָרישע זייטען פון די הייליגע שריפטען. ער איז מיט זיין גאַנצער זעעלע געווען געגען קריסטענטהום, ער איז געווען איבערצייגט, אַז דער שכל פונ'ם מענשען וועט זיך ניט בעפרייען ביז וואַנען ער וועט ניט בעפרייט ווערען פון יעזוס קריסטוס מיט זיינע גלחים און קירכען, און אַזוי ווי דער נייער טעסטאַמענט איז געבויט אויף דעם אַלטען, האָט ער הויפּטזעכליך געגראָבען אונטער'ן פונדאַמענט. ער האָט געוואָלט איבערהאַקען דעם אַלטען וואָרצעל אום דער גאַנצער בוים מיט אַלע זיינע צווייגען זאָל אומפאַלען און ניט פאַרשטעלען דאָס ליכט פון דער שיינענדער זונן ...

מען דערצעהלט מיר עפּעס פון אַ גאָט, זאָגט ער, וועלכען מען בעהאַלט פון מיר. איך וויל איהם ליעבען און זוך אין איהם מיין פאָטער, מען צייגט מיר עפּעס אַ טיראַן, וועלכען איך מוז האַסען. ער האָט געשאַפען די מענשען אין זיין געשטאַלט, אום זיי מעהר צו ערניעדריגען. ער האָט אונז געגעבען פערדאָרבענע הערצער, אום צו האָמען דאָס רעכט אונז צו שטראָפען. נאָכדעם ווי ער האָט דעם מענשען בעשאַפען נאָך זיין אייגענעם בילד, הויבט ער פּלוצלונג אָן חרטה האָבען נאָך וואָס ער האָט עס געטהאָן, גלייך ווי דער מייסטער האָט פריי־

וואָלטער איז געשטאָרבען אין פּאַריז, וואָהין ער איז געקומען נאָך זיין לאַנגען גלות. מיט ענטהוזיאַזמוס האָט מען איהם אויפגענו־מען, די אַקאַדעמי האָט איהם געקרוינט, דאָס איז דער, וואָס האָט בעשיצט קאַלאַס! דער פיער און אכציג יאָהר אַלטער וואָלטער האָט ניט געקענט איבערטראָגען די אויפרעגונג און ער איז געשטאָרבען. אָבוואָהל געשטאָרבען איז ער נאָך אַלע דינים פון קריסטליכען גלויבען, האָבען די גלחים איהם דאָך ניט געוואָלט בעגראָבען. מען האָט שטילער־הייט אַרויסגעפיהרט זיין קערפּער און בעגראָבען אין אַ מאָנאַסטיר. מיט עלף יאָהר שפּעטער האָט מען זיין קערפּער געבראַכט אין פּאַריז און מיט זעהר גרויסע צערעמאָניעס און פערעהרונג בעגראָבען אין אַ קירכע, וועלכע איז פערוואַנדעלט געוואָרען צו אַ פּאַנטעאָן פון בע־ריהמטע מענשען. מיט ניין און צוואַנציג יאָהר שפּעטער האָבען די גלחים זיין קערפּער און זיין געגנער'ס, זשאַן זשאַק רוסאָ'ס קערפּער בעגראָבען אין אַ גרוב אונטער קלויסטער. אין דער יולי רעוואָלוציאָן האָט מען זייערע ביינער צוריק אויסגעגראָבען און אומגעקעהרט אויף זייערע פריהערדיגע פּלעצער... די גלחים האָבען אָבער זייערע דם שונאים בענאָסען מיט קאַלך און פון זיי איז קיין שריד ופליט ניט געבליבען. וואָלטער'ס קערפּער האָט די קריסטליכע קירכע געקענט פערניכטען, זי איז אָבער ניט אימשטאַנדע צו פערניכטען זיין אויפ־קלעהרענדען גייסט און אויסמעקען זיין קריעגס־סיגנאַל:

ECRASEZ L'INFAME.



לאס איז פעראורטהיילט געוואָרען צו א שרעקליכען טויט, דערפיר ווייל זיין זון איז בעגאנגען זעלבסטמאָרד. דער קאלאס איז געווען א פראָ־טעסטאַנט און די קאטוילישע גלחים האָבען אויסגעטראכט, אז דער פאָטער האָט דעם זון ערמאָרדעט, ווייל ער, דער זון, האָט געוואָלט ווע־רען קאטויליק. וואָלטער האָט אויפגעהויבען די גאנצע וועלט אויף די פיס, — בריעף זיינען געשריבען געוואָרען, ארטיקלען זיינען געדרוקט געוואָרען, — ביז ער האָט אויסגעפיהרט זיינס. טויזענדער צייטונגען מיט צוואַנציג זאָלאַ'ס ביי דער דרייפוס געשיכטע וואָלטען ניט געקענט אויפטהאָן דאָס, וואָס אליין וואָלטער האָט דאמאָלס אויפגעטהאָן. אמת, קאלאס איז שוין געווען היגגעריכטעט, וואָלטער אָבער האָט נאָר געוואָלט בעווייזען ווי דום די אונטאָלעראַנטע קירכע איז, ווי בלינד איז איהר פאנאטיזמוס און ווי גרויזאם זיינען די ריכטער, וועלכע משפט'ן אינ'ם נאָמען פון גאָט דער ליעבע.

וואָלטער האָט אויסגערעכענט, אז נאָר אין פופצעהנטען יאָהר־הונדערט אליין האָט דאָס קריסטענטהום אין נאָמען פון קריסטוס אויס־געוואָרגען א צעהן מיליאָן מענשען! ער רעכענט אויס די מחלוקות פון די קריסטליכע סעקטען צווישען זיך, די פּראָטעסטאנטען־קעמפפע און זאָ ווייטער און איז איבערצייגט, אז די נאַטירליכע ענטוויקלונג פון דער מענשהייט ווערט פון קריסטענטהום פערהאלטען, פערהינדערט און דאָס די ערשטע אויפגאַבע פון פילאָזאָפען, דענקער און קעניגע, איז אָבצושאַפען דיעזע מיאוסע אינפאמע זאך. דאָס איז געווען זיין הויפּט שטרעבונג, דאָס איינציגע ציעל פון זיין טהעטיגקייט. אין זיי־נע בריעף צו אינטימע תלמידים און פערעהרער און אין זייערע בריעף צו איהם זיינען אויף דער לעצטער שורה געשטאַנען די ראשי תיבותן: עקר ל'אינף (Ecr. l'inf.) עס איז צווישען זיי געווען אזוי ווי א פאַסיר־וואָרט פון א פערשווערונג, א הייליגער געבאָט, א מאָטאָ אין לעבען. עס האָט געהייסען: (ECRASEZ L'INFAME) אויס־רייסען, פערניכטען, אויסראָטען פון דער וועלט דאָס אינפאמע, דאָס פינסטערע, דאָס אונטאָלעראַנטע, דאָס בלוטדורשטיגע, וועלכעס רופט זיך מיט דעם נאָמען קריסטענטהום. ניט אומזיסט האָבען איהם אלע פּאָרשטעהער פון פינסטערנים אזוי געהאַסט און אזוי מורא געהאַט פאַר איהם. ער איז געווען א גרויסע מאַכט, צווישען זיינע תלמידים און פערעהרער זיינען געווען קעניגע און הערשער!

בוקאַנסקי'ן, נור איך פון מיין זייט קען קיין גרעסערען קאָמפּלימענט איהם ניט מאַכען, ווי ערקלערען, דאָס זיין פּערפאַסונג „די געשיכטע פון כריסטענטום" געשריבען אין זשאַרגאָן, וועט אין מיין ביבליאָטעק געפינען פּלאַץ צוזאַמען מיט די ביכער פון די אומות עולם'דיגע פערפאַסערס, וועלכע האָבען געשריבען פון דעם זעלבען געגענשטאַנד.

יא, אגב אורחא... איך וויים ניט, פאַר וואָס הערר בוקאַנסקי געפינט פאַר נויטיג נור צו דערמאָנען דעם נאָמען פון דעם פּערפאַסער העם... נאָך העסען האָבען געשריבען פון דעם זעלבען געגענשטאַנד דער פילאָזאָף הערדער, דר. פּאַלוס, שלייערמאַכער, האַזע אייכהאָרן, הוג, גריעזבאַך, גיעזעלער און אין אַ ראַדיקאַלען זינן האָבען געשריבען לעסינג, באַוער, שווענלער, צעללער, וואָלקאַמאַר, הילגענפעלד, שאַקעל, שאַטען רעגילל. און באַרניג גולד אין זיין: „דהי אָרידזשין ענד דעוועלאָפּמענט אָף רעלידזשיאָן". גיט די זעלבע בעווייזע געגען יעזוס'ען, ווי הערר בוקאַנסקי... נאָר וואָס עס האָט אונז מעהר געוואונדערט איז, וואָס הערר בוקאַנסקי דערמאָנט ניט ברונא באַוער, רענאַן און דאָס קלאַסישע ווערק פון שטראוס... ברונא באַוער איז אויך דער מיינונג ווי הערר בוקאַנסקי אַז די אידעע פון אַ משיח, אַן ערלעזער איז ניט קיין אידישע... די אידען האָבען עס שוין שפּעטער איבערגענומען ביי די כריסטען... שטראוס בעווייזט, און דאָס איז געווים אַזוי, אַז דאָס כריסטענטום איז אַ פּראָדוקט פון דער אידישער ציוויליזאַציאָן... מען זאָל זיך ניט באַשרעקען נאָר מיט דער ספערע פון רעליגיאָן, מען זאָל נעהמען די גאַנצע ליטעראַטור פון דער כריסטליכער וועלט, זייער פּאָעזי און פילאָזאָפי, וועט מען זעהן אַז דאָס אַלעס איז פּראָדוצירט געוואָרען דורכ'ן איינפלוס פון צוויי ציוויליזאַציאָנען: אידיש־כריסטליכע און גריכיש־היידנישע... דער געדאַנק פון אַ גאָט'ס מוטער, אַ מיידעל וואָס האָט געהאַט אַ קינד, אַ יונגע פרוי וואָס האָט געהאַט אַ מאַן, — ווי קאָמיש און אונלאָגיש עס זאָל ניט זיין, האָט אָבער אַ בעדייטונג, ווען איהר ערקלערט זיך, וואָס אַ גוי קען טאָן אונטער דעם איינפלוס פון דער אידישער וועלט־אַנשויאונג... די גריכען האָבען פערגעטערט ווענוס, די קערפּערליכע שעהנהייט, פיזישע קראַפט, פאָלקאָמענהייט פון פאָרם. דערזעלבער גוי ווען ער שאַפט זיך אַ געטין אונטער דעם איינפלוס פון אידישע אידעען, שטעלט ער זי פאַר אַלס אַ דעמאָקראַטישע מיידעל פון גייסטיגע שעהנקייט, אַ אידעאַל פון

# די געשיכטע פון כריסטענטהום.

(איבערבליק איבער מ. בוקאנסקי'ס בוך מיט דיעזען נאמען.)

אונזער יונגע אידישע ליטעראטור איז א פעלד פון אויסעראָר־דענטליכע געגענזעטצע ערשיינונגען: אָדער שונד פון ערגסטען סאָרט, חוצפה, עם הארצות און שאַרלאַטאַנסטווע, אָדער זעהר צו ערנס־טע פּראָדוקטען פון ליטעראַטור, פּאָעזי און וויסענשאַפט... ליידער, שונד פערפאסונגען ווערען געגעבען דעם אָרימען אידישען לעזער ביד רחבה און גוטע, בעלעהרענדע, אמת ליטעראַרישע ווערקע בלאָנדזען נעבעך אום ווי יתומים'לעך אויף דיעזען גרויסען פערמיסטיגטען פעלד.

דער אויבענדערמאָנטער ספר פון דעם גוט־בעקאַנטען אָרענטליכען און ערנסטען אידישען שריפטשטעלער הערר מ. בוקאנסקי, געהערט צו דער צווייטער, ווינשענסווערטהער קאטעגאָרי און עס וועט ניט זיין קיין גוזמא, אויב מיר ועלען זאָגען, דאָס די אידישע ליטעראַטור מעג מיט אזא ווערק שטאָלצירען. די געשיכטע פון כריסטענטום איז זעהר א וויכטיגער געגענשטאַנד פון זעהר א גרויסער היסטאָרישער בעדייי־טונג... הער בוקאנסקי בעהאַנדעלט די ערשטע עפּאָכע פון כריסטענ־טום, די גרינדער פון דיעזער וועלט־רעליגיאָן אלס א טיכטיגער היס־טאָריקער: פּראַגמאַטיש און וויסענשאַפטליך. עס איז א קאַפּיטאַלנע ארבייט, פול מיט פאַקטען, בעווייזע און פאָרשונגען. אין א זעהר אנגע־נעהמער פאָרמע ווערען געגעבען דעם לעזער אויפקלערענדע בעווייזע און לאָגישע ערקלערונגען. דער לעזער ווערט בעקאַנט ניט נור מיט דער ענטשטעהונג פון כריסטענטום, נאָר אויך מיט די אלע היסטאָרישע אומשטענדע, וועלכע זיינען מעהר אָדער ווייניגער פערבונדען מיט דיע־זער ערשיינונג. איך וויים ניט אויב דאָס וועט זעהר שמייכלען הערר

האָבען ניט געהאַט וואָס צו עסען אין דער מדבר, האָט ער זיי געוואָר־פען מן פון הימעל. מיליאָנען מענשען ליידען יעצט הונגער, נויט און מאַנ־געל, פאַר וואָס גיט ער זיי ניט עפּעס צו עסען? ... פון יעזוס'עס וואונדער מאַכט ער גאָר א תל עולם ... זיינע בעווייזע וועגען פעלשונ־גען, ליגען און די אונוויסענהייט פון די יעוואַנגעליסטען זיינען איבער־צייגענד, לאָגיש, שטאַרק ווי אייזען.

מיר וואָלט זיך געוואָלט זעהר פיעל רעדען וועגען דעם געגענ־שטאַנד, וואָס הערר בוקאַנסקי בעהאַנדעלט אין זיין ערנסטען און בע־לערענדען בוך, אָבער, ליידער, ניט יעצט איז די צייט און ניט דאָ איז דער פּלאַץ. איך האָף דאָס אזא ניצליכעס ווערק ווי „די געשיכטע פון כריסטענטום" פון הערר בוקאַנסקי וועט זעהר גיך ערלעבען א צווייטע אויסגאַבע און דאָס צו דער צווייטער אויסגאבע וועט שוין זיין צוגע־געבען אַן אינהאַלטס־פערצייכנים און א „אינדעקס" מעהר אזעלכע בי־כער! וועלען זיך אַנדערע אויך פיהלען אַביסעל היימליכער.



ציכטיגקייט און ריינקייט. די אַלע שעהנע משלים, עטישע אידעען און אַלטרואיזמוס וואָס געפינען זיך אין דעם עוואַנגעליום זיינען גע־נומען געוואָרען ביי אידען. זיי, צוזאַמען מיט אונזער אַלטער ביבעל, האָבען מעהר אָדער וועניגער ערצויגען און געבילדעט די היידנישע וועלט. און איך קען ניט פערשטעהן, ווארום זאָלען מיר אידען זיך דאָס ניט ערקלערען און די גוים דארויף ניט אויפמערקזאַם מאכען. די גוים זיינען געווען ווילד און האָבען אַ אידישען סטאָליער געמאַכט פאַר אַ גאָט, אַ אידישע מיידעל פאַר גאָט'ס מאַמע און האָבען אין דעם מאַטעריאַל, וואָס זיי האָבען גענומען ביי אונז, אריינגעמישט פיעלע זאַכען פון דער היידענוועלט, — דאָס קען אונז ניט שטערען צו בע־הויפּטען אָפען פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז אויסער אַ גאָט און אַ גאָט'ס מאַמע האָבען מיר זיי אויך געגעבען די געטליכקייט און דאָס געט־ליכע.

נאָך איידער העס האָט געשריבען די לעבענס געשיכטע פון יע־זוס'ן, אין וועלכער ער וואַגט ניט צו זאָגען אַ וואָרט געגען יעזוס'ען און דעם כריסטענטום, האָט אַ געוויסער זשאַן מעליע, (Jean Meslier.) אַ קאַטוילישער פּריסטער, אויפגעשריבען אַ ווערק, און וועלכע ער האָט מיט בעווייזע און לאָגישע ארגומענטען געמאַכט אַ תל פון יעזוס'ן און זיין קירך... וואָלטער האָט אַנערקענט, דאָס די ערגסטע געגנער פון יעזוס'ן, אפילו די אידען, האָבען יעזוס'ן אַזוי ניט צופלאַכטען די פּאָלקע ווי דיעזער מעליע. ער איז געווען גענוג געוואַגט צו נעהמען די רעליגאָן אין צוזאַמענהאַנג מיט אַנדערע סאָציאַלע ערשיינונגען. ער האָט ניט געשוינט, ווי אַנדערע, דעם אַלטען טעסטאַמענט און האָט בע־וויזען, אַז מען קען פערגלייכען מיט דער מיטאָלאָגיע פון די גריכען און די אינדיער ניט נור דעם נייעם טעסטאַמענט אליין... אויף ווי־פיעל ראַדיקאַל, געוואַגט און אויפגעקלערט דיעזער קאַטוילישער גלח איז געווען, קען מען זעהן צום ביישפּיעל פון דעם, ווי ער בעהאַנדעלט די מופתים... דאָס גרעסטע גליק איז, — זאָגט ער, וואָס די וואונדער זיינען אַ ליגען. ווארום ווען נישט, שטעלט אייך פאָר ווי עגאָאיסטיש און ערנהערציג די געטער זיינען... גאָט האָט זיך ערבארמט אויף הגר'ן, ווייל זי איז געווען פערלאָזען אליין אין דער וויסטע, — טויזענדע אונגליקליכע מיידלעך ווערען יעצט פערפיהרט, פערלאָזען און פעראונגליקט, — פאַר וואָס נעהמט ער זיך ניט אָן פאַר זיי? די אידען

אַפּלייקענען. ווי קומט אויף דער פינפטער עווענױ צו די מיליאָנערען אַזאַ קינד? דאָס איז דאָך געגען דער קאַזיאָנע פּראָגראַם פון זיין טהע־טיגקייט! ניין! ער דאַרף שרייבען, אַז ער האָט געזעהן אויף דער פינפ־טער עווענױ אַ טריפ'ן ממזר, וואָס איז שוין אָנגעשטעקט מיט אַ העסליכער מיאוסקייט, אַ כפרה זאָל קומען אויף זיין קאָפּ, וכן יהי רצון...

דיעזע העלדען ווייסען, דאָס פיעלע נאַאיווע, אונוויסענדע מענ־שען קוקען זיי אין די צייהן אריין און גלויבען, דאָס אַלעס וואָס אַזאַ רבי זאָגט, איז תורת לאָקשען. זיי ווערען גרויסע אויטאָריטעטען. און צו ווייזען, אַז זיי פערדיענען דאָס צו זיין, רעדען זיי מיט עזות פון יעדער זאַך... די גאַנצע נאַטור־וויסענשאַפט האָבען זיי אין זייער ציגאַרען שפּיץ, פּאָליטישע עקאָנאָמי איז ביי זיי אין דער לינקער פּיאַטא, פילאָזאָפּי האָבען זיי די פּאַנטאָפעל, געשיכטע פון דער ליטעראַטור אין „ברויך־גאַרטעל", סאָציאָלאָגי ליגט ביי זיי צוזאַמען מיט זייערע אַלטע וועש... אַזאַ מענש „בעזיצט" די וויסענשאַפט, אַזוי ווי אַ פליג בעזיצט אַ שפּיעגעל. נו, וואָס איז דער חידוש, ווען אַזאַ אויטאָריטעט ווייזט אייך, אַז אַלעס וואָס אייך געפעלט איז שמאַטע אַלעס וואָס ריהרט אייך, איז סאַנטימענטאַלע „גאָר־נישט־נישט", אַלעס וואָס רעדט צו אייער האַרץ און צו אייערע מענשען־געפיהלע איז ניט וויסענשאַפטליך און ניט כשר? פּאָעזי, ליעבע, ערהאַבענע געדאַנקען, די נאָבעלע בעוועגונג פון אַ מענשענ'ס האַרץ, דאָס אַלעס איז קאָנטראַבאַנדע. איהר דאַרפט נאָר חזר'ן די שלש עשרה עקרים פון דעם קאַזיאָנעם סאָציאַליסטישען „אני מאמין"...

מיט אָבלאַכען און אָבשפּאָטען, מיט חוצפּה און עזות, מיט עם־הארצית'שע געלעהרענקייט און גראָבױונגישע לומדות, מיט דער מאָטאָ: „אַלעס וואַגען און גאָר ניט שוינען", געהען זיי לערנען און פיהרען... אַ ל ס וואָס זיי טוען, איז נור טאַקטיק און ניט קיין בעדערפנים פון זייער זעעלע. — עס איז אַ פּונקט פון דער קאַזיאָנע פּראָגראַם און ניט קיין בעוועגונג פון זייער גייסט; עס איז אַ פּאָליטישע מאַנעוור און ניט קיין הערצליכער אַקקאָרד... זיי רעדען פון קאַמפּף, פון ליידען און שמערצען און בלייבען קאַלט, ווייל זייער האַרץ פיהלט ניט!... זיי שרייען שטאַרק, אָבער נאָר דאָרט וואו מען קען פאַר'ן שרייען אַפּלאָדירט ווערען, זיי שטעלען דעם אידישען אַקטיאָר פיעל ניעדריגער

# איינינע בעמערקונגען וועגען יודזשין דעבס.

---

דער הערָאָיזם פון אונזערע דאָן טאָונער אידישע העלדען בע־שטעהט אין דעם, וואָס זיי וואָגען צו פערקריפּלען אין זיך יעדע נאַ־טירליכע בעוועגונג פון זייער זעעלע. זיי וואָגען אָבצולייקענען יעדע לאָגישע איבערזעצונג פון דעם שכל הישר, זיי וואָגען צו פערקרימען אַלעס וואָס איז גלייך, פערקלענערען דאָס, וואָס איז גרויס, פער־קעהרט, גרויס מאַכען, וואָס איז קליין. מיט איין וואָרט, זייער אויפ־גאַבע איז שטענדיג צו פערגיפטען אין זיך און אין אַלעמען וואָס זיינען ארום זיי דעם נאַטירליכען איינדרוק, אויסצוראָטען און פערניכטען יע־דען נאַטירליכען געפיהל מיט דער פראַגע: „און אפשר איז דאָס אדרבה פונקט פערקעהרט? ... עט נו! וואָס איז דאָרט אזוינס? אפשר איז די מעשה גאָר ניט אזוי? ...״

ווען אזא מין העלד ווערט, צום ביישפּיעל, געריהרט פון א קאנ־טאטא, וואָס ווערט געשפּיעלט און געזונגען אין א קירכע, ווערט ער אייך ניט זאָגען די ווארהייט. חלילה! א קירכע, אַן אָרגעל, א קאנטא־טע איז דאָך נאָהענט צו אמונה זאכען, צו רעליגיאָן. געוויס מוז ער, אַלס גרויסער סאָציאַליסטישער פריידענקער, פערניכטען אין זיך זיין אמת'ען געפיהל און ארויסשיסען מיט א ציניזשען געלעכטער. „חע! חע! גלחים־פּרעפּלעריי! יאָסקע פּאַנדרע'ס חאָסמענע־דרענגעס!״ ער טוט עס, ווייל ער איז א העלד. ער טוט עס, ווייל ער איז גערופען גע־וואָרען צו ערציהען דאָס פאָלק און צו פיהרען די מאַסען פונ'ם קאַפּי־טאַליסטישען מדבר אין דעם סאָציאַליסטישען כנען! ...

ווען אזא העלד ווערט, למשל, אויף דער פינפטער עוועניו בעגע־גענען א קינד, וואָס איז שעהן און נאַאיוו ווי א ענגעל, ווערט ער עס

ער רייסט ניט קיין קוליסען מיט ברחנישע וויצען און חוצפּה, ער בעגייסטערט זיינע צוהערער מיט דער מוזיק פון פּאָעזי. ער שטעהט ניט אויף דער פּלאַטפּאָרמע ווי אַ גענעראַל, וועלכען די ווייב האָט ער־לויבט קאָמאַנדאָווען אַ ביסעל מיט די „משה'ס", ער שטעהט ווי אַ בע־גייסטערטער פּראָפעט וועלכען עס וועלען ניט אָבשטעלען די שטיינער פון גראָבע יונגען... זיינע רייד זיינען ערוואַרעמט מיט אמת'ע ליעבע, זיינע געדאַנקען זיינען אין איין האַרמאָנישען פערבאַנד מיט זיינע געפיהלען. ער אַכטעט די וויסענשאַפט אויף וויפיעל זי רעפּרע־זענטירט דעם „מענשען" און ליעבט דעם מענשען ניט בלויז אַזוי פיעל, אויף וויפיעל ער רעפּרעזענטירט די „וויסענשאַפט". זינט איך בין אין אַמעריקאַ האָב איך צום ערשטען מאָל געהערט אַ רעדע, וועלכע איז נעגאַנגען פונ'ם האַרצען און איז געגאַנגען צום האַרצען און דאָס איז געווען די רעדע, וואָס יודזשין דעבס האָט געהאַלטען אויפ'ן באַנ־קעט דעם צעהנטען אָקטאָבער....

אָט אַזעלכע פּאָלקס־טריבונען דאַרף מען האָבען און עס וועט זיין אַ גרויסער אונגליק אויב די „אומשטענדע" וועלען פּאַראַליזירען זיינען אויסעראָרדענטליכע פעהיגקייטען און פערניפּטען זיין נאָבעלע זעעלע!...



פון זיך און פיהרען זיך אליין מיט זיין מעלאדי. דאס הייסט, זיי האל־
טען זעהר וועניג פון „משה׳ן" און האלטען זעהר פיעל פון משה׳ס
עטליכע גראשען און פון „משה׳ס בראוואס". זיי דערמאנען זעהר אפט
דאסווארט „גענאסען און פריינדע" און האבען קיין פריינדליכען גע־
פיהל ניט אפילו צו אזעלכע „גרויסע" אויטאריטעטען, ווי זיי אליין
זיינען. זיי רעדען פון פעראייניגונג און זיינען ווייט איינער פונ׳ם
צווייטען כרחוק מזרח ממעריב, זיי בעווינען אזוי סצעניש דאס פאלק
און האבען קיין ברעקיל סימפאטי ניט צו די, פון ועמען דאס פאלק
ווערט צוזאמענגעשטעלט, זיי זיינען הייסע אגיטאטארס און האבען
אין זיך ניט קיין פונק ווארעמקייט... איז זייער גענאסע שוין אויף
אזוי פיעל סאציאליסטיש געזאגען, דאס ער פערשטעהט אז מאראל
איז אן אלטע משוגעת, מעג ער שוין זיין באנקראט, א שווינדלער, א
ליגנער — אבי ער שטעהט אויפ׳ן וויסענשאפטליכען באדען... ער
מעג חתונה האבען ביי א רב, מאכען א ברית ביי זיין קינד, ניט עסען
קיין חמץ אום פסח — עס איז גענוג אויב ער זאגט נאר, אז גאט
איז ביי איהם קיין און שפיי.

איהר קוקט מיך אן פערוואונדערט און פרעגט מיך געווים: וואס
האט דאס אלעס צו טאן מיט יודזשין דעבס? פערשטעהט איהר מיך,
אויב איהר ווילט וויסען, ווער דעבס איז, אויב איהר ווילט פון איהם
האבען א ריכטיגע מיינונג, איז גענוג איהר זאלט קענען אלע אייגענ־
שאפטען פון א דאזן טאונער אידישען סאציאליסטישען „העלד" און ווי־
סען, דאס דעבס איז פונקט דער היפך פון איהם.

דעבס שרעקט זיך ניט איבער דערפאר, וואס איהר וועט חלילה
האבען ניט קיין גוטע מיינונג פון זיין „פריי־דענקעריי" און דערמאנט
דאס ווארט „גאט" אלע מאל, ווען זיין געוואהנהייט און די געזעצע
פון דער שפראך, אויף וועלכער ער רעדט, ברענגען איהם דאס ווארט
אויפ׳ן צונג... ער מאכט זיך ניט פאר אן אויטאריטעט און רעדט
צו אייך, ווי א פריינד... ער וויל ניט געווינען דעם טיטעל פון א
קענער און רעדט פון דעם וואס ער ווייס און פערשטעהט... ער
זוכט ניט קיין אפלאדיסמענטען און איז בעגייסטערט מיט אמת׳ען ער־
האבענעם ענטוזיאזמוס. ער רעדט פון ליעבע און זיין הארץ איז פול
מיט איבערגעבענהייט צו אייך. ער רופט אייך קאמעראד און איז
בערייט אייך ווי א ברודער צו אומארמען און דריקען צו זיין הארץ.

מען זאָגט דעם אידען: ווילסט זיין א גליקליכער מענש, א געאכטעטער איד, א פרייער בירגער? פּאַק איין דיין ביסעל אָרימקייט און לאָמיר אלע פאָהרען צוריק אין אונזער לאנג פערלאָזענער היימאט.

יעדער אונפּארטייאישער בעאָבאכטער, וואָס זיין מיינונג זאָל ניט זיין וועגען דיעזען „פּראקטישען" ציוניזמוס, מוז צוגעבען אז אזא ערפרייענדע ערשיינונג אינ'ם אידישען לעבען איז שוין לאנג ניט גע־ ווען' וואָס שטארקער די ציוניסטישע בעוועגונג איז, אלץ דייטליכער ווערט געצייגט ווי ווייט די אידען האָבען פּראָגרעסירט אינטעלעקטועל, אלץ דייטליכער איבערצייגט דאָס, אז דער אמאָליגער פערשקלאפטער, אלס באהבה מקבלדיגער, מיט יעדער לאנגע צופריעדענער, אויף משיח'ס וויסען אייזעל ווארטענדיגער איד ווערט טראנספּאָרטירט אין גאָר אן אנדער אידען, אין א אידען וואָס פּראָטעסטירט און וויל ניט שטיין ניעדריגער פון אנדערע. דער ציוניזמוס דאָס איז די ערוואכ־ טע זעלבסטבעוואוסטהייט פון אידישען פאָלק! דער איד איז אונצו־ פריעדען, ער זוכט מיטלען צו ענדערען זיין לאגע, דאָס איז גוט, ער־ פרייענד... דעם ערשטען סיגנאל צום קאמפף גיט ער מיט אן אלטען פערשטויבטען היסטאָרישען שופר, — דאָס איז א סיגנאל צו א פּאַ־ סיווען קאמפף. מען דארף און מע קען אָבער האָפען אז די אידישע ערוואכענדע און פּראָטעסטירענדע מאכט וועט גיך געבען אן אמת'ן, קריעגס־סיגנאל דורך א הילכענדען טרומפּעט, וועלכער וועט רופען צום אקטיווען קאמפף!

איידער מיר וועלען ערקלערען, וואָס מיר מיינען צו זאָגען מיט דיעזע ווערטער, וועלען מיר זיך ערלויבען אביסעלע אנאליזירען די „פּראקטישקייט" פון דעם פּראקטישען ציוניזמוס.

מען קען צוגעבען, אז אלע אידען צוזאמען זיינען א פאָלק, אָבער קיינער וועט ניט בעהויפּטען אז זיי זיינען א נאציאָן. א פּאָלק דאָס איז א מאסע מענשען וועלכע זיינען געבונדען צוזאמען מיט דעם, וואָס זיי האָבען איין אָבשטאמונג און איין קולטור. די אידען אליין האָבען נאָך די אייגענשאפט וואָס זיי בינדט צונויף אין איין פּאָלק אויך זייער רעליגיאָן. א דייטש מעג זיין א קאטוילק אָדער א פּראָטעסטאנט, בלייבט ער דאָך דייטש. א איד געהערט ניט צום אידישען פּאָלק ווי באלד ער נעהמט אָן אן אנדער גלויבען. א אידישער משומד איז דער ערגסטער טיף פון א רענעגאט — ער בייט זיין גלויבען, ווייל ער וויל

# ציוניזמוס און רעוואָלוציאָן.

דער ציוניזמוס פון אונזערע צייטען בעשטעהט פון צוויי טהייר־לען. איין טהייל איז א פּאָעטישע, די אַנדערע טהייל איז א פּראַקטישע. אין יעדער פערגאַנגענהייט געפינט דער מענש זיסע עראינערונגען און פּאָעזי. דער בעיאָהרענטער מענש קען ניט פערגעסען די אמאָ־ליגע טעג פון זיין יוגענד. ציון דערמאָנט דעם אידען די אמאָליגע שעהנע טעג, ווען דער גרויסער ישעיה הנביא האָט מיט א פייערדיגער שפּראַך גערופען די מענשען צו אחדות, גערעכטיגקייט און אמת, ווען דער זשעניאַלער פּאָעט האָט געזונגען שיר השירים, ווען די טאַפּפערע מכביער האָבען געקעמפּפט פאַר פרייהייט און אונאבהענגיגקייט. דיע־זער פּאָעטישער ציוניזמוס איז א גאַנץ נאַטירליכע ערשיינונג אינ'ם לעבען פון אידישען פאָלק. ער לעבט שוין צוויי טויזענד יאָהר. דער איד האָט אַלע יאָהר ביים סדר אָדער אין שול געזאָגט: לשנה הבאה בירושלים און איז געפאָהרען וואָס טיעפער אין רוסלאַנד. ער האָט זיך אַלע מאָל ביים דאַווענען געשטעלט מיט'ן פּנים צום מזרח און האָט עמיגרירט וואָס ווייטער קיין מערב זייט. די פּראַקטישע אינטערעסען פון זיין לעבען האָט דער איד ניט געמישט מיט זיינע פּאָעטישע אידעען. די ווייטע פערגאַנגענהייט און די נעבעלדיגע צוקונפט האָבען קיין ווירקונג ניט געהאַט אויף די אויפגאַבען פון דעם אידען'ס געגענ־וואַרט. ער האָט ד ע ר ו ו י י ל ע געוואָלט ווי יעדער בשר ודם ווערען א בורזשוא, א קאַפּיטאַליסט, אַן אָפּיצער, א גוטבעזיצער, א געלערנטער, אַן ארטיסט, און זאָ ווייטער. איהם האָט נור געקרענקט, פאַר וואָס די אַלע זאַכען קומען איהם אַלס א אידען אָן מיט צרות, אָבער פאָהרען קיין פּאַלעסטינאַ זוכען די אַלע זאַכען האָט ער קיין מאָל ניט געדענקט. אין די לעצטע צייטען אָבער האָט מען די פּאָעטישע אידעע פון ציוניזמוס איבערגעפלאַנצט אויף א פּראַקטישען באָדען.

פערבונדען דורך זייער קולטור און אָבשטאַמונג. די אידען האָבען גע־האַט איין קולטור אין דער אַלטער פערגאַנגענהייט. די איצטיגע אי־דען זיינען פּראָדוקטען פון נייע פערשיעדענע קולטורען. עס איז אַ גרויסער אונטערשיעד צווישען אַ רוסישען, דייטשען און פראַנצויזישען און טערקישען אידען. איהר קענט ניט אויסמעקען פון דעם אידענ׳ס גע־שיכטע די צוויי טויזענד יאָהר וואָס ער האָט געוואַנדעלט איבער דער וועלט און ברענגען איהם צוריק אין לאַנד כנען און בעפעהלען איהם, ער זאָל פאַרטזעצען דאָס אַלטע לעבען, ער זאָל אָנפאַנגען וואו ער האָט זיך מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק אָבגעשטעלט. וואָס פאַר אַ טראַגישע האַנדלונג! וועלכע שרעקליכע קאָנפליקטען, צוזאַמענ־שטויסונגען פון מיינונגען, פּרינציפּען, אידעען, וועלטאַנשויאונגען! דער שוואַכער איד, וועלכער איז ניט געוואָהנט צו שווערע מוסקול אַר־בייט, דער אינטעליגענטער איד, וועלכער האָט גענומען אַנטהייל אינ׳ם פּראָגרעס פון לאַנד וואו ער וואָהנט יעצט, וועלכער האָט געשאַפען ווער־קע פון וויסענשאַפט, ליטעראַטור און קונסט, וועלכער האָט שוין יעצט אייזענבאַהנען, טעלעגראַפען, טעלעפאָנען, ביבליאָטהעקען און אַלעס וואָס די ציוויליזאַציאָן האָט — די אַלע אידען זאָלען זיך ענטזאַגען פון זייערע רעכטע, פון דעם וואָס זיי האָבען געהאָלפען אויפבויען, און זאָלען געהן וואַנדערן, ליידען, שטאַרבען, פּלאַגען זיך אום ענדליך צו האָבען אַ מאַכט צו פאָדערען דאָס, וואָס זיי האָבען אַ רעכט און אַ מאַכט צו פאָדערען שוין: פרייהייט און מענשענרעכטע!...

דעם אידענ׳ס פּאַלעסטינאַ איז ניט דאָרט וואָהין ער וויל געהן! יעדען אידענ׳ס פּאַלעסטינאַ דאַרף זיין דאָרט וואו ער איז יעצט. דעם אידען פערפאָלגט מען, מען האַסט און מען פעראַכטעט איהם זאָ לאַנג ער איז שוואַך, זאָ לאַנג ער זאָגט אויף דער צרה, אויף יעדער גזרה, גם זו לטובה... יעדער שוואַכער, מעג ער זיין איד, אָדער נעגער, אָדער פינלענדער, אָדער אײרישמען, יעדער שוואַכער ליידעט. פאַר אַ מאַכט אָבער האָט מען דרך ארץ. אין אַמעריקאַ זיינען די אידען אַ מאַכט, האָט מען פאַר זיי דרך ארץ... די פּאָגראָמען פון 1881 און דער יעצטיגער קעשינאָווער פּאָגראָם, ווי טייער זיי האָבען ניט גע־קאָסט, האָבען אָבער בעוויזען אַז מען הויבט אָן מורא צו האָבען פאַר׳ן אידען... פריהער האָט מען זיי פשוט פערפאָלגט, יעצט קעמפּפט מען מיט זיי ווי מיט אַ געפעהרליכער מאַכט. די אידען, וועלכע וואָהנען

אנטלויפען פון זיין פאָלק. קיין נאציאָן איז דאָס אידישע פאָלק ניט, ווייל א נאציאָן איז א מאסע מענשען, וועלכע וואָהנען אויף איין טער־ריטאָרי, האָבען אלע איינע און די זעלבע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינטערעסען און איין היסטאָרישע מיססיאָן. אמעריקא גיט די בעסטע אילוסטראציאָן פון דעם וואָס נאציאָן איז. ענגלענדער, דייטשען, אידען, איירישע, פיננען, שוועדען, איטאליענער שאפען אלע דורכ׳ן שטאאט איין נאציאָן. נון, וויל מען יעצט נעהמען דאָס אידישע פאָלק, אריבער טראָגען עס קיין פּאַלעסטינא און מאכען עס פאר א נאציאָן.

איך שטעל מיר פאָר, עס געשעהט א נס: עטליכע מיליאָנען אידען זיינען שוין אין פּאַלעסטינא, וועלכע, זאָלען מיר זאָגען, איז טאקע אן ארץ זבת חלב ודבש. דאָס לאנד און די קאָנדיציאָנען פון פּאַלעסטינא זיינען גינסטיג און פערשפּרעכען א הויכע ענטוויקלונג פון אגריקולטור און אינדוסטרי. וויפיעל קראפט, וויפיעל ענערגי, ווי־פיעל קרבנות, וויפיעל נויטה און צרות און קראנקהייטען און אונגליקען איידער די עטליכע מיליאָנען אידען וועלען זיך איינריכטען ווי עס געה־הער צו זיין און וועלען אויפבויען וועלכע עס איז שטעטלעך און דערפּ־לעך! נאָר שטעלט אייך פאָר דאָס איז מען שוין אויך איבערגעקומען און פּאַלעסטינא בליהט שוין. וואָס וועט איהר האָבען? פון דעם אכט אָדער צעהן מיליאָנענדיגען אידישען פאָלק וועט איהר מאכען א דריי־מיליאָנענדיגע אידישע נאציאָן! איך רעכען נאָר דריי מיליאָן, ווייל די פראנצויזישע, דייטשע, אמעריקאנישע און ענגלישע, זאָגאר רוסישע אידען, וועלכע ספּעקולירען יעצט דאָרטען אויף די בערזען, שפּיעלען א ראָלע אין פּאָליטיק, מאכען גוטע געשעפטען אין קאָמערצי, פערנעהמען א פּלאץ אין ליטעראטור, וויסענשאפט, פּרעסע, — די אלע יהודים וועלען קיין מאָל אין זייער לעבען קיין „פּראקטישע" ציוניסטען ניט ווערען. וואָס וועט זיין די מאכט און בעדייטונג פון דיזער נייער נאציאָן? זי וועט שטעהן אונטער דעם פּראָטעקטאָראט פון א טער־קישען דעספּאָט, אָדער קריסטליכען טיראן, אונטער דער אויפזעהונג פון׳ם קאטוילישען פּאבסט און פּראוואָסלאוונעם פּאטריארך. די פריי־הייט פון דיזער מיט אזוי פיעל מיה אויפגעלעבטער נאציאָן וועט זיין אויף אייביג צוגעשמידט צום קבר פון ישוע הנוצרי. דאָס אלעס איז זעהר אלט — עס בלייבט אָבער אייביג ניי.

מיר האָבען פריהער געזאָגט: א פאָלק איז א מאסע מענשען,

# נאציאנאליזמוס און אסימילאציאן.

די פראגע, וועלכע ווערט איצט זעהר אָפט דעבאטירט פון אידי־שע פּאטריאָטען איז: דארף דאָס אידישע פאָלק בלייבען א נאציאָן, אָדער עס דארף זיך אסימילירען מיט אנדערע פעלקער? געוויס, אויב א דעבאטאנט וועט געלינגען מיט א שעהנע רעדע און מיט עטליכע גוטע ארגומענטען צו איבערצייגען, אז דאָס אידישע פאָלק ד א ר ף בלייבען א נאציאָן, וועט עס געוויס בלייבען א נאציאָן! דאָס היס־טאָרישע לעבען פונ'ם אידישען פאָלק וועט דאך ניט וואגען צו געהן געגען גוטע ארגומענטען און שעהנע רעדעס... און די דאָזיגע ארגו־מענטען און שעהנע געפיהלפאָלע רעדעס וועגען אידישען נאציאָנאליז־מוס הערען זיך ביי אונז די לעצטע צייט אלץ עפטער און עפטער. די אידען, וועלכע האָבען מעהר פון אלע געליטען פון דער רעאקציאָנערער בעוועגונג, וועלכע רופט זיך נאציאָנאליזמוס, ווילען יעצט אליין ווערען נאציאָנאליסטען. די מענשען, וועלכע סימפּאטיזירען מיט אזא בעווע־גונג, זאָגען: עס איז ווייניג, וואָס מיר זיינען אידען, מיר דארפען אונבע־דינגט ווערען אידישע אידען...

די דאָזיגע בעאידישטע זיינען איבערצייגט אָדער ווילען איבער־צייגען, אז דאָס אידישע פאָלק איז געוויס א נאציאָן, די פראגע איז נאָר: דארף דיעזע נאציאָן בלייבען א נאציאָן, אָדער דיעזע נאציאָן דארף ניט בלייבען קיין נאציאָן?

איך בין א איד. ווי איך בין א א איד, אז איך בין אויך א איד, און אלס א איד, וויל איך און מוז זיין א מיטגליעד, א טהייל פון דער גרויסער אידישער נאציאָן. אָבער אין דערזעלבער צייט אלס א איד מוז איך פריהער פרעגען א פּאָר קשיות. און טאקע באמת ווי קען זיין א איד אָהן קשיות? איך האָב פיער קשיות פונקט ווי אין דער הגדה. דער חילוק איז נאָר: די הגדה גיט אויף אלע פיער קשיות איין תירוץ — עבדים

אין ווילנער, קאָוונער, מינסקער און צעהנדליגע אנדערע רוסישע גו־בערניעס, קענען האָבען זייערע אמת'ע פּאַלעסטינעס דאָרטען אויפ'ן פּלאַץ, וואו זיי זיצען שוין, וואו זיי האָבען אַ רעכט און קענען האָבען אַ מאכט צו פאָדערען וואָס עס קומט זיי, אלס מענשען און בירגער. אמת, עס וועט זיי קאָסטען פיעל בלוט און פערפאָלגונגען. אָבער וויפיעל אידישע אָפּפער עס זאָלען ניט פאלען אינ'ם קאמפף מיט'ן רוסישען דעספּאָטיזמוס, וויפעל מענשען עס זאָלען ניט געהן פערלאָרען, וויפיעל בלוט עס זאָל ניט ווערען פערגאָסען, וועט עס דאָך פאָדערען טויזענד מאָל ווענינער ענערגיע, קרבנות און שלעק ווי די בעזעצונג פון פּאַלעסטינא. רוסלאַנד וואו עס געפינען זיך דריי פיערטעל פון אידישען פאָלק, רוסלאַנד דאַרף זיין די אידישע פּאַלעסטינא. ווען זיי, די רוסישע אידען, וועלען העלפען בעזיעגען די געפעהרליכסטע רעאקציאָנערע קראַפט פון דער וועלט, ווען זיי וועלען אויסקעמפפען זייערע רעכטע דאָרט, וועט דער איד קענען האָבען פּאַלעסטינא אומעדום. איצט ווען איהר זאָלט נעהמען דעם אידען אין פּאַלעסטינא מיט אַ פּראַקטישען ציעל, וועלען די צרות באלד אין איהם ערמאָרדען די פּאָעזי פון ציוניזמוס; ווען דער איד אָבער, ניט אכטענדיג אויף אַלע רעכטע און פרייהייט וואָס ער וועט האָבען, וועט דאָך וועלען אַ מאָל געהן אין דער היים פון זיין פּאָעזי, וועט ער דאמאָלט געהן מיט אָר־גאַניזירטע קרעפטע, מיט אַ שטאָלצען קאָפּ און מיט אַלע מיטלען פון די לענדער, וואו ער וועט זיין אַ מאכט און אַ בעל דעה... עמיגרירען דאָס איז אַ צייכען פון שוואַכקייט, רעוואָלוציאָן איז אַ צייכען פון קראַפט און זעלבסטבעוואוסטהייט. דער נאַציאָנאַליזמוס, ווי עס האָט זיך יעצט ערקלערט אין אייראָפּאַ, איז אַ טויזענד־קעפּיגער מאַססענ־ענגאַאיזמוס און אַ פיעלפאַכע קראַפט פון רעאַקציאָן. אמת'ע אידישע ציוניסטען קענען זיין נאָר פרייהייטס־קעמפּפער און רעוואָלוציאָנערען, אמת'ע ציוניסטען זיינען די, וואָס וועלען זעהן צו שאַפען פאר'ן אידען אַ נייעם ציון דאָרט, וואו ער לעבט יעצט, וואו ער ליידעט און שמאַכטעט. אז מען קען קומען קיין ציון מיט אַ קורצען וועג, וואָרום זאָל מען געהן איבער בערג, ימים און מדבריות?



פיהלען, און נאָך ווי אזוי! איך וויים זיינע צרות, און בעאָבאכט זיין לעבען, און זעה זיינע ליידען און זיינע טרערען.. זיין באָרד און זיינע פאות קען איך זאָגאר אָנכאפּען מיט די הענד (אייב ער וועט זיך לאָזען.) ניט אכטענדיג דארויף, וואָס ער האָט ספּעציעל אידישע צרות, וויים איך, אז פריהער פון אלעס איז ער א מענש, וועלכער ליידעט און לעבט אונטער די זעלבע אומשטענדען ווי יעדער מענש אין אונזער זאָגענאַנטער ציוויליזירטער מענשהייט.

ווען אָבער איהר וועט קומען און זאָגען מיר: טוט עפּעס פאַר דער אידישער נאַציאָן, וועל איך ניט וויסען פאַר וועמען בעט איהר מיך, און וואָס זאָל איך פאַר דער חיה וואָס רופט זיך נאַציאָן טאָן. נאַציאָן! וואָס וויל זי, וואָס דאַרף זי, וואו איז זי? דער איד איז! א קבצן און וויל פערבעסערען זיין עקאָנאָמישע לאגע, דאַרף מען איהם העלפען. ער וויל רעכטע גראדע ווי יעדער, קעמפּפט מיט איהם צוזאמען. ער וויל בילדונג און פערשטעהט ניט קיין אַנדערע שפּראַך ווי אידיש, גיב איהם בילדונג אין אידיש, שרייב איהם ביכער אין אידיש, זינג איהם ליעדער אין אידיש. וואָס וויל אָבער די נאַציאָן? אז זי אָרעם? בעלאַנגען ניט צו דער נאַציאָן די ראָטהשילדס, די פּאָליאַקאָווס, די בראָדסקים, די שיפס און אַנדערע מיליאָנערען, באַנקירען, פאַבריקאַנטען און סוחרים? וויל זי, איך זאָל זי לערנען? אויף וועלכער שפּראַך זאָל איך רעדען צו דער נאַציאָן וואָס רעדט אידיש, לשון קודש, אראביש, דייטש, פראַנצויזיש, טערקיש, ענגליש, כינעזיש, אראמיש און... אפשר אויך קאַטשקע לשון? ערנסט גערעדט, וואָס קען מען טאָן פאַר א זאַך, וואָס איז קיין זאַך ניט, וואָס איז נאָר א מעטאפיזישע אידעע, א בעגריעף, וואָס עקזיסטירט נאָר אין דער פאָרשטעלונג, א פּאָעטישער געשטאַלט, וועלכער ווערט געשאַפען דורך סוביעקטיווע לירישע געפיהלע? איך וויל ניט בעלעדיגען די נאַציאָנאַליסטען און וועל זאָגען זיי זיינען סימ־פּאַטישע אביסעל צו סענטימענטאַלע ראָמאַנטיקער, וועלכע ווערען בע־גייסטערט פון דער מיסטישער פערגאַנגענהייט פאַר דער אוטאָפּיס־טישער צוקונפט. אָבער, אייגענטליך, איך און איהר, מיר אלע דאָ ווייסען, אז דער דאָזיגער סימפּאַטישער ליריזם פון נאַציאָנאַליזמוס שמעקט אין רוסלאַנד מיט פּאַטריאָטישען קוואַס, אין דייטשלאַנד מיט ניט פרישע לימבורגער קעז, אין פראַנקרייך מיט קאַטוילישען ווייררוך,

היינו, מיר זיינען געווען קנעכט... פיעלע ערשיינונגען פון אידישען לעבען קענען נאך ביז יעצט פערענטפערט ווערען מיט דעם זעלבען עבדים היינו, מיר זיינען געווען קנעכט, מיר זיינען געווען פערשקלאפט, מיר זיינען געווען אונטערדריקט, מיר זיינען געווען פערפאלגט, — דאס ערקלערט פיעלעס. איצט אבער, ווען די רעדע איז ניט וועגען דעם וואס מיר זיינען געווען אין דער פערגאנגענהייט, נאר וועגען דעם וואס מיר זיינען אין דער געגענווארט און וואס מיר קענען ווערען אין דער צוקונפט, איצט איז ניט די צייט צו פרעגען קשיות נאר וועגען דעם אי־דישען טרוקענעם ברויט און דעם אידישען ביטערען מרור. איצט איז אויך ניט די צייט אויף א גרויסע סאציאלע פראגע צו ענטפערן מיט דעם ספעציעל אידישען פסח־דיגען „עבדים היינו"... איך פרעג די דאזיגע קשיות: ערשטענס: וואס איז איבערהויפט א נאציאן? צווייטענס, אויב עס זיינען דא דעפינטיווע, דייטליכע אונצווייפעלהאפטע און גאנץ קלארע אייגענשאפטען, וועלכע בעצייכענען דעם בעגריף נאציאן, — איז נאך דיעזע בעצייכנונגען דאס אידישע פאלק א נאציאן? אויב די אידען זיינען איצט ניט קיין נאציאן, קענען זיי ווען־עס־איז ווערען א נאציאן? ענדליך, אויב עס זאל בעוויזען ווערען בעשיינפערליך, אז זיי קענען ווערען א נאציאן, — דארפען זיי ווערען א נאציאן?

וואס איז א נאציאן?

אמאל, אין די אלטע צייטען, ווען דאס לעבען איז געווען איינפא־כער און ווען די פערהעלטניסע צווישען פערשיעדענע גרופען מענ־שען פלעגען ערקלערט ווערען ניט דורך סאציאלע אורזאכען, איז גע־ווען זעהר לייכט צו ענטפערן, וואס איז א נאציאן. איין רעליגאן, איין שפראך, איין לאנד האט געשאפען א בעזאנדערע נאציאן. איצט אבער ברעכען זיך די צייהן מיט דער פראגע פיעלע געלערנטע, און כאטש דער'הרג'עט מיך דא אויפ'ן פלאץ, ווי איך בין א איד, איך קען ניט זאגען מיט זיכערהייט, וואס איז דאס, וואס מענשען רופען אין אונ־זער צייט נאציאן. ווען מען קומט צו מיר און מען זאגט: טוט עפעס פאר'ן אידען, פערשטעה איך. איך וויים, וואס א איד איז. איך דארף ניט דערצו קיינע פסיכאלאגישע היפאטעזען, קיינע פאעטישע פאנטא־זיען, קיינע אנטראפאלאגישע אונטערזוכונגען. איך קען דעם איד. ער איז א רעאליסטישע, זעהר רעאליסטישע קאנקרעטע זאך. איך קען איהם

טהייל פון דער דייטשער נאַציאָן פונקט ווי די פּראָטעסטאַנטען? אויפ'ן באַלקאַנישען האַלב אינזעל זעהען מיר איינע און די זעלבע סלאַווישע פעלקער פון איין אָבשטאַמונג, וועלכע רעכענען זיך ניט צו איין נאַציאָן, ווייל איינע זיינען קריסטען, די אַנדערע מאַהאָמעדאַנער. נאָך מעהר, די אַלע פערשיעדענע פעלקער, וועלכע בעלאַנגען צו מאַהאָמעדאַנישע גלויבען, וואָהנען אין פערשיעדענע לענדער און האָבען פערשיעדענע אינטערעסען. זיי אַלע האָבען גאָר קיינע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען — זיי זיינען אַלע פעראייניגט אינ'ם איסלאַם. ווער רעדט, אַז איהר וועט נעהמען פאַר נאַציאָן דאָס, וואָס דער אַנגלאָ־סאַקסער, דייטש־איירישער, איטאַליאַנאָ־האָלאַנדישער, אידיש־אַמעריקאַנער רופט אָן „אור גרעיט אַמעריקאַן ניישען", קערט איהר גאָר איבער די גאַנצע נאַציאָנאַלע טעאָרי מיט'ן פּוטער אַראָפּ.

בעט איך אייך, זייט אונפּאַרטייאיש און זאָגט מיר מיט זיכער־הייט: וואָס איז אַ נאַציאָן? מענשען וואָס האָבען איין לאַנד? אָדער איין גלויבען, אָדער איין שפּראַך, איינע אינטערעסען, איין אָבשטאַ־מונג, איין קולטור? איך זאָג אייך דעם אמת, איך ווייס ניט וואָס נאַ־ציאָן איז, דעריבער טאַקע איז זעהר אינטערעסאַנט צו וויסען, איז דאָס אידישע פאָלק אַ נאַציאָן, דאָס הייסט, איז דאָס אידישע פאָלק דאָס, וואָס מיר ווייסען ניט, וואָס דאָס איז? אָדער דאָב אידישע פאָלק איז ניט דאָס, וואָס מיר ווייסען ניט וואָס דאָס איז?

איז דאָס אידישע פאָלק אַ נאַציאָן?

מיט קיינעם האָט די וועלט ניט געהאַט אַזוי פיעל צו טאָן ווי מיט אונז אידען... מיר האָבען דער קריסטליכער וועלט געגעבען אַ האַלב פון זייער ציוויליזאַציאָן, מיר האָבען זיי געגעבען אַ גאָט און אַ סוביעקטיווע סיסטעם פון דענקען און פיהלען. מיר האָבען זיי געלערענט צו קעמפּפען מיט'ן יצר הרע און צו ענטוויקלען אין זיך דעם יצר טוב, און זיי האָבען דערפאַר אונז געגעבען קלעפּ, ווען נאָר זיי האָבען גע־דאַרפט געלד און געזוכט „פלעזשור"... און סוף כל סוף, אַז עס קומט צו דער פראַגע, ווער זיינען מיר? ווייסט מען ניט. צו אַ וועלכער ראַסע בעלאַנגען מיר? איינינע זאָגען, מיר קומען פון אַ סעמיטישע ראַסע, אַנדערע, זאָגאַר אידישע געלעהרטע, בעווייזען, אַז מיר בעלאַנגען צו איין שטאַם מיט די אינדאָ־אייראָפּעאישע פעלקער. קומען די אַנטראָ־פּאָלאָגען און זאָגען: וואָס דאַרפט איהר אייך האַמפּערן? מען קען

און ביי אונז אידען מיט'ן לאָקשען־קוגעל, וואָס איז געבליבען פון פאר־אכט־טאָגען שבת...

אלזאָ, זאָל אונז דער רבש'ע העלפען צו בעגרייפען און ערקלערען, וואָס איז נאציאָן. צוויי גרויסע גוים, ר ע נ א ן און ל י ט ר ע, גיבען אזא דעפיניציאָן: א פאָלק איז דאָס, וואָס האָט איין אָבשטאַמונג, שטאמט פון איין אור־פאָטער און האָט איין רעליגיאָן. א נאציאָן איז אזא גרופּע מענשען, וועלכע פערנעהמען א געוויסע שטיק לאנד, האָבען איינע און די זעלבע פּאָליטישע אינסטיטוציאָנען און איינע און דיזעלבע אינטערעסען, אנדערע זאָגען, אז די איינהייט פון סענטימענט, איינהייט פון אידעען און איינהייט פון מאָראלע אנשויאונגען פעראייניגט פערשיעדענע מענשען אין איין נאציאָן. עס זיינען דאָ בעווייזע, אז רעליגיאָן אליין איז גענוג צו שאפען א נאציאָן.

דאָס אידישע פאָלק, אויב עס איז א נאציאָן איז נאָר דורך זיין רעליגיאָן... דאָס רוימישע פאָלק איז א מאָל געווען א נאציאָן דורך דער שפּראך, איהר קולטור און זאָ ווייטער, א. ז. וו.

אלזאָ, וואָס שאפט א נאציאָן? איינהייט פון לאנד? אין דייטשלאנד וואָהנען דייטשען און פּאָליאקען — זיינען זיי איין נאציאָן? פּאָליאקען וואָהנען אין רוסלאנד, דייטשלאנד און עסטרייך — דריי פערשיעדענע לענדער — זיינען זיי דריי נאציאָנען? אָדער גאָר קיין נאציאָן ניט? איינהייט פון אינטערעסען מאכט א נאציאָן? זאָל מען ארייננעהן אין פראנצויזישען אָדער דייטשען פּארלאמענט און זעהן וועלכע טיעפּאונטערשיעדענע אינטערעסען עס עקזיסטירען ביי די מענשען פון דיעזע לענדער. דיזע פערשיעדענהייט פון אינטערעסען וואקסט מיט יעדען טאָג, וואָס עס וואקסט די זעלבסטבעוואוסטהייט פון פערשיעדענע קלאסען. זיינען דייטשען סאָציאל־דעמאָקראטען און די דייטשע אגראריער איין נאציאָן אָדער צוויי נאציאָנען? אלע קאפּיטאליסטען פון אלע לענדער האָבען די איינהייט תון סענטימענט, אידעע און מאָראלישע אנשויאונגען — זיינען זיי איין נאציאָן? אויב די איינהייט פון דער שפּראך מאכט א נאציאָן, ווארום זיינען אמעריקא און ענגלאנד צוויי בעזונדערע נאציאָן? וואָס וועט זיין די שווייצארישע רעפּובליק, וואו מען רעדט דייטש, פראנצויזיש, איטאליעניש — א פאָלק אָדער א נאציאָן? אויב רעליגאָן פעראייניגט מענשען אין איין נאציאָן, ווי אזוי קען זיין, אז די דייטשע קאטויליקער זיינען א

לירישׂ געפיהל. עס איז גאַנץ נאַטירליך, אז באַלד נאָכדעם ווי מען קריגט קלעפּ פון אַן איירישען שכור אָדער אַ פּאָנישען קאַצאַפּ, זאָל דאָס פינטעלע איד אָנהויבען ציהען ביים הארצען. עס איז נאַטירליך, אז יונגע טרוימער, וועלכע פיהלען מיט זייערע אייגענע הערצער דעם וועהטאָג פון זייערע ברידער, זאָלען אָנהויבען צו שפּיעלען „על נהרות בבל" אויף דער אַלטער פעררָאָסטעטער לירע פון דוד בן ישי. ווען אָבער אַ מאַן, וואָס האָט ערשט דערשלונגען אַ קאַפּיטעל פון מאַטע־ריאַליסטיש־פילאָזאָפישען בוך, און האָט דערצו נאָך פערביסען מיט אַ גוטע פּאָרציע פון געגעל'ס חריפות, ווען אַזאַ מאַן געהט רוהיג און בעזאָנגען פערענטפערען אַ גרויסע מענשהייטס־פראַגע מיט אַ נאַציאָ־נאַלע לירישע מעלאָדי, זעהט עס פונקט אַזוי אויס, ווי דער אַלטער סאָלידער זיידע זאָל אויף זיך ארויפציהען דעם אייניקעל'ס מאַיטקעס!... נאַציאָנאַליזמוס אין דעם געשיכטליכען לעבען פון אַ פּאָלק איז פונקט דיזעלבע זאַך ווי ליריזם אין דער פּאָעזי... לירישע פּאָעזי איז גוט פאַר יונגע פערליעבטע מענשען, פאַר סענטימענטאַלע סוביעקטען... אַזאַ בעיאָהרענטער מענש ווי דער איד איז פּאַסט ניט ביי אַ גרויסע פּראַק־טישע פראַגע זינגען אַ לירישע ליעד, ער דאַרף אריבערגעהן צו דער העכערער פאָרמע פון געזעלשאַפטליכען לעבען, צו דער דראַמאַ, צו אַק־טיוויטעט, צו טהעטיגקייט... און ער הויבט עס טאַקע אָן צו טאָן...

לאָמיר זעהן וואָס מיינען זיי מיט דער גרויסער אידישער נשמה, וועלכע מאַכט אונז צו אַ נאַציאָן. די קאָלעקטיווע פּסיכאָלאָגי פונ'ם אידישען פּאָלק? אין וואָס ווערט זי אויסגעדריקט? האָט דער איד אַ נאַציאָנאַלע קולטור? וואו איז זי, די ספּעציאַל אידישע קולטור? מיי־נען זיי אפשר די אידישע ליטעראַטור? זי איז געווען 18 הונדערט יאָהר אויסשליסליך אַ רעליגיעזע ליטעראַטור און ניט מעהר. אמת, די רעליגיאָן איז געווען אַ גרויסער פּסיכאָלאָגישער פאַקטאָר, וועלכער האָט געווירקט אויף די אידען אין אַ געוויסער ריכטונג און האָט זיי געהאַלטען פיעלע יאָהרען צוזאַמען. איז דאָס דער זעלבער צעמענט, מיט וועלכען די נאַציאָנאַליסטען ווילען אונז צוזאַמענצעמענטירען אלס אַ נאַציאָן אין צוואַנציגסטען יאָהר־הונדערט? וואָס וועלען טאָן די הונדערטע טויזענדער רעפאָרמירטע יהודים, וועלכע האָבען אין דעם מענטעלע פון דער אידישער רעליגיאָן אריינגעשטופּט אַ חזירשן איוואַן? און וואָס וועלען טאָן די טויזענדער און טויזענדער סאָציאַליסטען,

לייכט אויסגעפינען די ראַסע, מען דאַרף מעסטען דעם קאָפּ. וואָס טוט אָבער אָב פּאַר אַ שפּיצעל דער אידישער קאָפּ? אין איין לאַנד איז ער ברייט, אין איין אַנדער לאַנד שמאָל. דאָ איז ער לאַנג, דאָ איז ער קייילעכדיג. די ספרדים האָבען אַנדערע קעפּ, די אשכנזים האָבען אַנדערע קעפּ... היינט וויפיעל אידען זיינען דאָ, וואָס האָבען גלאַט פערשטאָפּטע קעפּ?... אַ ראַסע קען מען אָבער אויסגעפינען נאָך דער פאַרב פון'ם פּנים. וואָס טוט דער איד? וואָס מיינט איהר, ער קען זיך עפּעס קיין עצה ניט געבען? אין דייטשלאַנד און באָהעמיען האָט ער אַ בלאָנדע פאַרב. דער איד דער קרימטשאַק האָט אַ טאָטערישע פאַרב. אין אינדיען איז ער שוואַרץ, איז כינאַ איז ער געל, אין פּאָרטוגאַל און איטאַליען איז ער בראַון, אין קאַווקאַז האָט ער קאַווקאַזער פּנים, אין אַראַביען האָט ער אַ פּנים פון אַ שוואַרץ יאָהר, און אין רוסלאַנד האָט ער גאָר קיין פּנים ניט. בערנאַרד לאַזאַר זאָגט, אַז נאָך דער פאַרב אַליין קען מען די אידען צושרייבען אַם ווענינגסטען צו פינף פערשיעדענע ראַסען.

עס איז איבערהויפּט שווער צו זאָגען, פון וואַנען שטאַמען די היינטיגע פעלקער וואָס עקזיסטירען. אַ מאָל, ווען זיי האָבען געלעבט ווי קליינע שבטים, האָבען זיי געקענט אָבהיטען זייער בלוט און איבערצייגען זייער יחוס. ווי עס האָבען זיך אָבער אָנגעפאַנגען שרעקליכע מלחמות און גרויסע פעלקער בעוועגונגען, האָבען זיך אַלע פעלקער צומישט. ווי דער איד איז ניט געוועזען איזאָלירט דורך זיין רעליגיאָן, איז ער דאָך צו לאַנג געוועזען אין גלות און צופיעל געקומען אין בעריהרונג מיט אַנדערע פעלקער, מען זאָל קענען גאַראַנטירען, אַז יעדער פון אונז שטאַמט מירך יעקב.

מען וועט אונז זאָגען, אַז די אַלע אידען, וועלכע זעהען אויס פערשיעדען און רעדען אויף פיעלע פערשיעדענע לשנות, וועלכע וואָהנען אין פערשיעדענע לענדער און האָבען פערשיעדענע אינטערעסען, אַז די אַלע אידען זיינען דאָך איין נאַציאָן, ווייל זיי האָבען איין גייסט, אַן אַלגעמיינע אידישע פּסיכאָלאָגי, דאָס פינטעלע איד, וואָס יעדער פון אונז האָט, פעראייניגט אונז אַלע אין איין גרויסע אידיש נשמה... דיזע הייליגע נשמה מאַכט אונז צו איין נאַציאָן.

דאָס ליעדעלע וועגען פינטעלע איד און וועגען דער אידישער נשמה איז זעהר שעהן און זיס... עס איז אָבער ניט מעהר ווי אַ

פּסיכאָלאָגיע? דער איד זיפצט, דער איד האָט ליעב א טרויעריגען וואָ־
לאָך, ווי דער דייטש א גלאָז ביער, דער איד האָט מורא אז מען שלאָגט
איהם — דאָס און אנדערע אזעלכע פּריוואטנע און איינצעלנע ערשיי־
נונגען, וועלכע זיינען פּסיכישע רעזולטאטען פון דעם, וואָס ער האָט ניט
קיין נאציאָנאלע פּסיכאָלאָגיע, פון דעם מאכט מען די קאָלעקטיווע נשמה
פון דער אידישער נאציאָן! אין דער הינזיכט זיינען די ציוניסטען
פּראקטישער און לאָגישער. זיי ווייסען, אז א פאָלקס פּסיכאָלאָגיע קען
אויסוואקסען נאָר אויף א רעאליִסטישען באָדען... זיי וועקען יעצט
ביים אידען נאציאָנאלע געפיהלען און זאָגען צו, אז אין ציון וועט דאָס
אידישע פאָלק אויסוואקסען אין א אידישע נאציאָן, מיט א אידיישע
פּסיכיק, מיט א אידישער קולטור. די נאציאָנאליסטען אָבער, וואָס ווילען
מאכען א ספּעציעלע אידישע נאציאָן אָהן א ספּעציעלען אידישען באָ־
דען, דערמאָנען אונז דעם רוסישען פּאָמפּאַדור, וועלכען דער גרויסער
רוסישער סאטיריקער שצעדרין האָט געשילדערט. ער האָט ארויסגעגע־
בען א בעפעהל, אז אין זיין מדינה זאָלען מענשען ניט טאָרען טרעטען
אויף דער ערד, ניט זיצען אויף א שטוהל, ניט ליגען אויף א בעט,
ניט צושפּארען זיך צו א וואנט. וואָס דען מעגען זיי? זיי מעגען הענ־
גען אין דער לופטען... א שעהנע נאציאָן האָט זיך געקענט ענטוויקלען
פון די מענשען פון אזא מדינה!...

לאָמיר בעסער זעהן וואָס הערט זיך מיט אונזער פראגע: קענען
די אידען א מאָל ווערען א נאציאָן אָדער ניט?

קענען די אידען ווערען א נאציאָן?

ווי ווידערשפּרעכענד עס זאָלען ניט זיין די בעצייכנונגען פון די
אומשטענדען, וואָס מאכען א נאציאָן, איין זאך איז געוויס, א נאציאָן
מוז זיין און איז א שטארקע לאנג־דויערנדע אָרגאניזאציאָן. דער איד
האָט ניט דיעזע פעהיגקייט, ער קען דיזאָרגאניזירען, אָבער ניט אָרגאני־
זירען. זיין אייגענע אלטע געשיכטע דערצעהלט אונז, אז נאך אפילו
דאָרט אין דערהיים איז ער געווען געגען אָרגאניזאציאָן און פאָלקס
דיסציפּלין... זיי האָבען געבונטעוועט געגען משה'ן, געגען די נביאים,
געגען זייערע קעניגע, געגען גאָט זאָגאר. איין מלוכה איז געווען וועניג
אויף אזא שטיקעל לאנד ווי זיי האָבען פערנומען, זיי האָבען געדארפט
האָבען א קעניגרייך פאר יהודה און א בעזונדערע קעניגרייך פאר
ישראל.

וועלכע וואקסען ווי אויף הויוועז און מעהרען זיך און ווילען גאָט ניט וויסען פון רעליגיאָן? און וואָס וועלען מיר אַלטע אפּיקורסים נעבעך טאָן? פאַרוואָס זאָלען מיר אין אונזער אויפגעקלערטער וועלט אָבגע־שניטען ווערען פון אונזער אייגענע נאַציאָן? איז דאָס ניט אַן עולה?

די פּראַקטיש־מאָראַלישע פּונקטען פון אידישען גלויבען צייכנען זיך ניט אָב בעזונדער פון דער קריסטליכער פּראַקטישער מאָראַל. און די רעליגיאָן אַליין האָט ניט געקענט שאַפען אַ בעזאָנדערע אידישע פאָלקס־פּסיכיק, אַן אָנגעצייכענטען פּסיכישען טיפּ. דער איד איז ניט אַ פּראָדוקט פון אינטערנאַציאָנאַלען לעבען. די בעזאָנדערע גוטע פּסי־כישע און ניט גוטע פּסיכאָ־פּאַטאָלאָגישע אייגענשאַפטען וואָס דער איד האָט, זיינען ניט געבוירען געוואָרען ביי איהם, דורך זיין נאַציאָנאַ־לען לעבען, פערקערט, זיי זיינען ערשינען ביי איהם, ווייל ער האָט ניט געקענט לעבען מיט אַ נאַציאָנאַלען לעבען. די וואָס נעהמען דעם אידענס היינטיגע גייסטיגע אייגענשאַפטען און בויען פון איהר אַ נאַציאָנאַלע פּסיכאָלאָגי, מישען צונויף אורזאַכען פון ערשיינונגען מיט רעזולטאַטען פון ערשיינונגען.

ערלויבט מיר ערקלערען, וואָס איך מיין דערמיט. לאָמיר, צום ביישפּיעל, נעהמען דעם דייטש, להבדיל אלפי הבדלות! דער דייטש האָט ליעב צו טרינקען ביער. דאָס איז ביי איהם ניט נאָר אַ פיזיאָלאָ־גישע בעדירפנים, נאָר אויך אַ פּסיכאָלאָגישע אייגענשאַפט. קענען מיר זאָגען, אַז ווער עס טרינקט ביער איז אַ דייטש, און אַז די גאַנצע ביער ברויערייי צוזאַמענגענומען, דאָס איז די נאַציאָנאַלע פּסיכאָלאָגי פונ׳ם דייטשענטום? ניין! מיר וועלען זאָגען: די דייטשען האָבען אַ קאָלעקטיווע פאָלקס־פּסיכאָלאָגי, ווייל זיי לעבען טויזענדער יאָהרען אין די טהאָלען פון רהיין און עלבא, אין די וועלדער פון טהורינגיע, אויף די בערג פון סאַקסאָניע און די אַלפּען פון באַוואַריע. זיי האָבען אַ נייגונג צו מילעטאַריזמוס, צו אַ שווערע מעטאַפיזישע ארט פון דענקען, צו פּראַקטישע אונטערנעהמונגען, ראָמאַנטישע פּאָעזי און ערנסטע מוזיק. זיי פיהרען זייער היסטאָרישען לעבען אַזוי פיעל און אַזוי פיעל יאָהרען, געפינען זיך ביי אַזעלכע און אַזעלכע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אומ־שטענדען, און דאָס אַלעס צוזאַמען האָט געשאַפען ביי זיי אויך אַ פּסיכישע אָדער אַ פּסיחאָ־פּאַטאָלאָגישע נייגונג צו זופען ביער. פון וואַ־נען און פון וואָס האָט געקענט געשאַפען ווערען אַ ספּעציעל אידישע

געפּאַסט אין דער ציוויליזיאַציאָן פון דעם פאָלק, וואו ער האָט געלעבט, און האָט איבערגענומען די שפּראַך פון דער נאַציאָן, מיט וועלכער ער האָט געוואָהנט צוזאַמען. נאָך דעם פּעריאָד פון די נביאים האָט דער איד ניט געהאַט קיין נאַציאָנאַלע שפּראַך. זיעבציג יאָהר גלות אין בבל זיינען געווען גענוג, ער זאָל אָנפאַנגען רעדען ביבליש, אראמיש. איז ער געקומען אין בעריהרונג מיט די גריכען אין אַלעקסאַנדריען, איז זיין קולטור־שפּראַך געוואָרען גריכיש, אין רוים איז זיין שפּראַך געוואָרען לעטייניש. צווישען די אַראַבען איז זיין שפּראַך געוואָרען אַראַביש, צווישען שפּאַניער — שפּאַניש. די גרעסטע גאונים האָבען געשריבען אין דיזע שפּראַכען. אין דייטשלאַנד איז דעם אידענס מוטער־שפּראַך געוואָרען דייטש, און פון דעם סאַקסאַנישען דייטש איז געבאָרען געוואָרען די אידישע שפּראַך. דאָס אַלעס האָט פּאַסירט ביי אונ־גינסטיגע אומשטענדען און אין דער צייט, ווען די רעליגיאָן האָט גע־האַט אַזאַ הערשענדע מאַכט איבערן געדאַנק און גייסט פונ'ם אידען. שטעלט איך פאָר, וויפיעל נאַציאָנאַליזמוס עס וועט בלייבען ביים אי־דען, ווען ער וועט בעפרייט ווערען פון דעם וואָס האָט איהם געשמידעט צו דער געשטאָרבענער פערגאַנגענהייט און האָט איהם אָבגעשטויסען פון אַלעס, וואָס לעבט אין דער געגענוואַרט!...

מען זאָגט, עס עקזיסטירט אַן ערנסטע מיינונג, אַז דער אידישער זשאַרגאָן, אויף וועלכען עס רעדט די גרעסטע טהייל פון אידישען פאָלק, אַז דער זשאַרגאָן וועט זיין, אָדער איז שוין זאָגאַר די שפּראַך, וועלכע האָט געשאַפען אַ ספּעציעל אידישע נאַציאָנאַלע קולטור, — דער זשאַרגאָן וועט פעראייניגען די אידען אין אַ גרויסע נאַציאָן. אייגענט־ליך, איך אַלס אַ זשאַרגאָן שרייבער האָב זיך געדאַרפט אליין געבען אַ קניפּ אין באַק און זאָגען: „יישר כחכם, ר' יענקיל! ענדליך דאָך דער־לעבט, האַ?" איך וויל זיך אָבער ניט איינרעדען קיין פויגעלעך אין בוזעם. געוויס, כל זמן מיליאָנען אידען רעדען און פערשטעהען נור אידיש, איז צו רעדען צו זיי און שרייבען פאַר זיי אין אידיש געראָדע אַזוי עהרענווירדיג און אַזוי ניצליך ווי צו שרייבען אין ענגליש אָדער פראַנצויזיש. דער זשאַרגאָן איז אַ מיטעל דורך וועלכען מיר קענען דעם הינטען־געבליבענעם אידען אריינפיהרען אין דעם גרויסען אינ־טערנאַציאָנאַלען שאַצקאַמער פון דער וועלט־קולטור. דער זשאַרגאָן האָט ניט געשאַפט און וועט ניט שאַפען ספּעציעל אידישע פאָרמען פון לי־

די שטרעבונגען און די העכערע אידעאַלען פון אידישען פאָלק זיינען שטענדיג געוועזן ניט נאַציאָנאַלע, נאָר אינטערנאַציאָנאַלע. זיי זיינען געגאַנגען איינגעהמען די פעלקער פון כנען, אום פּאָפּולער צו מאַכען צווישען אַלע פעלקער די גרויסקייט פון דעם איינציגען גאָט דעם בעשעפער.

די נביאים, די נאָבעלסטע פאָרשטעהער פון אידישען געדאַנק און אידישען סענטימענט, האָבען אויסגעשפּראָכען די גרעסטע אינטער־נאַציאָנאַלע פּרינציפּען פון גערעכטיגקייט. די מעהר דענקענדע תלמודיסטען האָבען געטאָן דאָס זעלבע. צום ביישפּיעל, איין תנא ער־קלערט, פאַר וואָס האָט גאָט געמאַכט, אַז די גאַנצע מענשהייט זאָל שטאַמען פון איין מענשען, אדם הראשון? ווייל ער האָט געוואָלט, אַז קיין פאָלק זאָל ניט בעריהמען זיך, אַז זיין פאָטער איז אַ גרעסערער מיוחס. אַלע פעלקער האָבען איין פאָטער.

קיין פאָלק אין דער וועלט האָט ניט געשפּיעלט און וועט ניט שפּיעלען אזאַ גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע ראָלע, ווי דאָס אידישע פאָלק. פערשיעדענע פעלקער האָבען געהאַט נאַציאָנאַלע געטער און נאַ־ציאָנאַלע רעליגיאָנען, איז געקומען דער איד און האָט זיי געגעבען איין אינטערנאַציאָנאַלען גאָט און איין אינטערנאַציאָנאַלען גלויבען, וועל־כער האָט צוזאַמענגעמישט און צוזאַמענגעפּלאָנטערט פיעלע פערשיע־דענע נאַציאָנאַליסטען. ווי פאַנאַטיש און אונוויסענד דער קריסט זאָל ניט זיין, ער וועט זיך יעצט שעהמען צו זאָגען, אַז גאָט איז נאָר זיין נאַציאָנאַלער גאָט... דער גאָט, וואָס דער איד האָט איהם געגעבען, איז אַן אינטערנאַציאָנאַלער, די מאָראַל וואָס דער איד האָט איהם געגעבען, איז אַן אינטערנאַציאָנאַלע...

פינסטערע און ביטערע היסטאָרישע אומשטענדען האָבען געמוזט פיהרען דעם אידען אַלץ ווייטער און ווייטער צום קאָסמאָפּאָליטיזם. אין זיין פּראַקטישען לעבען האָט ער זיך בעשעפטיגט מיט האַנדעל, וואָס האָט אַן אינטערנאַציאָנאַלען כאַראַקטער, מיט מוזיק, וועלכע איז די שפּראַך פון אַלע פעלקער, מיט הומאַניטאַרע סאָציאַלע וויסענשאַפ־טען, וועלכע בעהאַנדלען קיינע נאַציאָנאַלע, נאָר שטענדיג אינטערנאַ־ציאָנאַלע פּראָבלעמען און די אינטערעסען פון דער גאַנצער מענש־הייט...

דער איד האָט זיך שטענדיג זעהר לייכט און זעהר גיך אריינ־

מען האָט גערופען קאַדנעווסקי. ווען ער, אַלס גרינער נאָך, האָט גע־קויפט אַ הויז, האָט דער גוי ניט געקענט אויסלעגען זיין נאָמען און האָט איהם געראַטהען רופען זיך קאָהן. איז ער, אַ ישראל, אַ פשוט'ער ישראל געוואָרען קאָהן... זיינע זיהן האָבען ניט געוואָלט נעהמען אַ פרעמדען נאָמען און האָבען זיך פון קאַדנעווסקי געמאַכט קאַדען. איצט איז דער טאַטע קאָהן און די קינדער קאַדענס. פרעגען דאָך די גוים: ווי קומט עס? איז דער תירוץ, זיי זיינען פון אַן אַנדער טאַטען — אייניגע קינדער זיינען געוואָרען שטיעפקינדער. דאָס אידישע פאָלק האָט שוין הונדערטע טויזענדע שטיעפקינדער, און איהר ווערט זיי ניט קענען אומקעהרען צוריק צוליעב דעם זשאַרגאָן. ווי ווייט מיר אַלע זאָלען ניט זיין פון רעליגיאָן, מען זאָל אונז בעפעהלען צו ווערען אויס אידען, וועלען מיר אַלע געהן אין גלות ניט ערניעדריגען זיך, ניט ווייל די געפיהלען פון הייליגען גלויבען, אָדער די געפיהלען פון נאַציאָנא־ליזמוס וועלען אונז צווינגען דאָס צו טאָן, נאָר דערפאַר, ווייל דאָס געפיהל פון אַ מ ע נ ש וועט פראָטעסטירען אין אונז. ווען אָבער מען וועט אונז וועלען צווינגען צו ווערען אַ אידישע נאַציאָן אָהן אַ לאַנד און אָהן מאַטעריאַליסטישען געווינס, נאָר צוליעב אידישען זשאַר־גאָן — וועלען די אידען אליין נאָר לאַכען דערפון. דער איד האָט יעצט ניט קיין נאַציאָנאַלע שפּראַך און קען ניט האָבען. אַ פראַנצויז קען בייטען זיין רעליגיאָן ווי ער וויל, ער בלייבט פראַנצויז. ווען אַ איד שמד'ט זיך אָבער און מען פרעגט איהם, איז ער אַ איד, זאָגט ער: ניין! וואָהין־זשע איז אַהינגעקומען זיין נאַציאָנאַליטעט?

דער איד איז צופיעל אריינגעמישט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער וועלט, ער האָט אויפגענומען צו פיעל לשונות, ער איז געוואָרען דורך זיין היסטאָרישען לעבען צו פיעל קאָסמאָפּאָליטיש, ער האָט געקראָגען צו פיעל סימפּאַטי צו העכערע אוניווערסאלע אידעען, עס זאָל יעצט מעגליך זיין צו מאַכען פון איהם אַ נאַציאָנאַליסט. דער מאָסען־איד געהט בלינדערהייט וואָהין די סיסטעם פון דעם אַלגעמיינעם סאָציאַלען לעבען פיהרט איהם, און דער דענקענדער איד איז שוין לאַנג אַריבער־געוואַקסען איבער די איינגע, קליינליכע נאַציאָנאַלע דברים בטלים. דער איד דענקט צו טיעף און ברייט, ער זאָל זיך קענען בעניגנען מיט שמאָלע, פלאַטשיגע אידעען פון נאַציאָנאַליזמוס. מיין געעהרטער אָפּאָ־נענט איז גאָר קיין איד ניט, ווען ער רעדט פון אידישען נאַציאָנאַליז־

טעראַטור. די ביבעל, זאָגאַר דער תלמוד, איז אַ אידישע ליטעראַטור. דער זשאַרגאָן אָבער נעהמט פאָרמען פון דער וועלט־ליטעראַטור. פּרץ און מענדעל אבראַמאָוויץ שרייבען וועגען אידען אין זשאַרגאָן, גראַדע ווי נאומאָוו, טשיריקאָוו, יושקעוויטש, היינע און בערנע טוען דאָס אין אַנדערע שפּראַכען. די אידישע דראַמאַ, ווען זי האָט געוואָלט זיין אַ נאַציאָנאַלע, איז זי געוועזן אַ קאַריקאַטורע. און זי איז אַ דראַמאַ, מעהר אָדער ווייניגער, ווען זי נעהמט די דראַמאַטישע פאָרמען פון דער ליטעראַטור פון די אומות העולם.

איך פערשטעהע איבערהויפּט ניט, ווי אזוי דאָס אידישע פאָלק וועט ווערען אַ נאַציאָן נור דורך אַ שפּראַך, און דורך אַזאַ שפּראַך? דורכ'ן זשאַרגאָן! נו, און וואָס וועלען טאָן די אידען, וואָס זייער מוטערשפּראַך איז דייטש, ענגליש, פראַנצויזיש, טערקיש, א. ז. וו.? און וואָס וועט איהר טאָן מיט די העברעאיסטען, וועלכע זאָגען, אַז די געזעצליכע אידישע נאַציאָנאַלע שפּראַך איז לשון קודש? זיי אַלע, הייסט עס, וועלען ניט בעלאַנגען צו אונזער פאָלק. און וואָס וועלען טאָן די רוסישע אינטעליגענטען, וואָס פערשטעהן נור רוסיש? און וואָס וועלען טאָן מיליאָנען רוססישע אידען, וואָס וועלען זעהר גיך ווערען רוסישע בירגער און וועלען לערנען זייערע קינדער נאָר אין דער רוסישער שפּראַך? איהר וועט גרינדען פאַר זיי גימנאַזיעס און אוניווערזיטעטען, וואו דאָס לערנען וועט געהן אין אידיש. לאָז זיין עס איז מעגליך דאָס אַלעס אויסצופיהרען און עס איז כדאי. מיינט איהר ניט, אַז די אידען וועלען אליין ניט וועלען זיין גראַדואירט פון זשאַרגאָנישע אוניווערזיטעטען? מיינט איהר, אַז די אידישע קינדער וועלען וואַרטען אויף אייערע זשאַרגאָנישע קורריקולומס? די קינדער, די נייע יונגע דורות וואַרטען ניט, זיי אינטערעסירען זיך זעהר ווייניג מיט די רעזולטאַטען פון דער היינטיגער דעבאַטע. הונדערט טויזענד קינדער אין אַמעריקאַ אליין זיינען שוין אויף אייביג פערלאָרען פאַר דער אידישער שפּראַך און פאַר'ן אידישען פאָלק. די עלטערע דורות זאָגאַר אַמעריקאַניזירען זיך, בייטען זייער געשטאַלט און זייערע נעמען: זיי ראַזירען זיך ווי יענקים, קליידען זיך ווי גוים, קייען טשו־טאָבעקאָ און טיטולירען זיך מיט די נעמען דזשעפערסאָן, וואַשינגטאָן, מאַק־לאַוואי, מאַק־פאַרראַן, א. ז. וו.. אין ניו היוועו האָב איך אַ גוטען פריינד, וועלכען

אין דער פילאָזאָפי און אין סאָציאַלען לעבען דער פרייער קאָסמאָפּאָ־ליטישער געדאַנק, איז דאָס געווען אַ יאָהרהונדערט פון גרויסען פּראָג־רעס און עמאַנסיפּאַציאָן. אין נײַנצעהנטער יאָהרהונדערט האָט זיך ער־וועקט דער געדאַנק פון נאַציאָנאַליזמוס, און דאָס האָט געפיהרט די מענשהייט צו רעגרעס און ערניעדריגונג. אַ נאַציאָנאַלער געדאַנק איז שטענדיג אַ רעאַקציאָנערער געדאַנק.

ווען די אידען זיינען געווען גערעכענט אַלס אַ נאַציאָן דורך זייער רעליגיאָן, האָט מען זיי ערניעדריגט, פּעראַכטעט, געשלאָגען, געפּייניגט — זייער איינציגער פּראָטעסט, זייער איינציגע טרויסט איז גע־ווען אין דער זעלבער מעטאַפיזישער אידעע, מיט וועלכע די היינטיגע נאַציאָליסטען ווענדען זיך צו אונז, — זייער נחמה איז געווען אין אַ מעטאַפיזישען, אבסטראַקטען געדאַנק פון נאַציאָנאַליזמוס. דער איד איז געבראַכט געוואָרען ביז אַזאַ מדרגה, אַז מען האָט געזאָגט וועגען איהם, אַז זיין איינציגע נאַציאָנאַלע אייגענשאַפט בעשטעהט אין דעם, וואָס ער האָט ניט געפיהלען פון ריטערליכע עהרע. דערפאַר דולדעט ער און שווייגט, ווען ער ווערט ענטעהרט. היינע און בערנע זיינען גע־ווען די ערשטע אידען, וועלכע האָבען מיט קוראַזש און העלדענמוטה געצויגען דעם ריטערליכען שווערט און האָבען בעשיצט אין דעם אידען די עהרע פון דעם מענשען! מיר האָבען פיעלע בעווייזע, און דער גלענ־צענדסטער פון זיי אַלע איז די טהעטיגקייט פון׳ם אידישען „בונד״ אין רוסלאַנד, אַז דער איד פערליערט זיין נאַציאָנאַלע אונריטערליכ־קייט און הויבט אָן צו ווערען מענש, וואָס פאָדערט מענשען־אַכטונג און מענשען־רעכטע. דאָס וואָס רופט אַרויס דעם אידען צום פּראָטעסט און קאַמפּף איז ניט נאַציאָנאַלע געפיהלען, דאָס זיינען די געפיהלען פון אַ מענש! דער וואָס וויל מאַכען פון אַ מענש אַ נאַציאָנאַליסט, וויל שלעפּען דעם מענשען צוריק. ווען מען זאָל מיר הייסען ווערען אויס איד און אַסימילירען זיך מיט׳ן דייטש אָדער פראַנצויז, וועל איך בעסער שטאַרבען! קיינער און קיינעם דאַרף מען ניט אַסימילירען צוליעב וועמען אָדער צוליעב וואָס־עס־איז. דער פראַנצויז וועט ווערען ווע̇ני־גער פראַנצויז, וואָס מעהר מענש ער וועט ווערען. דער דייטש וועט ווערען וועניגער דייטש, וואָס מעהר מענש ער וועט ווערען. און דאָס וועט געשעהען אליין פון זיך מיט יעדען פאָלק אונטער דעם איינפלוס פון גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע אידעען און אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַ־

מוס. ער איז א פאָלקאָמענער איד, ווען ער רעדט וועגען גרויסע אינ־טערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען און אוניווערסאלע וועלט־אַנשויאונגען!

נאָר, לאָמיר אויף א מינוט צוגעבען, אז מען קען מיט קינסטלע־רישע מיטלען מאכען פון דעם אידישען פאָלק א שפּאָגעל נייע, אָרי־גינעלע נאַציאָן. דארף מען עס טאָן? איז דער פּראַקטישער שכל הישר דאפיר? איז דער העכערער געדאנק פון געזעלשאפטליכען לעבען, וואָס ביי אונז האָט זיך אויסגעארבייט, ניט דאגעגען? ד א ר ף ד אָ ס א י ד י ש ע פ אָ ל ק ו ו ע ר ע ן א נ א צ י אָ ן?

איך ערלויב מיר צו דענקען, אז אין אונזער צייט אָנהויבען פלאַנ־צען נייע נאַציאָנאַלע טענדענצען און געפיהלען, הייסט רעגרעסירען און ניט פּראָגרעסירען. עס וואָלט אויסגעזעהן זעהר קאָמיש, ווען מיר וואָלטען זיך פאָרגעשטעלט דארווינען מיט זיין ענטוויקלונגס־טהעאָרי אלס א נאַציאָנאַליסט, אָדער סאָקראַט, ספּינאָזא, קארל מארקס אלס נאַציאָנאַליסטען. פאר וואָס? ווייל יעדער פון זיי איז געווען א גרויסער דענקענדער מענש. אונזער אידעאל פון דעם צוקינפטיגען מענש, מעג ער זיין טערק אָדער רוסע, איד אָדער דייטש — איז א גרויסער דענ־קענדער מענש. אלס וואָס איז גרויס, נאָבעל און ערהאבען טראָגט ניט א נאַציאָנאַלען, נאָר אַן אינטערנאַציאָנאַלען כאראקטער. די אידעע פון רעליגיאָן ביי די ציוויליזירטע פעלקער איז אינטערנאַציאָנאַליסטיש. עס איז ניטאָ שוין יעצט קיין נאַציאָנאַלע גערעכטיגקייט און נאַציאָ־נאַלע וואָרהייט, עס איז נאָר דאָ א מענשליכע גערעכטיגקייט און וואָר־הייט. עס איז ניטאָ קיין נאַציאָנאַלע ציוויליזאציאָן — די ציוויליזאַ־ציאָן איז אינטערנאַציאָנאל. די וויסענשאפט, די גרויסע ערציהערין פון דער מענשהייט, איז אינטערנאַציאָנאל. די גרעסטע ווערקע פון לי־טעראַטור זיינען אינטערנאַציאָנאל. זשעניאַליטעט קען ניט איינגע־שפּארט ווערען אין איינגע ראמען פון נאַציאָנאַליטעט. די קלאַסיקער פון דער וועלט זיינען אינטערנאַציאָנאַלע שרייבער: דאנטע, ראבלע, סערוואַנטעס, שעקספּיר, מילטאָן און געטהע זיינען ניט נאַציאָנאל. אין וועלכע קליידער זיי האָבען ניט געקליידעט זייערע העלדען, — די אידעען און טענדענץ פון זייער שרייבען איז געווען אינטערנאַציאָנאַ־ליסטיש. האמלעט און דאָן קיכאָט, און פאנטאגרועל און דער געפאלע־נער מענש אין פאוסט, זיינען מענשען, ניט נאַציאָנאַלע סוביעקטען.

אין אכטצעהנטען יאָהר־הונדערט האָט געהערשט אין ליטעראַטור,

צווישען דיעזע צוויי נאַציאָנען, וועט פריהער אָדער שפּעטער, ברעננגען דערצו, אַז עס וועט נור בלייבען איין נאַציאָן, איין פאָלק, איין קעניג־רייך, איין קולטור, איין ציוויליזאַציאָן, איין גרויסע פעראייניגונג, וועלכע וועט זיך רופען מיט'ן גרויסען הייליגען נאָמען: מענשהייט!

פון דעם קריסטליכען הייליגען דענים, דעם פּאַטראָן פון פּאַריז, דערצעהלט מען אַזאַ לעגענדע: ווען ער איז געקומען צו די אונגלויביגע פון פּאַריז פּרעדיגען דאָס נייע גלויבען, האָט מען איהם געהייסען שווייגען, ער האָט ניט געפאָלגט. האָט מען איהם געמאַרטערט און געפּלאַגט, ער האָט ניט געשוויגען, האָט מען איהם געהייסען אויפהייננגען — ער האָט גערעדט הענגענדיג אויף דער תליה. מען האָט דערזעהן, עס איז שלעכט, האָט מען איהם געהייסען אָבשניידען דעם קאָפּ. סען־דענים האָט גענומען זיין אָבגעשניטענעם קאָפּ, איז געגאַנגען מיט איהם פינף מייל פון פּאַריז, וואו מען האָט איהם מקבר געוועז. אַ קאַטוילי־שער קאַרדינאַל, וועלכער האָט דערצעהלט דיעזע געשיכטע צו אַ מאַר־קיזע, האָט איהר געפרעגט: מיינט איהר ניט, מאַדאַם, אַז דעם הייליגען דענים איז געוועזען זעהר שווער צו געהן אַזאַ מהלך מיט'ן קאָפּ אין דער האַנד? — ניין, האָט געענטפערט די מאַרקיזע, איהם זיינען נור שווער געוועזען די ערשטע עטליכע טריט, נאָכדעם ווי ער האָט נור גע־מאַכט די ערשטע טריט, איז ער שוין געגאַנגען און געגאַנגען...

עס גיבען מענשען, וועלכע מיינען, מען דאַרף דעם אידען אָב־שניידען זיין קלוגען, פּראַקטישען, דענקענדען קאָפּ, דעם קאָפּ, וועלכער האָט יאָהר־הונדערטע געדענקט און געפּרעדיגט אינטערנאַציאָנאַלע אי־דעען, און דאַן, ווען ער וועט בלייבען נור מיט די לירשע און ראָמאַנ־טישע געפיהלען פון זיין האַרצען, וועט ער געהן ווייט, ווייט, מיט'ן קאָפּ אונטערן האַנד... יאַ! אויב ער וועט מאַכען די ערשטע עטליכע טריט, וועט איהם זיין זעהר גרינג צו דערגעהן אָהן אַ קאָפּ וואָהין איהר ווילט איהם פיהרען... איהר ווייסט דאָך אָבער, אַז קיין נסים טרע־פען זיך ניט און מיט'ן קאָפּ אין האַנד שפּאַציערט מען ניט... לאָזט איבער דעם אידען זיין אַלטען קאָפּ אויף די פּלייצעס! ער האָט צו לאַנג געלעבט נור מיט אַ קאָפּ־לעבען. מאַכט ניט דעם אידען מיט אַ קאָפּ ניעדריגער אום ער זאָל ווערען אַ „נאַציאָן" גלייך מיט אַלע נאַציאָנען. לאָזט איבער דעם קאָפּ וועלכער האָט יאָהר־הונדערטע געפּרעדיגט די־רעקט און אינדירעקט, געגען אַלעס, וואָס איז געוועזען ביי די פעלקער

לען לעבען ! דייטשלאַנד קען יעצט לייכט שלאָגען דעם פראַנצויז, אָבער די מענשען וואָס האָבען אינטערנאַציאָנאַלע פּרינציפּען וועלען דאָס ניט דערלאָזען ! דער פראַנצויז קען שלאָגען שווייצערלאַנד, אינטערנאַציאָנאַלע רעכטע וועלען דאָס ניט דערלאָזען. דער מענש געהט ! אַזוי ווי טייכען, מוזען זיך אַלע פעלקער אריינגיסען און פעראייניגען אין דעם גרויסען אָקעאַן, וואָס רופט זיך מענשהייט. דער אידישער בורזשוא און דער אידישער אַרבייטער זיינען אינטערנאַציאָנאַלע פּראָדוקטען. איהר מעגט צו זיי רעדען אויף זשאַרגאָן אָדער אויף טערקיש, זיי מוזען געהן מיט'ן וועג, מיט וועלכען די אַלגעמיינע סיסטעם פון סאָציאַלען לעבען פיהרט זיי. דער אַלגעמיינער אינטערעס פון אַלע מענשען, דער אינטער־נאַציאָנאַליזמוס, ראָטעט אויס די נאַציאָנאַלע עגאָאיסטישע און קליינ־ליכע אינטערעסען, און ווער עס מיינט, עס איז מעגליך צו פערפאָלגען אינטערנאַציאָנאַלע אינטערעסען און אין דערזעלבער צייט בלייבען אַ נאַציאָנאַליסט, ווידערשפּרעכט זיך אליין. אַן אינטערנאַציאָנאַלער נאַ־ציאָנאַליסט קלינגט אַזוי, גראַדע ווי מען זאָל זאָגען, פּאַרעווער מילכיגער בלינטשיק, אָדער אַ מילכיגער ראָסעל־פליישׁ. מען קען ניט אין איין צייט זיין פּאַרעווע און פליישיג... נאַציאָנאַליזמוס איז אַ טויט־שונא פון אינטערנאַציאָנאַליזמוס.

מען קען יעצט ניט מאַכען פון מענשען אַ נאַציאָן. די צייט פון בילדען נאַציאָנען איז פּאַראיבער אויף אייביג. נאָר בלעטער וואָס וואַק־סען אויף איין בוים זיינען אַ נאַציאָן, זיי זיינען אַלע גליך, זיי האָבען איין אָבשטאַמונג, זיי רעדען איין שפּראַך, ווען דער ווינד וועהט אי־בער זיי, זיי נעהמען זיך פון איין קוואַל און לעבען אויף איין טעריטאָרי. די בלעטער זיינען אַ נאַציאָן, ווייל זיי האָבען ניט קיין סאָציאַלען לע־בען. זיי טוען ניט, זיי פּראָדוצירען ניט, זיי דענקען ניט, זיי פיהלען ניט. זיי האָבען ניט קיין קלאַסען און קיין קאַסטען. פון לעבעדיגע מענשען מאַכען אַזאַ עהנליכע און איינזאַרטיגע מאַסע איז אונמעגליך. דאָס סאָציאַלע לעבען האַרמאָנירט יעצט ניט מיט'ן וואָרט נאַציאָן. און פון אַלע פעלקער דער וועלט זיינען יעצט געוואָרען נור צוויי נאַ־ציאָנען, וועלכע וועלען אין דער צוקונפט ווערען נור איין נאַציאָן !

יאַ, נור צוויי נאַציאָנען האָבען מיר יעצט: דאָס איז מענש און אונמענש, אונטערדריקער און אונטערדריקטער, דער וואָס פּראָדוצירט און דער אומזיסטיגער פרעסער. דער קאַמפּף וואָס געהט יעצט אָן

# הענרי וואַדסוואָרטה לאָנגפעלאָו.

.1

הענרי וואדסווארטה לאָנגעפלאָו, איז איינער פון די בעריהמטעס־טע, פּאָפּולערסטע און בעליעבטעסטע פּאָעטען פון אמעריקא. עס גיבט אין דער וועלט קיין געבילדעטער מענש, וועלכער האָט אם ווענינסטענס ניט געהערט דעם נאָמען פון דיעזען פּאָעט. זיינע בעסטע פּאָעמען זיי־נען איבערזעצט אויף אַלע שפּראַכען פון דער וועלט. אין דער דייטשער און אין דער רוסישער שפּראַך זיינען זיינע פּאָעמען איבערגעטראָגען געוואָרען דורך די גרעסטע פּאָעטען פון דיעזע לענדער. אין אמעריקא איז ער פערגעטערט. ער איז דער מוסטער פון פּאָעזי אין די אמעריקא־נישע שולען און איז אנערקענט אַלס דער איינציגער „אקאדעמישער" דיכטער אין אַלע ליטעראַרישע קרייזען פון אמעריקא.

מיר וועלען שפּעטער ערקלערען וואָס האָט איהם געמאַכט צום בעליעבטעסטען אמעריקאַנישען פּאָעט. דאָ ווילען מיר נאָך בעמערקען, אַז לאָנגפעלאָו קען אין קיין פאַל ניט בעטראַכט ווערען אַלס דער ג ר ע ס ט ע ר אמעריקאַנישער פּאָעט. אין אָריגינאַליטעט און אין קראַפט האָבען איהם פיעלע אמעריקאַנער פּאָעטען איבערטראָפען. אין דער צייט, ווען די סאָציאַלע וועלט אַנשויאונגען פון לאָנגעפלאָו איז בעדעקט מיט א „ראָמאַנטישען נעבעל פון א לירישען מיסטיציזם", זיינען דאָ אין אמעריקא פּאָעטען, וועלכע האָבען געהאַט א בעשטימטע און פריי אויסגעשפּראָכענע שטעלונג צו דער געזעלשאַפט און צו דעם „איינצעלנעם"... אין דעם פּרט שטעלען מיר זאָגאר דעם ווענינ בעקאַנטען קעין אָ'דאָננעל (Kane O'Donnel) פיעל העכער פון לאָנגפעלאָו... און, אויב אונזער ראַטה האָט א בעדייטונג, וואָל־טען מיר אונזערע טאַלענטפאָלע אידישע פּאָעטען בעסער געראַטהען

נען די געוואָהנהייט צו דענקען, רעכנען, אנאליזירען און שטרעבען צו א קאָסמאָפּאָליטישען אינטערנאציאָנאלען אלמענשליכען לעבען.

אנמערקונג. — דאָס איז וואָרט אין וואָרט דער פּאָרטראַג, וועלכען יעקב גאָרדין האָט געהאלטען דעם 1טען יולי, 1905, אין טהאליא טהעאַטער אין זיין דעבאַטע מיט דר. ח. זשיטלאָווסקי.



אַמעריקאַנעם לעבען... אויב איהר זעהט ביי איהם אַמאָל יאַ אַ שטיקעלע אַמעריקאַנער הימעל, איז דאָס געווים פון צווישען די אָב־געשניטענע און סימעטרישע געפלאַנצטע ביימער פון אַ גוט קולטי־ווירטען פּאַרק... לעבען פּארק איז געווים דאָ אַ קאַפּעדראַלע קירכע מיט דונקעלע מיסטישע פענסטער, דורך וועלכע איהר קענט אריינ־קוקען און גאָר נישט ניט זעהן... פון דער קירכע גיסען זיך טרויעריגע זיסע טענער פון דעם אָרגעל... ווייט הערט זיך אַ שפּאַנישע סערע־נאַדע מיט די בעגלייטונג פון אַ מאַנדאָלינע און נאָך ווייטער שפּיעלט אַן איטאַליענער אויף אַ שאַרמאַנקע אַ זיסע אריע פון אַן אַלטע „פּער־פאָהרענע" איטאַליענישע אָפּערע... און לאָנגעפעלאָו אליין זיצט אין אַ דייטשען מאַנטעל, אין אַ פראַנצויזישען הוט מיט פּאַריזער האַנד־שוהן, אין הויזען פון אַ „שפּאַנישען סטודענט" און לעזט דעם איטאַליע־נישען טעקסט פון דאַנטע'ס „געטליכע קאָמעדי"...

---

.2

הענרי וואַדסוואָרטה לאָנגעפעלאָו איז געבאָרען געוואָרען אין 1807־טען יאָהר אין דער שטאָדט פּאָרטלאַנד, שטאַט מעין. זיין פאָטער איז געוועזען אַ פערמעגליכער מענש, אַן אַדוואָקאַט און אַ קאָנגרעסמאַן און ער האָט געוואָלט פון זיין זוהן אויך מאַכען אַן אַדוואָקאַט און אַ פּאָליטיקער. דער יונגער לאָנגעפעלאָו האָט אָבער געהאַט אַנדערע ניי־גונגען... עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז די רייכע נאַטור, וועלכע האָט אומגעבען דעם צוקונפטיגען פּאָעט, האָט געמאַכט אַ גרויסען איינדרוק אויף זיין עמפּפינדליכע זעעלע... די שטאָדט פּאָרטלאַנד, וואו לאָנגפעלאָו האָט פערבראַכט זיין יוגענד, ליגט אויף אַ הויכען האַלב־אינזעל... די וואַסערען, וועלכע רינגלען אַרום די שטאָט, די אַלטע וועלדער, וועלכע ליגען ניט ווייט, — די שטילע פערדרעמעלטע גאַסען פון שטאָט, וועלכע זיינען בעשטאַנען מיט אַלע ביימער און וועלכע גיעבען פּאָרטלאַנד דעם נאָמען „וואַלד־שטאָט", — דאָס אַלעס האָט געווים גערעדט צו דער פאַנטאַזי פון דעם יונגען לאָנגפעלאָו און האָט ענטוויקעלט זיינע לירישע געפיהלע.

איבערצוזעצען פאַר די אידישע לעזער אַ׳דראַנעל׳ס פּאָעמען: „דעם גע־זאנג פון אייזען" און „דעם געזאנג פון שקלאַפען".

אַן אמת׳ער גרויסער און אין דער זעלבער צייט אָריגינעלער און עכט אמעריקאַנישער פּאָעט איז געווען עדגאר עללען פּאָו. דיעזער אונגליקליכער, פערקריפּעלטער דיכטער מעג גערעכענט ווערען אַלס דער פּראָמעטעאוס פון דער אמעריקאַנער פּאָעזי. אַ געשמידטער צו דער בארג פון פּאַראורטהיילע, מיט אַ אייננערע וועלט, צופּיקטע פון שוואר־צע ראָבען, האָט ער דאָך ביז דער לעצטער מינוט ניט געשיידעט זיך פון דעם געטליכען פייער, וואָס ער האָט גערויבט פון די הימלען... ער איז געווען אַ פּאָעט מיט אַ שאַפענדען גייסט, מיט אַ ליידענשאפט־ליכען פייער און מיט אַ אָריגינעלער קראַפט! ער איז געווען אַ שרעק־ליכער געגנער און אַ פיינד פון לאָנגפעלאָו. ער האָט לאָנגפעלאָו׳ן בעשול־דיגט אין פּלאגיאַט, האָט בעוויזען, אַז ער גנב׳עט ביי די אַלטע פּאָע־טען... זיין האַס צו לאָנגעפלאָו׳ן איז ניט געווען אַ קרענקליכעס געפיהל, וואָס אַן אונגליקליכער האָט געגען דעם, וואָס האָט גליק און ערפאָלג, (ניט פיעלע פּאָעטען האָבען געהאַט אַזאַ גליקליכען, רוהיגען ערפאָלג־רייכען לעבען, ווי לאָנגפעלאָו), — ניין! דיעזער ווירקליך גרויסער פּאָעט האָט ניט געקענט ניט פערשטעהן, אַז דער אונגעוועהנליכער ערפאָלג פון לאָנגפעלאָו ליגט ניט אין זיין גרויסקייט, נאָר אין זיין זיסקייט...

אַ גרויסער, מעכטיגער און אין דערזעלבער צייט אָריגינעלער אמע־ריקאַנישער פּאָעט איז געווען וואָלטער וויטמאַן. אין זיינע פּאָעזיען זעהט איהר די בלויע הימלען, וואָס ליגען איבער אמעריקאַ. איהר הערט דאָס רוישען פון דעם אטלאַנטישען און דעם שטילען אָקעאַן... איהר הערט דאָס ברויזען פון דעם „ניאַגראַ פאָל", איהר זעהט די סטעפּען און די פּרערי פון׳ם וויטען וועסט, איהר הערט דאָס ליעד פון מי־סיסיפּי... און איבער אַלעס הערט איהר די מעכטיגע שטימע פון אַ מענשען, און אַ דיכטער מיט אַ בעשטימטער אינדיווידואַליטעט... לאָנגעפלאָו איז ניט אָריגינעל, ווען ער בעלייכטעט און אילוסטרירט ערשיינונגען... ער האָט ניט קיין איינציגען אייגענעם געדאַנק, קיין זעלבסשטענדיגע מיינונג, קיין אונאבהייגיגע וועלט־אַנשויאונג. ער חזר׳ט איבר וואָס אייראָפּאַ זאָגט, אימיטירט אַנדערע דיכטער און זינגט זיסע ליעדער אויף אַלטע מאָטיוועו. דאָס וואָס ער שילדערט און מאָהלט האָט אין זיך וועניג פון דער אמעריקאַנישער נאַטור און פון דעם

בען זיין לעבענס־שיפעל ניט אומגעוואָרפען, קיין דראמאטישע צוזאַ־מענשטויסונגען האָט ער אין זיין פערזענליכען לעבען ניט דורכגע־מאַכט. ער האָט געלעבט ווי אַ גוטער טוגענדהאפטער פיליסטער דארף לעבען. מיט גאָט האָט ער זיך ניט געקריגט און מיט די מענטשען האָט געהאַט קיין מחלוקות. ער האָט פאַר קיינע פּרינציפּען ניט געקעמפּפט, און האָט, נאַטירליך, קיין פּרינציפּיעלע געגנער און פריינד ניט געהאַט. ער איז געווען אַ בילד־שעהנער מענש מיט אַ וואונדערבארען קאָפּ, מיט זעהר אַ גוטען שטילען כאַראַקטער און איז געווען פון אַלעמען בעליעבט און געאַכטעט און ווען ער איז אין 1882 יאָהר געשטאָרבען, אַ זקן פון 75 יאָהר, האָט ניט נאָר אַמעריקאַ, גאַנץ אייראָפּאַ האָט איהם בעגלייטעט צו זיין אייביגער רוה מיט אויפריכטיגע געפיהלען פון סימ־פּאַטיִ און אַכטונג...

.3

לאָנגפעלאָו איז געווען אַ פלייסיגער ארבייטער ביז זיין טויט און האָט פיעלעס געלייסטעט פאַר דער ליטעראַטור פון זיין לאַנד. ער האָט איבערזעצט פיעלע פּערלען פון פּאָעזי פון אַלע שפּראַכען דער וועלט. איבערהויפּט האָט ער זיך בעריהמט געמאַכט מיט דער אי־בערזעצונג פון דאַנטע'ס גרויסען ווערק „די געטליכע קאָמעדיע". ער האָט געשריבען פּראָזע און נאָך מעהר פּאָעזי. ער האָט אויך געשריבען פיעלע דראַמען. זעהר אַ גרויסען פּלאַן האָט ער געהאַט אין זיין דראַמען, אין וועלכע ער האָט געוואָלט פאָרשטעלען די היסטאָרישע בעדייטונג פונ'ם קריסטענטהום... די אידעע פון די דראַמען איז גרויס און איינציגע פלעצער אין דיעזע דראַמען זיינען שעהן, אָבער אין אַלגעמיין זיינען זיי שוואַך און ניט ביהנענמעסיג, ווי זיינע אַלע דראַמאַטישע ווערק. ער האָט געשריבען אָהן אַ צאָהל קליינע געדיכטע, וועלכע זיינען זים ווי פרישער האָניג פון אַ ביהנשטאָק און ריהרענד ווי אַ קלאָהרע טרער פון אַ געליעבטע. פון זיינע גרויסע ווערק זיינען בעקאַנט „קאָורטשיפּ אָוו מיילס סטענדזש", „פּאַנדאָראַ'ס מאַסקע", די איינציגע פּאָעמאַ אין וועלכער דער פּאָעט הויבט זיך אויף ביז אַ סקעפּטיש־פילאָזאָפי־

ער האָט געהאַט גוטע פעהיגקייטען צום לערנען און אַ גרויסע נייגונג צו ליטעראַטור און פרעמדע שפּראַכען. פון זיינע בריעף צו זיין פאָטער, ווען ער איז נאָך געווען אַ גאַנץ יונגער „קאַלעדזש באָי", זעהט מען, אַז ליטעראַטור און פּאָעזי אינטערעסירען איהם מעהר, ווי די פּראַקטיקע פון אַן אַדוואָקאַט. ער בעט דעם פאָטער לאָזען איהם שטודירען שפּראַכען... ער האָט געענדיגט „קאַלעדזש" ווען ער איז געווען קוים 18 יאָהר אַלט... אַ יונגער מאַן פון 21 יאָהר איז ער שוין געווען אַ „דאָקטאָר פון לאָא..." שפּעטער איז ער געקרוינט געוואָרען מיט דאָקטאָרישע דיפּלאָמען פון פיעלע אייראָפּעאישע אוניווערזיטעטען און ערוועהלט אַלס עהרען־מיטגליעד פון פיעלע אַקאַדעמיען... אין 1873טען יאָהר איז ער זאָגאַר ערוועהלט געוואָרען אַלס אַ מיטגליעד פון דער רוסישער אַקאַדעמיע דער וויסענשאַפט.

ווי ער האָט נאָר געענדיגט באודאָין קאַלעדזש, ניט אַכטענדיג דערויף וואָס ער איז נאָך געווען אַזוי יונג, האָבען איהם „טראָסטים" פון „קאַלעדזש" פאָרגעלעגט צו בלייבען אַלס פּראָפעסאָר פון שפּראַכען. ער איז אָבער פריהער געפאָהרען קיין אייראָפּאַ ענדיגען זיין בילדונג. פיער מאָהל האָט ער געררייזט אין אייראָפּאַ, האָט בעזוכט אַלע גרויסע צענטערען פון אינטעליגענץ און האָט שטודירט די שעהנע שריפטען פון אַלע ציוויליזירטע לענדער און איז ווירקליך געוואָרען אַ גרויסער קענער פון דער וועלט־ליטעראַטור. אַ בעזונדערען איינפלוס האָבען אויף איהם געהאַט די אַלטע דייטשע און שפּאַנישע באַלאַדען און לעגענדען פון די לאַנג פערגאַנגענע מיטעל־עלטערליכע צייטען. אין 1834טען יאָהר איז ער אויסערוועהלט געוואָרען אַלס פּראָפעסאָר פון מאָדערנע שפּראַכען אין הארוואַרד קאַלעדזש, וואו ער איז פערבליבען ביז 1854טען יאָהר. פון דער צייט ביז זיין טויט האָט ער געלעבט רוהיג אין זיין שטילער רייך אויסגעשטאַטער היים. ער איז געווען צוויי מאָל פערהייראַט. זיין ערשטע פרוי איז געשטאָרבען ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער מאַן. זיין צווייטע פרוי איז געשטאָרבען מיט אַ שרעקליכען טויט—זי איז פערברענט געוואָרען... דאָס האָט געוויס נאָך טיעפער געמאַכט זיינע לירישע געפיהלען. קיין שטורמס אָבער האָט ער אין זיין לעבען ניט איבערגעלעבט, אַלעס איז געגאַנגען רעגעלמעסיג און שטיל ווי אין אַ שעהנעם אָקטאָבער טאָג... די זונן פון ליידענשאַפט האָט איהם ניט געברענט, די וועלען פון רעבעליאָן האָ־

*) In the World's broad field of battle,
In the bivouac of Life,
Be not like dumb, driven cattle!
Be a hero in the strife!

*) אין דער וועלטס גרויסע פעלד פון מלחמה,
אין דעם קריעגסלאַגער פונ'ם לעבען,
זיי ניט ווי שטומע געטריבענע בהמות!
זיי א העלד אין דיין שטרייט!

.4

פאר וואָס איז לאָנגפעלאָו דער בעליעבטעסטער פּאָעט פון די אַמעריקאַנער? דער אַמעריקאַנער איז צובראָכען אויף צוויי בעזונדערע טהיילען: זיין פּראַקטישעס לעבען און זיין זעעלען־לעבען. אין זיין פּראַקטישען לעבען איז דער אַמעריקאַנער דראַמאַטיש, דאָס הייסט, טהעטיג, ער איז ליידענשאַפטליך, ענטהוזיאסטיש, ענערגיש, פול מיט מוטה און אונטערנעהמונגס גייסט, ער איז אונגעדולדיג, מאַטעריאַליסטיש, רעכענט נאָך אויף דער ווירקליכקייט, איז זעהר פלינק און פול מיט קוראַזש. דערזעלבער אַמעריקאַנער אין זיין זעעלען לעבען איז ליריש, סענטימענטאַל, לאַנגזאַם, געדולדיג, דער פייער פון זיינע אויגען איז אויסגעשלאָשען; ער רעדט שטיל, לאכט אָהן הנאה, קוקט אָהן א ברעקעל ליידענשאַפט און ליעבט נאָר דאָס, וואָס איז געגען דער ווירקליכקייט, וואָס איז מיסטיש, אָדער אם וועניגסטען ראָמאַנטיש. אַלס א רעאַקציאָן געגען דעם מאַרק־געררויש און דעם „הו־האַ" פון זיין פּראַקטישען לעבען, פאָדערט ער דעם שטילען רוהיגען טרויער פון לירישע געפיהלען, דעם נעבעל פון ראָמאַנטיזמוס, וועלכער צייגט די וועלט ניט אַזוי ווי זי איז אין דער וואָכעדיגער ווירקליכקייט. לאָנגפעלאָו האָט געגעבען דעם אַמעריקאַנער גראַדע דאָס, וואָס ער האָט פון דער פּאָעזי געפאָדערט...

שען געדאנק; „טיילס אָף ע ווייסייד אינן" — אלטע איירָאפּעאישע ערצעהלונגען איבערגעזונגען אויף א נייעם מאָטיוו, „יעוואנגעלינא" — א פּאָעמע, וועלכע איז זעהר פּאָפּולער און וועלכע איז אביסעל עהנ־ליך צו געטהע'ס „הערמאן און דאראטהעא"; (צו געטהע'ס „ערקלע־רונג" איז עהנליך לאָנגעפּלאָו'ס „רעק אָוו די העספּערוס"). זיין פּאָעמא „האיאוואטהא" איז בעריהמט אין דער גאנצער וועלט און איבערזעצט אין אלע שפּראכען. וועגען דער פּאָעמא האָט מען זעהר פיעל געשריבען. ערשטענס, האָט מען לאָנגפעלאָו'ן בעשולדיגט, אז ער האָט אימיטירט און אויך פיעלעס גענומען פון דער פינישער מיטעלאגישער פּאָעמא „קאלעוואלא"... צווייטענס, מען האָט איבערצייגט, אז ער האָט צו־זאמענגעמישט אין „האיאוואטהא" לעגענדען פון פערשיעדענע אינ־דיאנישע שבטים, וועלכע זיינען פיינדליך איינע צו די אנדערע און וועלכע האָבען געגענגעזעצטע מיטהאָלאָגישע אנשויאונגען... ניט אכטענדיג דערויף איז „האיאוואטהא" א מערקווירדיג ווערק. עס איז איינע פון די בעסטע פּאָעמען פון לאָנגפעלאָו. עס האָט א גרויסען אינ־טערעס, ווייל עס בעהאנדעלט אָן אָריגינעלען עכט אמעריקאנישען מאטעריאל און עס האָט ניט פערלאָרען דורך די וואָס עס טראָגט דיזעלבע פאָרמע ווי די סקאנדינאווישע „עדדא". פערקעהרט, עס גיט צו דער פּאָעמא דעם מאיעסטעטישען כאראקטער פון א „נאטירליכער" געטער געשיכטע... זיינע „פּאָעמעס אָוו סלייווערי" (פּאָעמען פון שקלאפעריי) זיינען זעהר שעהן און מוזיקאליש, האָבען אָבער א קליי־נעם סאָציאלען ווערט... זיי ענטהאלטען אין זיך ניט קיין שטארקען פּראָטעסט, קיין פלוך אויף די וואָס פערשקלאפען זייערע מיטמענשען.. ניין! עס זיינען זיסע, קלינגענדע, לירישע ליעדער פון שקלאפּע־ריי...

זיינע בעסטע און מעהר אָריגינעלע קליינע פּאָעמען, אין וועלכע עס שפּיעגעלט זיך נאָך אָב די אמעריקאנישע נאטור, זיינען זיינע ערשטע יוגענד פּאָעזיען, וועלכע זיינען געדרוקט אונטער דעם נאָמען „וואָיסעס אָוו דהי נייט" (שטימען פון דער נאכט). אין איינע פון דיע־זע פּאָעמע, וועלכע איז אין אמעריקא בעקאנט צו יעדען קינד און רופט זיך „ע פּסאלם אָף לייף" דערגעהט דער פּאָעט ביז א געוויסען פּאט־האס, ער ערייכט א געוויסע מדרגה פון התלהבות און רופט אוים מיט מוטה:

וואָלט געקענט זיין, ווען ער וואָלט פון זיין סובּיעקטיווער אינער־ליכער וועלט ארויס אין דער גרויסער וואונדערבּארער אויסערער וועלט!... ער איז אָבער געוועזן און איז זיין לעבען־לאַנג פערבּליבּען א ראָמאַנטישער טרוימער און אויף דער אויסערער וועלט האָט ער געקוקט דורך ראָמאַנטישע ברילען...

מיט א ראָמאַנטיש קריסטליכען בּליק האָט דער פּאָעט אמאָל אויף א קוק געטאָן אויף דעם אַלטען אידישען בּית עולם אין ניו פּאָרט. מיט ראָמאַנטישער ליעבּע און קריסטליכען מיטלייד בּעזינגט דער פּאָעט דעם בּית עולם, אויף וועלכען ער זעהט דאָס גאַנצע אידישע פּאָלק... דאָס פּאָלק פון דער אָבּגעשטאָרבּענער פערגאַנגענהייט... ער פערגלייכט די אידען מיט ישמעאלן און הגר'ן, וועלכע האָבּען לאַנג געוואַנדעלט אין דער וויסטע און שרייט אויס מיט א בּיטערן לירישען געפיהל

But ah! What once has been, shall be no more!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

And the dead nations never rise again.

א אידיש־דייטשע אמעריקאַנערין מיט'ן נאָמען מיננע קלעער־בּערג האָט אויף דער פּאָעמאַ געענטפערט לאָנגפעלאָו'ן מיט א גע־פיהלפאָלען שעהנעם שיר: זי זאָגט, דער איד האָט געוואַנדערט אין דער וויסטע לאַנג, אָבּער ער לעבּט און וועט לעבּען.

„איך קען מיין קינד, מיין פּאָלק ניט שטערבּען זעהן"!
ניכט הגר ריעף עס, — זאָ האָט איין גאָט געשפּראָכען!
און פון דעם טאָדטען ליעס ער אויפשטעהען,
דעם שטאַם, דער נאָר געבּייגט וואַר, ניע געבּראָכען!

און זי ענדיגט מיט פּאַטהאָס: עס קען זיין פיעלע פעלקער זיינען פערשוואונדען, די אידען אָבּער

„וויר זינד ניכט טאָדט! בּיים גראָסען גאָט, וויר לעבּען!"...

לאָנגעפעלאָו וועט אייביג פערבּלייבען א בּעליעבּטער פּאָעט פאַר די, וואָס ווילען נאָר פיהלען און ניט דענקען. ער וועט בּלייבּען א אינטע־

לאנגפעלאו זאל ניט פערברייננגען אזוי פיעל יאהרען אין אייראָ־פּאַ, וואָלט פון איהם געווים זיך ניט ענטוויקעלט אזא גרויסער גע־לערנטער און קענער פון ליטעראַטור, פון איהם וואָלט זיך אָבער פּיע־לייכט אויסגעארבייט א מעכטיגער און זעלבסטשטענדיגער פּאָעט, וועל־כער וואָלט געזונגען דעם אַמעריקאַנער ניט וועגען דעם וואָס ער פער־לאַנגט, נאָר וועגען דעם, וואָס ער דארף פערלאַנגען. לאָנגפעלאָו איז גע־קומען קיין אייראָפּאַ פּונקט אין דער צייט, ווען דער קאַטוילישער מיסטיציזמוס און דער קריסטליכער ראָמאַנטיזמוס האָבען ארויסגעיאָגט פון דער ליטעראַרישער וועלט יעדע פּראָגרעסיווע אידעע. באַיראָן און שעללי מיט זייערע מאַטעריאַליסטישע שטרעבונגען, מיט זייער רעוואָלוציאָנערער פּאָעזי, מיט זייער אָבלאַכען פון די אַלטע ראָמאַנטי־שע געטער און אַנערקענטע אויטאָריטעטען, — אזעלכע פּאָעטען זיינען דאַמאָלס ארויס פון דער מאָדע, אַנשטאַט דער פּאָעזי וואָס האָט גע־פיהרט דעם פּרייהייטס קאַמפּף אז געקומען די פריעדליכע צוועקלאָזע, פערטרוימטע ראָמאַנטיק, דאָס בייִנקעניש נאָך דעם פערגאַנגענעם, דאָס שטרעבען אינ׳ם נעבעל פון אונוויסענהייט... לאָנגעפלאָו איז אריינגעכאַפּט געוואָרען אין דעם שטראָם...

אָבוואָהל לאָנגפעלאָו איז געווען א פרומער פּראָטעסטאַנט, אָבער איבער אַלע זיינע דיכטונגען שוועבט א קאַטוילישער גייסט... ער קוקט אויף דער וועלט דורך די פערשמירטע פענסטער פון אַן אַלטע נאָך אין זעכצעהנטען יאָהר־הונדערט געבויטע קירכע. ער הערט ניט קיין אַנדערע מוזיק אויסער פון אָרגעל. ער זעהט מענשען נאָר אין פּאַנ־צירען און העלמען פון ריטער. לעבעדיגע מענשען, וועלכע אַרבייטען, ליידען, קעמפּפען און שטרעבען — אזעלכע מענשען זעהט ער ניט. ער איז מאָראַליש, סענטימענטאַל, ראָמאַנטיש, אָבער ניט אָריגינעל און זעהר שוואַך. ער שילדערט קריסטליכע ענטזאַגונגען, ריטערליכען העראָאיזמוס, פרומע געדולדיגקייט און שטילע ליידען, אָהן פּראָטעסט זיינע טהעמען זיינען: אונמענשליכע איבערגעבענהייט, ענגעלשע ליע־בע און פּאַטהעטישע געפיהלען. ער האָט פיעל געזונגען פון דעם הע־ראָאיזמוס פון אונגעוועהנליכע מענשען; די העלדענטהאַטען פון דעם אַלטעגליכע מענשען זיינען איהם געבליבען אונבעקאַנט. ווען מען לעזט זיינע שעהנע, נאָבעלע, ווי זיסע מוזיק קלינגענדע געדיכטע מוז מען מאַנ־כעס מאָל מיט פערדרוס און צאָרן אויסשרייען: ווי גרויס דער פּאָעט

# וואו ליעגט די שולד?

א לעקטשור וועלכע איז געהאלטען געוואָרען ביי די גאָרדין ליטעראַרי סוירקעל.

---

איך שטעל מיר פאָר ווען אין רוסלאַנד וואָלט געווען א שטאָט מיט אזוי פיעל צייטונגען וואָס וואָלטען אַגיטירט פאר סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען, ווי דער פאל איז אין ניו יאָרק, וואָלט ניט נור איין הילקוויט ערוועהלט געוואָרען נור איך פיעלע אַנדערע סאָציאַליסטען מיט איהם. דאָך דאָ אין אַמעריקא וואו מען אַרבייט אזוי לאַנג אויף דעם סאָציאַליסטישען פעלד, מיט צייטונגען און פראָפּאַגאַנדע, געלינגט די גאַנצע צייט ניט צו ערוועהלען אפילו איין סאָציאַליסטישען קאַנדידאַט, איין סאָציאַליסטישען בעאַמטען. גלאַט אזוי זיך איז עס דאָך געוויס ניט. ערגעץ מוז דאָך זיין פויל אין דעם לאַנדע דענעמאַרק.

אין טהעאַטער געהט אויך אָן א בעוועגונג, און די רעזולטאַטען זיינען די זעלבע. מען האָט געשריבען גוטע פּיעסען, געשפּיעלט גוטע פּיעסען און גוטע פּיעסען זיינען געווען ערפאָלגרייך. די צייטונגען ווילען יעצט אויך נאָר גוטע פּיעסען. דוקא גוטע פּיעסען. און איבערהויפּט ווען א פּיעסע קומט פון רוסלאַנד איז זי אודאי גוט. דאָך דאָס אידישע טהעאַטער שפּרינגט יעצט צוריק, געהט ריקווערטס.

פאַרוואָס שפּרינגט דאָס אידישע טהעאַטער צוריק? די הויפּט אורזאַכע איז דאָס וואָס דאָס אידישע טהעאַטער האָט ניט קיין סיסטעמע; ווערט ניט געפיהרט פון א לייטענדע האַנד. אונזערע טהעאַטער מענעדזשערס האָבען ניט קיין איבערצייגונג, קיין קינסטלערישען געשמאַק, אויסער געלד. ברייננט שעקספּיר'ס א פּיעסע אריין געלד איז גוט ברייננט לאַטיינער'ס א פּיעסע אריין געלד איז אויך גוט. מען שפּיעלט דעם „גנב" און מאַלקאַר'ס טייפעל. מען שפּיעלט די „גרינע מויד" און „ראָמעא און יוליע".

רעסאַנטער פּאָעט פאַר אַלע, וועלכע ווילען לערנען די נאָבלע שעהנע פאָרמען פון פּאָעזי. ער וועט בלייבען אַ געאַכטעטער און בעליעבטער פּאָעט פאַר יונגע לייט, וועלכע האָבען נאָך ניט קיינע בעשטימטע שטרע־בונגען און פאַר אַלטע לייט, וועלכע זוכען אין פּאָעזי טרייערינע, זיסע רוהע... פאַר ריינע אונשולדיגע קינדער וועט ער בלייבען דער טייערס־טער פריינד און זיסטער זינגער פיר אימער און אייביג...



די זעלבע זאַך איז מיט דער דראַמאַ. ניט דאָס האָט אַ ווערטה, וואָס עס זיינען דאָ אינטעליגענטע מענשען, וועלכע האָבען פּרינציפּען, אַז מען זאָל שפּיעלען גוטע פּיעסען. דיזע פּרינציפּען־מענשען געהען אליין אין מיינערם און אין אַנדערע אַזוי ביליגע טהעאַטערע. וואָס מיר דאַרפען האָבען איז געבילדעטע מענשען, מיט איבערצייגונגען. מענשען וועלכע וואָלטען קיין פּוסטע זאַכען ניט געדולדעט.

און ווען עס וואָלטען געווען מענשען מיט איבערצייגונגען, וואָל־טען גוטע פּיעסען געשפּיעלט געוואָרען, וואָלטען הילקוויט און אַנדערע ערוועהלט געוואָרען.

די היגע אַגיטאַציאָן פאַר גוטע ליטעראַטור און פאַר דעם סאָציאַ־ליזם דערמאָהנט מיר אָן אַ געשיכטע ווען איך בין נאָך געווען אַ חדר־אינגעל:

אונזער מלמד איז מיאוס געוואָרען דער חדר און דער קנעלען מיט אונז, פלעגט ער זיך בעסער אַוועקגעהן אין בית־המדרש, דערצעהלען דאָרט מעשות און מיט אונז פלעגט ער אפילו ניט אָנהויבען לערנען.

מיר וויעדער אין חדר, פלעגען אין דער צייט איבערקעהרען וועל־טען און ניט אַ קוק טאָן אפילו אין דער גמרא. ער האָט אונז גענאַרט און מיר האָבען איהם גענאַרט. די איינציגע צייט ווען אונזער רבי פלעגט ווערען ערנסט פלעגט זיין ווען עמיצענס פאָטער פלעגט דאַר־פען קומען פערהערען זיין קינד, דאַן פלעגט ער אָנהויבען אַרבייטען, פּעטש פלעגען פליהען, אָבער די גמרא פלעגען מיר סיי ווי סיי ניט קענען. וואָס קען מען טאָן אין מינוט?

**מיט די היגע סאָציאַליסטישע לעהרער** איז אויך ווי מיט יענעם מלמד. זיי זיינען פויל געוואָרען צו לערנען מיט די תלמידים. אַ גאַנצען יאָהר גיבען זיי זיך אָב מיט וואָס איהר ווילט נור, נור ניט מיט סאָציאַ־ליסטישע אַרבייט. נור פאַר עלעקשאָן ווערען זיי בעגייסטערט, מען האַקט די גמרא פון סאָציאַליזמוס, נור עלעקטען עלעקטעד מען קיינעם ניט. די תלמידים פיהלען אַז דער רבי איז ניט אויפריכטיג. נור דאַן קען דער רבי האָבען אַ ווירקונג, קען ער רעספּעקטירט ווערען ווען ער מיינט ערנסט, ווען ער אָפּפערט זיך פאַר זיין גלויבען. דער רבי דאַרף אליין אויך ניט אויפהערען צו לערנען אַלץ מעהר און מעהר דעם גע־גענשטאַנד וואָס ער וויל לערנען אַנדערע. אַז ניט מאַכען זיינע רייד

און אזוי ווי מיט דעם טהעאטער אזוי איז אויך מיט אונזער „בעוועגונג". עס האלט אין איין שפּרינגען. איין טאָג דאכט זיך, אז די סאָציאלע רעוואָלוציאָן קומט באלד אָן, און אין אַ פּאָר מאָנאט ארום איז שוין אלעס גאָר אנדערש, און אלע חלומות זיינען שוין צובראָכען. די 15 יאָהר וואָס איך בין אין אמעריקא זעה איך אז די בעוועגונג געהט ניט צו אַ בעשטימטען ריכטיגען ציעל. גלייך ווי אין טהעאטער אזוי איז אויך אין דער בעוועגונג. מען טאַפּט אין דער פינסטער, איז ניט דער וועג, איז יענער וועג. מען „טאָפּטשעט" פּראָסט ווי אין לאטיינער'ס פּיעסען.

איך גלויב אז די סאָציאליסטישע צייטונגען מיינען אויפריכטיג, ווען זיי זאָגען, זייט סאָציאליסטען. אָבער זאָגען אליין איז גאָר ניט. מען דארף טהאָן. מען דארף אומענדערען די אומשטענדען, געבען נייע ליטעראטור, נייע גייסטיגע שפּייז דעם פאָלק, בעשאַפען פאר איהם נייע האָריזאָנטען. דאָס אלעס וועט ווירקען אויף דעם מענשען'ס הארץ און מוח. ער וועט שוין דאן אליין ווערען אַ סאָציאליסט.

די שוואכקייט פון דער אידישער סאָציאליסטישער בעוועגונג איז דאָס, וואָס מיר האָבען מענשען מיט פּרינציפּען. פּרינציפּען זיינען אָבער ניט גענוג. פּרינציפּען זיינען מעהר ניט ווי מאַסקעס, מעהר ניט ווי קאָסטיומען. זיי זאָגען גאָר ניט פון זיין פּסיכיקע, פון זיין אינערליכ־קייט, פון זיין נשמה. דאָס זיינען דאָגמען אָבער זיי האָבען גאָר קיין שייכות ניט מיט דער זעעלע.

יעדער אמעריקאנער האָט פּרינציפּען אָבער ער האָט ניט קיין אי־בערצייגונגען. יעדער פּאָליטישען, און יעדער קליינליכער ביזנעסמאַן אפילו האָט אויך פּרינציפּען, און דאָס איז טאַקע די צרה.

ווען אַ מענש האָט געוויסע איבערצייגונגען און אויף דעם גרונד פון דיעזע איבערצייגונגען, ווערען אויפגעבויט פּרינציפּען איז דאָס פון דער גרעסטער ווערטה. אויב אָבער דער פאל איז ניט אזוי, דאן האָט עס גאָר קיין ווערטה ניט. שוואך איז דערפאר אלעס ביי אונז, ווייל עס פעהלט איבערצייגונג.

מען רעדט נור פון פּרינציפּען. פון פּרינציפּען קען מען אָבער זיך לייכט אָבזאָגען. עס ווענדעט זיך נור ווי עס פּאַסט איינעם. מיט אי־בערצייגונג איז עס אָבער אנדערש, זיינען אָבער קיין איבערצייגונגען ניטאָ.

מען ווייס נור פון א גוטע איינגענעהמע. אָבער אום געלד צו מאַכען דאַרף מען דאָך האָבען פון וואָס צו עקספּלואַטירען. און מען כאַפּט וואָס עס איז. פאַלט דורך לאַטיינער׳ס א פּיעסע, נו קלעהרען אונזערע געבילדעטע מענעדזשערס, לאָמיר פּראָבירען שפּיעלען „ראָמעא און יוליע" אָדער „דער קויפמאַן פון װענעדיג".

מען שפּיעלט ניט וואָס עס איז גוט, נור על פּי צופאַל. אָבער ווען עס וואָלט געווען א לייטענדער גייסט אין אונזער פּרעסע, וואָלט הילק־וויט עלעקטעד געוואָרען, און ווען הילקוויט וואָלט עלעקטעד געוואָרען, וואָלט לאַטיינער ניט געהאַט קיין פּלאַץ אויף דער אידישער ביהנע.

וואָס דאַרפען מיר האָבען אַז סיי אין טהעאַטער און סיי אין דער בעוועגונג זאָל אַלעם אומגעענדערט ווערען צום בעסערען? מיר דאַרפען האָבען א מאַן מיט א שטאַרקע געניטע האַנד, א מאַן מיט איבערצייי־גונגען.

מען דאַרף געהן אויף איין וועג, צו איין בעשטימטען ציעל. מען דאַרף ניט אריינגאַרען די לעזער אָדער די טהעאַטער־געהער דורך פער־שיעדענע אונעהרליכע מיטלען. דאָס פערטומעלט און פערמישט נור די מחות. אין די צייטונגען וואַנקט די ליטעראַטור־קריטיק ווי עס וואַנקט דער סאָציאַליזמוס: שעקספּיר אָדער איבסען איז טאַקע גוט אָבער לאַטיינער׳ס ליעדלעך דאַרף מען אויך געהן הערען.

מען דאַרף האָבען מענשען מיט איבערצייגונגען. לאָמיר האָפען אַז זיי וועלען קומען.



ניט קיין ווירקונג און דער אָדער די וואָס דאַרפען ערוועהלט ווערען, ווערען ניט ערוועהלט.

ווען דער אידישער טהעאַטער וואָלט געפיהרט געוואָרען פון א לייטענדע האַנד ווען נור ליטעראַרישע פּיעסען וואָלטען געשפּיעלט גע־וואָרען, וואָלט דער טהעאַטער געהאַט א גרויסע ערציהונגס ווערטה.

ליטעראַטור אין אַלגעמיין האָט די גרעסטע ערציהונגס־קראַפט. מען קען לערנען יאָהרען לאַנג מאַטהעמאַטיקס, און דאָס וועט ניט אָנ־הויבען ווירקען אויף דעם כאַראַקטער פון דעם מענשען, אויף זיין זעעלע. ליטעראַטור אָבער מאַכט א געוואַלדיגע ווירקונג. מען קען דאָס זעהן, אפילו ביי קינדער, קליינע קינדער, וועלכע לייענען „דעטעקטיוו סטאָ־ריז" האָבען נור איין הויפּט וואונש — צו ווערען דעטעקטיווס.

א מענש וועלכער לעזט וויסענשאַפט, איז ניט קיין געבילדעטער מענש. נור פון ליטעראַטור קען מען ווערען געבילדעט. איהר קענט אַלעס לעזען וואָס די וויסענשאַפט שרייבט, אויסגעפינען אין דער לי־טעראַטור, איהר קענט נור קיין ספּעציאַליסט אין דעם פאַך ניט ווע־רען.

עס זיינען דאָ ראָמאַנען וועגען די הימלען, וועגען וואָס עס טוט זיך אונטערן ים און קורץ עס זיינען אפילו דאָ ראָמאַנען וואָס ערקלעה־רען מוזיק. ד'אַנונציא ערקלעהרט און גיט צו פערשטעהן וואַגנער'ס בעריהמטע אָפּערא טריסטיאַן און אסאָלדע, בעסער ווי וועלכער עס איז קריטיקער האָט דאָס געטאָן. ליטעראַטור לעזען — איז די בעסטע וועג ווי אָבצושעצען קונסט.

נור לעזען מאַכט נאָך ניט אַזא גרויסע ווירקונג ווי זעהן אויף דער ביהנע. ווען איינעמס פאַנטאַזי איז ניט קיין געפּליגעלטע, קען ער די בילדער ביים לעזען ניט זעהן אַזוי גוט ווי אין טהעאַטער, אויף דער ביהנע. דער טהעאַטער קען מאַכען פערשיעדענע מענשען פון פערשיע־דענע קלאַסען צו א סאָציאַלע איינינקייט. ווען פערשיעדענע מענשען וואָלטען א צייט לאַנג געגאַנגען אין טהעאַטער, און מען וואָלט פאַר זיי אויפגעפיהרט פּיעסען מיט א בעשטימטע ריכטונג דאַן וואָלטען דיעזע מענשען געקראָגען די זעלבע אנשויאונגען. מיר האָבען אָבער דאָס ניט, וויל מיר האָבען דערוויילע נאָך ניט די לייטענדע פיהרער און די געלד־מיטלען.

אין אידישען טהעאַטער ווייס מען קיין מאָל ניט פון שאַנדע.

די נאטור אליין האט פעראורזאכט (…) פעראורזאכט די גליקליכע גריכען, אז זיי זאלען קענען אם בעסטען פיזיש און מאראליש זיך ענטוויקלען. א האלב אינזעל, וואס פערנעהמט דעם דרום מזרח זייט פון אייראפא, ארומגע־רינגעלט פון ימים און שעהנע צויבערישע אינזלען, בלויע הימלען; א ווארימען קלימאט, ווייט די באלקאנישע בערג, וועלכע רעדען אזוי פיעל צו דער פאנטאזי, א פעסט לאנד פאר אקערבוי, רייכע וויינגערט־נער, איילבערטען און אנדערע פרוכטען.

און ווי שעהן, קרעפטיג און רייך עס איז געווען די נאטור ארום זיי, אזוי שעהן און וואונדערבאר איז געווען זייער לעבען. ווי קלאר עס זיינען געווען די בלויע הימלען איבער זיי, אזוי פריעדליך און לעבענס־פאל זיינען געווען זייערע שטרעבונגען. ווי רוישענד און בעוועגונגס־פאל עס זיינען געווען די וועלען פון די ימים ארום זיי, אזוי מעכטיג און פערשיעדען זיינען געווען זייערע געדאנקען. ווי פאנטאסטיש עס האבען אויסגעוויזען אין דעם נעבעל די הויכע בערג פון דער ווייטענס, אזוי פאנטאסטיש און וואונדערבאר זיינען געווען זייערע רעליגיעזע פארשטעלונגען. זיי זיינען געווען פול מיט לעבען, האבען געטראכט נור פונ׳ם לעבען און האבען נאר געדענקט, ווי אזוי דאס לעבען צו מאכען בעסער און שעהנער.

זייערע געטער זיינען ניט געווען קיין בייזע, פינסטערע דעספא־טען, וועלכע זאגען אז מען דארף גאר ניט לעבען, אז דער מענש איז א גאר נישט, א טפה סרוחה, א חרס הנשבר, — זייערע געטער זיינען אליין געווען לעבעדיגע, מעכטיגע מענשען, זיי האבען געפיהרט א לע־בען נאך דעם אידעאל, וועלכען דעם גריכ׳ם קולטור, גייסט און כאראק־טער האבען בעשאפען. זייערע געטער זיינען געווען געזונטע מענשען און זייער אידעאל פון א מענשען איז געווען א לעבעדיגער גאט. די גע־טער האבען געהאט ווייבער, האבען ליעב געהאט פערגעניגען און פרייד, האבען געאכטעט וויסענשאפט און קונסט, האבען געהערט פיזישע קראפט, האבען געשטעלט הויך די בעדייטונג פון מוזיק און געזאנג. זייערע געטער זיינען אליין געווען אטלעטען, זינגער, מוזיקער, פאעטען. דער גאט ארפעיוס איז אומגעגאנגען איבער דער וועלט און האט די שלעכטע מענשען בעסער געמאכט מיט זיין מוזיק, האט זיי געבילדעט און געלערענט ווי מען דארף לעבען אויף דער וועלט.

דער גאט פון געזאנג, מוזיק און פאעזי איז געווען דער שעהנער,

# אַלט- און נײַ-גריכענלאַנד.

1.

וואָס א מענש פון דער ציוויליזירטער אייראָפּאַ אינטערעסירט זיך ניט מיט דער געשיכטע פון אלט גריכענלאַנד, איז עס גלייך ווי א מענש וויל ניט זיין בעקאַנט מיט זיין אייגענער מוטער. די אייראָפּעאישע ציוויליזאַציאָן מיט איהרע פערשיעדענע אבטהיילונגען פון וויסענשאַפט, מיט איהר פילאָזאָפי און פּאָעזי, קונסט און קענטעניס, זיינען געבוירען הויפּטזעכליך אויפ'ן אלט-גריכישען באָדען, האָבען זיך ענטוויקעלט פון די פאָרמע, וועלכע זיי האָבען עמפּפאַנגען אין גריכענלאַנד, וואו זיי זיינען געבוירען געוואָרען. די איצטיגע בעריהמטע אייראָפּייעשע ציוויליזירטע פעלקער זיינען נאָך אויף דער וועלט ניט געווען, אָדער האָב נאָך געפיהרט נאָך א לעבען פון ווילדע אונוויסענדע ברואים, ווען די גריכען האָבען שוין געהאַט פּאָליטישע איינריכטונגען, גרויסע געזעצגעבער, סאציאַלע אינסטיטוטען, דענקער, פּאָעטען, פילאָזאָפען און קינסטלער.

דאָס אַלטע גריכענלאַנד איז לאַנג געפאַלען אונטער דעם דרוק פון פערשיעדענע היסטאָרישע אומשטענדען. דאָרט, וואו עס איז א מאָל געשטאַנען דער וואונדערבאַרער טעמפּעל פון דעלפי, שטעהט איצט א שוויינען שטאַל פון א בויער. דאָרט וואו די גרויסע גריכישע פילאָזאָפען האָבען אמאָל בעקאַנט געמאַכט זייערע פלייסיגע תלמידים מיט פערשיעדענע וועלט-אנשויאונגען, שטעהט איצט א דייטשע ביערהאַלע. אָבער דעם איינפלוס וואָס אלט-גריכענלאַנד האָט געמאַכט אויף דער ציוויליזירטער וועלט, די גייסטיגע רייכטימער, וועלכע די אייראָפּייעשע פעלקער האָבען פון איהר געקראָגען בירושה — דאָס וועט קיין מאָל ניט אָבשטאַרבען, קיין מאָל ניט פערלאָרען געהן.

האָט זייער פאַנטאַזיע בעשאַפען אַ וועלט פון פריינד, אַ ליכטיגען גן עדן, עליזיום, פאַר גוטע, און אַ גיהנום, אַ פינסטערען טאַרטאַר פאַר שלעכטע. אהער פלעגט אַן אַלטער, שלעכטער גייסט, חאַראָן אַריבערפיהרען די נשמות אין אַ קליין שיפעל. דער טייך, וועלכען די נשמות פלעגען דאַרפען אַריבער שווימען, האָט זיך גערופען לעטאַ. ווי נאָר די נשמה איז אַריבערגעשוואומען דעם טייך, אַזוי האָט זי פערגעסען אַלעס, וואָס איז פריהער געווען.

אין זייער געמיינשאַפטליכען לעבען האָבען די גריכען זיך אַם מייסטען געהאַלטען ביי דעמאָקראַטישע פּרינציפּען. די שטעט און פּראָווינצען וואָס האָבען געהאַט מלכים, האָבען דאָך ניט געוואָלט זיין אונטערדריקט אונטער אַ דעספּאָטישע מאַכט, און אויב קעניגע אָדער אַריסטאָקראַטען האָבען געוואָלט דאָס פאָלק אונטערדריקען, פלעגט באַלד אויסברעכען אַ רעוואָלוציאָן. זייערע גרויסע אָראַטאָרס און זייערע פּאָעטען האָבען גערעדט און געזונגען צום פאָלק פון פרייהייט און פּאַטריאָטיזמוס. זייערע גרויסע געזעצגעבער ליקורג און סאָלאָן האָבען געטאָן אַלעס. אום צו געבען דעם פאָלק די מעגליכקייט צו לעבען וואָס בעסער עקאָנאָמיש, ענטוויקלען דעם גייסט און קערפּער און זיין געבילדעט. (ליקורג, צום ביישפּיעל, האָט צוגענומען דאָס לאַנד ביי אַלע פּריוואַט אייגענטהימער און האָט עס צוטהיילט צווישען פאָלק).

אין ספּאַרטאַ און אין אַטהען זיינען געווען געגרינדעט שולען פאַר אַלע קינדער. אין ספּאַרטאַ האָט מען מעהר אויפמערקזאַמקייט געשענקט דער פיזישער ענטוויקלונג, אין אַטהען האָט מען מעהר געזאָרגט פאַר בילדונג. די גרויסע געזעץ־געבער האָבען געזאָרגט, אַז די בילדונג זאָל זיין צוטריטליך פאַר יעדען. מוזיק, פּאָעזיע, גימנאַסטיק, די לעהרע פון שעהן רעדען — אַלעס האָט דאָס פאָלק געהאַט אומזיסט. די גרויסע פילאָזאָפען, די טאַלאַנטפאָלע רעדנערס, די פעהיגסטע פּאָעטען האָבען געלערענט יעדען. די טהעאַטערע זיינען געווען אָפען פאַר'ן פאָלק. ווען מען האָט אָנגעהויבען צו נעהמען פאַר אַ זיטץ אין טהעאַטער געלד, האָט מען איינגעפיהרט אין אַטהען אַ געזעץ, אַז יעדער איינציגער, וואָס וויל געהן אין טהעאַטער, קריגט פון דער רעגיערונג געלד דאַרויף. (Theorikon) אויסער דעם האָבען די גריכען געזאָרגט, אַז זייערע שטעדט זאָלען זיין בעציערט מיט די שעהנסטע טעמפּלען, מיט די פיינסטע געביידעס, מיט די וואונדערבאַרסטע סטאַ־

מעכטיגער אפאלאָן. יעדער אָבטהיילונג פון קונסט האָט געהאַט אַ בעזונדערע געטין־בעשיצערין. קליאָ איז געווען די מוזע פון היסטאָרי, מעלפּאָמענא —די מוזע פון טראַגעדי, טערפּסיכאָרא — פון טענץ, טהאַליאַ — די מוזע פון פריילכע קאָמעדי און זאָ ווייטער. אַלע געטער מיט׳ן הויפּט גאָט יופּיטער פלעגען זיך אָפט פערזאַמלען אויפ׳ן בארג אָלימפּוס וואו די אַלע מוזען פלעגען זיך אַמוזירען מיט אַלע קונס־טען.

גראַדע ווי זייערע געטער, אַזוי האָבען אויך די גריכען אַליין גע־ליעבט און געאַכטעט אַלע מוזען. זייערע יום טובים זיינען געפיהרט געווען נאָך דעם כאַראַקטער פון דעם גאָט, וועמען דער יום טוב איז געווען געווידמעט. איז דאָס געווען דער גאָט פון פריהלינג, האָט מען דעם יום טוב געפייערט מיט בלומען און שעהנע פרוכטען; איז דאָכ געווען דער גאָט פון וויין, האָט מען זיך לוסטיג געמאַכט, פערקליידעט, זיך, געמאַכט שפּאָס; איז דאָס געווען, דער גאָט פון קראַפט, האָט מען געוויזען בריהשקייט אין פיזישע גבורה, אין כח, אין פלינקייט, איז דאָס געווען דער גאָט פון פּאָעזי, האָבען פּאָעטען אויף גרויסע אָפענע פלעצער פאַר׳ן פאָלק געפיהרט אַ קאַמפּף אין פּאָעזי, רעדנערס אין אָראַטאָר קונסט, מוזיקער אין זייער פאַך... דאָס פאָלק איז געווען דער העכסטער טריבונאַל און קריטיקער, די זיעגער האָט מען געקרוינט מיט קראַנצען פון לאָרבער־בלעטער.

אייניגע פון זייערע לעגענדען זיינען זעהר עהנליך צו מאַנכע פון דער אידישער מעשה בראשית. אַזוי ווי ביי די אידען האָבען די בני אלהים געזינדיגט מיט אדם׳ס טעכטער און זיינען געוואָרען נפילים, זיינען אויך ביי די גריכען געווען האַלבע געטער... זיי האָבען אויך אַ לעגענדע פון אַ מבול, וואָס האָט פערפלייצט די גאַנצע וועלט. דער מענש איז ביי זיי בעשאַפען געוואָרען ווי ביי די אידען די מוטער חוה, פון דער מוטער׳סביינער... די זונן איז דער פאָטער פון דער וועלט און די ערד איז די מוטער. די שטיינער זיינען גערעכענט געווען אַלס די ביינער פון דער ערד — דער מוטער פון דער וועלט און פון דיעזע „ביינער״ איז בעשאַפען געוואָרען דער מענש.

אַזוי ווי אַלע פעלקער האָבען זיי געדענקט פון די פראַגען פון לעבען און טויט. זיי האָבען אויך ניט געוואָלט גלויבען, אַז מיט דעם מענשען׳ס טויט ענדיגט זיך פאַר איהם אַלעס. אונטער דער ערד

.2

אלט גריכענלאַנד איז געווען צוטיילט אויף פיעלע קליינע שטאַאטען, וואו אַם מייסטען האָבען געהערשט די פּרינציפּען פון דעמאָקראַטיזמוס. ליידער האָבען די גריכען, אַזוי ווי אַלע פעלקער, זעהר אָפט געמוזט שווער קעמפּפען פאַר זייער אונאבהענגיגקייט און פרייהייט. א בלוטיגער קאַמפּף איז שטענדיג געפיהרט געוואָרען צווישען די בעזונדערע שטאַאטען, וועגען דעם ווער עס זאָל געהער דער כבוד געדעכענט צו ווערען פאַר דעם ערשטען שטאַאט אין גריכענלאַנד, פאַר דעם פאָרשטעהער פון גאַנצען פאָלק. דאָס האָט געפיהרט צו מלחמות און קריעג צווישען איינע פון די גריכישע שטאַאטען מיט די אַנדערע. אָבער נאָך ערגער איז געווען דאָס, וואָס אין די שטאַאטען גופא, האָבען זיך געבילדעט פערשיעדענע קלאַסען, וועלכע האָבען געקעמפּפט איינע מיט די אַנדערע. ביי זיך אין דער היים, איז ניט געווען קיין שלום. דער „דעמאָס", דאָס הייסט: דאָס פאָלק האָט געהאַט אייגענע, אינערליכע פיינדע, מיט וועלכע ער האָט געדאַרפט פיעל קעמפּפען פאַר זיינע רעכטע און זיין פרייהייט. עס האָט זיך מיט קליינע אונטערברעכונגען כמעט שטענדיג געצויגען אַ קריעג אין דרויסען און ביי זיך אין דער היים. און דיעזע קריעג, מהלוקות און קלאַסענקעמפּפע האָבען ענדליך אויסערוועהלט דעם אונטערגאַנג און ניעדערפאַל פון גריכענלאַנד.

דער „דעמאָס" האָט בעקעמפּפט די אַריסטאָקראַטי פון לאַנד; די אַריסטאָקראַטי ווידער פלעגט בעזיעגען אַ „דעמאגאָג", איינעם פון די אַריסטאָקראַטי, וועלכער איז צוליעב וועלכער עס איז אורזאכע ניט צופריעדען מיט זיין קלאַס. דיעזער דעמאַגאָג פלעגט מיט דער הילפע פון פאָלק אָבנעהמען ביי דער אַריסטאָקראַטי די מאַכט און פלעגט אליין ווערען אַ הערשער געגען דעם ווילען פון פאָלק. דיעזע אוזורפּאַטארס האָבען זיך גערופען טיראַנען. טיראַן הייסט אין גריכיש א הערר. דאָס וואָרט „טיראַן" איז געוואָרען אַ שענדליכער נאָמען נור דאַן, ווען דאָס פאָלק האָט זיך בעקאַנט געמאַכט מיט דער גרויזאַמקייט און די ניעדערטרעכטיגקייט פון די הערשער. געגען דיעזע טיראַנען פלעגט ענדליך אויפשטעהן דאָס פאָלק און אויף אַ לאַנגע צייט פלעגען הערשען אין לאַנד די דעמאָקראַטישע פּרינציפּען פון גערעכ־

טוען, מיט די שעהנסטע בילדער. איז עס א וואונדער, אז אין אזא לאנד זיינען אויסגעוואקסען אזוי פיעל זשעניאלע פּאָעטען, אזעלכע בעריהמטע היסטאָריקער, די גרעסטע דראמאטורגען פון דער וועלט, די ערשטע סקולפּטאָרען. די געטליכע פילאָזאָפען פיטאגאָראס, סאָק־ראטעס, פּלאטאָן, אריסטאָטעל און הונדערטע אנדערע, וועמעס גייסט הערשט נאָך ביז יעצט איבער אלע דענקענדע מענשען, און וועלכע האָ־בען געלעגט די ערשטע פונדאמענט־שטיינער פון יעדער וויסענ־שאפט, וואָס איז יעצט אזוי מעכטיג און רייך. דער גריך אין אלט־גריכענלאנד האָט געהאט אלע מיטלען צו קריגען קענטנים, צו בילדען זיין גייסט, צו ענטוויקלען זיינע עסטעטישע געפיהלע, צו מאכען שטארק זיין קערפּער, צו מאכען ערהאבען זיינע אידעאלען און שטרע־בונגען.

אָבער ניט נור מיט ערהאבענע אידעאלען האָט דער אלטער גריך געלעבט, ער איז געווען געשיקט, בראוו און האָט גע־האט אַן אונטערנעהמונגס גייסט. די וואסערען, וועלכע האָבען ארומ־גערינגעלט זיין לאנד האָבען איהם געוויזען וועגען צו אנדערע לענ־דער. ער איז פון א לאנד ארבייטער געוואָרען א קאָלאָניזאטאָר. ער האָט בעהערשט אלע אינזלען לעבען איטאליען און לעבען אזיען, איז אריבערגעשוואומען דעם שווארצען מעער, האָט געגרינדעט קאָלאָניעס, דאָרט וואו איצט איז אדעס, אקערמאַן, קרים, איז געווען לעבען דניעפּר און דניעסטער, האָט דערצעהלט וואָס ער האָט געזעהן און פערשריבען ווי אזוי די אונציוויליזירטע וועלט האָט דאמאָלט געלעבט אויף דער וועלט. זיי זיינען געווען די גרעסטע קאָלאָניזאטאָרס אין זייער צייט, זיי זיינען אויך געווען די גרעסטע היסטאָריקער.

אלט גריכענלאנד איז געווען די מוטער פון אונזער ציוויליזאציאָן: זי האָט אונז איבערגעלאָזט א רייכע ירושה, זי האָט פאַר אונז געעפענט די טהירען צום פילאָזאָפישען דענקען, צו נאטור־וויסענשאפט, אסטראָ־נאָמיע, מאטעמאטיק, פּאָעזי, דראמא, ארכיטעקטור, סקולפּטור און מעדיצין. דיעזע אלטע מוטער איז לאנג געשטאָרבען, אָבער האָבען איהר בילד פאַר די אויגען דארף יעדער דאנקבארער און דענקענדען מענש.

---

פון די קאָלאָניעז קומט זייער מפּלה. אין די ניי־געגרינדעטע קאָלאָניען האָבען זיך געקענט פריי אויסארבייטען אַנדערע פּאָליטישע און סאָ־ציאַלע פאָרמען; אונאַבהענגיגע, זעלבשטענדיגע עלעמענטען האָבען זיך ענטוויקעלט, עלעמענטען, וועלכע האָבען געקענט ניט נור קעמפ־פען, נאָר אויך בעזיעגען די העכערע הערשענדע קלאַסען. יעדער גרי־כישער שטאַאט איז נור דאַן געוועזען מעכטיג, נור דאַן האָט ער בעזיעגט זיינע פיינדע, נור דאַן האָבען דאָרט געבילדעט די וויסענשאַפט, קונסט און פּאָעזי, ווען דאָס פּאָלק האָט אליין געהערשט איבער זיך. און אַטהען איז געוועזען דערפאַר דער ערשטער שטאַאט אין גריכענלאַנד, ווייל דאָרט האָבען מעכטיגער ווי אירגענד וואו געהערשט די פּרינציפּען פון דע־מאָקראַטיזמוס.

זיין די ערשטע אין גריכענלאַנד האָט אויך געוואָלט ספּאַרטאַ. די אַריסטאָקראַטען פון אַטהען זיינען ווי פּעררעטהער געגאַנגען צו הילפע צו די הערשער און אוזורפּאַטאָרס פון ספּאַרטאַ און פון אַנדע־רע גריכישע שטאַאַטען. אונענדליכע מלחמות, קריעג און מחלוקות, אינערע אונאָרדנונגען, פערפאָלגונגען פון אַזיאַטישע הערשער האָבען אָבגעשוואַכט די גריכען; האַנדעלס־לייט און מענשען וואָס ווילען נאָר לעבען אַ גוטען טאָג, האָבען פערנומען דעם פּלאַץ פון די אַמאָליגע וואַהרע פּאַטריאָטען, פּאָלקס־קעמפּפער און העלדען; פערשיעדענע פּאַרטייען און קלאַסען האָבען געריסען גריכענלאַנד אויף שטיקער. דער־מיט האָט זיך בענוצט דער פעהיגער און חיטרער קעניג פון מאַקעדאָ־ניען, פיליפּ. מיט אינטריגען, מיט רמאות, מיט דעם וואָס ער האָט אונטערגעקויפט די טיראַנען און פיהרער פון פיעלע גריכישע לענדער און מיט זעהר קלוג־געפיהרטע מלחמות, איז איהם געלונגען איינצו־נעהמען גאַנץ גריכענלאַנד, פעראייניגען אַלע שטאַאַטען און אונטער־ווארפען זיי אונטער דער מאַכט פון אַזאַ קליין לאַנד ווי מאַקעדאָניען. דאָס איז געשעהן ביינאַהע 338 יאָהר פאַר כריסטוס.

---

3.

אַלט־גריכענלאַנד האָט אָבגעלעבט איהר אייגענעם פּאָליטישען לעבען. זי איז געשטאָרבען ביי זיך אין דער היים און די מעכטיגע הים־

טיגקייט און פּאָליטישע גלייכהייט. מיט איין וואָרט אין גריכענלאַנד איז פאָרגעקומען דערזעלבער היסטאָרישער פּראָצעס ווי אין אַנדערע לענדער: די אַריסטאָקראַטיע האָט אונטערדריקט די דעמאָקראַטיע: די טיראַניי האָט אונטערוואָרפען אונטער זיך די אַריסטאָקראַטיע און ענדליך האָט די דעמאָקראַטיע בעזיעגט די טיראַניי. (וועבערס אַלגעמיינע געשיכטע).

די אַריסטאָקראַטיע האָט זיך געבילדעט הויפּטזעכליך פון רייכע לאַנד-בעזיצער. אין די ערשטע פּאַטריאַרכאַלע צייטען איז ניט געווען קיין גרויסער אונטערשיעד צווישען די גוטבעזיצער און זייערע אַרבייטער, פּאַסטוכער און בויערן. פון האַנדלען מיט סחורות, פון געלד אַלס אַ פּערמיטלער אין אָבוועקסלונג מיט פּראָדוקטען האָט מען ניט געוואוסט. אַלע בעדירפניסע האָבען די גריכען בעפריעדיגט דורך אייגענע היימישע מיטלען. די פּראָסטע מענשען האָבען געאַרבייט און די „הערערן" האָבען זיי בעזאָרגט מיט אַלעם נויטיגעס, האָבען געצאָהלט פאַר זיי ציגזען און בעשיצט זיי פון פרעמדע שונאים. די אַריסטאָקראַטען זיינען געווען די אנשי מלחמה, זיי זיינען אויך געווען די איינציגע, וואָס האָבען געהאַט צייט צו לערנען און בילדען זיך.

ווי אָבער עס האָט זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען דער האַנדעל, געלד איז ערשיענען, נייע קאָלאָניעס האָבען זיך געגרינדעט אויף פּערשיעדענע אינזלען, — האָט זיך באַלד געבילדעט אַ דריטער קלאַס מענשען: קויפלייטע, הענדלער, שיפער, מאַטראָזען. דיעזע מענשען האָבען זיך בעזעצט ביי די ברעגען פון ים, און פיעל שטעדט זיינען אויסגעוואַקסען. די פּאַטריאַרכאַלע פאָרמען האָבען זיך איבערגעביטען, נייע בעדערפניסע זיינען ארויסגערופען געוואָרען אין לעבען, נייע מענשען זיינען געקומען, וועלכע האָבען געזוכט צו רעפאָרמירען די אַלטע פאָרמען פון סאָציאַלען לעבען. אין אָנפאַנג זיינען די אַריסטאָקראַטען געווען צופריעדען מיט דעם, וואָס נייע קאָלאָניען האָבען זיך געגרינדעט. ערשטענס האָט מען איהם געקענט אוועקשיקען די אונרוהיגע פּראָטעסטאַנטען, די אַלע עלעמענטען, וועלכע האָבען געשטרעבט צו אומענדערען דאָס לעבען פון דער אַלטער געזעלשאַפט. צווייטענס, האָבען זיי דורך זיי געקראָגען נייע מערק, וואו זיי האָבען געקענט פערקויפען די פּראָדוקטען פון זייערע פּלאַנטאַציעס. עס איז שוין אָבער געווען שפּעט, ווען די אַריסטאָקראַטען האָבען זיך געכאַפּט, אז

רוים. זיי רואינירען גאר אין גאנצען דאס אלטע גריכענלאנד, פיהרען אריבער קיין רוים די גריכישע פילאזאפען און פאעטען, טראגען אריבער קיין רוים איהרע שעהנסטע סטאטועז און פראדוקטען פון דער קונסט, נעהמען איבער ביי די גריכען זייערע געטער און זייערע לעגענדען, און שטאלצירען דערמיט, וואס זיי זיינען איצט די ערשטע ציווילעזירטע נאציאן און דאס אלע איבריגע פעלקער זיינען בארבארען.

אין דיעזער היסטארישער עפאכע איז זעהר טרויריג די לאגע פון גריכענלאנד. איהרע רייכע פארט־שטעט שטעהען פערארעמט, איהרע בליהענדע אינזלען — איינזאם און טויט, די שעהנע טעמפלען — פוסט, די פרעכטיגע געביידען ווערען רואינירט, די פערבליבענע פילאזאפישע שולען האבען ווענינ תלמידים, די פארומס און די פלעצער וואו עס זיינען פארגעקומען פערזאמלונגען און שפיעלען, זיינען מיינסטענס לעער. די גריכען האבען זיך צוזעעט און צושפרייט איבער דער גאנצער וועלט. אין אלע רוימישע פראווינצען און ניי־עראבערטע לענדער בעזעטצען זיי זיך אין איין צייט מיט די אידען, וועלכע ווערען אויך צו דער זעלבער צייט צושפרייט איבער דער גאנצער וועלט. די גריכען, וועלכע זיינען נאר עד היום בעקאנט אלס די ערגסטע אידען־פיינד, האבען געפיהלט א שנאה געגען אידען נאך אין יענע אלטע צייטען. עס איז געווען ניט נור דערפאר, וואס די אידען זיינען געווען זייערע געפעהרליכע קאנקורענטען אין דער קאמערציאלער וועלט, — עס איז געווען אויך דערפאר, וואס די אידישע ציוויליזאציאן איז געווען דער געפעהרליכסטער פיינד און געגנער פון דער גריכישער ציוויליזאציאן. די אידען האבען מיט פעראכטונג בעטראכט זייערע „מענשישע געטער", זייערע טהעאטערע, זייערע „זינדיגע" שטרעבונגען צום לעבען. די גריכישע ציוויליזאציאן האט געזוכט וואס העכער צו שטעלען דעם מענשען און ווי מעגליך מאכען איהם גרעסער; די אידישע, פערקעהרט, האט געצוואונגען צו שטעלען דעם מענשען וואס ניעדריגער און ווי מעגליך מאכען איהם קלענער. די גריכען האבען געזאגט: דער מענש דארף אלעס; דער איד האט געזאגט. דער מענש דארף גאר נישט...

אין אלעקסאנדריע, און אין די אלע שטעט פון פאלעסטינע, וואו די גריכען האבען געוואהנט, פלעגען זעהר אפט אויסברעכען בלוטיגע

טאָרישע געזעטצע האָבען איהר בעפוילען צו געהן און בעזיעגען די גאַנצע וועלט. מאַקעדאָניען, אַ קליינע, יונגע קעניגרייך, וועלכע האָט פריהער אויך גענעהרט זיך מיט דער גריכישער ליטעראַטור און וויסענשאַפט, — מאַקעדאָניען האָט איינגעשלונגען גאַנץ גריכענלאַנד, אום צו פערשפרייטען די גריכישע ציוויליזאַציאָן איבער דער גאַנצער וועלט.

דעם קעניג פיליפ׳ס זוהן, דער וועלט בעריהמטער פעלדהערר און העלד אלכסנדר מוקדון, האָט איינגענומען כמעט די גאַנצע וועלט.. אָבער ניט ער, ניט זיינע גריכישע סאָלדאַטען זיינען געוועזן די זיעגער. מיט אלכסנדר מוקדון איז געגאַנגען דער ריכטיגער וועלט־בעזיעגער, מיט איהם איז געגאַנגען זיין גרויסער לעהרער אַריסטאָטעל. ניט די גריכישע געוועהר, די גריכישע ציוויליזיאַציאָן האָט בעזיעגט די וועלט. אין אַזיען, אין מצרים, אומעדום וואו אלכסנדר׳ס ארמיי האָט מאַרשירט, האָבען אויך מאַרשטירט די גריכישע פילאָזאָפי און פּאָעזי. די העלעניזמוס האָט געמאַכט דעם גרעסטען איינדרוק אויף דער גאַנצער וועלט, די גריכישע שפּראַך איז געוואָרען די ליטעראַרישע שפּראַך פון אַלע פעלקער. זאָגאַר די אָבגעזאָנדערטע אידען האָבען אָנגעהויבען צו לערנען די גריכישע תורה; גריכישע נעמען און גריכישע טערמינען געהן אַריבער אין דער אידישער ליטעראַטור און אין אידישען לעבען. פון אלכסנדר׳ען מיט זיינע גענעראַלען, מיט זיינע זיעגען, בלייבט נור אָן אָנדענקענים, און גריכישע פילאָזאָפישע שוהלען גרינדען זיך אין דער גאַנצער וועלט. גריכענלאַנד לעבט ניט מעהר אין דער היים, זי לעבט אין דער גרויסער וועלט. דער צענטער פון גריכישע ציוויליזאַציאָן טראָגט זיך אַריבער קיין עגיפּטען, דעם פּלאַץ פון דער בעריהמטער שטאָט אַטהען פערנעהמט די אויפבליהענדע שטאָט אַלעקסאַנדריע. דאָ הערט מען די פּאָרטרעגע פון פילאָזאָפען אויף די אָפענע פּלעטצער, דאָ הערט מען דעקלאַמאַציאָנען פון גריכישע פּאָעטען, דאָ גרינדען זיך די גרעסטע ביבליאָטעקען אין דער וועלט.

דאָס גרויסע קעניגרייך פון אלכסנדר מוקדון, וועלכעס צופאַלט זיך נאָך זיין טויט אויף פיער גרויסע שטאַאַטען, ווערט ענדליך איינגענומען פון די מעכטיגע און זיעגרייכע רוימער. די ענטאַאיסטישע רוימער אנערקענען דעם פּראַכט און גלאַנץ פון דער גריכישער ציוויליזאַציאָן, אָבער געפינען, אַז דער איינציגער פּלאַטץ פאַר איהר איז דער גרויסער

געוואָרען א נייער גריכישער שטאאט — וויזאנטיע. דער אימפעראַטאָר קאָנסטאנטין און זיינע נאָכפאָלגער האָבען געגרינדעט א נייע רייך. קאָנסטאנטינאָפּאָל האָט פערנומען דעם פּלאַץ פון רוים אין פּאָליטישען זינן, דעם פּלאַץ פון ירושלים אין רעליגיעזען זינן, און דעם פּלאַטץ פון אטהען, אלס צענטער פון וויסענשאפט און ליטעראטור.

די ערשטע צייטען איז די וויזאנטישע אימפעריע געווען זעהר מעכטיג, אָבער דאָס אלטע גריכענלאנד האָט שוין קיין מאָל מעהר ניט אויפגעבליהט. די אלטע גריכישע שפּראַך איז געוואָרען א זשארגאָן פון גריכיש־מאקעדאָניש, קאָנסטאנטינאָפּאָל האָט נאָך מעהר פערשטארקט דעם טריאומף פון דעם אידישען טישלערס וועלט אנשויאונג און האָט אין גאנצען אויסגעראָט אלעס, וואָס האָט געקענט דערמאָנען אָן די אלטע „קלאסישע״ יאָהרען. א קרייץ, א הילצערנעם הייליג בילד האָט פערנומען דעם פּלאַץ פון די קינסטלערישע סטאטוען פון אפּאלאָן און ווענוס. קירכען־שריפטען האָבען פערנומען דעם פּלאַץ פון פילאָזאָפישע טראקטאטען. ווייניג גוטע טעג האָט דאָס נייע אויפגעלעבטע גריכענלאנד געזעהן. פריהער האָט זי געליטען פון דעם קאמפף, וועלכער האָט זיך געפיהרט אין לאנד צווישען די היידען און קריסטען. נאָכדעם האָט זיך געצויגען אָן אונענדליכער שטרייט צווישען ערשיעדענע קריסטליכע סעקטען, נאָכדעם האָט זי געליטען פון פרעמדע שונאים. דיווילדע גאָטהען האָבען זי געפּלינדערט, די טעמפּעלהעררען מיט די קרייציגער האָבען זי געראויבט; סלאווישע פעלקער האָבען איהר פיעל צרות אָנגעטאָן. ביז ענדליך האָט זיך א שווארצער וואָלקען פערצויגען איבער גאַנץ מזרח זייט פון אייראָפּא און די וויזאנטישע אימפעריע איז אריינגעפאלען אין די הענד פון די טאפּפערע און גרויזאמע טערקען. אויף דעם פּלאַץ פון׳ם קרייץ האָט זיך ערהויבען די האלבע לבנה און אנשטאָט דער וויזאנטישער אימפעריע איז געגרינדעט געוואָרען דאָס אטאמאנישע קעניגרייך.

---

.4

קאָנסטאנטינאָפּאָל איז געפאלען אין 1453 יאָהר. דער הערשער פון די טערקען, אָטאמאן, איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט בעזיעגט

שטרייטען צווישען די גריכען און די אידען. דאמאלס זיינען די אידען ניט געווען אזעלכע אנגעשראקענע, שוואכע און הילפלאזע מענשען, ווי איצט — זיי פלעגען בעגעגנען זייערע פיינד מיט געוועהר אין האנד. דאך האבען די אידען געהאט פיעל צרות פון די גריכען און פיעלע קרבנות זיינען געפאלען אויף דעם מזבח פון דיעזען מענשען־האס, די גריכען האט זיך דאמאלס נאך ניט גע'חלום'ט אפילו אז עס וועט קומען אן אידעל, וועלכער וועט מאכען א תל פון דאס אלטע גריכענ־לאנד, וועט בעזיעגען זייער ציוויליזאציאן, וועט פערניכטען זייערע פילאזאפישע שוהלען און אלע מאנומענטען דער קונסט. זיי האט זיך ניט גע'חלום'ט, אז עס איז בעשערט אז זיי אליין, מיט זייער רייכער גריכישער שפראך, זאלען העלפען דעם אידעל בעזיעגען די גאנצע וועלט.

די אידישע זיעבציג זקנים, וועלכע האבען איבערגעזעצט די אי־דישע תורה אויף דער גריכישער שפראך, האבען געגעבען דעם ערשטען שטויס דער גריכישער ציוויליזאציאן, האבען פארברייטעט די היידען־וועלט פאר די אידעען פון די אידישע וועלט אנשויאונגען און האבען געמאכט א וועג פאר דעם אידישען טישלער, וועלכער איז געקומען און האט בעזיעגט די גאנצע וועלט, האט אויסגעמעקט פון אלעמענ'ס זכרון דעם רוהם פון דער אלט־גריכישער וועלט. זיינע תלמידים זיינען געקומען אין גריכענלאנד, האבען געזאגט מוסר, דארט וואו די פילאזא־פען האבען געהאלטען זייערע לעקציאנען; האבען ארונטערגעשמיסען די שטאלצע געטער פון זייערע פיעדעסטאלען און האבען פון זייערע מוטהיגע קאנקורענטען געמאכט שוואכע, אונמוטהיגע בעלי תשובות.

דאס קריסטענטהום האט זעהר ערניעדריגט גריכענלאנד, דאס זעלבע קריסטענטהום האט אבער אויך געהאלפען, גריכענלאנד אויפ־לעבען אין אן אנדער פארמע. נאך פיעלע יאהרען אין וועלכע גריכענ־לאנד האט זיך געוואלגערט אין שטויב און אין אש, נאך דעם אלע־מען וואס זי איז אויסגעשטאנען פון די פאנאטישע אנהענגער פון דעם נייעם גלויבען, איז איהר ווידער אנגעקומען די עהרע צו שפיעלען א וויכטיגע ראלע אין דער וועלט געשיכטע. — עס איז ערשיענען די וויזאנטישע אימפעריע. דאס גרויסע רוימישע קעניגרייך האט זיך צושפאלטען אויף צוויי טהייל, צוזאמען מיט איהר האט זיך אויך צו־שפאלטען די כריסטליכע קירכע, און אין גריכענלאנד איז אויפגעבויט

אין 1821 יאָהר זיינען די גריכען אָפען אַרויסגעטראָטען געגען זייערע אונטערדריקער. זיי האָבען זיך געשלאָגען ווי העלדען, האָבען ערקלערט זייער לאַנד פאַר אַ פרייע רעפּובליק און אַלס פּרעזידענט איז אויסערוועהלט געוואָרען איינער פון די פאַנאַריאָטס (קעמפּפער פאַר פרייהייט) מאַווראָקאָרדאַטאָס. עס האָבען זיך אָבער באַלד געפונען אַנדערע פּאַרטייען, וועלכע זיינען ניט געווען צופריעדען מיט דעם פּרעזידענט און די גריכען האָבען אָנגעפאַנגען אַ בלוטיגען שטרייט צווישען זיך אליין. עס האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט און די אמת׳ע פּאַטריאָטען האָבען ווידער פעראייניגט אַלע קרעפטע צו קעמפּפען געגען די מאַהאָמעדאַנער. דער קאַמפּף איז געווען געפיהרט מיט גרויס בריהשקייט און האָט געדויערט ביז 1827טען יאָהר, ווען ענגלאַנד איז אָפען אַרויס גריכענלאַנד צו הילפע.

דען אַכצעהנטען יאַנואַר 1828 יאָהר איז אויסערוועהלט געוואָרען צום פּרעזידענט פון גריכענלאַנד אויף זיעבען יאָהר, אַ געוויסער קאַפּאָדיסטריאַס, וועלכער האָט פריהער געדיענט אין רוסלאַנד. קאַפּאָדיסטריאַס האָט געהאַלטען פאַר רוסלאַנד און האָט געוואָלט רעגיערען אין דער נייער, יונגער רעפּובליק אויפ׳ן רוסישען שטייגער: מיט׳ן קנוט און נאַגאַיקע. דאָס פּאָלק איז אויפגעשטאַנען געגען איהם, און דעם ניינצעהנטען אָקטאָבער 1831 יאָהר ער ערמאָרדעט געוואָרען. דאַן האָבען די אייראָפּייעישע מעכטע ערקלערט, דאָס גריכענלאַנד דאַרף ניט זיין קיין רעפּובליק און האָבען זי געמאַכט פאַר אַ מאָנאַרכיע. אַלס קעניג האָבען זיי אָנגעשטעלט פּרינץ אָטטאָ פון באַוואַריען. די גריכען וועלכע האָבען אַזוי בראַוו געקעמפּפט פאַר זייער פּאָטערלאַנד, וועלכע האָבען אַזוי טייער בעצאָהלט פאַר זייער פרייהייט, האָבען געמוזט אַנשטאָט דעם טערקישען יאָך, טראָגען אויף זיך דעם יאָך פון אַ דייטשען פּרינץ, וועלכער האָט פערפלייצט גריכענלאַנד מיט באַוואַריער דייטשען. די דייטשען זיינען געוואָרען די פאַקטיישע רעגיערער פון לאַנד, און די וואַהרע פּאַטריאָטען האָבען עס ניט געקענט ערדולדען. אין 1843 יאָהר האָט אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציאָן. אָטטאָ האָט זיך איבערגעשראָקען און האָט צוגעזאָגט צו זיין גוט און פרום; ער האָט אָבער זיינע פערשפּרעכונגען ניט ערפילט און אין 1862 יאָהר האָט אויסגעבראָכען אַ נייע רעוואָלוציאָן און דער קעניג אָטטאָ איז אַנטלאָפען צוריק קיין באַוואַריע. נאָך איהם איז געווען אויסערוועהלט אַלס

די וויזאַנטישע אימפעראַטאָרען. זיינע נאָכפאָלגער סולייםאַן און אַמור־ראַט האָבען ביסלעכווייז איינגענומען וויזאַנטיע, ביז אַמוראַטען איז געלונגען צונעהמען קאָנסטאַנטינאָפּאָל און דאָס אָטאָמאַנישע קעניג־רייך איז ערשיענען. פון דער צייט אָן איז גריכענלאַנד אין גאַנצען אַראָבגעפאַלען און אונטערדריקט געוואָרען. מען האָט אין איירָאָפּאַ געהערט פון גריכענלאַנד נאָר ווען עם פלעגען אָנקומען שפּעטינע נאַכריכטען וועגען דעם, ווי די מאַחאַמעדאַנער אונטערדריקען זיי, הרגנען זיי אוים טויזענדערווייז, בערויבען זיי, טרייבען זיי אַרוים פון זייערע שטעט און דערפער, צווינגען זיי צו ענטזאָגען זיך פון זייער גלויבען. ביז'ן אַכטצעהנטען יאָהר הונדערט האָט זיך אַזוי געצויגען דער ביטערער לעבען פון די גריכען, זיי זיינען געוועזען פערשמידט אין די קייטען פון שקלאַפעריי, זיי האָבען געטראָגען אויף זיך אַ שווערען יאָך פון אַ באַרבאַרישער מאַכט, זיי זיינען געוועזען אונטערדריקט און פערפאָלגט. דאָס אָטאָמאַנישע קעניגרייך איז געוועזען זעהר שטאַרק און די איירָאָפּייאישע מעכטע האָבען מורא געהאַט אָנצונעהמען זיך פאַר די גריכען.

אין 1711 יאָהר האָט דער רוסישער קייזער פּעטער זיך געוואָלט אָננעהמען פאַר די גריכען, אָבער די טערקען האָבען איהם בעזיעגט. יעקאַטערינאַ די צווייטע האָט אונטער דעם איינפלוס פון וואָלטער'ן בעשלאָסען צו בעפרייען גריכענלאַנד און זי האָט געשיקט דעם רוסישען פלאָט קיין באָספאָר. אויף דיעזע עקספּעדיציע האָט זיך געענדיגט מיט גאָר נישט. רוסלאַנד'ס סימפּאַטי צו די גריכען איז ניט שטאַרק געפע־לען געוועזען די אַנדערע איירָאָפּייאישע לענדער, וועלכע האָבען פער־שטאַנען דאָס רוסלאַנד וויל געהן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל ניט צוליעב די גריכען, נאָר צוליעב זיך, און זיי האָבען איהר געשטערט. די גריכען האָבען געשמאַכטעט אונטער זייער שווערען יאָך, מיט געדולד, אָהן אַ שום פּראָטעסט ביז דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. דיעזע גרויסע רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט איינגעהויכט אַ נשמה פון לעבען אין אַלע טויטע, וועלכע האָט אויפגעוועקט אַלע פערשקלאַפּטע, דיעזע רעוואָלוציאָן האָט אויך אויפגעמונטערט די אונטערדריקטע, ניעדער־געשלאָגענע גריכען. געהיימע פּאָליטישע געזעלשאַפטען האָבען זיך געגרינדעט אין פיעלע פלעצער און די שקלאַפען האָבען זיך אָנגעהויבען פאַרצובערייטען צום קאַמפּף.

קעניג פון גריכענלאַנד דער פּרינץ וויליאַם פון שלעזינג־האָלשטיין, דער זוהן פון דעם דענעמארקער קעניג. ער האָט אָנגענומען דעם גרי־ביש־קאַטוילישען גלויבען און איז אין 1863 יאָהר, אונטער דעם נאָמען געאָרג דער ערשטער, געוואָרען דער קעניג פון גריכענלאַנד.

די היינטיגע גריכען זיינען זעהר ווייט פון די אַלטע גריכען. זייער שפּראַך איז געגען דער קלאַסישער אַלטער שפּראַך, ווי אידיש־זשאַר־גאָן געגען דער שפּראַך פון געטהע און שילער. זיי האָבען יעצט ניט קיין גרויסע פילאָזאָפען, קיין זשעניאַלע פּאָעטען, קיין וועלט־בעריהמ־טע דראַמאַטורגען, קיין טאַלאַנטפאָלע קינסטלער. הענדלער און קרע־מער האָבען פערנומען דעם פּלאַץ פון האָמער'ן, סאָפאָקלען, פּלאַטאָ'ן, אַריסטאָטעלען! דער גריך אליין איז אפשר גאָר קיין גריך ניט אין זיינע אָדערן פליסט איצט אי טערקישע, אי אַלבאַנישע, אי מאַקעדאָני־שע בלוט. דאָך איז דער גריך זעהר שטאָלץ מיט דער שעהנער פער־גאַנגענהייט פון זיין פאָטערלאַנד; ער היט אָב, ווי די אויגען אין קאָפּ, אַלץ וואָס קען דיענען אַלס סימן פון די פערגאַנגענע בעריהמטע יאָה־רען. די הויפּטשטאָט פון גריכענלאַנד איז ווידער די בעריהמטע אַטהען. איינינגע אַלטע טעמפּלען און געביידעס זיינען טהיילווייז נאָך געבליבען, פיעלע נייע געביידעס, מייסטענס אין דעם אַלטען סטיל, זיינען אויפ־געבויט געוואָרען. זיי האָבען ווידער אַן אַקראָפּאָלים (סיטי האָל) ווי פערצייטען, האָבען אַ אוניווערזיטעט אין אַטהען, אַ וויסענשאַפטליכע אַקאַדעמי, אַ נאַציאָנאַלע־ביבליאָטעק, האָבען צייטונגען און זשורנאַ־לען, וועלכע ווערען אַרויסגעגעבען אין דער ניי־גריכישער שפּראַך און האָבען גוטע האָפנונגען זיך צו ענטוויקלען און גענצליך זיך צו בע־פרייען. עלעקטריק־„קאַרס" און סטים־„קאַרס" לויפען אום דאָרט, וואו אַמאָל איז געווען דער יאַגד־פּלאַץ פון דער געטין דיאַנע, און וואו אַמאָל האָבען די גרויסע אָראַטאָרס און פּאָעטען גערעדט און גע־זונגען צום פאָלק און פאַר'ן פאָלק. מיט פערגניגען קוקען זיך די גריכען אַרום צוריק, אָבער ווי זים עס זאָל זיי ניט זיין זייער אַרומקוקען זיך צוריק, זיי וועלען דאָך מוזען, זיי וועלען געצוואונגען זיין צו געהן פאָר־ווערטס... די פערגאַנגענהייט איז נור גוט דערמיט, וואָס זי לערענט ווי צו געהן פאָרווערטס...

---